*Уважаемая редакция!*

*Пишет Вам читательница из города Воронежа. Я состою в активе Областной библиотеки имени Никитина. В последнее время читатели стали спрашивать у нас книги на идиш. Поскольку наша библиотека не располагала такими книгами, а в продаже их трудно достать, то мы обратились к населению с просьбой помочь нам в этом вопросе. Люди очень тепло восприняли наше обращение и за две недели нам удалось собрать около 150 книг на идиш в дар библиотеке. Среди них книги таких авторов, как Менделе Мойхер-Сфорим, Шолом-Алейхем, Ицхок-Лейбуш Перец, Ицик Фефер, Давид Гофштейн, Давид Бергельсон, Шмуэл Галкин, Иосиф Рабин и др.*

*После обработки эти книги будут выдаваться читателям. С нового года наша библиотека будет получать Ваш журнал. Среди населения нашего города имеются лица, которые когда-то закончили среднюю школу на идиш, свободно говорят и читают на языке. Есть и такие, которые говорят на языке, но читают с трудом, и желают вспомнить давно позабытое, а некоторые изъявляют желание изучать язык впервые. Как нам известно, на страницах Вашего журнала публикуется Самоучитель еврейского языка. Считаем, что было бы целесообразно напечатать Самоучитель самостоятельным изданием с достаточным тиражом, чтобы сделать изучение языка идиш доступным для всех желающих. Ведь стыдно признаться, что когда к нам приезжает на гастроли еврейский театр, молодёжь, которая охотно посещает его спектакли, решительно ничего не понимает в них. Ждём Вашей помощи и добрых советов.*

*С глубоким к Вам уважением.*

*Свержановская Ольга Марковна*

16/6—88 г.

**Мой адрес: 394049, г. Воронеж, Политехнический пер., 37, квартира 25** ■


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**



**סאוועטיש היימלאנד**

**СОВЕТСКАЯ РОДИНА**

ОРДЕНА ДРУЖБЫ НАРОДОВ
ЛИТЕРАТУРНО-ХУДОЖЕСТВЕННЫЙ ЖУРНАЛ
ОРГАН СОЮЗА ПИСАТЕЛЕЙ СССР

באלוינטער מיטן אָרדען פון פעלקער־פריינטשאפט
ליטעראריש־קינסטלערישער זשורנאל
אָרגאן פונעם שרייבער־פאַרבאנד פון פסםר

*Москва, ул. Кирова, 17*

מאָסקווע, קיראָוו־גאס, 17


22 יון 1988
№ 337

**כאָשעווע כאווערטע סווערזשאנאָווסקאיא!**

**ס'איז געוויס א מערקווירדיקע דערשיינונג, וואָס בא די לייענער ביכלאל, און בא די וואָראָניעזשער ביפראט, וואקסט דער אינטערעס צום יידיש וואָרט. עס איז פריידיק צו הערן, אז אייער געגנטלעכע ביבליאָטעק אף ניקיטינס נאָמען האָט זיך אזוי ווירדיק אָפּגערופן אף דער אופוואכונג פון אייערע לאנדסלייט. אוודע איז די ביבליאָטעק גערעכט, וואָס זי ווערט**

(סאָף פונעם בריוו — אף דער דריטער זייט פון דער הילע)

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

■

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון סססר

■

דערשײַנט פון 1961

■

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל“

מאָסקווע

8

אווגוסט

1988

# אינהאַלט

## שאלעם אלייכעם



# דער בלוטיקער שפּאַס

### אַן אויסערגעוויינלעכער ראָמאַן

ערשטער טייל

דאָס פֿופֿצנטע קאַפּיטל

## א נאַכט אָן שלאָף

אין דער דאָזיקער צעשטערטער נאַכט איז שוין בא שאַפּיראָן אין שטוב קיינער ניט געשלאָפֿן, כאָטש אַלע האָבן זיך שוין ווי באַרויִקט, אוועקגעלייגט זיך צוריק אַף זייערע געלעגערס און אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל אַף אנשלאָפֿן צו ווערן.

עס איז אָבער קיין שלאָף ניט געקומען אַף קיינעם.

דאָוויד שאַפּיראָ מיט דער פֿרוי האָבן געהאַלטן אין פּלאַנעווען אַף מאָרגן. אימירצעשעם, מאָרגן, לאָז נאָר ווערן טאָג, אַזוי פֿליט אוועק דאָוויד צום פּאָליצמייסטער...

— צום פּאָליצמייסטער? — שלאָגט אים איבער סאָרע, — וואָס וועסטו פֿליִען צום פּאָליצמייסטער, „קוריערסקע פּאָעזד”? פֿריִער דאַרפֿסטו זײַן אין דער זובאָוראַטשעבנע, דערנאָך שוין...

פֿאָרזעצונג. זע „סאָוועטיש היימלאַנד” נומ. 7, 1988.

— גוט, וואָס דו האָסט מיר געזאָגט! — כאַפּט אונטער דאָוויד, — אָן דיר וואָלט איך גאָר ניט געוווּסט מיסטאַמע, וואָס איך האָב צו טאָן. דאָרט, ווּ ס'איז שײַך צו פּראַוואָזשיטעלסטווע, מעגסטו זיך שוין, נישקאָשע, פֿאַרלאָזן אַף מיר.

— אַזוי? אַז דו ביסט יאָ אַזאַ בעריע, פֿאַרוואָס זשע האָסטו ניט געזען, אַז די פּראַוואָזשיטעלסטווע זאָל זײַן בײַ אים אין קעשענע, ראַכמײַסטער מײַנער?

— וואָס זאָל איך רעדן מיט אַ בעהיימע? איך האָב דיר געזאָגט, דאַכט מיר, זיבן און זיבעציק מאָל, אַז ער איז אַ ייִנגל און אַ ייִנגל: וויפֿל איך טאָלקעווע אים און טאָלקעווע, אַז אַ ייִד אָן אַ פּראַוואָזשיטעלסטווע אין קעשענע איז ווי אַ מענטש אָן „וואָזדוך”, און ווי אַ פֿיש אָן וואַסער — הערט ער מיך ווי דעם פֿאַראַיאָריקן שניי. אין איין אויער אַרײַן, פֿונעם אַנדערן אַרויס. אַ מאָדנע נעפּעש, אָט דער ראַבינאָוויטש! לעמײַ אַזויווי ער האָט נייטיק באַדאַרפֿט אַרויסשפּרינגען קעגן דעם דאָזיקן טשינאָווניק און אויפֿהייבן אַף אים אַ קאָל, אַז איך בין שיער טויט געפֿאַלן! ער האָט אין זיך, זאָג איך דיר, אָפּשניצלעך גאָר ניט פֿון קיין ייִדן! איך ווייס גאָר ניט, וואָס דאָס איז פֿאַר אַ מין ייִד אַף דער וועלט! האָט קיין מוירע ניט פֿאַר קיין זאַך, ניט פֿאַר קיין פּאָליציע, ניט פֿאַר קיין רועך, ניט פֿאַר קיין שוואַרציאָר!..

דאָ מישט זיך שוין אַרײַן די טאָכטער, וואָס קאָן מער ניט איבערטראָגן די דאָזיקע רייד, און גיט אַוועק דעם פֿאָטער אַ גאָב, לעמײַ ער רעכנט פֿאַר אַ כיסאָרן דאָס, וואָס איז אייגנטלעך אַ מײַלע...

שטעלט זיך אַוועק אַקעגן די מוטער, נעמט זיך אָן דעם מאַנס קריוודע. און כאַפּט אויך אַ פּסאַק פֿון דער טאָכטער. און אָט אַזוי גייט אַוועק די נאַכט אין אומענדלעכע שמועסן, און פֿון שלאָפֿן האָט מען שוין גאָר פֿאַרגעסן אַפֿילע קלערן.

אַפֿילע דער קליינער סיאָמקע, וואָס איז פֿון קינדווײַז אויף אויסגעוואַקסן אַף אייביקע פּכאָדים פֿאַר „פּראַוואָזשיטעלסטווע” און אין שטענדיקער שרעק פֿאַר פּאָליציע, האָט אויך נישט געקאָנט אַזוי גיך נאָכאַמאָל אײַנשלאָפֿן.

דער פֿאַקט, וואָס מע האָט צוגענומען פּלוצעם, אינמיטנדערינען זײַן לערער, איז בײַ אים געווען ניט אַזוי שטאַרק אָפּגעפֿרעגט: נו, מיסטאַמע איז בײַ אים ניט די „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ” ווי עס דאַרף צו זײַן... דאָס, וואָס אים האָט ניט געלאָזט שלאָפֿן, איז געווען אַן אַנדער זאַך: וואָס וועט זײַן מיט די אַטמעטקעס אין גימנאַזיע? אָן דעם רעפּעטיטאָר וועט ער נישט ברענגען מער קיין „פּינפֿן” (ער ווייסט עס פֿאַר געוויס), און אַז ער וועט ניט ברענגען קיין „פּינפֿן”, וועט אים דער טאַטע ניט געבן קיין פּערציקערס. און אַז ער וועט ניט האָבן קיין פּערציקערס, ווּ וועט ער נעמען געלט אַף צו גיין אין קינעמאַטאָגראַף?

אַ ביסל האָט אים אויך באַנג געטאָן טאַקע דער רעפּעטיטאָר אַליין. אַ ראַכמאָנעס — טאָמער שיקט מען אים מיטן עטאַפּ... און מיט וועמען וועט ער, סיאָמקע, איצט מאַכן די אוראָקן? מיט בעטין? ער האָט פֿײַנט לערנען מיט בעטין. באַלד ווערט זי אין קאַס. אַ שוועבעלע! מיט דעם קוואַרטיראַנט לערנען איז גאָר אַנדערש. מיט אים לערנען איז אַ מעכײַע. ער האָט ליב דעם קוואַרטיראַנט, און דער קוואַרטיראַנט האָט ליב אים. ער ווייסט, אַז דער קוואַרטיראַנט האָט אים ליב. ער האָט זיי אַלעמען ליב: אים און די מאַמע און בעטין. בעטין נאָך מער ווי אַלעמען... דאָס ווייסט ער פֿאַר געוויס... וואָרעם וואָס דען קוקט ער אַזוי אַף דער שוועסטער, טאַקע אָט דער ראַבינאָוויטש, בייס קיינער זעט ניט?.. און פֿאַרוואָס לאָזט ער אַראָפּ די אויגן, אַז די מאַמע קוקט אַף אים, ווי ער קוקט אַף דער שוועסטער?..

און די שוועסטער אים — האָט אויך ליב סאַקאָנעס־נעפֿאָשעס! וואָרעם אַז ניט, וואָס ווערט זי אַזוי רויט אַלעמאָל, ווען ער קוקט אַף איר?.. און וואָס שרײַבן זיי דאָס ביידע, איינס דאָס אַנדערע, אויפֿן טאָוול פֿון ביכל אײנציקע אויסיִעס, וואָס מע דאַרף זײַן מיט אַכצן קעפּ, מע זאָל עס קאָנען איבערלייענען!.. אַ ראַכמאָנעס אַף דער שוועסטער, טאָמער בלײַבט זי אָן אַ לערער. נאָר ניט שוין זשע וועט ער טאַקע צוריק ניט קומען? בײַ וועמען ווערט מען עס געוווירר? בײַ בעטין? בעטי איז אין קאַס, זי שווײַגט, נאָר ער ווייסט, אַז זי איז אין קאַס... טאַטע־מאַמע זײַנען פֿאַרנומען אין זייער שמועס. מע שמועסט און מע ווערטלט זיך. ער איר „בעהיימע”, און זי אים „קוריערסקע פּאָיעזד” — כאַ־כאַ־כאַ!.. נאָר שאַ. אָט האָט בעטי זיך אויך אַרײַנגעמישט אין זייער שמועס. מע באַדאַרף הערן, וואָס זאָגט בעטי...

און סיאָמקע הערט זיך אײַן, וואָס בעטי זאָגט.

— איך קאָן שוין מער ניט הערן, — זאָגט זי, — די גאַל קאָן צעזעצט ווערן! וואָס האָט איר געוואָלט, ער זאָל זיך לאָזן טרעטן מיט די פֿיס אַזוי ווי איר? קריכן אַף אַלע פֿיר אַזוי ווי איר?.. אים וועט מען ניט זאָגן „דו”, אַזוי ווי אײַך. זײַט זיכער!..

— אַ גליק האָט אים געטראָפֿן! — רופֿט זיך אָפּ די מוטער פֿון איר בעט אַרויס, מיט אַ קאָל פֿון אַ מענטשן, וואָס וואָלט אַ באַלן געווען כאָטש נאָך אַ ביסל שלאָפֿן און קאָן ניט. — וואָס זאָגסטו

אַף דעם גליק: מע וועט אים שוין ניט זאָגן „דו", מע וועט אים זאָגן „איר"! זײַט זשע מוחל, וועט מען אים זאָגן, פֿאַרט איַיך געזונטערהייט צוריק קיין שקלאָוו...

— מאָל דיר, דאָס רעדסטו שוין ווי א ייִדענע! — האקט איר אָפּ דאָוויד פֿון זײַן בעט ארויס, — צוריק קיין שקלאָוו וועט מען אים ניט שיקן, מעגסט זיך שוין פֿארלאָזן אַף מיר. א זאקאָן איז א זאקאָן. זובאָווראטשעבנע איז אזוי גוט ווי אוניווערסיטעט. לאָז נאָר ווערן טאָג, אזוי פֿלי איך אוועק צום פּאָליצמייסטער.

— ווידעראמאָל צום פּאָליצמייסטער? דו קערסט מיינען אין זובאָווראטשעבנע? — שלאָגט אים איבער סאָרע.

— נו, פֿארשטייט זיך. פֿריִער אין זובאָווראטשעבנע, דערנאָך צום פּאָליצמייסטער. וועט אים דער פּאָליצמייסטער באלד הייסן ארויסלאָזן. מעגסט שוין זײַן זיכער!

— האלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם! — זאָגט סאָרע מיט א זיפֿץ. — פֿון דײַן מויל אין גאָטס אויערן...

— נו, דאנקען גאָט! — טראכט זיך סיאָמקע, — וויבאלד אזוי, קאָנען מיר נאָך מאָרגן מאכן מיט אים די אוראָקן. הײַנט איז סײַווי נישטאָ ניט קיין מאטעמאטיק, ניט קיין געאָגראפֿיע. וואָס דען איז הײַנט?

און סיאָמקעס געדאנקען גייען אוועק אינגאנצן מיט אים אינײנעם אין די אוראָקן, גימנאזיע, מאטעמאטיק, געאָגראפֿיע, און ער הערט נישט מער דעם ווײַטערדיקן שמועס פֿון דער שוועסטער און דאָס ווערטלען זיך פֿון טאטע־מאמע. ער דרייט זיך אויס מיטן פּאָנעם צו דער וואנט, דעקט זיך איבער מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און ווערט גיך אנשלאָפֿן, מיט דעם רויִקן געבענטשטן שלאָף, וואָס איז נאָך מעגלעך נאָר אין די יונגע, גליקלעכע, קינדערשע יאָרן.

דאָס זעכצנטע קאפּיטל

## אין געפֿענקעניש

אז מע כאפּט אײַך אוף אינמיטן נאכט, סאמע אין בעסטן שלאָף, און מע מאכט מיט אײַך א שפּאציר איבער עטלעכע פֿינצטערע גאסן בארג־ארוף און בארג־אראָפּ און ווידעראמאָל בארג־ארוף, און מע טיאָפּקעט זיך מיט אײַך איבער דער אָסיענדיקער בלאָטע מיט א גאנצער כאליאסטרע סאָלדאטן, וואָס טרײַבן אײַך מיט אלע געפֿאנגענע האלדז־און־נאקן, און איר הערט זיך אָן אזעלכע רייד מיט אזעלכע קלאָלעס, וואָס איר האָט נאָך אזעלכס ניט געהערט קיינמאָל, און מע ברענגט אײַך צו פֿירן אין א מאָקעם, וווּ ס'איז אָנגערייכערט און אָנגעשטונקען אזוי, אז מע זעט ניט די ליכטיקע וועלט, און מע נעמט אײַך און מע זעצט אײַך ארײַן אינײנעם מיט שיקורים און גאנאָווים און גאָט ווייסט מיט וועמען, און איר ווילט זיך צוזעצן און ס'איז ניטאָ אַף וואָס, סײַדן אַף דער הוילער שמוציקער און גליטשיקער ערד, און טאָמער ווילט איר פּראָטעסטירן, איז ניטאָ צו וועמען, סײַדן צו די פֿיר ווענט, — אָט דאָס אלעס, אז איר מאכט דורך, פֿארלירט איר דעם גאנצן קוראזש און פֿארטראכט זיך וועגן אזעלכע זאכן, וואָס איר האָט ביז אהער ווינציקער פֿון אלץ געטראכט.

וויפֿל אונדזער העלד האָט זיך ניט געשטארקט, אָנגענומען זיך מיט הארץ, געשפּאנט ווי א קאָזאק מיטן גאנצן „אָבכאָד" צום טאקט: איינס־צוויי, איינס־צוויי, זיך געגעבן דאָס וואָרט זײַן שטארק ביזן סאָף, און אדעראבע, זיך געפֿילט אין דער דאָזיקער נאכט נאָך מער שטארק און מער שטאָלץ ווי אלעמאָל, — דאָך, אז מע האָט אים אראָפּגעלאָזט אינעם גוטן מאָקעם ארײַן, האָט ער זיך געמוזט מוידע זײַן, אז באשרײַבן דאָס לעבן אין א בוך איז א סאך גרינגער, ווי אליין דאָס דורכצומאכן, און אז זײַן א ייִד איז, אפּאָנעם, א סאך שווערער, ווי מע קאָן זיך פֿאָרשטעלן...

דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען און אָנגעהערט אין געפֿענקעניש, און דאָס, וואָס ער האָט פֿונדאנען ארויסגעטראָגן אין דער איינציקער נאכט, וואָלט ער געוויס ניט ארויסגעטראָגן פֿאר א גאנץ יאָר לעבן אַף דער פֿרײַהײַט.

אלעמאָל האָט זיך געעפֿנט די טיר און ס'איז ארײַן א נײַער טראנספּאָרט פֿון געפֿאנגענע, מערסטנטייל ייִדן, איבערגעשראָקענע ווי די האָזן, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע, פֿארפֿינצטערטע, פֿארכוישעכטע און דערשלאָגענע. און וואָס אים האָט אינטערעסירט, איז דאָס, וואָס די „אלטגעזעסענע" האָבן באגעגנט יעדן ייִדישן טראנספּאָרט מיט א געדולע, מיט א געלעכטער און מיט אלערליי שארפֿע פּיקאנטנע ווערטער, אין אָפּטמאָל אויך מיט קלאָלעס, מיט א קריץ מיט די ציין און מיט א סטוסאק

אין זײַט אַרײַן: „זשידאָווסקאיאַ מאָרדאַ“, „פּסיאַקרעוו“ אָדער „סאָבאַקאַ נעווירנאַיאַ“, — עס ווענדט זיך אין דעם, ווער די זאָגערס זײַנען געווען: אַן עכטער פּאַניע, אַ פּאָליאַק אָדער אַ מאַלאָראָס...

און וואָס אים האָט אינגאַנצן איבעראַשט — איז דאָס, וואָס די אַלע איבערגעשראָקענע, אָפּגעריסענע, פֿאַרפּינצטערטע, פֿאַרכוישעכטע און דערשלאָגענע האָבן אויסגעהערט דאָס געלעכטער מיט די קלאָלעס אַזוי קאַלט, גלײַך ווי ניט זיי מיינט מען!..

איינער, אַן אויסגעטריקנט ייִדל, מיט אַ זאַק, וואָס איז קימאַט צוויי מאָל אַזוי גרויס ווי ער אַליין, האָט געכאַפּט אַן אָנצוהערעניש אין זײַט אַרײַן פֿון אַ הויכן, ברייטביינערדיקן כעוורעמאַן, אויך אַן אָפּגעריסענער, אַזוי אַז ער האָט זיך שיר איבערגעקערט מיטן זאַק דרײַ מאָל, האָט נאָר אַ קוק געגעבן דעם ברייטביינערדיקן כעוורעמאַן אין פּאָנעם אַרײַן, גלײַך ווי ער וואָלט כײַשעק געהאַט צו וויסן, וואָס לאָזט אים דאָ יענער הערן?.. פֿון דעם, וואָס אַלע אַנדערע ייִדן זײַנען אָנגעפֿאַלן אויפֿן אָפּגעשטויסענעם ייִדל מיטן זאַק און גענומען רעדן אַלע מיטאַמאָל, האָט ראַבינאָוויטש פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן אים זײַנע אָפּירגעהאַלטן, לעמײַ ער קריכט ניט אַהין ווו מע דאַרף, לעמײַ ער שלעפּט זיך אַרום מיט אַזאַ גרויסן זאַק. און עס האָט אים שטאַרק געוווּנדערט, פֿאַרוואָס אייגענע ברידער נעמען זיך ניט אָן פֿאַר אַן אייגענעם. ווו איז זייער געוויסע „סאָלידאַרנאָסט“? — האָט ער זיך געטראַכט. — ווו איז זייער קאָהאָל, זייער „קאַגאַל“, וואָס ער האָט געלייענט וועגן דעם וויפֿל מאָל אין דער „נאָוואָיע ווראַעמיאַ“ און אין אַנדערע צײַטונגען, וואָס רופֿן זיך „רעכטע“?..

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ פֿאָלק? — האָט ער זיך אַליין געפֿרעגט, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אוועקגעזעצט אויף אַן עק באַנק, וואָס איינער, אַן אַלטגעזעסענער, מיט אַן אונטערגעשלאָגן אויג, האָט אים אָפּגעטראָטן, — וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מין פֿאָלק, וואָס קאָן לעבן אונטער אַזעלכע אומשטאַנדן, עסן, טרינקען און שלאָפֿן, האַנדלען און וואַנדלען, לערנען, כאַזערן, גיין אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן, טאַנצן און פֿרייען זיך, אין דער צײַט, ווען מע קאָן קומען צו אײַך אינמיטן האַלבע נאַכט, מאַכן אויף אײַך אַן „אָבלאַווע“, ווי מע מאַכט אויף עמעסע גאַנאָווים, אָדער אויף ווילדע כײַעס, און באַגיין זיך מיט אײַך קעגן אַלע מענטשלעכע און געטלעכע געזעצן? ווו ליגט באַהאַלטן דער דאָזיקער וווּנדערלעכער סאָד? און פֿונוואַנען נעמט זיך אַזאַ סינע פֿון אַלעמען צו איינעם? עס מוז דאָך האָבן עפּעס אַ גרונט, אַ שוירעש! עס איז דאָך ניט מעגלעך, אַז אַלע זאָלן זיך נעמען אויף איינעם גאָר אומזיסט־אומנישט, גאָר אָן אַ טאַם און אָן אַ שום סיבע! מיסטאָמע מוזן דאָך עפּעס די ייִדן האָבן אין זיך אַזעלכס... אַזעלכס... וואָס שטויסט אָפּ פֿון זיי די גאַנצע וועלט...

אין דער מינוט האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס איז אַרײַנגעפֿירט געוואָרן אַ נײַער טראַנספּאָרט „געפֿאַנגענע“. דאָס זײַנען געווען ווידער מערסטנטייל ייִדן, וואָס האָבן גערעדט אַלע איניינעם און אַזוי הויך, אַז איינער פֿון די אַרעסטאַנטן האָט זיך גענומען איבערקרימען זיי: „גער־גער־גער“. און דער עוילעם האָט אויסגעשאָסן אַ לעבעדיקן געלעכטער.

דאָס האָט געצווּנגען די ייִדן, זיי זאָלן אָנהייבן רעדן אַ ביסל שטילער. איז דאָס אָבער ניט געפֿעלן געוואָרן יענעם נעפֿעש, וואָס מיטן אונטערגעשלאָגענעם אויג, און ער איז אָנגעפֿאַלן אויף די ייִדן מיט אַ טײַנע, לעמײַ זיי שעפּטשען זיך, פֿירן סוידעס, שאַכער־מאַכער — און אויסגעלאָזט האָט ער מיט אַ האַרב וואָרט אין מיט אַ קלאָלע, וואָס איז זייער פּאָפּולער צווישן דער דאָזיקער כעוורע, וואָס די געזעלשאַפֿט האָט געשטעמפּלט מיטן נאָמען „כוליגאַנעס“.

— ניט אומזיסט שלאָגט מען זיי! — רופֿט זיך אָן איינער, וואָס איבערן רויך קאָן מען ניט זען זײַן פּאָנעם.

— שלאָגן אַליין איז ווייניק, — כאַפּט אים אונטער נאָך איינער, ווײַזט אויס נאָך דער שפּראַך אַן אינטעליגענט. — דאָס גוטס דאַרף מען בא זיי עקספּראָפּריִירן און זיי אַליין דאַרף מען אויסקוילען ווי די שאָף.

אונדזער העלד האָט זיך אַזש אויפֿגעהויבן. אים האָט זיך זייער געוואָלט אָנקוקן דאָס פּאָנעם פֿון דעם דאָזיקן אינטעליגענט. ער האָט אָבער באַלד פֿאַרגעסן, צוליב וואָס ער איז אויפֿגעשטאַנען, וואָרעם ער האָט זיך באַגעגנט מיט אַ פּאָר באַקאַנטע אויגן, וועלכע האָבן אים אויך באַלד דערקענט.

דאָס זיבעצנטע קאַפּיטל

## אַ באַגעגעניש

די אויגן — דאָס איז געווען דער פּינסקער באָכער מיטן פּרישטשעוואַטן פּאָנעם און מיטן ווײַסן זומערדיקן קאָסטיום, איינער פֿון די דרײַצן מעדאַליסטן, וואָס האָבן זיך אונטערגעשריבן אויף דער געוויסער טעלעגראַמע צום מיניסטער.

— שאָלעם־אַלייכעם! — אזוי האָט אים באַגריסט דער פּינסקער באָכער אַף יידיש און מיט א ניגן, אויסגעצויגן צו ראַבינאָוויטשן א האַנט. ער האָט זיך אָבער באַלד פאַרכאַפּט און אָנגעהויבן רעדן אַף רוסיש. — באַ! איך האָב גאָר פאַרגעסן, אז איר זײַט יענער פּענאָמען, וואָס פאַרשטייט אַלע שפּראַכן, כוץ אײַער אייגענעם לאָשן, אײַער מוטער־שפּראַך. ניט שוין זשע גיט עס ניט קיין פּראוואָזשיטעלסטווע, פּאַני ראַבינאָוויטש?..

— אײַך ליגט נאָך אין זינען צו ווינצלען זיך? — זאָגט צו אים ראַבינאָוויטש. — ווי קומט איר אַהער?

— ווי קום איך אַהער? כאַ־כאַ, דורך די אייגענע זכוס־אָוועס, וואָס איר... א נאַכט פון אָבלאַוועס... איך לאַך אָבער פון זייער באָבע, הערט זיך אײַן, וואָס וועט מען מיר טאָן? מע וועט מיר אָנשרײַבן מיט רויטן און הייסן פאָרן אַהיים קיין פּינסק. פכע! כאָטש זיי זאָלן אזוי האָבן די נאָז, ווי איך האָב מיט וואָס צו פאָרן!.. זעט איר, פאַר וועמען עס אַרט מיך? פאַר מײַן שוועסטער. ווײַל מע האָט מיך געפּאַקט בא מײַן שוועסטער, קאָן מען צונעמען בא איר די פּראוואָזשיטעלסטווע. איר מאַן איז א באַלמעלאָכע, אַן אײַנבינדער. נו, און אײַך ווו האָט מען געפּאַקט?..

— מיך?.. וואָס שטייט איר? זיצט. — מאַכט צו אים ראַבינאָוויטש און קוקט זיך אַרום, זוכט אַן אָרט פאַר זײַן באַקאַנטן און דערזעט, אז ער אַליין איז אויך געבליבן אָן אַן אָרט. דער אוילעם איז געוואָויר געוואָרן, אז ער הייסט ראַבינאָוויטש און שמועסט פון אָבלאַוועס און פון פּראוואָזשיטעלסטווע, האָט מען אָנגעוווירן דעם גאַנצן דערעכערעץ צו אים. דער אייגענער נעפּעש מיטן אונטערגעשלאָגענעם אויג, וואָס האָט אים פרײַער אזוי עלעגאַנט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט, האָט זיך איצט צעלייגט ווי בא זײַן טאַטן אין ווײַנגאָרטן, אַרופגענומען ביידע באָרוועסע פיס אַף דער באַנק און לעבן אים האָט זיך אַוועקגעזעצט א גאַסן־שיקסע, וואָס שמעקט מיט בראַנפן און מיט יאַדאָפאָרם, און ס'איז אַוועק בא זיי א שמועס ווידער וועגן יידן, פון וועלכע ס'איז שוין גאָר ניט אויסצושטיין; אז ווו מע גייט און ווו מע שטייט!..

— ניטאָ קיין טויט אַף זיי! — רופט זיך אָפּ די שמעקנדיקע גאַסן־שיקסע און שפּיגלט זיך אין אירע עלעגאַנטע שיך, וואָס קוקן אַרויס פון איר שמאָל קליידל.

— עמעסע מיקראָבן! — כאַפּט אונטער דער אינטעליגענט. — די טעווע פון מיקראָבן איז אַזעלכע, אז וואָס מער מע פּאָרעט זיך מיט זיי, מער פּרוכפּערן זיי זיך און מערן זיך. לייענט די „זנאַמיאַ", וועט איר וויסן, וואָס פאַר אַן אומע דאָס איז...

דער אינטעליגענט האַרשנט און דאַרשנט, און דער גאַנצער אוילעם הערט אים אויס מיט קאָפּ. זעלטן־ווער עס שלאָגט אים איבער, אַרײַנשטעלנדיק א פּיקאַנט וואָרט, אָדער א שאַרפע קלאָלע, וואָס רופט אַרויס א פריילעך געלעכטער. ניט־ווילנדיק הערן זיך אײַן אין דער דראָשע אויך אונדזערע צוויי קאַנדידאַטן־מעדאַליסטן.

— וואָס וועט איר הערן, ווי א הונט בילט? — מאַכט דער פּינסקער באָכער צו ראַבינאָוויטשן שטילערהייט, און ער ציט אים אָפּ אין א זײַט און פרעגט זיך אויס בא אים, וויאַזוי ער לעבט, און וויאַזוי גייט עס אים צווישן די דאַנטיסטן, און וואָס הערט זיך מיט זייער דעפּעש צום מיניסטער.

— דאָס דאַרף מען פרעגן בא טומאַרקינען, — ענטפערט אים ראַבינאָוויטש, און פרעגט זיך אויס באַם פּינסקער באָכער, וואָס טוט ער און וואָס קלערט ער טאָן ווײַטער?

— עך, פרעגט ניט! — ענטפערט אים דער פּינסקער באָכער מיט א מאַך מיט דער האַנט און מיט א ביטערן שמייכל, — מיר מאַכן! ס'איז שוין איינמאָל געמאַכט! מיר האָט מען צעשלאָגן אַלע מײַנע גלענצנדע פּלענער! כאָרעוו געמאַכט אַלע מײַנע גאָלדענע שלעסער! בא מיר, הערט זיך אײַן, באָמבלט זיך אין מויעך א גאַנצע ריי פון דערפינדונגען אין דער מעדיצין. איך האָב געוואָלט גיין אַף כעמיע. מיך ציט עס אין כעמישע לאַבאָראַטאָריעס. נאָך מײַן מיינונג, באַדאַרף די כעמאָטעראַפּיע מאַכן אַן איבערקערעניש אין דער גאַנצער מעדיצין. זינט ערליך האָט אַנטדעקט זײַן נײַ מיטל צו סיפיליס, לאָזט ער מיך ניט לעבן. איך בין איבערצײַגט, עס איז בא מיר ווי צוויי מאָל צוויי, אז מיט דעם וועג, וואָס ערליך איז אַוועקגעגאַנגען, אויב מיר גייען ווײַטער, געפינען מיר א מיטל אויך צו א ראַק און צו טובערקוליאָז און צו אַלע אַנדערע שלעק, פּוראָניעסן, וואָס מאַכן א טעל פון דער מענטשהײַט. לעבן זאָל אונדזער ערליך! ווייסט איר, אז ער איז אַן אונדזעריקער?

— ווער? — פרעגט אים ראַבינאָוויטש און באַטראַכט דעם גרויסן ווײַסן שטערן פונעם דאָזיקן באָכער.

— ווער? פּראָפעסאָר ערליך. ער איז אַן אונדזעריקער. — ענטפערט אים דער פּינסקער באָכער שוין מיט פאַרדראָס.

— וואָס הייסט אַן אונדזעריקער?

— דאָס הייסט, ער האָט ניט קיין פּראוואָזשיטעלסטווע, אזוי ווי איר, אזוי ווי איך, אזוי ווי מיר אַלע, כאַ־כאַ! און טאָמער, כאָלילע, קומט ער צו פאָרן אַהער און מע פּאַקט אים, הערט זיך אײַן, זיצט ער גלײַך מיט אונדז אַלע אָט אָ־דאָ און הערט, ווי יענער דאַרשנט וועגן מיקראָבן... זײַן גליק, וואָס ער

זיצט דאָרטן, בא די פינצטערע דײַטשן... מאָלט איר, ער פילט דאָרט אויף דעם טאַם פון גאָלעס, וואָס הייסט א ייִד.

— טאַקע בעעמעס?

— טאַקע בעעמעס. וואָס? איר האָט ניט געלייענט אף די צײַטונגען? איר אינטערעסירט זיך ניט? איר זענט קיין ייִד ניט?

— ניין! — זאָגט ראַבינאָוויטש און פאַרכאַפּט זיך, — דאָס הייסט, יאָ. א ייִד בין איך. נאָר די לעצטע צײַט האָב איך ווינציק געלייענט... וואָס זשע שרײַבט מען וועגן אים?

— וואָס מע שרײַבט? עס קערט זיך די וועלט: א סוואָרע, אז די ערשטע צײַט האָט מען גאָר ניט געוווּסט, ווער דער ערליך איז. עפּעס א פראַנקפורטער פּראָפעסאָר. איצט ווייסט מען שוין, הערט זיך אײַן, ערשטנס, אז ער איז אן אונדזעריקער, מעשאַלײַנו, הייסט עס, — א נאַש־בראַט: און צווייטנס, אז ער האָט זיך נעבעך געריסן אין בערלינער אוניווערסיטעט, געבעטן א סטענדער, א קאַפעדרע, אן אייגענע לאַבאָראַטאָריע און א ביסל טאַלמידים... נו, האָט מען אים געזאָגט: לוי מיט אן אלף! א טפר־דרוס!

— פאַרוואָס?

דער פינסקער באָכער האָט זיך אויש געכאַפּט בא די זײַטן פאַר געלעכטער:

— פאַרוואָס? פאַר שאַבעס. אָט הערט איר דאָך, וואָס יענער כעווערעמאַן דאַרשנט: מיקראָבן, פּאַראַזיטן, עקספּלואַטאַטאָרן, כאַ־כאַ־כאַ!

• • •

דאָס, וואָס דער פינסקער באָכער האָט אים דאָ דערציילט וועגן פּראָפעסאָר ערליך, האָט אים געבראַכט דערצו, ער זאָל זיך נאָך טיפער פאַרטראַכטן אף דעם, וואָס לאָזט אים ניט צורו: „נו, בלײַבט דאָך פאָרט א קאַשע: פונוואַנען נעמט זיך אזא פאַרברעכטער סינע פון א גרויסער גאַנצער וועלט צו א קליין הײַפעלע מענטשן, וואָס רופן זיך ייִדן?..“

און ער דערמאָנט זיך, אז קימאַט די אייגענע רייד מיט די אייגענע ווערטער, וואָס ער הערט אצינד אָט דאָ וועגן מיקראָבן, פּאַראַזיטן און עקספּלואַטאַטאָרן, האָט ער געהערט וויפל מאָל נאָך בא זיך אינדערהיים, געלייענט אין דער „נאָוואָיע ווראַמיא“ און אין אַנדערע צײַטונגען, וואָס רופן זיך „רעכטע“. נאָר וואָס דען? ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשטעלט דערויף און ניט פאַרטראַכט זיך דערויף, ווי ער האָט זיך פאַרטראַכט אצינד. איצט, אז ער איז צווישן ייִדן, מוז ער עס דערגיין אַקוראַט. איצט האָט ער א געלעגנהײַט צו שטודירן די פראַגע אינעם מאַקער, אינעם שורעש, צוקוקן זיך, אויספאָרשן, אויסלערנען... און ער איז צופרידן, וואָס ער האָט אזא געלעגנהײַט, אזוי צופרידן, אז ער האָט שוין קימאַט גאָר פאַרגעסן, ווו ער געפינט זיך, און האָט זיך קימאַט גאָר ניט אַרומגעקוקט, ווי די נאַכט איז אַוועק.

אף אינדערפרי איז גאָר ניט געווען צו באַמערקן אף זײַן טאָמיד פריש פריילעך פּאָנעם, וואָס פאַר א שווערע נאַכט ער האָט איבערגעלעבט און וואָס פאַר ביזיונעס און באַליידיקונגען ער איז אויסגעשטאַנען. נאָכדעם האָט מען אים אַרופגערופן אַרויף.

אַרײַנגעטראָטן איז ער אין קאַבינעט אפילע אן אָנגעשטאָלענער, גרייט געווען צו אופהייבן א סקאַנדאַל. נאָר ער איז באַלד געבליבן אָן ווערטער, וואָרעם מע האָט אים אופגענומען דאָרט אויבן זייער העפלעך, געגעבן צו וויסן, אז מע האָט נאַרוואָס אָפּגעקלוגען פון דעם פּאָליצמייסטער, אז זײַן פּראַוואָזשיטעלסטווע איז אין אָרדענונג און אז ער קאָן גיין.

„שאַפּיראָ!“... פליט אים דורך אין קאָפּ, און באַלד נאָך שאַפּיראָן קומט אים אפן זינען „בעטי“ — און א מאָדנע וואַרעמקײַט, פילט ער, האָט זיך צעטראָגן פון האַרצן איבער אַלע זײַנע גלידער.

— ניט שוין זשע איז דאָס אזוי ערנסט? — טראַכט ער צו זיך, כאַפּט א דראָזשקע און הייסט זיך פירן אף דער ייִדישער גאַס.

— וואָס וועט אָבער זײַן פון דעם?.. וואָס וועט זײַן? וואָס וועט זײַן?..

די פראַגע: „וואָס וועט זײַן פון דעם?“ האָט ער די לעצטע צײַט ניט איין מאָל געפרעגט בא זיך אליין. סאָפּקאָלסאָף וועט ער דאָך איר מוזן אנטדעקן דעם סאָד, ווער ער איז און וואָס ער איז... ווי־אזוי וועט זי דאָס אָנעמען?.. און וואָס וועט נאָכדעם זײַן?.. נאָכדעם?..

אָט די אַלע געדאַנקען האָבן זיך ווי א וויכער געטראָגן בא אים אין קאָפּ, פליִענדיק מיט דער דראָזשקע אינעם פרישן אָסיענדיקן פרימאָרגן איבער די שלעכט־געפלאַסטערטע גאַסן, וואָס פונעם קלאַפּן פון די אײַזערנע שינעס איבער די שפּיציקע שטיינער קאָן מען טויב ווערן.

אראָפּגעשפּרונגען פון דער דראָזשקע, אַנגעקלונגען אין דער טיר און דערזען בעטין, איז געוואָרן אויס מיט אַלע פראַגן... און כאָטש בעטי איז אים ניט געפאַלן אפן האַלדז, און כאָטש זי האָט אים באַגעגנט מער ניט אַז פריינטלעך, עטוואָס מער ווי מיט א ווארעמער פּרייַנטשאַפט, דאָך האָבן אים אירע אויגן געזאָגט א סאַך מער ווי די ווארעמסטע ווערטער... און ער איז אַרייַנגעקומען צו די שאַפּיראָס אין שטוב אַרייַן, ווי מע קומט אַרייַן צו זיך אַהיים. און ער האָט באַגעגנט די שאַפּיראָס, ווי מע באַגעגנט פאָטער און מוטער. און מע האָט דערלאַנגט צום טיש. און ס'איז געוואָרן פריילעך. און מע האָט געגומען דערציילן איטלעכער זייַנס: דער קוואַרטיראַנט, וויִאזוי ער האָט פאַרבראַכט די נאַכט אין געפענקעניש, און דער באַלעבאָס — דאָוויד שאַפּיראָ — וויִאזוי ער האָט קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן, אַזוי איז ער באַלד אַוועק אין זובאָוואָטשעבנע און פון דאָרט צום פּאָליצמייסטער...

— באַלד איז ער אַוועק? — שלאָגט אים איבער די באַלעבאָסטע, סאָרע שאַפּיראָ, און קוקט אויף דער טאָכטער. — איך זאָג אים עפשער צען מאָל: דאָוויד, מע באַדאַרף זייַן פרִיער אין דער זובאָוואָטשעבנע, דערנאָך באַם פּאָליצמייסטער.

— וואָס זאָגסטו אויף איר? — מאַכט דאָוויד צו דער טאָכטער, — זי זאָגט, אַז זי האָט מיר געזאָגט...

— דו האָסט געזאָגט, זי האָט געזאָגט! — רייַסט זיי איבער די טאָכטער און ווענדט זיך צום קוואַרטיראַנט: — דערציילט בעסער איר, וויִאזוי איז געווען אינדערפרי, אַז מע האָט אייַך אַרופגערופן אַרויף?..

— דזין־דזין!

— ווער איז?

סיאַמקע פון גימנאַזיע. א פּאַרוויטלטער פון דער קעלט, א פאַרסאַפּעטער פון די טרעפ, מיטן רענצל אויף די פּלייצעס — און גלייַך צום לערער אפן האַלדז.

דאָס אַכצנטע קאַפּיטל

## נאָך דער „אַבלאַווע“

די נאַכט, וואָס אונדזער העלד האָט פאַרבראַכט אין געפענקעניש אָן שלאָף, און דאָס ביסל צאָרעס, יעסורים, אויפרעגונג און אַגמעסנעפעש, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט זיך אַנגעזען און אַנגעהערט, איז ניט אָפּגעלאָפן אינגאַנצן גלאַט פאַר זייַן געזונט, — און ער האָט א ביסל צוגעקרענקט. ער האָט זיך געקלאָגט, אַז דער קאָפּ טוט וויי, א ביסל געפיבערט און אָקעגן נאַכט איז ער שוין געלעגן באַ זיך אין זייַן סדאָם־בעטל, איבערגעדעקט פון אויבן איבער דער קאָלדרע מיט א גרויסן ווארעמען איבערבעט און געשוויצט.

דאָס איבערבעט איז געווען דער באַלעבאָסטעס איבערבעט, און דאָס שוויצן איז אויך געווען איר ארבעט. זי האָט אים אַנגעטרונקען מיט טיי פון טרוקענע מאַלינעס, אייַנגעדעקט ווי עס געהער צו זייַן און צוגעגרייט עסיק מיט ספּירט, אַז דאָוויד וועט קומען אפדערנאַכט פון דער סלוזשבע, וועט ער אים אָרנטלעך אויסשמירן דאָס לייַב, וועט ער ערשט דעמלט קאָנען רעכט שוויצן.

סאָרע שאַפּיראָ האָט אפילע באַלד געוואָלט שיקן די טאָכטער נאָכן דאָקטער, האָט זיך דער קוואַרטיראַנט אייַנגעשפּאַרט: מע דאַרף ניט.

— וואָס וועט אייַך אַרן, אַז דער דאָקטער וועט אייַך זען?

— מע דאַרף ניט.

— א באַקאַנטער דאָקטער, א היימישער מענטש.

— מע דאַרף ניט.

— ער נעמט נישט טייַער... וויפל מע גיט אים...

— מע דאַרף ניט.

— אָט א מעשוגענער אַקשן! — האָט זיך סאָרע שאַפּיראָ אַנגערופן צו דער טאָכטער אויף ייִדיש און באַלד געווענדט זיך ווידער צום קוואַרטיראַנט שוין אויף רוסיש:

— הערט נאָר, וואָס איך וועל אייַך פרעגן: אַלע ראַבינאָוויטשעס זייַנען אַזוי, אָדער נאָר איר זענט אַזעלכער?

— אַלע אַזעלכע.

— נישט בעסער פון די שאַפּיראָס?

— נאָך ערגער.

— וויבאַלד אַזוי, קומט דאָך אײַך טאַקע אַ מאַזלטאָוו?..

דערויף האָט איר דער קוואַרטיראַנט נישט געענטפערט גאָרניט. ער האָט נאָר אַ קוק געגעבן אויף דער באַלעבאָסטעס טאָכטער, וואָס איז געשטאַנען אײנײנעם מיט דער מוטער איבער זײַן בעטל, און ביידע האָבן זיך אַזוי געשמאַק צעלאַכט, אַז די באַלעבאָסטע האָט זיך אויך צעלאַכט, אויף זיי קוקנדיק, און האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, גרייט געווען צו גיין אין קיך צושטעלן פאַרן קוואַרטיראַנט אַ יײַכל פון אַ פערטל אויף.

— מײַלע, קיין דאָקטער ווילט איר ניט, אָבער אַ יײַכל פון אַ פערטל אויף ווערט איר דאָך עסן? ווי איז מיר! פונוואַנען נעמען זיך אַזעלכע „קליפּעס" אויף דער וועלט?

אַזוי האָט אויסגעלאָזט די באַלעבאָסטע שוין ווידער אויף ייִדיש און איז אַוועק מיט פאַרקאַטשעטע אַרבל אין קיך אַרײַן, און איר טאָכטער מיטן קוואַרטיראַנט האָבן אויסגעשאָסן אַ פרישן געלעכטער.

עס האָט זיך זיי געלאַכט, ווײַל ס'איז זיי פון נאָך דער נעכטיקער געשיכטע אָן געווען דאַפּקע פריילעך און גוט אויפן האַרצן גאָר אָן אַ שום סיבה.

עס האָט זיך זיי געלאַכט, ווײַל זיי זײַנען ביידע יונג, און פריש, און געזונט, און לעבעדיק־פריילעך, און אַ מאָדנער קויעך, וואָס זיי אַליין ווייסן ניט פון אים, שטויסט זיי איינס צו דאָס אַנדערע פון דער ערשטער מינוט, וואָס זיי האָבן זיך דערזען. עס מאָלט זיך זיי אויס, אַז זיי קענען זיך שוין פון ווייס איך ווען אָן. און כאָטש זיי האָבן נאָך צווישן זיך קיין שום באַזונדערע שמועסן, אַכוץ קלייניקײַטן, נישט געהאַט, דאָך ווייסן זיי ביידע גאַנץ גוט, וואָס זיי זײַנען איינס פאַר דאָס אַנדערע און וואָס זיי פילן איינס צום אַנדערן...

די „קלייניקײַטן" זײַנען געווען אָט וואָס: איינמאָל איז דער קוואַרטיראַנט געזעסן באַם טיש מיטן קליינעם סיאָמקען און געמאַכט מיט אים די אויראָקן. די באַלעבאָסטע איז געווען אין קיך, און די טאָכטער איז געזעסן באַם אַנדערן עק טיש איבער אַ ביכל און געלייענט. פּלוצעם הייבט זיך בעטי אויף, גלײַכט זיך אויס, מאַכט צורעכט די האָר און וויל אַוועקגיין. נעמט ראַבינאָוויטש אַ העפט, וואָס ליגט אויפן טיש, און וואַרפט אָן אויף דער גיך איינצלנע אויסיִעס, ראָשעטייוועס: ל.ג.א.א.?.. און האָט צוגערוקט דעם העפט צו בעטין. בעטי האָט אַ קוק געגעבן אויף די אויסיִעס און איז רויט געוואָרן. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז די דאָזיקע איניציאַלן מאַכן: „לעמיי גייט איר אַוועק?"...

האָט זי גענומען בײַ אים די פּען און אונטערגעשריבן אונטער זײַנע אויסיִעס אויך מיט איניציאַלן: א.ה.ג.א.א.ש. א. ... (איך האָב געמיינט, אַז איך שטער אײַך).

דערויף האָט איר ראַבינאָוויטש אָפּגעענטפערט אויף דער גיך מיט די דאָזיקע איניציאַלן: וו.ק.א. מ.ש.? א.!.. (ווי קאָנט איר מיר שטערן? אַדרבא!..)

דערויף האָט אים בעטי שוין ניט געענטפערט גאָרניט. זי האָט נאָר אַ זיפץ געגעבן און באַלד אַוועקגעזעצט זיך צוריק צום ביכל.

דאָס אַנדערע מאָל איז ער ווידער געזעסן מיט סיאָמקען און געלערנט. בעטי איז שוין ניט געזעסן באַם טיש, נאָר געווען בײַ זיך אין כיידערל, זיך אָנגעטאָן אויף צו גיין שפּאַצירן. די מוטער איז געזעסן אָן אַ זײַט און געקליבן נאַכעס פון איר בעניאַכידל, וואָס לערנט אַזוי גוט, און פונעם לערער, וואָס גאָט האָט איר צוגעשיקט אַ קאָשערע מעציִע גלײַך אין שטוב אַרײַן. „דער אייבערשטער זאָל איר העלפן, ער זאָל זיך נאָר וועלן האַלטן מיט אַריכאַס־יאָמים... ער זאָל אין דער זובאָוואַטשעבנע זיך אָפּהאַלטן אַ יאָר אָדער צוויי; דערנאָך זאָל ער אַרײַן אין אוניווערסיטעט. און דאָרט אָפּזיצן אַ יאָר פיר. אַכאַס לעאַכאַס וועט דערווײַל איר סיאָמקע ענדיקן אַלע אַכט קלאַסן מיט אַ מעדאַל... איי וואָס? אָט האָט דאָך אָט דער שלימאַזל אַליין אויך אַ מעדאַל — און פונדעסטוועגן?.. עט! ביז סיאָמקע וועט ענדיקן גימנאַזיע, קאָן נאָך קומען מאָשיִעך..."

אין דעם קומט אָן בעטי אָן אויסגעפּוצטע און ווענדט זיך צום קוואַרטיראַנט: ווו האַלט דער זייגער?.. ראַבינאָוויטש, איידער ער טוט אַ קוק אויפן זייגער, כאַפּט דאָס העפטל און טוט אַ שרײַב אָן עטלעכע ראָשעטייוועס: ל.ג.א.אָ.מ.? (לעמיי גייט איר אָפּ אָן מיר?).

בעטי טוט אָן די הענטשקעלעך און כאַפּט אַ קוק אין העפטל אַרײַן און שרײַבט אים אָן עטלעכע איניציאַלן: א.וו.א.א.א. (איך וואַרט אויף אײַך אונטן) און לאָזט זיך גיין.

ראַבינאָוויטש זיצט ווי אויף הייסע קוילן. און ווי אָפּצולאָכעס, גייט הײַנט מיטן טאַלמיד צו שווערלעך. סיאָמקע איז פאַרטראַכט, הערט ניט, וואָס מע רעדט צו אים. ער בײַסט די פּען און קוקט גאָר אַהין צום העפטל, אין די ראָשעטייוועס אַרײַן... דער לערער האָט דאָס באַמערקט. נעמט ער דאָס העפטל, מעקט אויס די אָנגעשריבענע איניציאַלן און זאָגט צום טאַלמיד, ער זאָל נעמען מאַכן די אויראָקן דערווײַל אַליין. שפּעטער, אַז ער וועט קומען, וועט ער מיט אים נאָכאַמאָל אַוועקזעצן זיך אויף אַ שאָ.

— אָט דאָס הייסט אַ רעפּעטיטאָר! — טראַכט זיך סאָרע שאַפּיראָ נאָכן קוואַרטיראַנטס אַוועקגאַנג. — ניט קיין קוואַרטיראַנט, נאָר אַן אוצער! אַ בראָכע פון גאָט!

• • •

דאָס ייִנגל, וואָס סאָרע שאַפּיראָ האָט צוגעשטעלט פֿאַרן קוואַרטיראַנט, כאָטש ס'איז אָפּגעקאָכט נישט מער ווי פֿון א פֿערטל אָף, איז געווען, ווי סאָרע אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, „טאַם גאַניידן, עס מעג עסן דער מאַלכעס".

די זעלבע מיינונג איז געווען אויך דער קוואַרטיראַנט, וואָס האָט געפֿילט דעם טאַם פֿון גאַניידן ניט אַזוי אינעם ייִנגל, ווי אין דעם, וואָס דערבײַ איז געזעסן בעטי, און נישט נאָר געזעסן, נאָר צוגעהאַלטן דעם טעלער און אַכטונג געגעבן, ער זאָל עס אויפֿעסן אינגאַנצן, נישט איבערלאָזן אַף דערעכערעץ. אָך! זײַן קראַנק און עסן ייִנגלעך פֿון בעטיס הענט — דערויף וואָלט ער זיך אונטערגעשריבן מיטביידע הענט אַף וויפֿל איר ווילט! דער כיסאָרן איז נאָר, וואָס מע לאָזט זיי ניט אינצווייען אַף קיין מינוט: אָדער סאָרע שאַפּיראָ אַליין קומט ארײַן אַלעמאָל מיט אַן אַנדער אויסרייד, אָדער זי שיקט ארײַן סיאָמקען, ער זאָל א ביסל זיצן, אָדער אָט קומט אָן דער באַלעבאָס, — דעמלט איז שוין געוויס זײַ געזונט!

דאָוויד שאַפּיראָ איז ארײַנגעפֿלויגן אין שטוב ארײַן, ווי אַלעמאָל, אומגעריכט:

— וואָס איז שוין? דער קוואַרטיראַנט איז שאָפֿל? וואָס איז אים? ער האָט היץ? פֿאַרוואָס שיקט מען ניט נאָכן דאָקטער?

— אָט איז ער דאָ, דער קוריערסקע פּאָיעזד! — באַגעגנט אים סאָרע מיט א באָרעכהאַבע, ווי איר שטייגער איז, — פֿונוואַנען ווייסטו, אַז מע האָט ניט געוואָלט רופֿן דעם דאָקטער?

— געוואָלט רופֿן? פֿאַרוואָס זשע רופֿט מען ניט?

— גיי פֿרעג אים!

דאָוויד שאַפּיראָ האָט פֿײַנט לאַנגע וויקוכים, פּוסטע דיבורים. ער ווייסט, אַז א מענטש פֿילט זיך שאָפֿלדיק, דאַרף מען פֿרעגן דעם דאָקטער. און ניט געקוקט אַף קיין פּראָטעסטן, האָט ער געכאַפּט אַף זיך דעם פּאַלטאָ און אַוועק אַליין ביכוווידוי אוּוועאַצמוי און געבראַכט צו פֿירן דעם דאָקטער, צום גרויסן באַדויערן פֿונעם קוואַרטיראַנט, וואָס האָט, זיצנדיק אָנגעשפּאַרט אַף איין האַנט און צעוואָרפֿן די געדיכטע שוואַרצע האָר, צײַט געהאַט צו זאָגן בעטין אינגאַנצן עטלעכע האַלבע ווערטער און דערבײַ איר א קוועטש געגעבן בא דער האַנט מיט זײַנע הייס־ברענענדיקע פֿינגער, כּיישעק געהאַט צוטראָגן איר האַנט צו זײַנע, נאָך מער הייס־ברענענדיקע, ליפּן, — איז אַקוראַט אָנגעקומען דעמלט דער דאָקטער.

סאָרע שאַפּיראָ איז געווען גערעכט, אַז דער דאָקטער איז א היימישער מענטש. שוין א ביסל צו א היימישער. אַלעמען רופֿט ער בא די נעמען. בעטין האָט ער געשענקט א קניפּ אין בעקל און געפֿרעגט, צי האָט זי שוין א כאָסן. דער באַלעבאָסטע האָט ער דערלאַנגט א גלעט איבער דער פּלייצע. סיאָמקען האָט ער אַוועקגעלייגט בא זיך אַף די קני און אָפּגעשמיסן. דערנאָך איז ער געוואָרן ערנסט, געהייסן דאָווידן שווײַגן, און אַליין האָט ער זיך גענומען צום קוואַרטיראַנט מער אויספֿרעגן זיך בא אים, ווער ער איז און וואָס ער איז און פֿון וועלכע ראַבינאָוויטשעס ער איז, איידער אויסהערן אים, וואָס אים איז. ער האָט אים נאָר א טאַפּ געגעבן באַם דויפּעק, צוגעלייגט דעם אויער צום האַרצן און דערלאַנגט אים א זעץ אין פּלייצע:

— נו, אַף אַלע קראַנקע געזאָגט געוואָרן אַזאַ קרענק און אַף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט געוואָרן אַזאַ האַרץ מיט אַזעלכע לונגען!

אַזוי האָט דער דאָקטער א זאָג געגעבן צו די שאַפּיראָס, און צום כוילע האָט ער א זאָג געגעבן אַף ייִדיש, באַטראַכטנדיק אים דורך די שאַרפֿע ברילן:

— יונגערמאַן! איר האָט, אַפּאַנעם, אין א „כיידער" קיינמאָל ניט געלערנט?

דערהערט פֿון די שאַפּיראָס, אַז זייער קוואַרטיראַנט פֿאַרשטייט ניט קיין וואָרט ייִדיש, האָט דער דאָקטער זיך געגעבן א כאַפּ אויף פֿונעם בענקל, א קוק געגעבן אַפֿן כוילע, אויסגעטאָן די שאַרפֿע ברילן און אָנגעטאָן זיי באַלד צוריק און מאָדנע געקוקט פֿון איינעם אַפֿן אַנדערן, אָן ווערטער. דערנאָך האָט ער א זאָג געגעבן, וואָס צו טאָן, און גענומען געזעגענען זיך מיטן כוילע, וועלכער האָט אים ארײַנגערוקט אין האַנט ארײַן א מאַטבייע. דער דאָקטער האָט די מאַטבייע בעשום־אויפֿן ניט געוואָלט נעמען, און האָט זיך אַזוי לאַנג געראַנגלט מיטן כוילע, ביז די מאַטבייע איז טאַקע סאָפּקאָלסאָף געבליבן באַם דאָקטער.

— שוט גאָראָכאָווי![1] — האָט אים דער קוואַרטיראַנט נאָכגעזאָגט א שאַבעס הינטער די אויגן, אים געווען א דאַם־סוינע, וואָס ער האָט אים איבערגעשלאָגן אינמיטן א שמועס מיט בעטין.

---

[1] א מין לעץ דאָס איז!

— וואָס רעדט איר? — האָט זיך סאָרע אָנגענומען דעם דאָקטערס קריוודע. — א דימענט פון א דאָקטער! ער נעמט וויפֿל מע גיט אים...

— א מאָדנער קוואַרטיראַנט באַ אײַך! — האָט דער דאָקטער געזאָגט צו דאָוויד שאַפּיראָ און צו בעטין, שוין באַ דער טיר שטייענדיק, אַראָפּלאָזנדיק דעם קוואַרטיראַנטס מאַטבייע אין דער הויזקעשענע אַרײַן. — א מאָדנער, א מאָדנער מענטש, א רעטעניש!..

דאָס נײַנצנטע קאַפּיטל

# א רעטעניש

א רעטעניש איז אָט דער ראַבינאָוויטש געווען פאַר אַלעמען, ווער עס האָט זיך מיט אים באַקענט. ער אַליין, און זײַן פירן זיך, און זײַן אויסזען, און זײַנע געדאַנקען, און אַלע זײַנע גענג זײַנען געווען באַ יעדן אָפּגעפרעגט, א ווידעראַנאַנד אײַנס אָף ס'אַנדערע. סטײַטש, נאָכאַמאָל: א ייִד — און פאַרשטייט ניט א וואָרט ייִדיש!.. דאָס פּאָנעם, דאַכט זיך, פון אַן אונדזעריקן — און איר זאָלט זאָגן א ברעקל ייִדישקײַט אין זיך, קיין איינציקע ייִדישע טנוע. קיין קאָפּ ייִדישע נײַגעריקײַט, ייִדישע גײַציקײַט... אָפּטמאָל נאַיִוו, ווי א קליין קינד. פרעגט אַזעלכע קאַשעס, אַז מע קאָן שטאַרבן פאַר געלעכטער. און אַמאָל זאָל ער אײַך ווערן ניספּאָעל פון אַזעלכע זאַכן, וואָס באַ אונדז ווייסט עס א מינדסט קינד.

לעמאָשל, די ערשטע צײַט האָט מען אים קוים מיט צאָרעס געקאָנט אַרײַנקלאַפּן אין קאָפּ אַרײַן אַזא אײנפאַכע פּאָשעטע זאַך ווי „פּראַוואָזשיטעלסטווע“. בעשום־אויפן האָט ער ניט געוואָלט גלייבן, אַז אין דער דאָזיקער שטאָט, וווּ זיי געפינען זיך, זײַנען פאַראַן גאַסן אַזעלכע, וווּ ייִדן מעגן וווינען, און גאַסן אַזעלכע, וווּ ייִדן טאָרן ניט וווינען.

— ווי איז דאָס מעגלעך? — האָט ער געטײַנעט. — מיר זײַנען דען אינעם אַלטן רוים? אָדער אין שפּאַניע? אָדער מיר לעבן אינעם פופצנטן יאָרהונדערט? אָדער...

— אָט א לעץ! — שלאָגט אים איבער דאָוויד שאַפּיראָ. — גייט רעדט מיט א ייִנגל! מע זאָגט אים דאָס, ענטפערט ער דיר בויבעריק! מענטש איינער, לעמײַ אָט איז דאָ באַ אונדז אין שטאָט א גאַס אַזעלכע, וואָס אָף איין זײַט מעגן ייִדן וווינען, און אָף דער אַנדערער זײַט בעשום־אויפן ניט!

ער האָט זיך נישט געקאָנט באַרויִקן, ביז איינמאָל, אין א שאַבעס, איז דער באַלעבאָס ספּעציעל געגאַנגען מיט אים שפּאַצירן אָף דער דאָזיקער גאַס, וווּ איין זײַט, די לינקע, איז פאַר ייִדן קאָשער, און די אַנדערע, די רעכטע זײַט, איז טרייף!

דאָוויד שאַפּיראָ האָט נאָכדעם אינדערהיים געהאַט צו דערציילן און צו דערציילן. ער האָט געלאַכט פונעם קוואַרטיראַנט, טאַקע דעם קוואַרטיראַנט אין די אויגן:

— אָט דער ראַבינאָוויטש, הערט איר, איז דאָך טאַקע א מאָדנער לעץ! שטעלט אײַך פאָר — ער האָט געמיינט, אַז א ייִד טאָר גאָר ניט דורכגיין אַפילע די רעכטע זײַט פון דער דאָזיקער גאַס, טאָר קיין פוס ניט שטעלן, כאַ־כאַ! מיר געפינען זיך ניט, ווי זאָגט איר, אין רוים, פּאַני ראַבינאָוויטש, אָדער אין שפּאַניע, און מיר לעבן נישט, ווי זאָגט איר, אין פופצנטן יאָרהונדערט!

— וואָס פאַר א נאַפּקעמינע? — זאָגט דער קוואַרטיראַנט און וווּנדערט זיך אָפן באַלעבאָס, וואָס רעדט אַזוי גרינג פון אַזעלכע זאַכן. — וואָס פאַר א נאַפּקעמינע פון פופצנטן יאָרהונדערט ביז איצטער, אַז אָף איין זײַט גאַס מעג איך און אָף דער אַנדערער טאָר איך ניט?

— ס'איז א גרויסע נאַפּקעמינע! — שרײַט דאָוויד שאַפּיראָ, וואָס האָט פײַנט, אַז מע איז מיט אים ניט אײַנפאַרשטאַנדן. — א גרויסע נאַפּקעמינע! לעמאָשל, אָט לאָמיר נעמען טאַקע אײַך אַליין. אַשטייגער, האָט זיך אײַער זיידן ווען געכאָלעמט, אַז זײַן איייניקל וועט אַמאָל ענדיקן גימנאַזיע מיט א מעדאַל, שטודירן אָף דאָקטער, באַקומען „פּראַוואָזשיטעלסטווע“ איבערן גאַנצן לאַנד, אַפילע אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע, און נאָכדעם עפּשער נאָך אויסגעקליבן ווערן פאַר א דעפּוטאַט אין גאָסודאַרסטווענע דומע און העלפן אַרויסגעבן זאַקאָנעס?..

— אַז אַך און ווײ צו די זאַקאָנעס! — פּרוּווט זיך אַרײַנוואַרפן א וואָרט די באַלעבאָסטע, און כאַפּט א מיִעסן פּסאַק פונעם מאַן, אָף ייִדיש:

— ווער בעט דיך, זאָלסט זיך אַרײַנמישן, בייס עס רעדן מענטשן?

— מענטשן? נו, און די מאַמע איז קיין מענטש ניט? — שטעלט זיך אײַן בעטי פאַר דער מוטער. עס העלפט אָבער ווינציק. דאָוויד שאַפּיראָ, אַז ער צערעדט זיך, הערט ער קיינעם ניט, ער גייט ווײַטער:

— צי, אשטייגער, נעמט מײַן סיאָמקען. פונוואנען ווייס איך, וואָס פון אָט דעם קליינעם וועוו־ריק קאָן אמאָל אויסוואקסן? עפשער א פּראָפעסאָר מאטעמאטיק? עפשער אן אינספעקטאָר גימנאזיע? און עפּשער גאָר א מיניסטער פינאנס? סיאָמקע! קום נאָר אהער, זאָג, וואָס ווילסטו בעסער?..

— א וועלאָסיפּעד! — רופט זיך אָפּ סיאָמקע, וואָס האָט ביז אהער ארומגעשפּאנט און געכאַ־זערט פּושקינען אָף אויסוויניק מיט א ניגון און כאָרכלענדיק אָף דער רייש און דיריזשירנדיק מיט דער האנט צום טאקט:

קאַק גיניע סביראיעטסיא וויעשטשיי אָליעג
אָטאָמסטיט גיעראזומנים כאזאראם...

• • •

נאָך איין מאָל האָט זיך פאַרבונדן צווישן קוואַרטיראנט און באַלעבאָס א הייסער שמועס וועגן יידישע געהיימע פאַרבאָרגענע זאַכן, וועגן סוידעס. לעמאַשל, וועלן מיר נעמען „קאַהאָל“.

ראַבינאָוויטש ווייסט פריִער, אז ער וועט פונעם באַלעבאָס ניט גוט אָפּשנײַדן. און גלײַך ווי ער האָט געטראָפן. שאפּיראָ היצט זיך, מאכט מיט די הענט, טײַטשט אים אויס דאָס וואָרט קאַהאָל, אז קאַהאָל איז די טײַטש אָבשטשעסטווע, געמיינדע, און אז קאַהאָל איז געווען אמאָל. הײַנט איז שוין נישטאָ בא אונדז קיין קאַהאָל.

— ווער מיר קאַהאָל? וואָס מיר קאַהאָל? ווו האָט איר הײַנט קאַהאָל?

ראַבינאָוויטש הערט אים אויס און פרעגט אים א נײַע קאַשע, מער אָף צו רייצן זיך מיט אים. דער קוואַרטיראנט האָט ליב צו זען, ווי דער באַלעבאָס קאָכט זיך:

— נו, און דאָס, וואָס מיר לייענען פון טאָג צו טאָג וועגן דעם קויעך פונעם אַלוועלטלעכן „קאגאל“?

— וואָסער קאגאל־שמאגאל? ווו האָט איר עס געלייענט?

— אומעטום... נו, וועלן מיר זאָגן, אין דער „נאָוואָיע ווּרעמיא“...

דערהערט דעם דאָזיקן נאָמען, האָט זיך שאפּיראָ אזש אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ און גענומען לויפן איבערן צימער:

— אזוי? פון דער „נאָוואָיע ווּרעמיא“ ברענגט איר מיר א ראיע? נו, דאָס איז גוט! דאָס איז שיין!.. הערט איר? פון דער „נאָוואָיע ווּרעמיא“ זאָלט איר מיט מיר גאָר ניט רעדן! גאָר ניט רעדן אפילע!

— פאַרוואָס?

שאפּיראָ שטעלט זיך אָפּ.

— פאַרוואָס — זאָגט ער? מענטש איינער! ווער ווייסט ניט, אז די „נאָוואָיע ווּרעמיא“ איז א קליִיטל, א גרויסע קלייט, א קראָם, וואָס האנדלט מיט יידן? הײַנט גייט א סעדרע יידן, פאַרנעמט זי זיך מיט יידן. הימל און ערד און יידן! מאָרגן וועט זײַן א מאָדע פּאָליאקן, וועט זי זיך נעמען צו פּאָליאקן, יידן, פּאָליאקן, ציגײַנער — דאָס זײַנען נאָר ארטיקלען. איצט זײַנען מיר א סעזאָן־ארטיקל.

— דאָך! — פּרוּווט זיך ראַבינאָוויטש אים איבערשפּאַרן. — איר קאָנט דאָך ניט אָפּלייקענען גאָר אינגאנצן, אז ס'איז ניטאָ בא אײַך קיין שום אינווייניקסטע... נו... וועלן מיר זאָגן, אינטערעסן...

דאָ ווערט שוין שאפּיראָ רעכט אין קאָס אפּן קוואַרטיראנט און שיט אים אָפּ מיט פײַער:

— ערשטנס, זאָגט מיר, איך בעט אײַך, פּאני, ווער איז געווען דער „בא אײַך“? וואָס איז דאָס פּאר א „בא אײַך“? און איר ווער זענט? איר זענט קיין ייד ניט, גלײַך מיט מיר, מיט אונדז אַלע?

ראַבינאָוויטש זעט, אז ער האָט זיך ארויסגעכאַפּט, וויל ער פאַריכטן, זיך פאַרענטפערן, לאָזט אים ניט שאפּיראָ. שאפּיראָ האָט פײַנט לאָזן יענעם רעדן. ער האָט אליין ליב רעדן. דעריבער גייט ער ווײַטער:

— א ייד טוט זיך א זאָג: אינווייניקסטע אינטערעסן! וואָס פאַר אינווייניקסטע אינטערעסן האָבן מיר, אכוץ פּאַרנאָסע, פּראַוואָזשיטעלסטווע און די קינדער אין גימנאזיע? נא דיר גאָר אינווייניקסטע אינטערעסן!

און לאנג נאָך רעדט דער באַלעבאָס איבערן קוואַרטיראנט, ווײַזט אים אויס מיט ראיעס, וואָס פאַר אן אומגליקלעך פּאָלק מיר זײַנען, אז יעדער פאַר זיך, יעדער פאַר זיך, נישטאָ קיין שום אַלגע־מיינע אינטערעסן, נישטאָ קיין ברעקל אכדעס בא יידן!..

דער קוואַרטיראנט קוקט אים אָן און וואונדערט זיך: נישט שוין זשע איז דאָס אן עמעס? און ווו איז דער „קאָל ייִסראָעל כאַווײרים“, וואָס ער האָט זיך אָנגעלייענט וועגן דעם אין יענע געוויסע צײַטונ־

גען? און ווו איז דער „קאַגאַל" און אַלע איבעריקע יידישע אָרגאַניזאַציעס?.. ניט שוין זשע איז דאָס אַ כאַלעם? ניט שוין זשע איז דאָס אינגאַנצן, פֿון אָנהייב ביזן סאָף, אויסגעקלערט פֿון קאָפּ מיט אַ קיוון, ביכדיי צו זייען סינע פֿון איין פֿאָלק קעגן אַנדערן?..

— עס וועט אַמאָל האָבן אַ סאָף, צי וואָר־וואָס? — מישט זיך אַרײַן די באַלעבאָסטע און רופֿט צום טיש דעם מאַן מיטן קוואַרטיראַנט מיט די קינדער, מע זאָל גיין עסן.

אַ רעטעניש איז געווען פֿאַר די שאַפּיראָס אויך דאָס, וואָס דער קוואַרטיראַנט זייערער האָט נישט ליב, אַז מע פֿרעגט בא אים וועגן זײַן היים, וועגן זײַנע עלטערן אָדער זײַן מישפּאָכע, אויך פֿון זײַן קינדהײַט אין פֿון זײַנע יונגע יאָרן רעדט ער קיינמאָל נישט מיט קיינעם נישט... הײַנט ווייסט מען ניט, וווּהין ער גייט אַלע טאָג, מיט וועמען ער קען זיך, און פֿונוואַנען ער נעמט מיטלען צום לעבן. די ערשטע צײַט האָט מען געמיינט, אַז ער לעבט פֿון דעם, וואָס ער גיט שטונדן, האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן נאָכדעם, אַז ניין. אויסער דעם, וואָס ער לערנט מיט שאַפּיראָס קינדער, האָט ער קיין שום שטונדן נישט אין שטאָט.

נאָך מער, דאָוויד שאַפּיראָ האָט דערציילט, אַז ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז ער האָט געזען ארויסגיין דעם קוואַרטיראַנט פֿון דער אָפּטיילונג פֿון מאָסקווער קאָמערץ־באַנק... וואָס האָט צו טאָן אַ סטודענט אַ מעדאַליסט, וואָס לערנט אָף דאַנטיסט, מיט אַ באַנק?

— פֿאַרוואָס זשע האָסטו אים ניט געפֿרעגט? — קומט סאָרע מיט אַ טײַנע צו איר מאַן.

— פֿונוואַנען ווייסטו, אַז איך האָב אים ניט געפֿרעגט?

— וואָס זשע האָט ער דיר געזאָגט?

— אַז ער האָט באַדאַרפֿט האָבן.

— דאָס איז גאָר?

— וואָס נאָך האָסטו געוואָלט?

— האָסט אים נישט געקאָנט פֿרעגן, וואָס ער האָט באַדאַרפֿט האָבן?

— דאָס וועסטו שוין בא אים פֿרעגן.

— געוויס פֿרעגן. פֿאַרוואָס ניט?

— וואָס פֿאַר אַ פֿרעגן? וואָס איז פֿאַר אַ האַסאָגע קריכן יענעם אין דער נעשאָמע אַרײַן? — מישט זיך אַרײַן די טאָכטער, וואָס קאָן שוין מער ניט איבערטראָגן, — וואָס גייען מיר אָן, אַשטייגער, יענעמס געשעפֿטן? זינט איך לעב!..

פֿונדעסטוועגן האָט קיינער אַזוי ניט געגאַרט צו טרעפֿן דאָס דאָזיקע רעטעניש, ווי בעטי, וואָרעם איר איז דאָס געווען נעענטער ווי אַלע אַנדערע... און ווער שמועסט פֿון יענעם אָפּדערנאָכט, וואָס נאָך דער „אַבלאַווע", ווען ער האָט זיך מיט האַלבע ווערטער דערקלערט פֿאַר איר, אַז זי איז פֿאַר אים אַלעס, און אַז ער איז גרייט פֿאַר איר צו אַנטפּלעקן אַ זאַך, וואָס איז פֿאַר אים דער הייליקסטער סאָד!..

ווען ניט דער דאָקטער, וואָס האָט זיי איבערגעשלאָגן אינמיטן, וואָלט ער איר דעמאָלט געווען געזאָגט דעם סאָד... נאָכן דאָקטערס אוועקגיין האָט ער באַקומען נאָך מער היץ, גיך אַנשלאָפֿן געוואָרן, זיך געוואָרפֿן אַ גאַנצע נאַכט און גערעדט פֿון היץ. דאָוויד שאַפּיראָ, וואָס איז עטלעכע מאָל אין דער דאָזיקער נאַכט אַראָפּגעגאַנגען צו אים געוווּיר ווערן, האָט דערציילט נאָכדעם, אַז דער קוואַרטיראַנט האָט אַ גאַנצע נאַכט גערעדט עפּעס מאָדנע דיבורים, אַ וואָרט צו אַ וואָרט האָט זיך ניט געקלעפּט... נאָר וואָס דער קוואַרטיראַנט האָט גערעדט, האָט שאַפּיראָ ניט געוואָלט איבערכאַזערן בעשום־אויפֿן, וויפֿל מע האָט אים ניט געבעטן.

— אָט וועל איך אײַך באַלד גיין דערציילן, וואָס אַ קראַנקער רעדט פֿון היץ! אַבי ס'איז אָפּגעשלאָפֿן גלאַט, און ער איז געזונט און אַ פּראַוואָזשיטעלסטווע ליגט אין קעשענע, — וועמען הערט ער?..

ראַבינאָוויטש איז געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט זיך ניט ארויסגעכאַפּט דעמאָלט מיט אַן איבעריק וואָרט פֿאַר בעטין, פֿאַר וועלכער ער האָט זיך שיר־שיר ניט ארויסגעגעבן, ווער ער איז...

דאָס צוואַנציקסטע קאַפּיטל

## סאָרע שאַפּיראָס אַנטדעקונג

דאָס רעטעניש: ווער איז דער קוואַרטיראַנט און וואָס ער איז? — איז פֿאַרבליבן אַ רעטעניש נאָך אָף לאַנג. נאָר דער סאָד, פֿונוואַנען ער נעמט געלט, איז גיך פֿאַרענטפֿערט געוואָרן פֿאַר די שאַפּיראָס. און נאָר אַדאַנק דער באַלעבאָסטע, סאָרע שאַפּיראָ, וואָס האָט בעעמעס געהאַט רעכט נאָכדעם צו באַרימען זיך פֿאַרן מאַן מיט דער טאָכטער:

— נו? וואָס האָב איך אײַך געזאָגט? ווער ס'איז שיין, איך בין ביידע זאכן!..

דאָס איז געווען אין א צײַט ארום, העט שפּעטער נאָך דער „אָבלאווע", איז מען געזעסן אינ־דרײַען: דער קוואַרטיראַנט, די באַלעבאָסטע און די טאָכטער — אין רעכטן ווינטער איז דאָס געווען, פאר וואַרמעס־צײַט.

דער באַלעבאָס איז געווען אַף זײַן שטעלע. סיאָמקע אין גימנאַזיע. בעטי איז געזעסן, ווי אַלע־מאָל, איבער א ביכל באַם טיש. די מוטער האָט געאַרבעט א פּאָר וואַרעמע זעקלעך פאַר סיאָמקעס וועגן, און דער קוואַרטיראַנט, וואָס איז נאַרוואָס געקומען פון דער „זובאָוואַטשעבנע", האָט זיך אוועק־געזעצט באַ דער הרובע זיך וואַרעמען קלוימערשט, אָבער אינדערעמעסן האָט ער געוואָלט גלאַט א ביסל זיצן און קוקן אַף בעטין.

דער קוואַרטיראַנט האָט דערציילט, אַז הײַנט זינגט שאַליאַפּין אין טעאַטער, און אויב זי, בעטי, וויל הערן שאַליאַפּינען, קאָן זי אים הערן. מע האָט אים צוגעזאָגט צוויי בילעטן...

די טאָכטער האָט מיט די אויגן א פרעג געגעבן באַ דער מוטער, צי זאָל זי גיין מיט אים הערן שאַליאַפּינען? די מוטער האָט זיך געקווענקלט. עס איז איר ניט אײַנגעפאַלן קיין בייז, נאָר גלאַט, וואָס איז פאַר א גיין מיט א סטודענט אינצווייען אין טעאַטער? און וואָס וועט די וועלט זאָגן? און נאָך א זאך האָט איר געפּיקט אין קאָפּ: „ווו נעמט ער געלט, אָט דער שלימאזל?"...

זי האָט שוין לאַנג געקליבן זיך מיט אים צו רעדן וועגן געלט־זאכן. און נישט נאָר געקליבן זיך, נאָר טאַקע שוין א רעד געטאָן אויך ניט איין מאָל. דרייט ער זיך אָבער אַלעמאָל אויס מיט א ווערטל און מיט א געלעכטער, און זי ווייסט אַלץ ניט, ווו ער נעמט געלט.

איצט האָט זי א שאַאס האקאָשער. ווי זאָגט מען: „א קאָשערער טאָפּ מיט א קאָשערן לעפל..."

— איר ווילט גיין מיט מײַן טאָכטער אין טעאַטער? — האָט זי א זאָג געגעבן צום קוואַרטיראַנט, ניט קוקנדיק אים אין די אויגן אַרײַן. — איך האָב געהערט, אַז עס דאַרף קאָסטן א סאַך געלט? אָט דער שאַליאַפּין, זאָגט מען, בײַסט זיך...

— פּוס־טיאַ־קי! — ציט אויס דער קוואַרטיראַנט. — ווער רעדט פון אַזעלכע נאַרישקײַטן?

— פאַרשטייט זיך, נאַרישקײַטן! — מאַכט סאָרע שאַפּיראָ, — באַ אײַך איז, אַפּאָנעם, געלט־שמעלט? מע שיקט אײַך כוידעש־געלט, ווײַזט אויס, עמעצער, צי וואָס?

— נו יאָ, כוידעש־געלט, — ענטפערט איר דער קוואַרטיראַנט.

— פונוואַנען? פון דער היים מיסטאמע?

— נו יאָ, פון דער היים.

— וויפל, הייסט עס, שיקט מען אײַך כוידעש־געלט?

דאָס קאָן שוין בעטי נישט לײַדן און מישט זיך אַרײַן.

— וואָס ביסטו, מאַמע, א סודעבנע סליעדאָוואַטעל?

— וואָס זאָג איך דען? — פאַרענטפערט זיך די מוטער. — איך וויל נאָר וויסן, פונוואַנען נעמט ער געלט?

— וואָס גייט עס דיר אָן? ער גאַנוועט, — זאָגט איר די טאָכטער און צעלאַכט זיך איינינעם מיט דער מוטער, און אַף זיי קוקנדיק, לאַכט דער קוואַרטיראַנט אויך, וואָרעם ער פאַרשטייט שוין א ביסל ייִדיש. נישט קיין סאַך, נאָר א ביסל. ער האָט זיך באַ די שאַפּיראָס אין שטוב אויסגעלערנט. און ביכדיי צו באַרויִקן די באַלעבאָסטע, וואָס וויל פאַרט וויסן, פונוואַנען ער נעמט געלט, דערציילט ער איר, נאָר מיט א טנאַי, אַז קיינער זאָל ניט וויסן, פאַרשטייט זיך, אַף קאַטאָוועס, אַז ער האָט א רײַכע מומע...

סאָרע שאַפּיראָ נעמט עס אָן פאַר גוט געלט און מאַכט צו אים:

— אן אַלמאָנע, אָדער א גרושע?

דער קוואַרטיראַנט פאַרטראַכט זיך אפילע ניט און ענטפערט איר:

— אן אַלמאָנע.

— האָט נישט קיין קינדער?

— האָט נישט קיין קינדער.

— נישט געהאַט אויך, צי געשטאָרבן?

— געשטאָרבן.

— אַלע ביז איינעם?

— אַלע ביז איינעם.

סאָרע שאַפּיראָ טוט א זיפץ:

— באָרוך דײַען עמעס!.. פאַרוואָס האָט זי ניט כאַסענע דאָס אַנדערע מאָל?

— אום גאָטעס ווילן! — מישט זיך אַרײַן ווידער די טאָכטער, וואָס זיצט קוים אײַן אַף איר אָרט. — וואָס איז דאָס פאַר א „דאָפּראָס"?

— טשטא, וואָס אַרט עס דיר? עס קאַסט אים געלט, אַז ער וועט מיר דערציילן? צי ס'וועט אים עפּעס אָפּפאַלן?

אַזוי פּאַלט אָן סאַרע שאַפּירא אױף דער טאָכטער און נעמט זיך צום קוואַרטיראַנט, אַרבעטנדיק בײסמײַסע דאָס זעקל פֿון ס'יאַמקעס וועגן גאַנץ געשמאַק.

— איז וואָס זשע האָב איך אײַך געוואָלט פֿרעגן, הײסט עס, נאָך? יאָ. וואָאזוי געהער זי זיך אָן מיט אײַך א מומע? זי איז אײַער מאַמעס שוועסטער, צי איך מאַן איז געווען אײַער טאַטנס א ברודער?

— זי איז מײַן מאַמעס א שוועסטער.

— אַזוי? אַן אײגענע שוועסטער? אַן עלטערע, אָדער א ייִנגערע?

— אַן עלטערע, מײַן איך, א ייִנגערע, נײן, טאַקע אַן עלטערע...

סאַרע שאַפּירא הײבט אויף די אויגן פֿריִער אָפֿן קוואַרטיראַנט, דערנאָך אױף דער טאָכטער, וועלכע קאָן שוין מער ניט איבערטראָגן, און הײבט זיך אױף און גײט אַוועק מיטן ביכל צו זיך אין איר כײדערל אַרײַן. סאַרע פּאַלט אָבער באַ זיך ניט אַראָפּ און זי טוט זיך איר אַרבעט, טאַקע ווי אַן עמעסער סלעדאָוואַטעל:

— איז ער געווען, הײסט עס, א ייִד מיט געלט?

— ווער?

סאַרע שאַפּירא שטעלט אַוועק די אויגן אָפֿן קוואַרטיראַנט:

— פֿון וועמען רעדן מיר? פֿון אײַער פּעטער, דאַכט זיך? איך פֿרעג, צי איז ער געווען א ייִד א נאָגיד?

— א נאָגיד.

— טאַקע א גרויסער נאָגיד?

— טאַקע א גרויסער נאָגיד.

— דעהײַנע, וואָס הײסט באַ אײַך א גרויסער נאָגיד?

דער קוואַרטיראַנט ווײסט ניט, וואָס ער זאָל איר ענטפֿערן. די באַלעבאָסטע קומט אים צו הילף. זי גיט אים צו פֿאַרשטײן:

— ייִדישע רײַכקײט... עס קומט צו עפּעס — א נעכטיקער טאָג! פֿאַראַן באַ אונדז א ווערטל: „פֿרעמדע טויזנטער מיט פֿרעמדע קינדער קאָסטן ניט טײַער..." איך מײן, אין וויפֿל האָט מען אים געשאַצט?

— וועמען?

— ווידראַמאַל וועמען!

סאַרע שאַפּירא קוקט אים אָן, און ער פֿאַרכאַפּט זיך:

— אַך, מײַן פּעטער אין וויפֿל מע האָט געשאַצט? דאָס ווײס איך ניט.

— דאָס ווײסט איר ניט? ווער דען דאַרף עס וויסן? איך פֿרעג דאָך באַ אײַך ניט וויפֿל ביז דער קאָפּיקע. איך פֿרעג נאָר לערערך, וויפֿל, לעמאָשל, האָט ער געקאָנט פֿאַרמאָגן, אײַער פּעטער, אײדער ער איז געשטאָרבן?

דער קוואַרטיראַנט טראַכט א ווײַלע:

— איך מײן, אַז אומגעפֿער א מיליאָן.

באַ סאַרען איז אַרויסגעפֿאַלן דאָס זעקל מיט די דרעטלעך פֿון די הענט פֿאַר שרעק.

— וויפֿל זאָגט איר? א מיליאָן? א גאַנצן מיליאָן?

— קימאַט א מיליאָן. דאָס הײסט, עטוואָס מער אָדער עטוואָס ווײניקער...

סאַרע שאַפּירא האָט זיך צוגערוקט א ביסל נעענטער צו איר קוואַרטיראַנט, זיך גענומען קראַצן מיטן אײַזערנעם דרעטל הינטערן אויער:

— זאָגט זשע מיר, איך בעט אײַך, וואָס איך האָב אײַך געוואָלט פֿרעגן? וויבאַלד, אַז די קינדער זײַנען, זאָגט איר, אַלע אויסגעשטאָרבן, און קײן אַנדערע יאָרשים, אַכוץ אײַך, איז ניטאָ, איז שוין עפּשער גלײַכער, וואָס זי האָט ניט כאַסענע?

— מיט וואָס, אײגנטלעך?

די באַלעבאָסטע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַראָפּ און א קוק געגעבן אױף איר קוואַרטיראַנט פֿון אונטן אַרוף און א זאָג געגעבן:

— זאָגט נאָר, איך בעט אײַך, איר מאַכט זיך טאַמעוואַטע, צי איר זענט טאַקע א נעוויקל?

דער קוואַרטיראַנט קוקט זי אָן מיט לאַכנדיקע אויגן:

— וואָס איז דען?

— וואָס איז דען, פֿרעגט ער! וואָס הײסט, וואָס איז דען? וויבאַלד אַזוי, איז עס דאָך איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אײַנגאַנצן אײַערס!

— איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר? אַהאַ! — האָט דער קוואַרטיראַנט אויסגערופֿן אַ פאַרכי־דעשטער, און די באַלעבאָסטע האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז בעטי איז געקומען צו לויפֿן פֿון איר כיידער.

— וואָס זאָגסטו, בעטי, אויף אונדזער קוואַרטיראַנט? ער איז דאָך אַן עמעסער גאָי! איך זאָג אים, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר וועט ער יאַרשענען זײַן מומע, פאַרשטייט ער ניט, וואָס הייסט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר — כאַ־כאַ־כאַ!.. אַ טעאַטער און געגוג! פּונקט ווי מײַן מומע ריווע פֿון פּראָסקוראָוו האָט אָפּגעשריבן אירע צוויי טעכטער אַ בעהיימע, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָך איר טויט זאָל מען די בעהיימע פאַרקויפֿן און דאָס געלט צעטיילן די צוויי טעכטער... האָט מען זיך גענומען לאָדן, און אַז ס'איז געקומען צום מישפּעט, האָט דער כאָכעם דער סודיאַ גע־פּאַסקנט, אַז מע טאָר די בעהיימע ניט פאַרקויפֿן, וואָרעם אין דער צאַוואָע שטייט בעפּיירעש: איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר נאָכן טויט — כאַ־כאַ! אַז מע שמועסט אַ גאָיִשער קאָפּ!

בעטי האָט געמוזט נעמען אויף זיך די מי איבערצוגעבן דעם קוואַרטיראַנט סײַ די מײַסע מיט דער מומע ריוועס צאַוואָע, סײַ דעם פּשאַט, וואָס הייסט איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און אַלע דרײַ האָבן געלאַכט אַזוי לאַנג, ביז דער באַלעבאָס, דאָוויד שאַפּיראָ, איז געקומען אַהיים עסן — בייז און גיך, אויף איין פוס, ווי זײַן שטייגער איז.

— וואָס איז שוין דאָ בײַ אײַך ווידער פאַר אַ געלעכטער? — האָט ער אַ זאָג געגעבן אין דער לופט אַרײַן, ניט קוקנדיק אויף קיינעם.

— נאָר אַ טעאַטער! אַ באַשרײַבונג צו מאַכן! — האָט זיך סאָרע אָנגערופֿן צו איר מאַן און גענומען אים איבערדערציילן נאָכאַמאָל די געשיכטע מיט די הונדערט צוואַנציק יאָר, וואָס דער קוואַר־טיראַנט פאַרשטייט ניט, און טאַקע אין איינוועגס האָט זי געוואָלט, אַז איר מאַן זאָל געוווּיר ווערן, פֿונוואַנען דער קוואַרטיראַנט נעמט געלט, און פֿון דער יאַרושע, וואָס וואַרט אויף אים.

— אַ מיליאָן! דו פאַרשטייסט? אַ גאַנצער מיליאָן! און עפּשער נאָך מער פֿון אַ מיליאָן! — אַזוי האָט אויסגעלאָזט סאָרע שאַפּיראָ, און אין אירע אויגן האָט זיך צעברענט אַ פײַערל, און די בעקלעך האָבן זיך איר צעפלאַמט, און זי איז געוואָרן מיט עטלעכע יאָר יינגער, און אַפילע דאָס קאָל האָט זיך איר איבערגעביטן.

— ווייס איך! ייִדישע מיליאָנען, נאַ דיר אַ גראָשן! — האָט איר אָפּגעהאַקט דאָוויד שאַפּיראָ, ווי אַ מענטש, וואָס איז אין די זאַכן מער קאָמפּעטענט פֿון יעדן איינציקן, און, פאַרקאַטשעט די אַרבל, איז ער געגאַנגען זיך וואַשן צום עסן.

סאָרע שאַפּיראָ, וואָס איז געבליבן ווי אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל קאַלט וואַסער, איז אַפילע גרייט געווען מעקײַעם פּסאַק זײַן איר מאַן און אָפּשפּילן אים אַ ספּעקטאַקל, ווי ער האָט עס קאָשער פאַר־דינט. נאָר באַגעגנט זיך מיט דער טאָכטערס שאַרפֿן קוק, ס'זאָל זײַן שטיל, האָט זי פאַרביסן אַ ליפּ, אָפּגעלייגט דעם ספּעקטאַקל אויף אַן אַנדערש מאָל און גענומען דערלאַנגען צום טיש.

דאָס איין־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

## די גליקלעכע מאַמע

דעם זעלבן טאָג אָפּדערנאַכט, אַז דאָוויד איז נאָך ניט געווען אינדערהיים און בעטי איז געווען בײַ זיך, אָנגעטאָן זיך גיין אין טעאַטער אַרײַן, האָט זיך סאָרע שאַפּיראָ אַרײַנגעכאַפּט צום קוואַרטי־ראַנט קלוימערשט אַכטונג געבן, אויב עס הייצט זיך אין הרובע, און דערווײַל געמאַכט אַ שמועס מיט אים נאָכאַמאָל וועגן דער מומע די מיליאָנערשע. זי ווייסט שוין אַפילע, וויאַזוי זי הייסט, לייע רופֿט מען זי (באַם שלימאַזל קומט אויס ניט לייע, ווי מע זאָגט בײַ אונדז, נאָר ליאַ), און אַז דעם פעטער האָט מען גערופֿן אַבראַם אַבראַמיטש...

סאָרע שטעלט אַוועק אירע אויגן אויפֿן קוואַרטיראַנט:

— ווי איז דאָס מעגלעך? ווי קאָן בײַ אונדז געמאָלט זײַן, אַז דער טאַטע זאָל הייסן אַווראָם און דער זון אויך אַווראָם? ס'איז נאָר בײַ גאָיִם קאָן זײַן אַזאַ זאַך: דער טאַטע איוואַן און דער זון איוואַן... איוואַן איוואַנאָוויטש...

ראַבינאָוויטש קוקט אויף דער מאַדאַם שאַפּיראָ, ווי אַ פאַרשולדיקטער, כאָטש ער ווייסט ניט, אין וואָס איז אייגנטלעך זײַן זינד. אַ גליק, וואָס סאָרע אַליין קומט אים צו הילף. זי מאַכט צו אים:

— סײַדן אײַער פעטער איז געבוירן געוואָרן שוין נאָך זײַן טאַטנס טויט?

ראַבינאָוויטש כאַפּט זיך אָן אין דעם ווי אַ מענטש, וואָס טרינקט זיך:

— עמעס, ריכטיק. מייַן פעטער איז געשטאָרבן איידער זייַן טאטע איז געבוירן געוואָרן, דאָס הייסט, איך וויל זאָגן, אז זייַן טאטע איז געבוירן געוואָרן איידער דער פעטער איז געשטאָרבן... טפו! וואָס פאר א טשעפוכא?.. — און ביידע הייבן זיי אָן צו לאכן.

— לאָזן שוין אייַערע סאָנים רעדן פאר אייַך! — מאכט צו אים סאָרע און ניט אזוי גיך לאָזט זי אים אָפּ פונעם „דאָפראָס".

— וואָס איז ער געווען, אייגנטלעך, אייַער פעטער? — פרעגט אים סאָרע, קוקנדיק שוין ניט אַף אים, נאָר ארוף אַף דער סטעליע, און באקומט אן ענטפער פונעם קווארטיראנט:

— וואָס ער איז געווען?.. א מענטש איז ער געווען.

— איך ווייס, — זאָגט סאָרע, ניט צונעמענדיק די אויגן פון דער סטעליע, — איך ווייס, אז א מענטש, ניט קיין כייַע. איך מיין, מיט וואָס האָט ער געהאנדלט?

ראבינאָוויטש, אז ער איז נאָך ניט געווען ראבינאָוויטש, נאָר פאָפאָוו, האָט געהערט וויפל מאָל, אז יידן האנדלען מיט אלטע שמאטעס. איז אים דעריבער אייַנגעפאלן א זאָג צו געבן:

— מיט וואָס ער האָט געהאנדלט? מיט שורום־בורום האָט ער געהאנדלט.

סאָרע האָט דערלאנגט א פליעסקע מיט ביידע הענט און אוועקגעשטעלט די אויגן אפן קווארטיראנט:

— וואָס רעדט איר? פון שורעם־בורעם? וויאזוי ווערט מען דאָס פון שורעם־בורעם א מיליאָנער? ווי איז מיר!

דער קווארטיראנט האָט געזען, אז וואָס ווייַטער איז ערגער, ער זינקט ווי אין א זומפ, האָט ער דעריבער געאייַלט זיך צורעכט מאכן און פארענטפערן.

אז ראבינאָוויטש איז נאָך ניט געווען ראבינאָוויטש, נאָר פאָפאָוו, האָט ער געהערט, אז יידן ווערן רייַך פון דעם, וואָס זיי שפּאָרן אָפּ, קלייַבן א גראָשן מיט א גראָשן... דער דאָזיקער טערעץ איז, ווייַזט אויס, אָפּגעגאנגען בעשאָלעם, וואָרעם סאָרע שאפיראָ האָט געבראָכן די פינגער און געזאָגט צום קווארטיראנט:

— א מייַסע! א מייַסע! האָט ער דאָך באדארפט לעבן מעסושעלעכס יאָרן!.. ניט אנדערש, אז ער איז געווען א זאָקן, און זי איז בא אים געווען דאָס אנדערע ווייַב?

— איר האָט קעמוי ווי געטראָפן...

— געוויס האָב איך געטראָפן, — מאכט צו אים סאָרע שאפיראָ. — איך טרעף טאָמיד, ווייַל איך גיי מיטן גלייַכן וועג... איך בין ניט אזוי אלט ווי געניט. מייַן מאן איז א ביסל, ווי איר זעט אים, א שווידקיי, בא אים איז אלצדינג גיך־גיך. און דער איקער, וואָס ער גלייבט ניט אין יענעמס גליקן. איר האָט דאָך געהערט, וואָס ער זאָגט: „יידישע מיליאָנען..." ער מיינט, אז ער האָט ניט, האָט קיינער ניט. ראָטשילד אויך ניט. הערט אים ניט, וואָס ער וועט אייַך זאָגן!.. און בעטי איז דאָך גלאט ניט שייַעך. וואָס ווייסט זי, א קינד, אין אזעלכע זאכן? איך בין געניטער פון זיי אלעמען. דעריבער זאָלט איר הערכן, וואָס איך זאָג אייַך. ס'איז ניט מייַן אייסעק, נאָר איר זאָלט מיך וועלן פאָלגן, וואָלט איר באדארפט א ביסל אָפּטער זיך איבערשרייַבן מיט אייַער מומע. פאָרט א יידענע אן אלמאָנע און איין מענטש אליין... ווען רעכנט איר זיך מיט איר צו זען?

ראבינאָוויטש האָט א טראכט געגעבן:

— איך רעכן... אויב ניט אַף ראָזשדעסטוואָ, איז אַף פאסכא...

— וואָס פאר א ראָזשדעסטוואָ בא יידן? וואָס פאר א לאָשן פאסכא? אלע אונדזערע יאָמטויווים, האָב איך שוין באמערקט וויפל מאָל, הייסן בא אייַך מיט גאָישע נעמען. כאנעקע איז בא אייַך ראָזשדעסטוואָ. פייסעך — פאסכא. שוועס — טראָיצא... ס'איז ניט מייַן אייסעק, נאָר איך האָב אייַך שוין וויפל מאָל געוואָלט פאָרהאלטן, אז ס'איז ניט רעכט, פאָשעט ניט שיין פאר לייַטן... יעדער, ווער עס זעט אייַך און רעדט מיט אייַך עטלעכע ווערטער, וויל זיך גאָר ניט גלייבן, אז איר זענט א ייד... שאט! וואָס דארפט איר מער, אָט נעמט אונדזער דאָקטער, האָט ער מיר אנומלטן געזאָגט נאָכאמאָל, אז ווען איר זאָלט ניט הייסן, זאָגט ער, ראבינאָוויטש, וואָלט ער קיינמאָל אין דער וועלט ניט געזאָגט, זאָגט ער, אז איר זענט א יידיש קינד...

— טאקע בעעמעס? — זאָגט ראבינאָוויטש מיט א געלעכטער און ווערט רויטלעך.

— טאקע בעעמעס? וואָס זשע? איך וועל אייַך אויסטראכטן? און נאָך א זאך. איר האָט א טעווע, אז איר ווילט עפעס זאָגן וועגן יידן, זאָגט איר ניט „בא אונדז", נאָר „בא אייַך". א מיעסע טעווע, כ'לעבן. ס'איז ניט מייַן אייסעק, נאָר איר דארפט אייַך זען אָפּגעווינען פון דעם. איך בין אייַך א גוטער־פרייַנט, דעריבער זאָג איך עס אייַך... אָט איז בעטי! — מאכט זי צו דער טאָכטער, וואָס שטייט אין דער טיר אן אָנגעטאָנענע מיט א וואַרעמען קאפער אפן קאָפּ, וואָס מע זעט ארויס מער ניט, אז אירע שיינע קארע אויגן מיט די גערדיכטע ברעמען און א שפּיץ נעזל. — איך זאָג צו אונדזער קווארטיראנט, זאָג איך, אז ער זאָל אכטונג געבן, זאָלסט ניט ארויסלויפן פון טעאטער גלייַך אין דרויסן ארויס א פארשוויצטע. זאָלסט זיך פריער אָפּקילן זאָלסטו זיך. דו הערסט, וואָס מע

רעדט צו דיר? איך בעט אײַך טאַקע, ראַבינאָוויטש, לעמאַנהאשעם, איר זאָלט אכטונג געבן אויף איר, זי זאָל זיך ניט פאַרקילן, כאַסוועשאָלעם, אײַער שאַליאַפּין זאָל מיך, כאָלילע, ניט קאָסטן טײַער!..

— זײַט זיכער, מאַטושקאַ, פאַרלאָזט זיך אויף מיר! — באַרויִקט זי דער קוואַרטיראַנט, א גליקלעכער, אויב ניט דער גליקלעכסטער, לויפט אַראָפּ פון די טרעפּ אײנײנעם מיט בעטין, מיט א פײַף און א געשריי אויס אויפן מאָסקווער שטייגער: „הײ, וואַנקאַ!״... עס יאָגן אָן דרײַ וואַנקעס מיט א הוק און מיט א געפּילדער. זײ זעצן זיך אַרײַן ביידע אין איין שליטעלע אַרײַן; ער דעקט זי אײַן אין דער וואַרעמער באַרעניצע, נעמט זי אַרום מיט איין האַנט פון הינטן פאַרזיכטיק, פּאַוואָלינקע, ווי מע נעמט אַרום א טײַערע קיילע, אָדער א סטאַטוע, וואָס קאָן אַראָפּפאַלן און זיך צעברעכן, און הייסט דעם „וואַנקע״, ער זאָל פליִען אין איין אָטעם! וואַנקע פאָלגט אים, א שמײַס אויפן פערדל, און דאָס שליטעלע טראָגט זיי פײַל אויסן בויגן.

דער שניי פון ביידע זײַטן ברעקלט זיך, פאַרשפּריצט זיי מיט קאַלטע טראָפּנס דאָס פּאָנעם, די שטערן פונעם מעטאַל־קלאָרן קאַלטן ווינטער־הימל שימערירן, קאָנקורירן מיט די ניט זייער אָפּטע און ניט זייער שײַנענדיקע גאַס־לאַמטערנס. און סאָרע שאַפּיראָ שטייט באַם פענצטער, טיף אַרײַנגע־שטעקט די נאָז אין גלאָז אַרײַן, און קוקט זיי נאָך, ווי דאָס שליטעלע האָט זיי אַוועקגעטראָגן, און איר האַרץ קלאַפּט איר שטאַרק, זי ווייסט ניט פון וואָס: עפּשער פאַר גרויס פרייד?.. איר מאַמעס אויגן זעען דאָס, וואָס נאָר א מאַמע, א גליקלעכע מאַמע, קאָן זען, און איר מאַמעס האַרץ פילט דאָס, וואָס נאָר א מאַמע, א גליקלעכע מאַמע, קאָן פילן, און זי טראַכט זיך: „ווער ווייסט? עפּשער איז דאָס א באַשערטע זאַך?.. עפּשער איז דאָס א זיווג?.. און די גליקלעכע מאַמע פאַרט זיי נאָך — אין דער מאַכשאָווע — גלײַך ביזן טעאַטער. און זי גייט מיט זיי — אין דער מאַכשאָווע — גלײַך אין טעאַטער אַרײַן. זיצט מיט זיי א בענקל לעבן א בענקל. גייט זיי נאָך פּאָסטריט. הערט זיך אײַן, ווי זיי רעדן האַלבע ווערטער. זעט ווי זיי דריקן זיך איינס דאָס אַנדערע די הענט. קוקן זיך איינס דאָס אַנדערע אין די אויגן. אָ! זי פאַרשטייט, וואָס באַטײַט זייער קוק. זי איז א מייוון אויף די האַלבע ווער־טער... ווי לאַנג איז זי אַליין געווען א מיידל און איר דאָוויד א באָכער?..

און סאָרע שאַפּיראָ דערמאָנט זיך אין יענער גליקלעכער צײַט, וואָס, דאַכט זיך, אָט ערשט ניט לאַנג איז דאָס געווען, ווען איר דאָוויד, א טשיקאַווע באָכערל, א פאַרשוין, א קענער, א מושלעם בעקאָל האַמײַלעס, איז אויסגעגאַנגען נאָך אירע טריט, געשריבן איר אַזעלכע הייסע ליבע־בריוולעך, געשווירן, אַז ער וועט זיך דאָס לעבן נעמען, אויב מע וועט אים ניט געבן סאָרען!.. און סאָרעס טאַטע, א ייִד א כאָסיד, געווייקט באַם רעבן, האָט נישט געוואָלט הערן, ניט זען פון דעם דאָוויד שאַפּיראָ, דערפאַר ווײַל ער איז א „קאָלבויניק״, כאָטש ער האָט א רײַכן טאַטן, וואָס וויל זיך לאָזן קאָסטן מײַעדייע וויפל, אבי האָבן סאָרען פאַר א שנור!.. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווײַט, אַז דאָס יונגע פּאָר האָט שוין געהאַט אָפּגערעדט צווישן זיך, אַז דאָוויד זאָל מעקאַדעש זײַן סאָרען פאַר צוויי אײדעס, אָדער גאָר אויפהייבן זיך און אַוועקפאָרן פון זייער שטעטל אין א גרויסער שטאָט אַרײַן און דאָרט שטעלן א כופּע...

אַך! אָט ערשט נעכטן, דאַכט זיך, איז געווען דער דאָזיקער כאָלעם, און אָט שטייט זי הײַנט באַם פענצטער און קוקט זיך אײַן אין איר טאָכטער, וואָס פליט דאָרט אויף א שליטעלע מיט א פרעמדן באָכער, עפּשער מיט איר באַשערטן?..

און זי בעט גאָט, די גליקלעכע מאַמע, אַז אויב דאָס איז טאַקע איר באַשערטער, זאָל ער זײַן דאָס, וואָס זי, סאָרע שאַפּיראָ, מיינט אויף אים... דאַכט זיך, א ווױלער באָכער?.. מיט א יערושע האָט אים שוין דער אייבערשטער באַוואָרנט, אויף אַלע ייִדישע קינדער געזאָגט געוואָרן... האַלעוויי זאָל ער נאָך אַליין זײַן דערצו אַזוי, ווי ער ווײַזט זיך איר אויס. זי זאָל זיך אין אים, כאָלילע, ניט אָפּנאַרן... נישקאָשע, איר בעטין שטייט אָן צו האָבן אי א פײַנעם כאָסן, אי א מיליאָן... א מיליאָן?! ס'איז נאָר גרינג אויסצורעדן א מיליאָן!.. א ווערטעלע — א מיליאָן! א גאַנצער מיליאָן!.. עס דאַרף זײַן, אפּאָ־נעם, גאָר ניט שלעכט, אַז מע האָט א טאָכטער א מיליאָנערשע...

— ווו איז בעטי? ווו איז דער קוואַרטיראַנט? א ברענענדיקער פראָסט אין דרויסן!

דאָוויד שאַפּיראָ איז אַרײַנגעקומען אָן א קלונג, ווי אַלעמאָל, אָן איבערגעפרוירענער, מיט ווײַסע ברעקלעך אײַז אויף די וואָנצעס. דערוווסט זיך פונעם ווײַב, אַז זיי זײַנען אין טעאַטער אויף שאַליאַפּינען, ווערט פּלוצעם דאָוויד מעשוגע.

— וואָס פאַר א גייעכץ פּלוצעם אין טעאַטער אַרײַן אַליין?

— מאַזלטאָוו, סקאָצל קומט! — פאַלט אָן אויף אים סאָרע, — איך האָב דאָך דיר נאָך אינדער־פרי, דאַכט זיך, געזאָגט, אַז זיי האָבן בילעטן אויף שאַליאַפּינען און אַז זיי גייען אין טעאַטער אַרײַן, הײַנט וואָס פײַערסטו ווי א קוריערסקע פּאָיעזד?

— א גערולע שאַליאַפּין! — הערט דאָוויד ניט אויף צו פײַערן און אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב, אָנוואַרעמענדיק זיך די איבערגעפרוירענע פאַרקלעצלדיקטע פיס אין אײנוועגס. — ניין, איך וואָלט זיי ניט געלאָזט אַליין אין טעאַטער אַרײַן. בעשום־אויפן ניט! פאַר קיין געלט!.. וואָס פאַר א

גייעכץ אַליין אין טעאַטער אַרײַן? ניין. אַט טו איך מיך אָן און גיי אויך אַהין. לאָמיך מיך נאָר א ביסל אָנוואַרעמען... שאַליאַפּין! קום דערלעבט! נאַ דיר גאָר שאַליאַפּין!..

— שוין? האָסט שוין געענדיקט? — מאַכט צו אים סאָרע און גייט צו צו אים נאָענט און פאַרקוקט אים אין די אויגן אַרײַן און רופט זיך אָן צו אים מיט א נײַעם ווייכן טאָן:

— דאָווידל!..

און מער נישט... דאָוויד שאַפּיראָ האָט באַלד אויפגעהערט צו פײַערן און צו אַרומשפּאַנען איבער דער שטוב. ער האָט נאָר א זאָג געגעבן צום ווײַב:

— אַז איך ווייס ניט, ווער ער איז און וואָס ער איז?..

— דאָוויד, וואָס רעדסטו? וואָס נאָך דאַרפסטו וויסן? א בריליאַנטענער באָכער. א גאָלדענע מעדאַל. א רײַכע מומע פון קימאַט א מיליאָן, און ער איז איר אײנציקער יורעש...

— גוט, אָבער ער אַליין ווער איז? זײַן טאַטע וואָס איז? אַז איך ווייס גאָרניט!..

— דאָוויד! און אַז מײַן טאַטע האָט יאָ געוווּסט, ווער דײַן טאַטע איז?..

— הייבט זיך אָן א מײַסע! וואָס גלײַכסטו דאָס צו דעם? א סמיכעס־האַפּאַרשע!..

— פּאַפּאַשאַ! אַרויס מיט א פּערציקער!

דאָס זאָגט סיאָמקע, אַרײַנגעלאָפן פון צווייטן כיידערל מיט א צעביסענער פּען און מיט שוואַרצע פינגער, אײַנגעטונקען אין טינט. דער פאָטער הייסט זיך באַווײַזן אַף פּאַפּיר, פאַרוואָס עס קומט צוואַנציק קאָפּיקעס, און סאָרע טראָגט אַרײַן א זודיקן סאַמאָוואַר, וואָס בלעזלט זיך און בולבלט זיך לעבעדיק־פריילעך און צעשפּרייט א ווייכע וואַרעמקײַט אין שטוב, און עס דערהערט זיך גיך אַן אַראָמאַט פון מעכײַעדיק־שמעקנדיקן טיי.

דאָס צוויי־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

## אין טעאַטער

געקומען אין טעאַטער אַרײַן, האָט מען זיך אויסגעטאָן אין דעם גאַרדעראָב, און בעטי האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם ווײַסן וואַרעמען קאַפּער און געבליבן אין איר שוואַרץ אײנפאַך קאַשעמירן קלייד מיט שוואַרצן סטעקליאַרוס, וואָס האָט זיך אָפּגעפינקלט אַף אירע פּראַכטפול־אויסגעקײַלעכיקטע פאָרמען, און אירע אײנפאַך־פאַרקעמטע האָר, וואָס האָבן אַרומגעבראַמט איר קלאָר מאַטעווען פּאָנעם, האָבן איר צוגעגעבן אַזויפיל כיין, אַז מע האָט זי גיך באַמערקט אין טעאַטער צווישן א סאַך אַנדערע שיינהײַטן אינעם דאָזיקן אָוונט, און א סאַך, א סאַך אויגן האָבן אַף איר געקוקט. א סאַך לאָרנעטן און בינאָקלען האָבן זיך אָנגעשטעלט אַהין, ווו דאָס פּאָרל האָט זיך באַזעצט. דאָס האָבן זיי געזען ביידע, און ביידע האָבן פאַרשטאַנען, אַז די לאָרנעטן מיט די בינאָקלען זײַנען אָנגעשטעלט אַלע אַף דעם דאָזיקן שיינעם מיידל מיט איר יונגן באַגלייטער, וואָס קאָן זײַן אָדער אירער א ברודער, אָדער א כאָסן, אָדער אַזוי א באַקאַנטער קאַוואַליער... דאָס האָט געפֿירט דערצו, אַז בעטיס בליִענדע בעקלעך מיט אירע כאַראַקטער־כיין־גריבעלעך זאָלן זיך נאָך מער פאַרױטלען, ווי רעכטע צײַטיקע פּערשקעס, ביזן ווײַסן האַלדז אַרײַן, און זי זאָל ווערן נאָך מער רייצנד און נאָך מער ציִען אַף זיך די אויגן פון פּובליקום, וואָס האָט צוליב שאַליאַפּינען אָנגעפילט דעם פּאַרטער, די לאָזשעס מיט דער גאַליאָרקע פון אויבן ביז אַראָפּ, אַזוי אַז ס'איז ניט געווען אַן עפּל דורכצוּוואַרפן.

ערשט דעמלט האָבן די לאָרנעטן מיט די בינאָקלען אויפגעהערט צו קוקן אַף דער אַרײַנגעקומענער בעטי, אַז עס האָט זיך אויפגעהויבן דער פאָרהאַנג און אַלע אויגן האָבן זיך געקערט צו דער סצענע צו, געזוכט דעם באַרימטן וועלט־קומיר, דעם באַליבטן אָפּגאָט שאַליאַפּין, וועמענס נאָמען עס האָט אָנגעפילט דער טעאַטער אינעם דאָזיקן אָוונט.

אויך בעטי איז געקומען צוליב דעם דאָזיקן קומיר, צוליב שאַליאַפּינען, אין טעאַטער אַרײַן, און גיך האָט זי זיך אײַנגאַנצן, מיט אַלע אירע כושים, אַריבערגעטראָגן אַהין אַף דער סצענע, גלײַך מיט א סאַך אַנדערע. בעטי איז געקומען אַהער ניט נאָר פון יויצע וועגן, אונטערהאַלטן די מאָדע פון גיין אין טעאַטער אַרײַן, נאָר טאַקע אויסגעגאַנגען מיט לײַב און לעבן הערן אַזאַ באַרימטן זינגער און שפּילער, ווי אָט דער שאַליאַפּין.

נאָר אויב בעטיס נעשאָמע איז געווען דאָרטן אַף דער סצענע, איז איר באַגלייטער ראַבינאָוויטש געווען דאָ אין פּאַרטער, לעבן איר, לעבן בעטין, צוליב וועלכער ער האָט אײגנטלעך פאַרפירט דעם גאַנצן איניען שאַליאַפּין. אים איז אָט דער זינגער ווינציקער פון אַלץ געלעגן אין זינען. ער איז

געקומען אהער מיט בעטין נאָר צוליב דעם, ער זאָל קאָנען בלײַבן מיט איר אַליין און אַנטדעקן איר סאַפּקאַלסאָף דאָס, וואָס ער האָט זיך געקליבן איר צו אַנטדעקן דעמלט נאָך, אױף מאָרגן נאָך דער אַבלאוועו... און אױב עס איז געווען אַן אָפּהאַלט ביז אַהער, איז דאָס נאָר דערפֿאַר, וואָס ער איז נאָך מיט זיך אַליין ניט געווען אינגאַנצן פֿאַרטיק. ער האָט נאָך נישט געוווּסט, אױף וויפֿל זײַנע געפֿילן צו איר זײַנען טאַקע אַזוי ערנסט... ערשט אין דער לעצטער צײַט האָט ער זיך אינגאַנצן איבערצײַגט, אַז ער קאָן אָן איר ניט לעבן, און אַז זײַן גאַנצע קאָמעדיע, דער גאַנצער שפּאַס, וואָס ער האָט זיך געביטן מיט זײַן כאַווער מיט די נעמען, איז געווען פֿון אים נישט מער ווי אַ באַשערטע זאַך, אַ פּאַטאַלער שריט, אױף צו באַגעגענען זיך מיטן דאָזיקן מיידל, צו פֿאַרליבן זיך אין איר ביז צום שטאַרבן און צו פֿאַרבינדן זיך מיט איר אױף אײביק!..

עמעס, ער האָט געוווּסט גאַנץ גוט, אַז עס שטייט אים פֿאָר נאָך גענוג אָפּהאַלטענישן און דערנער אױף זײַן וועג. ער האָט געוווּסט גאַנץ גוט, וואָס פֿאַר אַ מילכאָמע ער וועט דערפֿאַר אױסשטיין אינדערהיים מיט זײַן קאַפּריזנעם פֿאָטער און נאָך מער מיט זייער גאַנצער עכט־רוסישער פֿאַמיליע, וואָס וועט געוויס ניט אָנשטיין, אַז ער, גרישאַ פּאָפּאָוו, זאָל כאַסענע האָבן מיט אַ מיידל, וואָס קומט אַרויס פֿון ייִדן!.. ער האָט דאָס אַלצדינג גאַנץ גוט געוווּסט, גענוג מאָל זיך איבערגעלייגט, טויזנט מאָל איבערגעטראַכט אױף אַלע זײַטן און אױף אַלע פֿאַלן, און געפֿונען, אַז עט! ס'איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, ער וועט אַלצדינג איבערקומען בעשאָלעם. דער פֿאָטער וועט אים מויכל זײַן. די פֿאַמיליע וועט פֿאַרגעסן. ער איז ניט דער ערשטער, ער איז ניט דער לעצטער... האָבן מיר דען ניט געהאַט אַ מיניסטער בא אונדז אין אונדזער לאַנד, און אַ געהויבענער מיניסטער, וועלכער האָט אַ ווײַב, וואָס קומט אַרויס פֿון ייִדן?..

איין זאַך נאָר איז בא אים געווען שווערלעך: פֿון וואָס זאָל ער אַצינד מיט איר אָנהייבן פֿריִער? צי זאָל ער איר פֿריִער אױפֿדעקן, וואָס ער איז? אָדער ער זאָל בא איר געוווּיר ווערן, וואָס וואָלט זי געטאָן, ווען זי זאָל זיך פֿאַרליבן אין אַ קריסט און זי זאָל צוליב דעם דאַרפֿן איבערבײַטן דעם גלויבן?..



מיט האַצאַד האָט ער איינמאָל געהאַט שוין ווי פאַרגעלייגט איר אַזאַ מין פּראָבלעם, האָט זי אים גאַנץ ערנסט געענטפערט, אַז דאָס איז איבערהויפּט קיין פּראָבלעם, ווײַל ס'איז אַ זאַך, וואָס עס קאָן ניט זײַן.

— פאַרוואָס קאָן עס ניט זײַן? — האָט ער זי איבערגעפרעגט און געוואָרן אַ ביסל אומרויִק.

— אַזוי. עס קאָן ניט זײַן דער פאַל, — האָט זי אים געענטפערט, — אַז בײַ איטשיקע שאַרפע אומשטאַנדן אין אונדזער לאַנד און בײַ איטשיקע נאַציאָנאַלע רייבונגען אין דער וועלט בײַכלאַל זאָל אַ קריסט קאָנען פאַרליבן זיך ערנסט אין אַ ייִדיש קינד.

און נישט מער?.. איז די מאַשמאָעס, אַפּאָנעם, אַז אינגאַנצן ווענדט זיך נאָר אין דעם, אויף וויפל דער קריסט זאָל זיך האָבן ערנסט פאַרליבט?.. אויב אַזוי, איז דאַנקען גאָט, וואָרעם ווי קאָן מען שוין זײַן מער פאַרליבט, ווי ער איז פאַרליבט אין בעטין?..

און אַז בעטי איז פאַרליבט אין אים — דאָס איז דאָך געוויס אָן אַ שום ספק. דאָס זעט דאָך אַ מינדסט קינד. אַפילו די מוטער אירע ווייסט עס, און אַז די מוטער ווייסט, ווייסט דאָך, מיסטאָמע, דער פאָטער אויך, און דאַכט זיך, אַז זיי האָבן גאָרנישט קעגן?.. ניט מער, זיי ווייסן ניט, ווער ער איז און פונוואַנען ער שטאַמט? — איז דאָס אויך פון די קלייניקייטן. אַדרבה, לאָזן זיי נאָר געוויר ווערן, ווער זײַן פאָטער איז!

און עס שטעלן זיך אים פאַר פאַרשיידענע בילדער און לעבעדיקע סצענעס, איינע פרייליכער פון דער אַנדערער. פריִער, וויאַזוי דאַוויד שאַפּיראָ וועט דאָס ווערן איבעראַשט, אַז ער וועט דערהערן דעם נאָמען מיטן טשין פון זײַן פאָטער, מיטן טיטל „יעוואָ פּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ", און מיט דער צײַט עפּשער „יעוואָ וויסאָקאָפּרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ" — כאַ־כאַ־כאַ!.. און סאָרע? אַך! וואָס וועט זאָגן סאָרע שאַפּיראָ, אַז אויסער טשינעס און אויסער טיטלס, איז פאַראַן בײַ זײַן פאָטער אייגענע דערפער, פעלדער אין ט־ווער גובערניע, וואָס טרעפן אָן אַ סאַך מער ווי אַ מיליאָן, פון וועלכן זי איז אַזוי ניס־פּאָעל געוואָרן, כאַ־כאַ־כאַ!

פון בעטין שמועסט מען ניט, אַז זי וועט זײַן גליקלעכער פון גליקלעך, אַז זי וועט געוויר ווערן, ווער איז אָט דער, וואָס איר האַרץ האָט אויסדערוויילט!..

און ער שטעלט זיך שוין פאָר באַצייטנס, ווי איר פּנים וועט דאָס שײַנען פון גאַדלעס און ווי אירע אויגן וועלן דאָס לײַכטן פון גליק... און נאָכדעם, ווי זיי זעצן זיך אויףביידע און פאָרן צו אים אַהיים, אין ט־ווער גובערניע... און וויאַזוי דערנאָך ער וועט קומען מיט איר פאַר זײַן פאָטער... וואָס דער פאָטער וועט אים זאָגן, און וואָס ער וועט זאָגן דעם פאָטער... און דער פאָטער זײַנער איז דאָך אַפילו אַ קאַפּריזנער, אָבער בעעמעס אַ גוטער, אַ ווייכער מענטש; ער וועט נאָר אַ קוק געבן אויף זײַן אויסדערוויילטער און רעדן מיט איר צוויי ווערטער, וועט ער איר גלײַך מוחל זײַן איר שטאַם, וואָרעם קיינער קאָן זיך אַזוי ניט האַלטן ווי בעטי. זי פאַרדינט בעעמעס אײַנצושטיין, ווי איר מוטער סאָרע שאַפּיראָ זאָגט, „אין קייסערלעכע פּאַלאַצן"...

און ער וואַרפט איין אויג אויף זײַן אויסדערוויילטער, וואָס זיצט אָט דאָ מיט אים אַצינד אין טעאַ־טער, און זי כאָלעמט אַפילו ניט פון אַזאַ גליק, וואָס וואַרט אויף איר אין דער וועלט . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

נאָר אָט האָט זיך געענדיקט דער ערשטער אַקט, און אונדזער גליקלעך פּאָר הייבט זיך אויף פון זייערע ערטער און גייען גלײַך מיט אַלע אַרויס פון פּאַרטער אין וועסטיביול אַ ביסל שפּאַצירן הין און צוריק. דאָרט וועט ער מיט איר קאָנען רעדן פרײַ. דאָרט וועט ער איר הײַנט אויפדעקן סאָפּקאָלסאָף דעם הייליקן סאָד, וואָס ער טראָגט אויפן האַרצן, דעם גרויסן שפּאַס, וויאַזוי ער איז פון אַ פּאַפּאָוו פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף אַ יאָר צײַט אין אַ ראַבינאָוויטש, און צוליב וואָס דאָס איז געטאָן געוואָרן, און וואָס איז דערפון אַרויס... אָן עק. הײַנט דאַרף דאָס געשען.

## דאָס דרײַ־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

## צוויי באַגעגענישן

ווי נאָר אונדזערע יונגעלײַט זײַנען אַרויס פון פּאַרטער און אַרײַנגעטראָטן אין וועסטיביול, דאָרט ווו עס שפּאַצירט אַרום דער עולם, אַזוי האָבן זיי גלײַך באַמערקט אַ באַקאַנטע הויכע פיגור, מיט ברייטע פּלייצעס, רויטלעכע אויגן און גראָבע טײַוועדיקע ליפּן. דער פּאַרשוין איז געשטאַנען די הענט פאַרלייגט אַהינטער און דורכגענומען זיי מיט די אויגן.

זיי האָבן ביידע גלײַך דערקענט אין אים יענעם פֿאַרשוין פֿון דער נאַכט־אַבלאַווע, וואָס האָט געהאַט אָפּגעפֿירט ראַבינאָוויטשן אין געפֿענקעניש. נישט מער דעמאָלט איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן ווי א טשינאָווניק; איצט איז ער געווען אײַנגעצויגן אין א לאַנגן שוואַרצן ראָק, געשטאַנען אַף איין אָרט, ווי אַף דער וואַך, און נאָר געוואָרפֿן מיט די אויגן רעכטס און לינקס אַפֿן פּובליקום, וואָס האָט שפּאַצירט אַהין און אַהער.

ראַבינאָוויטשן מיט בעטין האָט ער באַגלייט מיט א באַזונדער שאַרפֿן קוק פֿון זײַנע רויטלעכע אויגן. בעטי האָט געפֿילט אַף זיך דעם דאָזיקן קוק, וואָס האָט זי דורכגעברענט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם...

— ס'איז ער?.. — האָט זי א פֿרעג געגעבן בא איר קאַוואַליער, אַליין ניט וויסנדיק, פֿאַרוואָס עס קלאַפּט איר אַזוי דאָס האַרץ, און זי האָט זיך אינסטינקטיוו צוגעטוליעט צו זײַן האַנט, וואָס ער האָט איר אונטערגעשטעלט.

— נו איז וואָס, אַז ס'איז ער? — האָט איר ראַבינאָוויטש געענטפֿערט, געוואָלט זי באַרויִקן, און אַליין האָט ער אין האַרצן אָפּגעשיקט דעם דאָזיקן נעפֿעש צו אַלדי שוואַרצע יאָר! ער איז געווען איבערצײַגט, אַז דאָס באַגעגעניש איז ניט צום גוטן...

און קאַכהאַוווע: זיי זײַנען נאָר אַרײַן אין גרויסאַרטיקן פֿאָיע, דאָרט וווּ מע קאָן זיך זיצן רויִק אויג אַף אויג און שמועסן שטילערהייט גאַנץ אינטים, האָט זיי גאָט צוגעשיקט נאָך א באַגעגעניש.

דאָס איז געווען אַן עלעגאַנט געקליידטער, אַן אויסגעפּוצטער סטודענט, נאָרוואָס פֿון דער נאָדל אַרויס: גאָלדענע קנעפּ, אַן ענגער בלויער קאָלנער, א גאָלדן שווערדל בא דער זײַט, קלאָר־ווײַסע הענטשקעלעך אַף די הענט, און די ברוסט אויסגעבויגן און אַרויסגעשטעלט — מײַסע אָפֿיצער. בע־קיצער, דאָס איז געווען איינער פֿון די טשאַקנדיקע סטודענטן־פֿראַנטן, וואָס מע האָט זיי געקרוינט מיטן נאָמען „ווײַסער אונטערשלאַק“.

— האַלאָ, קאָלעגאַ! — האָט ער זיך אָנגערופֿן צו ראַבינאָוויטשן, און א זיס צוקערנדיק שמייכעלע האָט זיך באַוויזן אַף דעם סטודענטס רויט פּאָנעם מיטן געלן שפּיצעכיקן בערדל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פֿון זײַן ענגן בלויען קאָלנער אַרויס.

געשמייכלט האָט דער סטודענט, אייגנטלעך, ניט אַזוי צו ראַבינאָוויטשן, ווי צום שיינעם מיידל מיטן פּאַריסן נעזל, וואָס גייט מיט דעם קאַנאַליע, מיט ראַבינאָוויטשן, אונטער די הענט...

— ניט שוין זשע האָט איר מיך ניט דערקענט, כּי?

נאָך דעם דאָזיקן „כּי“ האָט שוין ראַבינאָוויטש דערקענט, ווער דאָס איז.

— א? לאַפּידוס? — האָט ער אויסגעצויגן, געגעבן אים די האַנט און געטראַכט בייסמײַסע: „וועלכער ניט־גוטער האָט דיך געבראַכט אַהער צו טראָגן? האַלדז און ביין וואָלט ער בעסער ברעכן, אָט דער...!“

ראַבינאָוויטש האָט נישט ליב געהאַט לאַפּידוסן אָן א שום „וואָרעם“, כאָטש ער האָט אַף אים צו גלײַכער צײַט אויך ראַכמאָנעס געהאַט. צו אָפֿט האָט זיך אָט דער געלער באָכער געדרייט אים פֿאַר די אויגן, צו אָפֿט אײַנגעטײַנעט מיט אים וועגן דעם, אַז ס'איז נישט גוט צו זײַן א ייִד. נישט גוט, און נישט באַקוועם, און נישט קלוג, און נישט לאָגיש... צו וואָס? צו וועלכן צוועק? פֿאַר וועמען ווילן מיר זיך אויספּײַנען? ווער וועט אונדז געבן דערפֿאַר א קניפּ אין בעקל?..

— איך ווייס, גלייבט מיר, איך ווייס, פֿאַרוואָס איר בײַט ניט איבער אײַער ייִדישקײַט, כּי... איר טוט עס ניט נאָר מאַכמעס פּאַכדאָנעס, איר ציטערט פֿאַר אײַער פֿאָטער אָדער אײַער מוטער, — אַזוי האָט לאַפּידוס אײַנגעדרונגען זײַן כאָוער ראַבינאָוויטשן און געהאַלטן אים בייסמײַסע פֿאַרן קנעפּל פֿון פּאַלטאָ...

— איר האָט א טאָעס, — וויל אים ראַבינאָוויטש כאָטש עפּעס ענטפֿערן, לאָזט ער אים נישט אָפּ דאָס קנעפּל און צעלאַכט זיך אַזוי, אַז ער ווערט ראַבינאָוויטשן נימעס.

— איר זאָגט — איך האָב א טאָעס, כּי? איך האָב קיינמאָל קיין טאָעס ניט. אײַער פֿאָטער זאָל ניט זײַן קיין פֿאַבריקאַנט...

— מײַן פֿאָטער איז ניט קיין פֿאַבריקאַנט, — פּרוּווט זיך ראַבינאָוויטש אַרויסדרייען.

— נישט קיין פֿאַבריקאַנט, איז א באַנקיר... אײַער פֿאָטער זאָל ניט זײַן קיין באַנקיר, און איר זאָלט ניט זײַן זײַן יורשע, איבער הונדערט צוואַנציק יאָר, כּי־כּי, און איר זאָלט האָבן אַן אָרעמע מאַמע און א שוועסטער, ווי איך, וואָלט איר געטאָן דאָס אייגענע, וואָס איך קלײַב זיך טאָן, וואָס א סאַך אַנדערע קלוגע כאַווײרים אונדזערע טוען... — פּלוצעם שטעלט זיך לאַפּידוס אָפּ א ווײַלע און נעמט א נײַעם טאָן: — איר ווילט האַלטן מיט מיר א וועט?

— אַף וואָס?

— אַף דעם, אַז איבעראיאָר אין דער צײַט וועט איר זײַן א קריסט... אַף וויפֿל ווילט איר זיך וועטן, כּי? איר שווײַגט? אַהאַ! כּי־כּי־כּי!..

דעמלט האָט אים ראַבינאָוויטש צוליב געטאָן און האָט זיך אויך צעלאַכט, וועלכעס לאַפּידוס האָט אָנגענומען פֿאַר אַ האַסקאָמע און באַ איטלעכס מאָל, וואָס זיי האָבן זיך נאָכדעם באַגעגנט, האָט אים לאַפּידוס אָפּגעשטעלט און נאָר אַ פֿרעג געגעבן: „נו?" איצטיקס מאָל אָבער וואָלט ער נישט געוואָלט, אַז לאַפּידוס זאָל אים דערמאָנען וועגן זייער געוועט און ער האָט אים געווונטשן פֿון גאַנצן האַרצן, ער זאָל אָנלייגן מיטן קאָפּ. פֿונדעסטוועגן קאָן מען אַזוי גראָב ניט זײַן און מע דאַרף אים פֿאַרשטעלן פֿאַר דער פֿרײַלן שאַפּיראָ. ער קוקט אַף איר צו האַסטיק... און ראַבינאָוויטש האָט אים גאַנץ העפֿלעך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר בעטין, אַף וועלכער לאַפּידוס האָט ניט אויפֿגעהערט צו קוקן און צו שמייכלען, און ווי נאָר מע האָט אים פֿאַרגעשטעלט אָט דאָס שעלמאָווסקי שיינע מיידל, אַזוי האָט ער שוין גאָר ניט געוואָלט אָפּטרעטן. עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן: זיי האָבן געמוזט אַלע דרײַ שפּאַצירן איבערן פֿאָיע היִן און צוריק, — בעטי אינמיטן, און ראַבינאָוויטש מיט לאַפּידוסן באַ די זײַטן.

עס איז ניט געווען די קלאָלע, וואָס ראַבינאָוויטש האָט נישט אָנגעווונטשן אָט דעם ווײַסן אונטערשלאַק לאַפּידוסן. פֿאַרפֿאַלן — האָט ער זיך געטראַכט — אַ גאַנצער אַנטראַקט. ער וועט נישט קאָנען בלײַבן מיט בעטין אויג אַף אויג און רעדן מיט איר דאָס, וואָס ער האָט צו רעדן... נאָר וואָס העלפֿט דאָס דען? מע מוז זיך אָנעמען מיט האַרץ, מאַכן אַ פֿרײַנטלעך פּאָנעם און נאָך אונטערהאַלטן דעם שמועס אויך. אַ ברייִרע האָט מען?.. און פֿון וואָס שמועסט ער, אָט דער פּראַנט איוואַנאָוויטש, דער שעד זאָל אים דערשטיקן? עפּעס אַלץ אַזעלכע פּוסטע, וואָכעדיקע, באַנאַלע רייד, שלאָגט צו דער גאַל!.. האָט זיך אויסגעצוואָגן, ווי אַ מויד, אויסגעפּוצט, ווי פֿאַרן טויט, און מיינט, אַז דער רוצח איז זײַן פּעטער!..

ראַבינאָוויטש האָט כיישעק געהאַט אים אַ פֿרעג צו געבן, וויאַזוי איז דאָס געשען, וואָס ער איז אַרײַנגעקראָכן אין אַ סטודענטישן מונדיר? האָט אים אָבער דאָס האַרץ ניט דערלאָזט. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זייער געשפּרעך און עס האָט זיך ניט־ווילנדיק אויפֿגעוועקט באַ אים אַ געפֿיל פֿון ראַכמאָנעס צום דאָזיקן אָרעמען, געלן יונגערמאַנטשיק, וואָס דאַרף אויסהאַלטן אַף זײַנע פּלייצעס אַן אָרעמע מאַמע מיט אַ שוועסטער, דאַכט זיך... באַטראַכטנדיק זײַן גליקלעך שײַנענדיק פּאָנעם מיטן געלן שפּיצעכיקן בערדעלע און זײַן גאַנצע אויסגעמענטשלטע פֿיגור, איז ראַבינאָוויטש אים מויכל געווען, וואָס ער האָט צוגענומען באַ אים אַ גאַנצן אַנטראַקט. „כאַפּט אים בעני, נעבעך אַן אָרעמער באָכער, אַ שלימאַזל, זאָל ער איבערגיין אַף אַנדערע הענט..."

אַזוי האָט געזאָגט צו זיך אַליין ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ פּרײַז אָט דער שלימאַזל לאַפּידוס האָט באַצאָלט פֿאַר זײַן שיינעם בלויען סטודענטן־מונדיר מיטן ווײַסן אונטערשלאַק, און ווי טײַער אים האָט געקאָסט זײַן אַרײַנטרעטן אינעם דאָזיקן מונדיר... ער האָט נישט געוואָלט באַרירן שוין די דאָזיקע איידעלע מאַטעריע, מוירע געהאַט אָנטרעטן אים דאָרט, וווּ עס טוט אים עפּשער ווײ... האָט אָבער לאַפּידוס אַליין אויפֿגעדעקט זײַן ווייטיק. ער האָט זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט, באַטראַכט ראַבינאָוויטשן, ווי ער גייט אָנגעטאָן ניט ווי אַ סטודענט, און אָנגערופֿן זיך צו אים:

— נו, מײַן טײַערער קאָלעגע? וואָס זשע וועט זײַן ווײַטער, כי? איך ווייס, — דאָס האָט איר צו פֿאַרדאַנקען אײַער טומאַרקינען, וואָס מיינט, אַז ער טוט אײַך די גרעסטע טויווע; צום סאָף מאַכט ער אײַך, און נאָך אַזעלכע, ווי איר, אומגליקלעך... כ׳לעבן, איך האָב אַף אײַך ראַכמאָנעס.

ראַבינאָוויטש האָט זיך צעלאַכט:

— איך דאַנק אײַך זייער, וואָס איר האָט אַף מיר ראַכמאָנעס.

לאַפּידוסן האָט פֿאַרדראָסן, וואָס ראַבינאָוויטש לאַכט. האָט ער זיך אָנגערופֿן צו ראַבינאָוויטשן און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פֿון דעם שיינעם מיידל:

— אײַך איז גרינג צו לאַכן! וואָס הערט איר עס, יאָ אַ סטודענט, ניט קיין סטודענט? אײַער פֿאָטער איז אַ באַנקיר, אָדער אַ מאַנופֿאַקטוריסט, און יעדנפֿאַלס אַ בורזשוי, קאָן אײַך אויסהאַלטן נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר... איר זאָלט אָבער זײַן אַף מײַן אָרט, האָבן אַף זיך אַן אַלטע מאַמע און אַן אָרעמע שוועסטער, וואָס זייער גאַנץ לעבן הענגט אָפּ אין אײַך, וואָס אײַער גליק איז זייער גליק, וואָס אײַער שמערץ איז זייער שמערץ! מיט איינעם וואָרט — ווי קאָנט איר פֿילן דאָס, וואָס איך?

האָט זיך אַרײַנגעמישט בעטי:

— פֿונוואַנען ווייסט איר דאָס, אַז ראַבינאָוויטש קאָן ניט פֿילן דאָס, וואָס איר? און ווער האָט אײַך געזאָגט, אַז זײַן פֿאָטער איז אַ באַנקיר און אַז ער האָט ניט קיין אַלטע מאַמע און קיין אָרעמע שוועסטער גלײַך מיט אײַך?

לאַפּידוס האָט אויסגעגלײַכט די ברוסט, אויפֿגעהויבן די אַקסלען און געזאָגט צו בעטין:

— ווער האָט מיר געזאָגט? קיינער ניט. נאָר מע ווייסט, אָ! מע ווייסט! ווער קען ניט די ראַבינאָוויטשעס? אַ באַוווּסטע פֿירמע!.. נאָר דאָס איז ניט וויכטיק. איך פֿרעג בעסער באַ אײַך, זאָגט מיר אָט וואָס: וואָס וואָלט ער געטאָן, אָט דער הער ראַבינאָוויטש טאַקע, ווען ער זאָל זײַן אַף מײַן אָרט, אַז קיין מעדאַל האָב איך ניט, און קיין פֿאָטער קיין באַנקיר אויך ניט, און זיצן דאָ לאָזט מען נישט,

אין פיר און צוואנציק שאָ... און א מאמע א קראנקע, און א שוועסטער אַן אָרעמע. איר פארשטייט, צי ניין?

— קומט אויס, — מאכט צו אים בעטי, — קומט אויס נאָך אײַערע רייד, אז אַלע יידן, וואָס האָבן קראנקע מאמעס און אָרעמע שוועסטער — און וועלכער ייִד האָט דאָס ניט א קראנקע מאמע אָדער אַן אָרעמע שוועסטער? — באדארפן צוליב די דאָזיקע מאמעס און שוועסטער נעמען און טאָן דאָס, וואָס איר האָט געטאָן, לויט איך פארשטיי?..

— געוויס! — האָט איר לאַפּידוס אָפּגעענטפערט מיט א געלעכטערל, ארויסשטעלנדיק מיט גאדלעס די ברוסט פון מונדיר ארויס, אױף וועלכן דער שנײַדער האָט, ווי עס ווײַזט אויס, אָנגעלייגט ניט ווינציק מי...

בעטי האָט אים באגאָסן מיט א שטראַלנדיקן בליק פון אירע שיינע קאַרע אויגן און מיט א שמייכעלע צו אים געזאָגט:

— אײַך דארף מען מעקאנע זײַן... מיט וואָס פאר א לײַכטקײַט איר פארענטפערט אזא פײַנלעכע פראגע, איבער וועלכער הונדערטער דוירעס האָבן זיך געלאָזט טרעטן מיט די פיס, טרײַבן און יאָגן, ברענען און בראָטן! כ׳לעבן, ס׳איז אײַך מעקאנע צו זײַן...

לאַפּידוס האָט קלוימערשט געלאכט, ארויסבאוויזן אַלע זײַנע ווײַסע ציין.

ווען דאָס דאָזיקע מיידל זאָל ניט זײַן אזא רייצנדיק שיין מיידל מיט אזעלכע שיינע קלוגע קאַרע אויגן, און איר קלינגענדיק זיס קאָל און איר קלאַסישע פיגור און איר סימפּאטישער אויסזען מיט איר אינגאנצן זאָל ניט שרײַען: „האָב מיך ליב!", — וואָלט דער בארעדעוודיקער לאַפּידוס געפונען שוין, וואָס איר צו ענטפערן אױף איר איראָניע. נאָר ווײַל בעטי האָט אים אינגאנצן געפּלעפּט, האָט ער מיט א שמייכל זיך געווענדט צו איר:

— האָט קיין פאריבל ניט, פרײַלן... פרײַלן...

— פרײַלן שאַפּיראָ, — האָט אים ראבינאָוויטש אונטערגעזאָגט.

— פּארדאָן! האָט קיין פאריבל ניט, פרײַלן שאַפּיראָ, וואָס איך וועל אײַך פרעגן, כאָטש דאָס איז א זײַטיקע פראגע, וואָס האָט אָבער א שײַכעס צו דעם, וואָס איר האָט נאָרוואָס באריירט. אָט זאָגט איר — הונדערטער דוירעס, געיאָגט און געטריבן, געברענט און געבראָטן. דאָס איז אַלץ זייער שיינע מײַסעס פון פארצײַטן, דאָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען „היסטאָריע", פאר וועלכער מיר נעמען אראָפּ דאָס היטל. זייער שיין. וואָס וועט איר אָבער זאָגן אױף אזא מין פאקט? ניט פון דער היסטאָריע, ניין. נאָר טאקע פונעם לעבן אליין. א פאקט, וואָס אָט דאָ ניט לאנג האָט זיך געטראָפן. אָט דאָ טאקע בא אונדז, אין אונדזער שטאָט, כא־כא?.. אָט וועל איך אײַך עפּעס דערציילן. ס׳איז א פּיקאנטנע געשיכטע, כ׳לעבן, און א טרויעריקע... איך זאָל זײַן א שרײַבער, וואָלט איך זי זיכער באשריבן אין א צײַטונג, מע זאָל וויסן... נישקאָשע, איר מעגט דאָס הערן.

און לאַפּידוס, צופרידן מיט זיך אליין און מיט דעם, וואָס ער קאָן אזוי שיין דערציילן, און מיט דעם, וואָס אזא שיין מיידל הערט אים אויס, האָט גענומען איבערגעבן זײַן פּיקאנטנע געשיכטע מיט אזא טאָן, פון וועלכן עס איז געווען צו זען, אז דער מענטש האָט האנאָע פון זיך אליין.

— אַלזאָ, סודארינ׳א, — אזוי האָט לאַפּידוס אָנגעהויבן צו דערציילן, מער פאר בעטין איידער פאר ראבינאָוויטשן, זײַן פּיקאנטנע געשיכטע, — אַלזאָ, סודארינ׳א, די געשיכטע איז, אייגנטלעך גע־רעדט, אַן איינפאכע, געוויינלעכע געשיכטע, וועלכע איך וואָלט א נאָמען געגעבן: „איינע פון א סאך", ווארעם דאָס זײַנען מײַסים בעקאָל יוים. אזעלכע געשיכטעס טרעפן זיך בא אונדז די לעצטע צײַט אָפט, זייער אָפט.

האקיצער, איך האָב א גוטן באקאנטן, א פרײַנט, א גוטן־פרײַנט, — דער נאָמען איז דאָך ניט וויכטיק, — און מײַן גוטער־פרײַנט, אָדער מײַן כאַווער, האָט א שוועסטער. א מיידל. און דאפקע א פײַן מיידל. באמערקט, איך זאָג ניט קיין פארשוין, קיין קראסאוויצע. קראסאוויצעס זײַנען איבערהויפּט זייער ווינציק...

לאַפּידוס האָט מיט די דאָזיקע ווערטער, און נאָך מער — מיט זײַן קוקן אױף בעטין, געגעבן איר צו וויסן, אז זי מעג זיך איבערנעמען. בעטי האָט זיך געמאכט, ווי זי פארשטייט ניט, און ראבינאָוויטש האָט שטארק כיישעק געהאט אָנעמען אָט דעם אויסגעפּוצטן לאַפּידוסן אָדער פארן שפּיץ פון זײַן געל בערדעלע, אָדער פאר די לאַצן פון זײַן אויסגעצייכנטן בלויען מונדיר מיטן ווײַסן אונטערשלאק און זאָגן: „פּעטערל! צו דער זאך!"... נאָר ער האָט זיך אײַנגעהאלטן און מיט א שמייכעלע א זאָג געגעבן צו אים:

— אַלזאָ, האָט איר א גוטן־פרײַנט, א כאַווער, און אײַער כאַווער האָט א שוועסטער. נו, און ווײַטער וואָס?

לאַפּידוס האָט אָנגענומען ראבינאָוויטשעס ווערטער פאר א סימען, אז ער פארגינט אים ניט, וואָס ער, לאַפּידוס, דערציילט אזוי שיין. האָט ער, נישט קוקנדיק אױף ראבינאָוויטשן און נאָר אױף בעטין, גענומען איר דערציילן ווײַטער:

— אלזאַ, סודאַרינאַ, ווי געזאָגט, האָט מײַן קאָלעגע א שוועסטערל, א פײַן מײדל און א געבילדעטע, און וויל לערנען, קומען צו א שטיקל טאַכלעס, עפּעס ענדיקן, איר פאַרשטייט, צי ניין? נו, איז זי געקומען צו פאָרן אהער פון א קליין שטעטל אָפּגעבן עקזאַמען און אַרײַנטרעטן ווו עס וועט זיך לאָזן, אַקושערקע איז אַקושערקע. דאַנטיסטן איז דאַנטיסטן — אבי לערנען. אבי א דיפּלאָם.

קורץ און גוט, איז זי געקומען צו פאָרן אהער, צו איר ברודער. איר ברודער איז, ווי איר פאַרשטייט שוין אליין, א סטודענט. מײלע, געקומען — זײער פײַן, א גאַסט, וואָס איז דאָ צו רעדן? לאָזט זיך אָבער אויס, אז מע לאָזט זי ניט זײַן. מע לאָזט זי ניט ווינען א טאָג אפילע. פאַרוואָס? דאַרף איך אײַך ניט דערציילן. איר שטויסט זיך שוין אליין: „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ”. טײַנעט זי נעבעך: „אָט גיב איך אָפּ עקזאַמען און טרעט אַרײַן, האָב איך א פּראַוואָזשיטעלסטוואָ. לאָזט זיך אָבער אויס, אז צום עקזאַמען גופע באַדאַרף זי ברענגען מיט זיך א פּראַוואָזשיטעלסטוואָ. כאַ־כאַ, איר פאַרשטייט, צי ניין?

האקיצער, שלעכט! וואָס טוט מען? אָט־אָט איז דער עקזאַמען, און אָט שטייט דער אָקאָלאָדאָטשנע און זאָגט: אָדער פּראַוואָזשיטעלסטוואָ, אָדער זײַ מויכל, מײדעלע, אהיים, — א פּאָר־פּאָר, נא באַרדיטשעוו, כאַ־כאַ!

אהין־אהער, עס האָט זיך געפונען, שטעלט אײַך פאָר, א גוטער־פרײַנט, א ייד א כאָכעם, און גיט איר אן אייצע... (לאַפּידוס בייגט זיך צו צו בעטין און רעדט שטיל) זי זאָל זיך פאַרשרײַבן... זי זאָל אַרויסנעמען... זײַט מיר טויזנט מאָל מויכל... נו, זי זאָל זיצן אף א געלן בילעט!.. איר פאַרשטייט, צי ניין?..

אויסער זיך בין איך געוואָרן, אז איך האָב עס דערהערט. און פון וועמען, מיינט איר, האָב איך עס דערהערט? טאַקע פון איר ברודער אליין! מאָלט אײַך, ער האָט זיך פון מיר ניט גענאַרט! ער האָט באַקומען פון מיר א רעכטע פאַרציע. „אום גאָטעס ווילן, זאָג איך אים, ווי קאָנסטו דאָס גאָר ברענגען פאַרן מויל? ווי קאָן דיר גאָר קומען אזא זאַך אף דער מאַכשאָווע?” נו, איז דען ניט גלײַכער, פרעג איך אײַך, טויזנט מאָל גלײַכער און לײַטישער און פּראַקטישער און ערלעכער אָפּזאָגן זיך אײנגאַנצן איין מאָל פאַר אלע מאָל, איידער אזוי, אזוי נידעריק פאַלן, אזוי זינקען מאָראַליש, וועלן מיר זאָגן, אַראָפּלאָזן זיך אין אָפּגרונט? כי?

ראַבינאָוויטש, וועלכער האָט זיך שטאַרק פאַרינטערעסירט מיט דער געשיכטע און איז, אייגנטלעך, געווען גאַנץ אײַנפאַרשטאַנדן מיט לאַפּידוסן, האָט נאָרוואָס אויפגעעפנט דאָס מויל, געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט אים לאַפּידוס מיט דער האַנט אָפּגעשטעלט, ער זאָל שווײַגן, ווײַל אין דער זעלבער מינוט האָט אויך בעטי אָנגעהויבן צו רעדן. זי האָט זיך געווענדט צו לאַפּידוסן, נישט קוקנדיק אף אים, נאָר אף דעם שפּיץ פון אירע אייגענע שיכלעך, און דאָך איז געווען צו באַמערקן, ווי איר שיין פּאָנעם האָט זיך באַגאָסן מיט א העליש פײַער:

— אלזאַ, וואָס זשע איז געוואָרן מיט אײַער כאַווערס שוועסטער? דאָס הייסט, איך מיין, וואָס האָט זי... וואָס האָט זי געטאָן?

דאָ האָט זיך לאַפּידוס אָפּגעשטעלט, צונויפגעלייגט די הענט אפן האַרצן מײַסע אַרטיסט און אָנגערופן זיך צו איר מיט א טראַגיש געלעכטערל:

— הערסטו? אָט דאָס פרעג איך דאָך בא אײַך! וויאַזוי קומט אויס נאָך אײַער פאַרשטאַנד? האַ? וועמעס אייצע האָט זי באַדאַרפט פאָלגן?

בעטי האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט און, קוקנדיק לאַפּידוסן גלײַך אין די אויגן אַרײַן, האָט זי אים אָפּגעענטפערט שאַרף, און איר ענטפער האָט זיך אויסגעוויזן, אז עס לאָזט זיך הערן, ווי א בייזער טאָן:

— איך באַדויער זייער אײַער באַקאַנטע... אײַער באַקאַנטנס שוועסטער. און אויב איר ווילט דורכויס וויסן מײַן מיינונג, דאַרף איך אײַך זאָגן, אז איך אף איר אָרט, וואָלט אײַער קלוגע, פּראַקטישע און ערלעכע אייצע געוויס נישט אָנגענומען!..

דאָס וואָרט „ערלעכע” האָט זי רעכט באַטאָנט און אונטערגעשטראָכן אזוי, אז לאַפּידוס האָט זי פאַרשטאַנען און פאַרביסן א ליפּ, כאָטש ער האָט זיך געמאַכט ווי ער לאַכט.

—אזוי זאָגט איר? כי?

— אזוי וועט אײַך זאָגן יעדע אײנציקע אף מײַן אָרט, וואָס האָט אין זיך א ברעקל ערן־געפיל, וואָס האָט אין זיך א פרײַע נעשאָמע, ניט קיין פאַרשקלאַפטע, מיט איין וואָרט, יעדע אײנציקע, וואָס מע קאָן ניט קויפן ניט פאַר קיין געלט, ניט פאַר קיין אַקושערסקי דיפּלאָם און ניט פאַר קיין שום דיפּלאָם אין דער וועלט!

דאָס דאָזיקע האָט בעטי אַרויסגערעדט מיט אזויפיל ערנסט און מיט אזא פײַער, אז ראַבינאָוויטש האָט זיך גאָר איבעראַנײַס גענומען שפּיגלען אין איר, זיך גאָרניט געקאָנט זאַט אָנקוקן און אָנהערן. זי האָט אים אויסגעוויזן נײַ. גאָר נישט דאָס טשיקאַווע מיידל מיט די כיין־גריבעלעך אין די בעקלעך און מיטן שעלמישן שמייכעלע, וואָס ער האָט דערזען דעמלט דאָס ערשטע מאָל, אז ער איז געקומען

דינגען דאָס צימערל. ער האָט זי נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי שיין, אַזוי גרויסאַרטיק שיין, ווי אין דער דאָזיקער מינוט. אירע שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן האָבן איצט געשפּריצט מיט פייער. אירע בעקלעך, וועלכע האָבן זיך נאָרוואָס געריטלט, ווי צייטיקע פערשקעס, האָבן זיך מיטאַמאָל איבערגעצויגן מיט אַ מאָדנע בלייכקייט, דאָס אייבערשטע ליפּל האָט עטוואָס געציטערט.

לאָפּידוס, וואָס האָט די גאַנצע צייט אויך זיך געשפּיגלט אין איר פּאָנעם און זי געגעסן מיט די אויגן, מעקאַנע געווען ראַבינאָוויטשן אַף זיין באַקאַנטער, האָט נישט געענטפערט איר דערויף גאָרנישט. ער האָט זיך נאָר געמאַכט ווי ער לאַכט, אויסגעבויגן די ברוסט נאָך מער, אויפגעהויבן די אַקסלען נאָך העכער און אָנגערופן זיך צו ראַבינאָוויטשן:

— זעט איר? איך האָב געמיינט, אַז ס'איז דאָ נאָר איין טומאַרקין אַזאַ שאַוויניסט. צום סאָף... שאַ! מע קלינגט שוין! — האָט ער אַ זאָג געגעבן, אָפּגעזעגנט זיך מיט זיי ביידע אָן הענט, נאָר מיט אַן עלעגאַנטן בייג איינן דעם קאָפּ און מיט אַ קלאַפּ מיט די פּיס, גאָר מיסע אָפּיצער, און איז פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער גרויסער הושעש פון די שפּאַצירנדיקע הין און צוריק איבערן פאָיע, וואָס האָבן זיך געלאָזט אַלע ווידער צוריק אין טעאַטער אַריין.

פון דעם, וואָס בעטי האָט דאָ נאָרוואָס אַרויסגעזאָגט, האָט אונדזער העלד אַרויסגעזען, אַז ער פאַרשפּאַרט שוין מיט איר רעדן דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט, און אַז ער דאַרף איר שוין זיין סאָד נישט אויפדעקן. ניין, איר מיינונג וועגן זיין פּלאַן איז שוין געווען אָפן פאַר אים ווי אַ בוך. אַלע זיינע שיינע לופטשלעסער, וואָס ער האָט ביז אַהער געבויט, האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן שאָקלען אַף צעפאַלן ווערן. אַלע זיינע גאָלדענע כאַלוימעס, וואָס ער האָט זיך מיט זיי אַרומגעטראָגן, האָבן זיך מיטאַמאָל אָנגעהויבן צעגיין ווי אַ רויך...

„ניט שוין זשע, — האָט ער זיך אַליין געפרעגט, גייענדיק מיט בעטין אונטער די הענט צוריק אַף זייערע ערטער אין פּאַרטער אַריין און פילנדיק די וואַרעמקייט פון איר לייב, — ניט שוין זשע וועט ער צוליב דעם, צוליב אַזאַ קלייניקייט, אייגנטלעך, פאַרלירן אַזאַ מין אוצר? ניט שוין זשע איז אַלצדינג פאַרפאַלן?.. ניין, — האָט ער זיך אַליין אָפּגעענטפערט גאַנץ פעסט, — ניין! דאָס קאָן ניט זיין! דאָס דאַרף ניט זיין! און דאָס וועט ניט זיין!!!"

דאָס פיר־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

## אַ שוואַרצע קאַץ

אַרויסגעגאַנגען פון טעאַטער, האָבן אונדזערע יונגעלייט דערזען פאַר זיך אַ נאַכט אַ שיינע, אָן אויסגעצייכנטע. איינע פון יענע שיינע, קאַלטע, נאָר ווייכע, ווייסע, ווינטערדיקע נעכט, ווען דער שניי ליגט אויסגעשפּרייט, ווי אַ פרישׁ אויסגעפּרעסטער לײַלעך, דער פראָסט שטשיפּלט בא דער נאָז, די שטערן זיינען רויטלעך־בלוי, שימערירן ווי בריליאַנטן, און אומעטום, וווּ דאָס אויג קאָן גרייכן, איז ווייס, ווייס און ווייס.

— טאָמער וואָלטן מיר בעסער געגאַנגען צופוס! — האָט ראַבינאָוויטש אַ זאָג געגעבן צו בעטין.

— בא מיר האָט איר געפּויעלט, — האָט אים בעטי געענטפערט, באַגאָסן מיט אַ קוק פון אירע אויגן, וואָס האָבן אים געשיינט אין דער נאַכט ווי גלאַנצנדיקע שטערן. זי האָט אים געגעבן איר האַנט, און ביידע האָבן זיי זיך געלאָזט באַרג־אַראָפּ, מער געגליטשט זיך ווי געגאַנגען. און כאָטש דער הימל איז געווען לויטער, האָבן איינציקע שנייעלעך זיך אָפּגעריסן ערגעץ פון דער הייך, געטראָגן זיך ווי פעדערלעך אָפן שיין פון די גאַס־לאָמפּן, זיך געדרייט און געקאַטשעט זיך און פּאַוואָלינקע געפאַלן אַראָפּ אָפן פריער אָנגעשאָטענעם, גוט־איינגעריבענעם און איינגעטראָטענעם שניי.

עס איז געווען קימאַט וואַרעם. ווייניקסטנס אַזוי האָבן עס געפילט אונדזערע יונגעלייט, וואָס זיינען געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, זיך געהאַלטן בא די הענט און געגליטשט זיך, אין געגליטשט זיך, און געלאַכט, אַ סאַך געלאַכט, וואָרעם זיי זיינען עטלעכע מאָל שיר־שיר ניט געפאַלן. און בא יעדן מאָל, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעגליטשט אַף צו פאַלן, האָט זיך בעטי צוגעטוליעט צו איר קאַוואַלער אַלץ נעענטער און נעענטער, און ער איז געווען שטאַרקער פון אייזן, אַז ער האָט זיך געקענט באַהערשן ניט אַרומנעמען זי מיט ביידע הענט, צודריקן איר פּאָנעם צו זיין פּאָנעם און אויסקושן איר ביידע בעקלעך, פאַרוויטלטע פון פראָסט.

אין דער מינוט האָט ראַבינאָוויטש שוין גאָר פאַרגעסן, וואָס ער האָט אָט דאָ ניט לאַנג געהערט פון איר אין טעאַטער. עס איז געווען גענוג, ער זאָל בלייבן מיט איר אויג אַף אויג איין מינוט, זיין

נאָענט לעבן איר, פילן איר נאָענטקייט לעבן זיך, אז ער זאָל פאַרגעסן אלצדינג אױף דער װעלט! װאָס גייט אים אָן אצינד ייִד, קריסט, גלויבן און נאָך אזעלכע זאכן, אז איר האַנט איז בא אים, אז ער פילט, װי זי אָטעמט, אז ער הערט, װי עס קלאַפּט איר האַרץ?.. אַװעק, אַװעק אלע מאכשאָװעס און געדאַנקען! ער װייסט נאָר אײנס: ער האָט ליב זי, און זי האָט ליב אים — דאָס איז קלאָר, װי אָט דער דאַזיקער קלאָרער הימל, װאָס איבער זיי, װי אָט דער דאָזיקער קלאָרער שנײ, װאָס סקריפּעט אונטער די פיס. ניין! מע דאַרף זיין שטאַרקער פון אײַזן, מע זאָל זיך קאָנען באַהערשן — ניט ארומנעמען אָט דאָס שיינע מיידל מיט ביידע הענט, צוריקערן איר פּאָנעם צו זײַן פּאָנעם און אויסקושן איר ביידע בעקלעך, פאַרװיטלטע פונעם פראָסט...

...און עס קאָן זײַן, אז ער װאָלט זיך טאַקע ניט באַהערשט און װאָלט זי עפּשער טאַקע ארומגעכאַפּט קושן אין דער דאָזיקער נאַכט, װען בעטי זאָל זיך ניט געװען פּלוצעם צעלאַכן אױף א קאָל, פאַרװאַרפן דעם קאָפּ צוריק:

— אָט א קאָמיק!

— װער?

— אָט דער לאַפּידוס אײַערער.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, א קוק געגעבן אױף איר.

— מיט װאָס, אײַגנטלעך?

— מיט אלעם. ער און די געשיכטע זײַנע, װאָס ער האָט דערציילט, כאַ־כאַ־כאַ!

ער איז מיטאמאָל װי פונעם הימל אראָפּגעפאַלן. איר הילכיק געלעכטער האָט אים א ביסל פאַרדראָסן: „שױן זשע האָט די דאָזיקע טרויעריקע געשיכטע געקאָנט ארויסרופן בא איר נאָר א געלעכטער?..”

און ניט־װילנדיק קומען אים זײַנע שטענדיקע מאכשאָװעס װעגן ייִדן, און ער טראַכט זיך: „א מאָדנע פאָלק דאָס איז!.. װינציק ראַכמאָנעס בא זיי אײנס אױף דאָס אנדערע... אַפּאָנעם, געװוינט געװאָרן צו צאָרעס, אַזױ אז עס רירט זיי שוין ניט קיין זאַך?.. א מאָדנע פאָלק!”



דער פֿראָכט פֿון דער דאָזיקער זעלטענער נאַכט איז מיטאַמאָל פֿאַרשווּנדן געוואָרן. א שוואַרצע קאַץ איז צווישן זיי דורכגעלאָפֿן. ער קאָן זיך שוין מער ניט אײַנהאַלטן. ער מוז, ער מוז איר אַרויס־זאָגן דאָס, וואָס ער טראַכט וועגן איר. ער זוכט ווערטער אַף אַרויסצוזאָגן איר וואָס ווייכער. זי זאָל זיך ניט געפֿינען באַליידיקט. מיט איר באַדאַרף מען זײַן פֿאָרזיכטיק: זי איז א קאַפּריזנע מיידל...

— ניט שוין זשע וועט זיך ניט געפֿינען בא אײַך קיין קאָפּ ראַכמאָנעס? קיין טראָפּן מיטגעפֿיל?..

בעטי קוקט אים ניט אין די אויגן אַרײַן, זי קוקט אַרויף אינעם אויסגעשטערנטן ווינטערדיקן הימל אַרײַן.

— ראַכמאָנעס? מיטגעפֿיל? מיט וועמען? מיט אָט דעם געלן, נידעריקן, מיִעסן, קליינעם מענטשעלע, וואָס האָט אונדז פֿאַראַטן, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿון אונדז, וואָס האָט פֿאַרקויפֿט זײַן גאָט און זײַן פֿאָלק פֿאַר א בלויען מונדיר מיט א בראָנזן שווערדל? כאַ־כאַ־כאַ!

ניין. בעטיס קלינגענדיקער בייזער געלעכטער אין דער דאָזיקער אויסגעצייכנטער ווינטער־נאַכט האָט ווינציק האַרמאָנירט מיט דער שטימונג פֿון אונדזער העלד, וואָס איז געווען גרייט א מינוט פֿריִער צוצופֿאַלן איר צו די פֿיס און בעטן זי, אַז זי זאָל זײַן זײַנע, זײַנע אַף אייביק. ניט שוין זשע איז אַלצדינג פֿאַרפֿאַלן? פֿאַרלוירן? ע! ס'איז נאָך דאָ צײַט... און איצט איז די צײַט... ער מוז איר אַרויס־זאָגן דאָס, וואָס ער טראָגט אַפֿן האַרץ שוין אַזוי לאַנג... עס מוז דאָך אַמאָל האָבן א סאָף... ניט הײַנט, איז מאָרגן — דער עמעס וועט דאָך מוזן אַמאָל אַרופֿשווימען!..

און ער פֿאַרקוקט איר אין די אויגן אַרײַן און רופֿט זיך אָן צו איר ווייך און שטיל:

— בעטי... איך וויל אײַך עפּעס פֿרעגן... איר זאָגט: ער האָט פֿאַרקויפֿט זײַן גאָט צוליב א בלויען מונדיר. ווי וואָלט זײַן, אַשטייגער, ווען ער טוט דאָס צוליב אַן אַנדער זאַך?..

בעטי דרייט זיך אויס צו אים מיטן פּאָנעם:

— צום בײַשפּיל?

ראַבינאָוויטש האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגענומען בעטין פֿאַר ביידע הענט און אַרײַנגעקוקט איר טיף אין די אויגן אַרײַן:

— צום בײַשפּיל, ווי וואָלט געווען, ווען איך האָב אײַך ליב, און איר האָט ליב מיך, און איר ווערט געוויר, אַז איך...

בעטי האָט אים א קוק געגעבן אין די אויגן אַרײַן, און, ווי עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, איז א בייז שמייכעלע דורכגעלאָפֿן אַף אירע ליפּן.

— וואָס קווענקלט איר זיך? איר ווילט זאָגן, וואָס וואָלט געווען, ווען איך ווער געוויר, אַז איר ווילט טאָן דאָס, וואָס אײַער כאַווער לאַפּידוס?..

— ניין, נישט דאָס! נישט דאָס! נאָך ערגער! — האָט ער געוואָלט אַרויסשרײַען, און האָט אָנגענומען זי בא די הענט נאָך שטאַרקער. האָט זי זיך פּלוצעם אַרויסגעריסן פֿון אים און געלאָזט זיך לויפֿן פֿײַל אויסן בויגן. ער נאָך איר.

— בעטי! פֿרײַלן שאַפּיראָ! בערטאַ דאַווידאָוונאַ!

נאָר וויפֿל ער האָט זי ניט גערופֿן, וויפֿל ער האָט זי ניט געבעטן, זי זאָל זיך אָפּשטעלן אַף א מינוט, אַף איין מינוט, ער דאַרף איר עפּעס זאָגן, א וואָרט, נאָר איין וואָרט, מער נישט! — עס האָט נישט געהאָלפֿן קיין זאַך. זי האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און נישט געוואָלט הערן, וואָס ער וועט איר זאָגן, פֿאַרשטעלט אַזש מיט ביידע הענט די אויערן, און אָט אַזוי זײַנען זיי געקומען צו לויפֿן אַהיים ביידע רויט, אויפֿגערעגט און פֿאַרסאָפּעט.

— ש־ש־ש... גאָט איז מיט אײַך! — האָט זיי סאָרע שאַפּיראָ באַגעגנט, באַוויזן מיט דער האַנט אַפֿן מויל, ס'זאָל זײַן שטיל, וואָרעם מע שלאָפֿט שוין. — וואָס זענט איר עס אַזוי געפֿלויגן פֿײַל אויסן בויגן. גלײַך ווי עמעצער יאָגט זיך נאָך אײַך?.. און וואָס עפּעס צופּוס?

בעטי האָט אויסגעטאָן דאָס היטעלע, אַראָפּגעצויגן די הענטשקעלעך, קלוימערשט געלאַכט, נאָר דאָס פּאָנעם איז איר געווען בלאַס און די אויגן האָבן געגלאַנצט מיט א מאָדנע פֿײַערל.

— ווער האָט דיר געזאָגט, אַז מיר זײַנען געפֿלויגן פֿײַל אויסן בויגן, מאַמע? און פֿונוואַנען ווייסטו, אַז צופּוס?

א שיינע מײַסע, פֿונוואַנען סאָרע ווייסט! וואָס איז? זי האָט דען אַזאַ האַרטן שלאָף? זי האָט דען ניט געהערט, ווי זיי לויפֿן איבערן שניי? זי איז דאָך ניט דער טאַטע, וואָס אַז ער קומט פֿון געשעפֿט, עסט ער וועטשערע און פֿאַלט אַנידער ווי א סנאָפּ און ווערט אַנשלאָפֿן ווי א געהאַרגעטער...

א ביסל איז דאָ געווען ניט עמעס: סאָרע האָט אַפּילע נישט געקלערט לייגן זיך שלאָפֿן. זי איז געזעסן באַם פֿענצטער האַלב־אויסגעטאָן און לאַנג אַרויסגעקוקט אַף די קינדער, קוים דערוואַרט זיך, זיי זאָלן שוין קומען. און אַז זיי זײַנען געקומען און זי האָט א קוק געגעבן דער טאָכטער אין די אויגן אַרײַן, האָט זי שוין דערזען, אַז צווישן איר און צווישן דעם קוואַרטיראַנט איז עפּעס פֿאָרגעקומען...

די גליקלעכע מוטער האָט געדעכנט ניט אנדערש, אז אין טעאַטער, אָדער גייענדיק פון טעאַטער, האָט ער זיך שוין דערקלערט פאר איר טאָכטער...

— בעטי! וואָס איז געשען? — האָט זי א פרעג געגעבן בא דער טאָכטער, נאָך דעם ווי דער קוואַרטיראַנט האָט זיך שטילערהייט אָפּגעזעגנט מיט זיי און אױף די שפּיץ פינגער אַפּגעגאַנגען צו זיך אין זײַן כיידערל אַרײַן.

— וואָס זאָל געשען? — האָט איר די טאָכטער אָפּגעענטפערט קאַפּריזנע, ווי אַלעמאָל, — גאָר־ניט איז געשען... א גוטע נאַכט.

— א גוטע נאַכט. שלאָף געזונט.

סאָרע האָט געוווּסט, אז ס׳איז ארויסגעוואָרפן: וואָס מער זי וועט זיך נאָכפרעגן, אַלץ ווייניקער וועט זי בא איר ארויסבאַקומען. האָט זי אויסגעקנאַקט אַלע פינגער און מיט א האַרץ, פול האָפענונג, געגאַנגען שלאָפן, ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם, וויאַזוי אז גאָט וויל, קומט דאָס אין שטוב אַרײַן...

---

דאָס פינף־און־צוואַנציקסטע קאַפּיטל

# א האַרץ, פול מיט צאָרעס

אז די שאַפּיראָס האָט גאָט צוגעשיקט א גליק אין שטוב אַרײַן, עפּעס זייער א רײַכן קוואַרטי־ראַנט, א סטודענט, וואָס שאַדכנט זיך צו דער טאָכטער, — דאָס האָט געוווּסט קימאַט די גאַנצע ייִדישע גאַס פון איין עק ביזן אַנדערן. פון דעם האָבן גערעדט אַלע נאָענטע שכיינים און באַקאַנטע, פרײַנט און גוטע־פרײַנט.

סאָרע אַליין האָט דאָס טכילעס געהאַט אויסגעפּויקט איבער דער שטאָט, אויפגעריסן די אויגן פון די דאָזיקע „גוטע־פרײַנט", וואָס זײַנען איר מעקאַנע געווען אָן א שיר. דאָס הייסט, זי האָט זיי ניט געזאָגט, אז עס האַנדלט זיך וועגן א שידעך, כאָלילע, זי איז גאָר ניט אַזאַ נאַר. נישט מער, זי האָט נאָר דערציילט, וואָס פאר א קוואַרטיראַנט גאָט האָט איר באַשערט, א קוואַרטיראַנט, און א קעסטניק, און א רעפּעטיטאָר, „א טאַטנס א קינד", וואַקסט פון גווירים...

דאָ האָט זי זיך אָנגעבויגן אפן אויער און אײַנגערוימט שטילערהייט א סאָד איטלעכן באַזונדער מיט האַלבע ווערטער:

— א רײַכע מומע... שיקט אים איבער מאַסן גאָלד!.. וואָס, מישטיינס־געזאָגט? א ייִדענע אַן אַלמאָנע, א מיליאָנערשע, אָן קינדער... איינער... איין־און־איינציקער!..

די לעצטע ווערטער זאָגט זי אַרויס הויך אױף א קאָל, באַווײַזט מיט א פינגער, וואָס פאַר איין־איינציקער ער איז, און די אויגן לויכטן, און דאָס פּאָנעם שײַנט איר, ווי די זון אום טאַמעז.

און די „גוטע־פרײַנט" הערן זי אויס מיט א פרײַנטלעך שמייכעלע, און אז זי קערעוועט אַוועק, זאָגן זיי איינס צום אַנדערן:

— נו? דאַרף מען זײַן קלוג? מע דאַרף נאָר האָבן מאַזל, וואָרעם אז ס׳איז באַשערט א גליק, טרעפט עס אײַך גלײַך אין שטוב אַרײַן. ווען וואָלטן די שאַפּיראָס אַפילע א האַסאָגע געהאַט אױף אַזאַ כאָסן?..

— א כאָסן? ווו שטייט עס? פונוואַנען ווייסט מען שוין, אז ס׳איז א כאָסן? א כאָסן איז דער, וואָס שרײַבט טנאָים, ברעכט טעלער, אַזויווי גאָט האָט געבאָטן... הערט איר? מע האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן: עס כאָסנט זיך און כאָסנט זיך, און קומט צו עפּעס — א נעכטיקער טאָג...

און נאָך קעדוימע אַזעלכע דיבורים זײַנען געווען אױף דער ייִדישער גאַס, וואָס האָט, אייגנטלעך, צו די שאַפּיראָס ניט געהאַט גאָרניט, כאָלילע, נישט אין זינען געהאַט זיי צו באַרעדן, נאָר גלאַט אַזוי נישט פאַרגונען, פאַרוואָס קומט זיי, אַזעלכע קליינע מענטשעלעך, אַזאַ גליק? און אַזוי גרינג! אָן בויכווייטיק!

— עט! נאַט אײַך א גראָשן! פונוואַנען ווייסט מען דאָס, אז ס׳איז טאַקע אַזאַ גליק? זעט נאָר, אויב די גאַנצע מײַסע מיט דער מומע און מיט דער יערושע איז ניט קיין אויסגעטראַכטע מײַסע?..

— כאַ־כאַ, זעט איר, דאָס איז א געדאַנק!

— אויב אַזוי, איז דאָך נעבעך א גאַנץ ראַכמאָנעס אי אױף די שאַפּיראָס, אי אױף זייער טאָכטער.

— וואָס קאָן מען העלפן? ס׳איז א גאַנץ זאַך...

דאָס איז אָבער אַלץ געווען הינטער די אויגן. אין די אויגן איז מען געווען טאַקע גוטע־פֿרײַנט, ווי גוטע־פֿרײַנט באַדאַרפֿן זײַן. געגאַנגען אײנער צום אַנדערן צוגאַסט, אַמאָל אָפּגערנאַכט אַף א „זעקס און זעכציק", אַמאָל שאַבעס באַטאָג א ביסל זיצן, אַמאָל אַזוי אַף א גלעזל טײ, געבעטן, די שאַפּיראָס זאָלן קומען מיטן קוואַרטיראַנט אײנײנעם. „וואָס וועט ער זיצן אײנער אַלײן?"...

שפּעטער־שפּעטער האָבן גוטע־פֿרײַנט אָנגעהויבן געבן אָנצוהערעניש:

— איך בעט אײַך, וואָס מעדלעוועט איר אַזוי? פֿאַרוואָס לאָזט איר זיך ניט הערן שוין מיט עפּעס א סימכע? א קערמעשל? א מאַזלטאָוו? צי וועלכע גוטע יאָר?

די שאַפּיראָס האָבן עס אויסגעהערט קלוימערשט מיט א צופֿרידן שמײכעלע, גלײַך ווי דאָס איז שוין אַן אָפּגערעדטע זאַך, און בעעמעס האָבן זײ געוווּסט וועגן דעם צו זאָגן פּונקט אַזױפֿיל, וויפֿל אַנדערע האָבן געוווּסט, אויב ניט ווינציקער נאָך. „הײַנטיקע קינדער, מישטײנס־געזאָגט, — זײ וועלן דען עפּעס זאָגן? אָדער זײ וועלן דען דערלאָזן, אַפֿילע א וואָרט מע זאָל רעדן וועגן דעם?"... און ווער שמועסט פֿון יענעם אָוונט אָן, וואָס זײ זײַנען געווען אין טעאַטער, איז בעטי גאָר מעשוגע געוואָרן... אָסער, אויב סאָרע הײבט אָן צו פֿאַרשטײן, וואָס טוט זיך מיט איר טאָכטער...

אַנומלטן האָט זי געוואָלט מאַכן מיט איר א רײד וועגן „וואָס הערט זיך עפּעס", — האָט איר בעטי אָוועקגעגעבן א „וואָס הערט זיך עפּעס", אַז זי וועט שוין פֿאַרזאָגן א צענטן!..

— מאַמע! — האָט זי צו איר געזאָגט אַזוי בײז, גלײַך ווי מע וואָלט זי וועלן קוילען. — טאָמער פֿרעגסטו מיך וועגן דעם נאָכאַמאָל, וועסטו זען, וואָס ס'וועט זײַן!..

— שאַ־שאַ! קוק זי אָן! מע האָט איר אָנגערירט דעם האָנער! פֿאַרטשעפּעט מיט א וואָגן הײ? דער טאַטע מיט די בײנער!.. דאָוויד שאַפּיראָ האָט דיך געלאָזט גריסן!..

— וואָס איז עפּעס געקומען צו רײד דאָוויד שאַפּיראָ, אַשטײגער, קעדוימע לעמאַשל? — פֿרעגט דאָוויד, אַרײַנקומענדיק גיך, ווי אַלעמאָל, אָן א קלונג, און אַקוראַט דעמלט, ווען מע דערמאָנט זײַן נאָמען צו־גוטן.

סאָרע זוכט אויס אָן אויסרײד, א פֿוילן טערעץ. דאָוויד ווײסט, אַז ס'איז א פֿוילער טערעץ, און עס גײט אַוועק צווישן זײ א לאַנגער שמועס מיט שטעכווערטער און מיט צונעמענישן, און מע גיט זיך אָפּ קאָוועד ווי זײער שטײגער איז: ער איר — „בעהיימע", זי אים — „שאַלאָווילע". ער איר — „סאָטע ציג", זי אים — „ווינטמיל", ער איר — „נײַן מאָס רײד", זי אים — „שאַפּיראָ". און כאָטש דער נאָמען שאַפּיראָ איז בא זײ בײדן, אײגנטלעך, א גאַדלעס, וואָרעם דאָוויד זאָגט, אַז ער קומט אַרויס פֿון די עמעסע שאַפּיראָס, פֿון די „סלאַוויטער", — נאָר סאָרע רעדט אַרויס דעם דאָזיקן נאָמען מיט אַזא טאָן, אַז מע דאַרף פֿון אים פֿאַרשטײן, אַז דאָוויד קומט אַרויס פֿון די סלאַוויטער שאַפּיראָס פּונקט אַזוי, ווי איר, לעמאַשל, קומט אַרויס פֿון דאָוויד האַמעלעך, — און דאָס רײצט אויף דאָווידן מיט סאָר־קאָנעס־נעפֿאָשעס, און ער איז גרײט דעמלט זי צערײַסן אַף שטיקלעך. כאַפּט ער אָפּ דאָס עסן אַף אײן פֿוס, טוט א האַק מיט דער טיר און לויפֿט אַוועק אין געשעפֿט אַרײַן.

נאָר דאָס זײַנען אַלץ זאַכן הײמישע. מאַן און ווײַב קריגן זיך און בעטן זיך איבער. צאָרעס פֿון קינדער טרעפֿן איבער אַלעס. סאָרע שאַפּיראָ טראָגט א פֿול האַרץ מיט צאָרעס און קאָן דערצו גאָר־נישט טאָן. סאָרע איז, ווי זי אַלײן זאָגט אַף זיך, „א מײוון אַף א טשאַד". זי איז ניט בלינד. זי זעט גאַנץ גוט, אַז איר טאָכטער מיטן קוואַרטיראַנט שפּילן א ראָמאַן נישט אַף קאַטאָוועסן, נאָר א שטילן ראָמאַן, אָן ווערטער. און א ראָמאַן אָן ווערטער טויג ניט. פֿון א שטילן ראָמאַן קומט קײן גוטס ניט אַרויס... אַזוי האַלט סאָרע, און קײן מענטש אין דער וועלט וועט זי ניט איבערשפּאַרן און באַווײַזן, אַז זי האָט א טאָעס, מע דאַרף זען, אַז די שטומע זאָלן באַקומען לאָשן און די שווײַגנדיקע זאָלן אָנהײבן רעדן. נאָר ווי־אַזוי מאַכט מען דאָס?

סאָרע שאַפּיראָ האָט זיך געריסן עטלעכע מאָל אַלײן מאַכן א רײד מיטן יונגנמאַן וועגן „אַכצן און דרײַצן"... איז איר נישט אויסגעקומען. מע זאָל כאָטש קאָנען דורכשמועסן זיך מיט אים אַף אונדזער ייִדיש לאָשן, וואָלט זי שוין ווי־עס־איז אַרויף מיט אים אַפֿן רעכטן וועג... אַזוי אָבער, אַז די צונג איז אין גאָלעס, גײ מאַך!..

ווידער זשע אַרופֿירן דערויף דעם מאַן, אַז דאָוויד אַלײן זאָל מיט אים רעדן, איז אַזוי מעגלעך, אַשטײגער, ווי צוציִען דעם הימל צו דער ערד. אַן אַקשן און א גאַדלען דערצו. וואָס קאָן שוין זײַן ערגער פֿון א באַלגײַווע? עס שטײט אים ניט אָן, זאָגט ער, ווען ער זאָל אַפֿילע וויסן, אַז דער גאַנצער מיליאָן זאָל אַרײַנפֿאַלן אָט באַלד גלײַך אָט צו אים אַהער! (דאָוויד באַווײַזט צו זיך אַף דער בוזעם־קעשענע). ער וויל ניט, זאָגט ער, אַז מע זאָל מײנען, אַז ער שלאָגט זיך אָן מיט זײַן טאָכטער צוליב געלט. ער קאָן באַשטײן, זאָגט ער, וואַרטן, ביז דער יונגערמאַן וועט קומען צו אים און וועט אים זאָגן: גאָספּאָדין שאַפּיראָ, איר זאָלט וויסן זײַן, אַז איך האָב ליב אײַער טאָכטער, און אײַער טאָכטער האָט ליב מיך, און מיר בעטן אײַך, איר זאָלט אונדז בענטשן, ס'זאָל זײַן מיט גליק, און אַזוי ווײַטער..."

— האַלעווײַ, ריבוינעשעלוילעם, פון דײַן מויל אין גאָטס אויערן! — זאָגט סאָרע מיט א טיפן זיפץ און קנאַקט זיך אויס אַלע פינגער. טראָגט שטילערהייט אין זיך דעם ווייטיק, ניטאָ אפילע פאר וועמען דאָס האַרץ אויסצורעדן.

סאָרע ווייסט, אז די אייגענע צאַרעס טראָגט איך דער מאַן אירער טיף בא זיך אין האַרצן, נאָר ער וועט ניט זאָגן קיין וואָרט אפילע, וואָרעם ער איז דאָך א שאַפיראָ, פון די עמעסע, פון די „סלאַ־וויטער" שאַפיראָס, — א קלייניקײַט?!..

דאָס זעקס־און־צוואַנציקסטע קאַפיטל

## צוויי מאַמעס

די אייציקע, פאר וועלכער סאָרע קאָן זיך אמאָל יאָ אויסרעדן איר האַרץ, איז איר שוועגערן, טויבע פאַמיליאַנט, איר דאָווידס עלטערע שוועסטער, א ייִדענע מיט א פּאַריק און מיט א האַלדז פּערל.

אַליין נישט אזא גרויסע צאַדייקעס, נאָר א כאָסידס א ווײַב, פירט טויבע א כסידישע שטוב, און ווײַל זי איז א נעגידעס און דאָווידס אַן עלטערע שוועסטער, דעריבער נעמט זי זיך דאָס רעכט זאָגן דייעס איר ברודער און זײַן ווײַב סאָרען, וויאַזוי זיי זאָלן זיך פירן מיט די קינדער, און צי עס העלפט, צי עס העלפט ניט, פאַרהאַלטן, אויסזעצן כעסרוינעס און זאָגן מוסער, אָן א שיר מוסער.

דערצו האָט גאָט געשענקט אָט דער טויבען א פּענעמל פון א רעבעצן מיט צונויפגעשנורעוועטע ליפּעלעך, און א קאָל פון א זאָגערן, א ווייכע, שטילע, גלאַטע שטים, ווי אָף בוימל.

דאָוויד האָט ניט ליב די שוועסטער זײַנע — און זי ווייסט עס — ער רופט זי ניט מיט קיין אנדער נאָמען, אויסער „די רעבעצן", און בעטי האָט פײַנט איר מומע טויבע, ווי דעם טויט, נאָר דער־פאר, וואָס זי האָט א צו גלאַנצנדיקן שטערן. און אויב מע הערט אויס אירע בוימלדיקע דראָשעס מיט איר מוסער זאָגן, און אויב מע קומט צו איר אַלע שאַבעס און יאָמטעוו צוגאַסט, — איז נאָר פון יויצע וועגן, ווײַל זי איז די נעגידעס אין דער מישפּאָכע...

נאָר איין סאָרע קאָן מיט איר אויסקומען, ווײַל די צוויי מאַמעס, וואָס האָבן ביידע צאָרעס פון קינדער, ווייסן איינס בא דאָס אנדערע, וואָס אין האַרצן טוט זיך... טויבע ווייסט, אז סאָרע ווייסט, אז טויבעס ייִנגערע טאָכטער איז געווען פאַרליבט אין א פּראָוויזאָר, און אז זי אַליין, טויבע הייסט עס, האָט מיידלווײַז איך געפירט א ראָמאַן מיט א באָכער, וואָס האָט נאָכדעם אויסגעלאָזט זיך, אז ער איז א שאַרלאַטאַן, אַן אויסוואורף, און אז מע האָט זי מיט גוואַלד אויסגעגעבן אין א כסידיש הויז, ווו זי איז פאַרכאָסידאַרעט געוואָרן... און סאָרע ווייסט, אז טויבע ווייסט, אז זי, סאָרע, האָט אמאָל מיט איר ברודער דאָוויד געהאַלטן בא אַנטלויפן אין אַן אנדער שטאָט שטעלן א כופּע...

איצט זײַנען זיי ביידע מאַמעס, און ביידע האָבן זיי קינדער, און ביידע גיבן אכטונג אָף זייערע קינדער, אז זיי זאָלן, כאָלילע, ניט אוועק אין שלעכטן וועג און זאָלן טאָן, וואָס דער טאַטע הייסט און וואָס די מאַמע הייסט, און באַגעגענען זאָלן זיי זיך מיט דעם, וואָס זיי שטייט אָן, און ליב האָבן זאָלן זיי נאָר דעם, וואָס זייערע מאַמעס ווילן...

**נישטאָ קיין מער רירנדע סצענע, ווי אז אזעלכע גאָטספאָרכטיקע ווײַבער, ערלעכע געטרײַע מאַ־מעס, קומען זיך צונויף און עס פאַרבינדט זיך בא זיי א שמועס פון „אוי" און פון „איַ" און פון „אַך", און פון „נעשאָמעניו, האַרצעניו, ליובעניו!"...**

— וואָס זשע הערט זיך עפּעס, סאָרעלע־קרוין?

— אוי, וואָס זאָל זיך הערן, טויבעניו, האַרצעניו! נאָך אַלץ פון פאָרנט... נישט א רוק געגעבן זיך, איר זאָלט זאָגן, אָף א האָר אפילע.

— נישט גוט, סאָרע, נישט גוט. איר זענט א מאַמע, דאַרפט איר זען, מימאָנעפשעך, אָדער אהין, אָדער אהער...

— איַ, טויבעניו, נעשאָמעניו, איר זאָלט זאָגן אזא זאַך? איר האָט אַליין קינדער... איר האָט אַליין טעכטער...

— וואָס וועט מען זאָגן אָף מײַנע טעכטער? אָף מײַנע טעכטער וועט מען נישט זאָגן גאָרניט. מײַנע טעכטער, באָרעכהאשעם, קענען זיך ניט מיט קיין סטודענטן, גייען ניט מיט קיין פרעמדע יונגעלײַט אין טעאַטער... שאַ! איר דאַרפט אײַך ניט געפינען באַליידיקט, סאָרע־לעבן... איך מיין דאָ

ניט, כאָלילע, קיין שלעכטס... איך ווייס, אז אײַער בערטע איז אן ערלעך קינד. א קאָשער קינד. זי קומט ארויס פון די שאפיראָס, פון די עמעסע, פון די סלאָוויטער שאפיראָס... און דער יונגערמאַן, אָט דער ראַבינאָוויטש מיין איך, איז מיר דאפקע געפעלן. איך האָב אײַך שוין געזאָגט וויפל מאָל, ער ווײַזט אויס א טאטנס א קינד צו זײַן... נישט מער איין זאך, וואָס ער איז א ביסל שוואכלעך אין יידיש... מײַן שלוימע זאָגט, אז ער איז גאַנץ שוואך! פונדעסטוועגן האלט פון אים מײַן שלוימע אן אוילעם אומלאָע. ער האָט מיט אים א פאָר מאָל א רעד געגעבן, זאָגט ער, אז ער איז א ווילער באָכער און א ווארעמער ייִד. דאָס הייסט, פון יידן איז ער ווײַטלעך, נאָר א פּאטריאָט איז ער א הייסער, זייער א הייסער! איר וואָלט באַדארפט זען, סאָרע־לעבן, אז צו פייסעך־צו זאָל עס האָבן אן עק, און ארום שאבעס נאָך שווּעס, אימירצעשעם, א קלער טאָן וועגן א כופּע...

— שאבעס נאָך שווּעס? אוי, טויבעניו, הארצעניו, האלעווײַ כאָטש כאָצי עלעל, אָדער איבערא־יאָר שאבעס כאַנעקע, וואָלט איך אויך געווען צופרידן!.. דעריקער, איך זאָל שוין דערלעבן הערן פון אים אָדער פון איר דאָס גוטע וואָרט... איז אָבער איין קאָל מיט איין אוינע. מע רעדט אליין ניט און מע לאָזט יענעם ניט רעדן.

— אליין שולדיק! אליין שולדיק ארום און ארום! ווי דער מענטש נעמט זיך פאָר, אזוי העלפט אים גאָט. און דאָס, וואָס מיר האָבן געזייט, דאָס שנײַדן מיר... איצט דארף מען זען עפּעס טאָן. א מענטש דארף טאָן, און גאָט דארף העלפן... איר זאָלט מיך וועלן פאָלגן, וואָלט איך אײַך, סאָרע־לע־קרוין, יאָ געגעבן אן אייצע.

— אוי, אדעראבע, טויבעניו, נעשאָמעניו, גיט עפּעס א רעכטע אייצע!

— די אייצע איז, סאָרע־לעבן, א פּראָסטע אייצע, און דאכט מיר, א גלײַכע, וואָס גלײַכער קאָן שוין גאָר ניט זײַן. איך וועל איבעררעדן מיט מײַן שלוימען. מײַן שלוימע איז, באָרעכהאשעם, א מענטש, וואָס קאָן רעדן מיט א מענטשן, כאָטש ער טראָגט די לאַנגע קאפּאָטע מיטן ברייטן טאלעסקאָטן. נו, אלזאָ, אזויווי עס גייט צו יאָמטעוו, מיר האָבן נאָך עטלעכע טעג צו פורים, און פורים צו דער סודע וועט איר דאָך מיסטאמע קומען אלע מיטן קווארטיראנט אינײַנעם, גאָר אָן א שום טערעץ, איר וועט קומען, אימירצעשעם, אלע! וועט מײַן שלוימע אוועקרופן דעם יונגנמאַן אף א סאָד אין א באַזונדערן אלקער: „אזוי און אזוי איז די מײַסע, באָכערל", — איר פארשטייט?

— אוי, זאָלט איר מיר געזונט זײַן, טויבעניו, ליובעניו! איך האָב נאָר מוירע פאר איין זאך: דאָס הייסט, פאר אים בין איך רויִק. ער איז א מענטש אָן א גאל, איך זאָל האָבן אזא יאָר, וואָס פאר א יונגערמאַן דאָס איז! וואָס איר ווילט, קאָנט איר מיט אים מאכן. נאָר זי — וואָס וועט איר מאכן מיט איר?

— ווער הערט זי? ווער פרעגט בא איר? איז אײַנמאָל אוועק. און צווייטנס, זענט איר דאָך עפּעס א מאמע, צי ניין?

— אײַ, טויבעניו, טויבעניו! איר זאָלט דאָס זאָגן! מיר דאכט, איר זענט אליין א מאמע... איר האָט אליין קינדער...

— קינדער? וואָס וועט מען זאָגן אף מײַנע קינדער?..

דאָ ווערט איבערגעכאַזערט די אייגענע רעפּליק. וואָס פריִער, און ביידע מאמעס זײַנען גרייט צו ציִען זייער דיִאלאָג ווײַטער, פליט ארײַן דער קליינער סיאָמקע פון דרויסן מיט א געוויין: וואָלאָדקע האָט אים געשלאָגן. געשפּילט־געשפּילט אין שנייעלעך מיט וואָלאָדקען און צעהארגעט זיך.

— א, ניט געדאכט זאָל ווערן אָט דער וואָלאָדקע! — זאָגט סאָרע און כאפּט ארום איר סיאָמקען קושן.

— ווער איז דער וואָלאָדקע? וואָס פאר א וואָלאָדקע? — פרעגט זיך נאָך טויבע פאמיליאַנט בא איר שוועגערן.

— א רעשטל צו די צאָרעס! — ענטפערט איר סאָרע און ווישט אויס סיאָמקען די אויסגעשמיר־טע הענטלעך. — מיר האָבן דאָ א שכיינע אין צווייטן הויף, א גאָיע, קיריליכע רופט מען זי. האָט זי א שערעץ פונעם ערשטן מאַן, רופט מען אים וואָלאָדקע...

טויבע פאמיליאַנט זאָגט גאָרניט. נאָר האלעווײַ וואָלט זי שוין בעסער עפּעס געזאָגט, איידער אזוי צונויפנעמען די ליפּעלעך און שווײַגן און קוקן אזוי, ווי מע קוקט אף מענטשן פארפאלענע. סאָרע שאפּיראָ פארשטייט דאָס שטילשווײַגן און וויל פארענטפערן די זאך:

— ער מעג זײַן די קאפּאָרע פאר מײַן סיאָמקען, נאָר ער איז זייער א ווילער שערעץ, אָט דער וואָלאָדקע, מיין איך. אונדזער קווארטיראַנט קאָן זיך פון אים ניט אָפּלויבן. ער לערנט מיט אים, אומזיסט, געוויינטלעך. זאָגט ער, אז דער שערעץ, כאָטש ער איז א שערעץ, האָט ער א ייִדיש קעפּעלע אף זיך. דער כיסאָרן, וואָס דער שטיפטאטע זײַנער איז א גאָי א שיקער, הארגעט ער אים און מײַ־מעסט אים, א צארבאלעכאים צו קוקן!..

טויבע פּאַמיליאַנט האַלט נאָך אַלץ צונויפגעשריפּט די ליפּעלעך און שווײַגט און קוקט מיט ראַכמאָנעס אױף איר שוועגערן. און מאַכמעס סאָרע האָט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דעם שרעק, מוז זי שוין דערציילן ווײַטער:

— אַנומלטן האָט אים דער שיקער אַזוי געשלאָגן, אַז עס איז זיך צונויפגעלאָפן דער גאַנצער הויף מיט שכיינים, און איך און מײַן טאַטער און אונדזער קוואַרטיראַנט בעסיכעם — מיר האָבן דעם שרעק קוים אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט אַ לעבעדיקן. פון דעמלט אָן לערנט דאָס מיט אים ראַבי־נאָוויטש...

סאָרע איז אַנשוויגן געוואָרן, און די צאַדייקעס טויבע פּאַמיליאַנט האָט נאַרוואָס אױפגעעפנט דאָס פאַרשנורעוועטע פּיסקל און אָנגעהויבן מיט איר בוימלדיקער שטים צו זאָגן מוסער איר ייִנגערער שוועגערן:

— נו, פרעג איך אײַך, סאָרע־קרוין, ווי זאָל אױף אײַך לייגן קאָוועד אײַער טאַטער, אַז איר אַליין...

אין דעם קומט אָן בעטי, און די צאַדייקעס טויבע מאַכט אַן אומשולדיק פּאָנעם, און סאָרע רופט זיך אָן:

— אָ! מע זאָל דערמאָנען מאַשיעכן! די מומע טויבע פרעגט זיך נאָך, אויב דו האָסט נאָך דעם קאַטער?..

בעטי זעט גאַנץ גוט נאָך דער מומע טויבעס אומשולדיק פּאָנעם, אַז די מאַמע האָט דאָ נאַרוואָס אָפּגעטאָקט אַ ליגן — און זי ווערט אַלערלײַ פאַרבן...

(פאָרזעצונג קומט)

# צום 90־טן געבורטסטאָג פֿון איזי כאַריקן

## איזי כאַריק

### מײַן יוגנט

מײַן יוגנט האָט קײנער אין זײַד ניט געוויקלט,
א צאַרטע האַנט האָט מײַנע האָר ניט געקרײַזלט...
איך בין געוואַקסן א קרעפּטיק ייִנגל
אין ענגע און הילצערנע הײַזלעך.

און אין וויג נאָך, אין שטרענגער און האַרטער,
מיט אויגן — צוויי שטיקעלעך טאָג...
פֿלעג איך הערן: מײַן נאָענטער טאַטע
זינגט שוין אין פֿרישן פֿאַרטאָג.

א פֿלינקער פֿויגל, — פֿליט און פֿאַלט טאַטנס האַמער
פֿאַלט און צאַפּלט צווישן די קני, —
און מיר ווערט דעמלט נאָענט און וואַרעם
יעדער ריר פֿון זײַן זאַפּטיקער שטים.

בלויער ווינט, אַזוי שטיל, אַזוי בלוי נאָך,
קוקט מיט טויִקע שטערן אין שויב...
און אויף מײַן וואַרעם־פֿאַרשלאָפֿענעם אויער
רוישט, ווי א קוש, יעדער הויב.

ווערט אַנשוויגן שטילער טאַטע בא דער אַרבעט,
א שטיקל זילבער בלײַבט הענגען זײַן ליד,
און איך זע: אין פֿאַרפֿעכיקטע אַרבל
קוקט דער טאַטע פֿאַרקלערט אויף מײַן וויג...

איצט וואַקס איך א פּראָסטער און פֿעסטער
מיט טאַטנס צוויי קרעפּטיקע הענט,
און אין הײַנטיקן אויסרוף אין העכסטן
כ'האָב די ליד פֿון מײַן טאַטן דערקענט...

פֿעוורואַל 1924

• • •

נאָך וואָס האָב איך זיך אויסגעלערנט זינגען לידער?
קנאַפּ איז מיר דער אומרויִקער ווינט?
קאָפּ מײַנער, מײַן נאַרישער און מידער,
קום, איך וועל דיך וויגן ווי א קינד:
עס האָט דײַן טאַטע פֿון לידער ניט געוווּסט גאָר,
שווערערהייט געלייענט אָס נאָך אָס, —
וואָלסט אויך, ווי ער, געווען א פּראָסטער שוסטער
געזונט, און בײנערדיק, און פּראָסט.
און ווען דער טאָג וואָלט זיך געשטיקט מיט פֿאַרבן,
דײַן הײַזעלע וואָלט אומוויגן דער ווינט,
וואָלסטו, ווי ער, געזונגען בא דער אַרבעט
און ניט געוווּסט אַליין גאָר, אַז דו זינגסט...
און גרינג וואָלט זײַן מיט מידקײַט אין די גלידער,
און אַלעמאָל וואָלט דיר אין קאָפּ זײַן גרינג, —
נאָך וואָס האָסטו זיך אויסגעלערנט זינגען לידער?
קאָפּ מײַנער, — מײַן אומרויִקער קינד.

מײַ 1924



## ארויסטרעטונגען אפן יובילײ־אָוונט

אין מינסק דעם 31 מארט 1988



ניל גילעוויטש

# „מיר האָבן זיך אַלײן אוועקגעלײגט פאר ציגל"

ערגעץ דאָרט אין זומערדיקן לאנד,
מיט טאָג פארבליבענע אף שטענדיק,
זאָלט איר כאָטש מיט א בענקשאפט אין דער האנט
ניט קרוינען אונדז מיט שטויבן פון לעגענדן.
זאָלט איר כאָטש ניט באקרוינען אונדז די קעפ
מיט געוועבן זוניקע און דינע...

מיר זײַנען דאָ געוועזן און געלעבט
אין ליבשאפט, אין ווייטיק און אין סינע.

מיר האָבן דאָ די ציגל נאָר געלײגט
און זיך אַלײן אוועקגעלײגט פאר ציגל,
ביז טיפן בלוט אזוי געבענקט
פארמאָגן אויך צוויי אומרויִקע פליגלען.

אזוי האָט זיך געווענדט דער דיכטער צו אונדז, צו די גליקלעכע מענטשן פון דער, ווי ער האָט געטרוימט, קומענדיקער ליכטיקער צוקונפט, זיך געווענדט אין נאָמען פון דעם דאָר, צו וועלכן ער האָט געהערט, אין נאָמען פון די, ווער עס האָט „געלעבט אין ליבשאפט, אין ווייטיק און אין סינע", ווער עס האָט „זיך אליין אוועקגעלייגט פאר ציגל" אין דער געבײַדע פון דער נײַער סאָציאַליסטישער וואָר. ער האָט גערעדט אין נאָמען פון זײַנע כאַווײרים און מיטקעמפער, אָבער מיר צווייפלען ניט, אז ער האָט גערעדט פון זיך און וועגן זיך, גערעדט וועגן דעם, אף וואָס ער האָט געהאט דאָס פולע רעכט. ער האָט געבעטן די נאָכפאָלגער, די מענטשן פון דער צוקונפט ניט באפוצן זײַן געשטאלט מיט ליריק און ניט מאכן פון זײַן ארט לעבן א לעגענדע, האגאם זײַן נאָמען, גלײַך מיט אנדערע אונדזערע בארימטע און אומפארגעסלעכע נעמען, איז געוואָרן א לעגענדע, א שיינע לעגענדע, וועלכע לײַכט אף די זײַטלעך פון דער געשיכטע פון דער פילנאציאָנאלער פאָטערלענדישער פאָעזיע.

ער האָט געבעטן אונדז, די הײַנטיקע לייענער, ניט באקרוינען אים מיט „געוועבן זוניקע און דינע", האגאם מיר טוען דאָס, מיר באקרוינען אים, ווײַל אנדערש וואָלטן מיר ניט בלויז פאראטן דעם יוישער, נאָר מיר וואָלטן געווען שלעכטע, אומדאנקבארע יאָרשים פון זײַן ווונדערלעכן קינסטלערישן קישעף. אף א כוואליע פון א טיפער און אופריכטיקער אנטפלעקונג האָט ער אונדז געבעטן, מיר זאָלן פארשטיין, ווי גרויס און שמערצלעך עס איז געווען זײַן שטרעבונג צו „פארמאָגן אויך צוויי אומרויִקע פליגלען", — און מיר האָבן אים פארשטאנען, ווײַל אָן די דאָזיקע אומרויִקע פליגלען הערט אוף די פאָעזיע צו זײַן א פאָעזיע, און דער דיכטער הערט אוף צו זײַן א דיכטער.

די אופאסונג, דער כויוו, די דאנקבארקײַט — דאָס זײַנען די געפילן, מיט וועלכע מיר מערקן אָפּ דעם 90־טן געבורטסטאָג פונעם גרויסן דיכטער, איינעם פון די גרונטלייגער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור איזי כאריק.

רעדן וועגן כאריקן — הייסט רעדן וועגן זײַן צײַט, וועגן די צוויי ערשטע, ניט־געווײנלעכע נאָכאָקטיאבערישע יאָרצענדליקער, די קאָמפליצירטקײַט און די סטירעסדיקײַט פון וועלכע עס ווערט קלאָר אף אן עכטן אויפן בלויז איצט, ווען מיר האָבן באקומען א מעגלעכקײַט עמעסדיק אָפּצושאצן פיל געשעענישן, אײַנגעשלאָסן די מענטשן, וואָס האָבן זיי ארויסגערופן, א קוק צו טאָן אנדערש, דערזען בעסער, טיפער און אויסדריקלעכער, אין רעזולטאט פון וואָס דאָס ליכטיקע און דאָס ריינע ווערט נאָך גרעסער, און דאָס טונקעלע, דאָס שמוציקע — נאָך נידעריקער. כאריקס האסטיקער פאָעטישער אופשוווּנג איז פאָרגעקומען אין יענער געבענטשטער צײַט, ווען דאָס גלייבן אין לענינס געבאָטן און אין די אידעאלן פונעם סאָציאַליזם זײַנען נאָך געווען ניט פארשטעלט מיט די פינצטערע שאָטנס פון די שווארצע געשטאלטן, די רענעגאטן, ווען די איבערגעגעבענע און אופריכטיקע האָרעפאשניקעס אין דער קולטור האָבן אפילע ניט געקאָנט טראכטן וועגן דעם, אז זייער איידעלע ארבעט וועט אמאָל ווערן קוואליפיצירט ווי א פײַנטלעכע און שעדלעכע און דעריבער דארף מען ליקווידירן די פארשיידנשפראכיקע נאציאָנאלע שולן, צײַטונגען, זשורנאלן, טעאטערס און די אנדערע קולטור־אופקלערערישע אנשטאלטן.

רעדן וועגן כאריקן — הייסט רעדן וועגן דעם, וואָס עס לערנט אונדז די אינטערנאציאָנאלע פרײַנטשאפט, וועמענס אופריכטיקער, פלאמיקער, טיף סאָציאַלער זינגער ער איז געווען — דער זינגער פון יענעם באגינען, וועלכער איז געקומען פאר די פויערים, פאסטעכער און קאָוואליעס פונקט אזוי, ווי פאר די שטעטלשע שנײַדער, טעסלער און קופערשמידן. א זון פון דער ייִדישער אָרעמשאפט, לײַבלעך פארבונדן דורך זײַן גאנץ לעבן מיט איר גורל, איז ער געווען אויך א זון פון דער ווײַסרוסישער ערד, וועלכע ער האָט ליב געהאט, ווײַל זי איז געווען זײַן אייגן היימלאנד. ער האָט געהאט דאָס פולע רעכט אָנצושרײַבן: „איך קען דיך, ווײַסרוסלאנד, אזוי ווי איך קען מײַנע אייגענע פינגער", גלײַך ווי די ווערטער, פולע מיט צארטקײַט און מיט א פארשארפטן גורל־געפיל:

ווײַסע בעריאָזעס אין ליכטיקע קרוינען —
ליכט, וועלכע ווערן פארברענט...
און ס'דאכט — אזא דורכזיכטיק־ריינער
בין איך נאָך קיינמאָל ניט געווען.

בענטש איך די גנעדיקע זאטקײַט פון פארבן,
מײַן רו, וואָס גייט אוף און ווערט גרויס.
און ס'איז מיר הײַנט ליכטיק און גוט,
ביז צום שטארבן:
די ערד גיב א קוש און גיי אויס!..

רעדן וועגן כאריקן — הייסט רעדן וועגן זײַנע מיטצײַטלער, וועגן זײַנע כאווײרים, לאנדסלײַט און מיטקעמפער, און דאָס זײַנען געווען די פאָעטן פון דעם גאנצן לאנד, איבער די וועגן פון וועלכן ער האָט, אגעוו, אזוי ליב געהאט צו גיין און פאָרן. ער האָט געגלייבט אין דער גרויסער פרײַנטשאפט פון פאָעטן, אין דעם הייליקן און פעסטן בונד פון זייערע הערצער, וועלכער איז אייביק, ווי דער בונד פון די פרײַע פעלקער.

מיר זײַנען דאָ געגאנגען אף דער ערד
מיט שטויב פון כורבן אף די ארבל...
און אונדז איז נאָר געווען באשערט
זינגענדיק דאָ לייגן זיך און שטארבן.

און ווידעראַמאָל: ער האָט דאָס געזאָגט ניט בלויז וועגן זיך, נאָר וועגן אַלעמען, וועמען עס האָט פּאַרייניקט די ליד — די ליד אַלס סימבאָל פון דעם אומבאַזיגלעכן לעבן און פון אַלץ, וואָס עס האָט פאַר אים די העכסטע ווערט: דאָס גוטס און דער עמעס, דאָס גליק און דער יוישער.

רעדן וועגן כאַריקן — הייסט רעדן וועגן אַ דיכטער פון אַ מעכטיקן לירישן טעמפּעראַמענט, פון אַ ראַכוועסדיקער ראָמאַנטישער פאַנטאַזיע, וועגן אַ דיכטער פון שטורעמדיקע — ביז די פּלאַנעטאַרע מאַסשטאַבן — געשטאַלטן און סאָציאַלע מעטאַפאָרן.

וואָס זאָל איך טאָן, אַז ס׳איז מיר איצטער
גרינג,
און וואָס איך זאָל ניט טאָן באַר,
טוט זיך הויך און הילכיק?..
באַדאַרף איך זינגען, — שטיי איך און איך
זינג —
און ס׳ענטפערט מיר אַ טויזקער דער מילכוועג.

ס׳האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז אין דער פּאָעטישער ירושה פון איזי כאַריקן פאַרנעמען דאָס גרעסטע אָרט די פּאָעמעס. פאַראַן דערצו אַ סיבע: די צײַט פון גרויסע עפּאָכעמאַכנדיקע געשעענישן האָט געפאָדערט שאַפונגען מיט אַ ברייטן עפּישן אָטעם. דער דיכטער האָט עס פאַרשטאַנען און איז אימשטאַנד געווען צו שאַפן ניט ווייניק גלענצנדיקע זאַכלעך, וועלכע פאַרנעמען זייער קאָנטיק אָרט אין דעם פּאָעטישן עפּאָס פון די 20־ער—30־ער יאָרן. און דאָך ווילט זיך לייענען און איבערלייענען זײַן ליריק, די ליריק פון אַ דיכטער מיט אַ צוציִענדיקן, כ׳וואָלט זאָגן, מאַנצבלשן כאַראַקטער, וועלכער האָט אַליין געוואָלט זען זײַן ליד אַזאַ, „ווי בורלאַקישע, בראָנזענע הענט”.

שלײַדער, וואַרפט וואָס מערער לאַסטן אָף מײַן
קאַרק,
כ׳וועל עפּשער פעסטער נאָר צונויפדריקן די
ציינער...

אָדער:

איך וויל ניט און איך קען ניט, אַז אַ האַרץ
זאָל ציטערן, זאָל בעטן זיך און וויינען, —
שוין בעסער גאָר אָף שטיינער־האַרט
אַזוי אַ בראָך טאָן זיך פאַרשטיינערט.

אין דער זעלבער צײַט האָט ער געקאָנט זײַן גרענעצלאָז צערטלעך, ווען די גאַנצע אַלוועלט פלעג דערשײַנען פאַר אים אין איר וווּנדערלעכער פאַנטאַסטישער שיינקײַט, אין אַ ווײַסער דופּטיקער בליִונג.

וועל איך זיך באַלד אַ שלײַדער טאָן אַזוי,
אין טיפן גראָז מײַן גאַנצעס לײַב פאַרשלעפּן.

און —

סע שמעקט שוין ווייך און צאַרט דער שניי
מיט צוויט און צײַטיקײַט פון עפּל.

עס ווילט זיך ווענדן די אופמערקזאַמקײַט אָף נאָך איין שטריך פון זײַן קינסטלערישן און מענטשלעכן כאַראַקטער, פון זײַן מאַנצבלשן כאַראַקטער, — אַ שטריך, וועגן וועלכן ס׳איז הײַנט קעדײַ צו דערמאָנען אָפּטער. עס איז באַוווּסט, אַז איזי כאַריקס נאָמען און זײַן שאַפונג זײַנען געווען ביז גאָר ברייט באַוווּסט אין סאָף צוואַנציקער—אָנהייב דרײַסיקער יאָרן. דער דיכטער האָט דאָס געזען אַליין, ער האָט געוווּסט וועגן דעם, און דאָך... אין דער ליד, געווידמעט זײַן באַוווּסטן פּען־קאָלעגע איציק פעפערן, האָט ער געשריבן:

הילכיק אַפּלאָדירט מען, —
נאָר עס איז מיר ווייניק.
הילכיק אַפּלאָדירט מען, —
און עס ווילט זיך וויינען...
פּײַערלעכקײַט, פּײַערלעכקײַט, פּײַערלעכקײַט, ליכט—
און כ׳פאַרדעק אין שעמעוודיקער שטילקײַט מײַן
געזיכט...

פאַר אונדז, צוגעוווינטע צו אַפּלאָדיסמענטן, פאַנפאַרעס, בלענדיקע פּײַערן, וואָלט געווען קעדײַ אָפּטער זיך פאַרויטלען פאַר בושע און פאַרדעקן מיט די הענט דאָס פּנים... אונדז וואָלט ניט געשאַט צו האָבן כאָטש עטוואָס פון אָט דער באַשיידנקײַט און שטרענגער פאָדערונג צו זיך, פון אָט אַזאַ סאָרט באַנעמען דעם אָל פון כויוו און אַכרײַעס.

איזי כאַריק איז געווען אַ דיכטער פון גרויסער און מעכטיקער ליבע צום לעבן, פון אומויסשעפּלעכער שפּעפּרישער ענערגיע און אומדערמידלעכער יוגנט.

ניין, — איך וויל ניט. ניין, —
איך וויל ניט. ניין און ניין!
בעסער נעמט צעזעצט מיך אָן אַ שטיין,
איידער אויסזעצן די שויבן
פון מײַן האַרצן...

אַז ערד — דו ערסט,
איך וועל אָף דיר אַרומשפּאַנען אַ יונגער,
ווען ס׳וועט אין קאָפּ אַפילע ווײַסן זיך דער שניי.
אַז ערד, — דו ערסט,
איך וועל אָף דיר אַרומשפּאַנען אַ יונגער
ביז מײַן לעצט־פאַרבלוטיקטן און האַרציקן
געשריי...

די דאָזיקע זײַן יונגע אומדערמידלעכע ענערגיע האָט געקלעקט ניט בלויז פאַר דער דיכטונג, נאָר אויך פאַר אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טעטיקײַט. עס געדענקט זיך, אַז מע האָט אים

אויסגעקליבן אין באשטאנד פונעם צענטראַל־קאַמיטעט פון דער פאַרטיי פון דער ווייַסרוסישער סאָוועטן־רעפובליק. אין עלטער פון עטוואָס מער פון דרייַסיק יאָר איז ער געוואָרן א מיטגליד־קאָרעספאָנדענט פון דער רעפובליקאנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע. געווען דער הויפט־רעדאקטאָר פונעם ליטעראריש־געזעלשאפטלעכן זשורנאל „שטערן", א מיטגליד פון דער פארוואלטונג פון די שרייַבער־פארבאנדן פון דער רעפובליק און פונעם ראטנפארבאנד. די דאָזיקע ענערגיע וואָלט אים נאָך געקלעקט אף א סאך יאָרצענדליקער, אף צו שאפן פיל־פיל נייַע לידער, ווען די טראגעדיע, די שווארצע סינע און דער האס וואָלטן ניט איבערגעשניטן אזוי אכזאָריעסדיק זייַנע אומרויִקע פליגלען. „מייַן ווארעמער, קרעפטיקער ניגן זאָל ניט בלייַבן אין מיר ניט דערזאָגט" — האָט ער גלייַך ווי געבעטן מיט אכט יאָר פאר זייַן טויט באַ די, פון וועמען ס'איז געווען אָפּהענגיק דער גורל פון זייַן לעבן און דער גורל פון זייַן ליד. די ביטע זייַנע האָט מען ניט באפרידיקט. זייַן ליד איז געבליבן ניט דערזונגען. לאָמיר זיך אָבער טרייסטן מיט דעם, וואָס זייַן ליד, כאָטש ניט קיין דערזונגענע, לעבט און פייַערט איר ניצאָכן איבער דעם שלעכטס און איבער דער אכזאָריעסדיקייַט.

„איך זינג ארויס פאר אלעמען דעם יאָמטעוו פון מייַן ליד", — האָט געזאָגט דער דיכטער. און דאָס פאָלק איז אים דאנקבאר פאר דעם. דעם דיכטערס יאָמטעוו ווערט פאָרגעזעצט.

---

ארן ווערגעליס

# דעם דיכטערס גורל

קעדיי זיך אריבערטראָגן פון מאָסקווע קיין מינסק, ניט אָנקומענדיק צו דער אוויִאציע, איז געגוג איבערצושלאָפן א נאכט אין וואגאָן, און אָט איז כאריקס מינסק, איך געפין זיך שוין דאָ עטלעכע שאָ, און פאר דער צייַט האָב איך באוויזן, צוזאמען מיט מייַן אלטן פרייַנט זאִיר אזגור, זיך דורכגיין איבער דעם קילבלעכן אין אפרעל אספאלט פון עטלעכע גאסן און געסלעך און מיט בענקשאפט אין הארצן פעסטשטעלן, אז — ניטאָ שוין כאריקס מינסקער בלאָטעס.

בלאָטעס, איז מיילע, נאָך וואָס דאָ בענקען? אָבער די „מינסקער בלאָטעס"...

ניטאָ דער אלטער מינסק. דאָס, וואָס איך געם אוף ווי א פארהיימישטע אין די 20־ער—30־ער יאָרן שטייגער־סוויווע, איז ניטאָ שוין — ניט פאָרמעל, ניט אין טאָך. איך זוך אף די שילדן פארמילכאָמעדיקע יידישע ווערטער, וועלכע זייַנען אין יענע צייַטן געשטאנען לעבן די ווייַסרוסישע, רוסישע, פוילישע און עס האָבן זיי אף א קאָל געלייענט הונדערטער טויזנטער יידן, און כ'פרעג זיך אָן: ווו זייַנען זיי, די יידישע ווערטער? עס ענטפערט מיר אזגור מיט יידישער טרייסט: די פוילישע אופשריפטן האָט מען איבערגעגעבן די פאָליאקן, קיין פוילן... נו, און די יידישע?! דאן ווערט דאָס פאָנעם בא אונדזער בארימטן סקולפטאָר פארומערט: זוך, וועסט קוים געפינען אויך די ווייַסרוסישע שפראך אין ווייַסרוסלאנד...

אומזיסט דאָס זוכן. איך האָב מוירע, אז ניט בלויז כאריקס אלט מינסק איז שוין ניטאָ, נאָר אויך קופאלאס...

אין מינסקער שרייַבער־הויז זע איך איזי כאריקס פאָרטרעט אין זייַן עטוואָס מער פון דרייַסיקיאָריקן עלטער. עפעס סוידעסדיקס שעפטשעט מיר אריין אין אויער דאָס געשטאלט פון דעם גרויסן יידישן פאָעט, וועמענס שורע איז איבערגעריסן געוואָרן, ווען מייַנע האָט זיך ערשט ארופגעצויגן אפן שנירעלע. עס דוכט זיך מיר אויס, אז א פאטאלער געפיל שטייט אין הינטערגרונט פון זייַן פערזענלעכקייַט און פון די לידער, וואָס ער האָט ווי גאָלדענע רענדלעך געשאָטן צווישן די פינגער, פארלירנדיק אן ארויסרופערישן קלאנג אף די דלאָניעס פונעם לייענער, פונקט ווי דער זינגער וואָלט געזונגען פריילעכע מעלאָדיעס מיט א שווער הארץ.

וואָס איז די סיבע פון אזא געמיט־צושטאנד?

כאריקס ליריק איז געווען א „ביִאָגראפישע", די אנקעטע־שרייַבער וואָלטן געזאָגט — א פערסאָנעלע. דער דיכטער האָט נאָכגעפאָלגט דאָס אייגענע אינטימע נעשאָמע־לעבן, וואָס האָט זי ווי צו־



פון רעכטס אויף לינקס:
איזי כאַריק, שמועל ראָסין, יעכעזקל דאָברושין, מ. דאַניעל, נאָכעם אויסלענדער



פון רעכטס אויף לינקס:
אַוראָם וועוויאָרקע, איזי כאַריק, איציק פעפער



דער סקולפּטאָר אברהם בראַזער קלעפּט — איזי כאַריקס פּאָרטרעט

■

א זײַט אינעם ניו־יאָרקער „סיגנאַל״ — אָרגאַן פון דער פּראָגרעסיווער שרײַבער־גרופּע „פּראָליטפּען״ פאַר יאַנוואַר 1936

# איזי כאַריק

**דעם גרויסן סאָוועטישן דיכטער, צום 15־יאָריקן יובילײ פון זײַן שעפערישער ארבעט — א באַלשעוויסטישן גרוס, פון די אידישע, פּראָלעטאַרישע שרייבער אין אמעריקע.**

## ● ביאָגראַפישע

איזי כאַריק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1898 אין שטעטל זעמבין אין ווייסרוסלאַנד. זײַן פאָטער איז געווען אַ שוסטער. נאָך אינגלווײַז האָט איזי אָנגעהויבן אַרבעטן אַף אַ ברויטוואָרד, שפּעטער, געווען אַ לערער, אַ קלובפאַרוואַלטער, אַ פּראָפּ־טוער, אַ ביבליאָטעקער.

אין יאָר 1922 קאָמאַנדירט אים דער פּאַלקאָמבילד פון ווסר״ר קיין מאָסקווע זיך לערנען. אין יאָר 1926 קערט ער זיך אום אָף שטענדיקער אַרבעט אין ווײַס־רוסלאַנד. איזי כאַריק האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אין יאָר 1920. זײַן ערשטע ליד האָט ער אָפּגעדרוקט אונטערן פּסעוודאָנים „אַ זעמבינער״.



איזי כאריק

## ● נאָטיצן

איזי כאַריקס גרעסטע לידער־זאַמלונג „אַף דער ערד״, וואו עס איז געווען אָפּגעדרוקט זײַן באַוואוסטע פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס״, איז אַרויס אין יאָר 1926.

אין יאָר 1928 איז אַרויס זײַן צווייט בוך „מיט לײַב און לעבן״. אין יאָר 1932 דרוקט אָפּ כאַריק זײַן בוך „קײַלעכדיקע וואָכן״. כאַריקס לידער זײַנען איבערגעזעצט אָף אַ גאַנצער רײַ שפּראַכן פון די ברידערלעכע פעלקער פונעם פאַרבאַנד. איצטיקן דערשײַנט זײַן נײַ ווערק „דער באָטכן״.

איזי כאַריק איז אַ מיטגליד פון דער קאָמוניסטישער אַפּרטײַ, אַ מיטגליד פון ווײַסרוסישן צענטראַלן אויספּירקאָמיטעט.

## א בריוו פון איציק פעפער צו איזי כאַריק

מײַן ליבער איזי!

עס טוט מיר האַרציק באַנג, וואָס איך וועל ניט זײַן לעבן דיר, ווען אינעם ליכטיקן זאַל וועלן זיך צונויפזאַמלען די בעסטע מענטשן פונעם סאָוועטישן מינסק און וועלן דיר ברענגען די האַרציקסטע גרוסן און ווינטשן. אין רעמדאָזיקן אָוונט וועלן אַ אַסאַך אויגן זײַן געווענדט צו דיר דורך טויזנטער קילאָמעטער, אהין קיין מינסק, וואו מען וועט פאַרטאַכאַפּלען דעם ווענ־אָפּשניט פון דײַן שאַפונג, דעם וועג פון דער אידישער סאָוועטישער פּאָעזיע.

און דעמאָלט וועל איך פונדאַנען, פון אוקראַינע, אינײנעם מיט די סאָוועטישע שרײַבער פון מאָסקווע און אוקראַינע, אינײנעם מיט די רעוואָלוציאָנערע שרײַבער פון אמעריקע און פּוילן, אַרגענטינע און פראַנקרײַך, אויסשטרעקן מײַן האַנט צו דיר, דיך האַרציק אַרומנעמען און דיך באַגריסן מיטן יובילײ.

— אַ יובילײ!

ווי מאָדנע דאָס קלינגט ווען לעבן אָט דעם וואָרט שטייט דער נאָמען כאַריק, דער שטענדיק יונגער, פלאַמיקער, זינגענדיקער פּאָעט פון אונדזער סאָוועטישן הײמלאַנד. בײַ אונדז אין לאַנד קלינגט דאָס וואָרט יובילײ אַנדערש; אַ יובילײ באַטײַט בײַ אונדז מער מאָרגן ווי הײַנט, נײַע קויכעס צום קאַמף, אַ פאַרטאַכאַפּלונג צוליב נאָך גרעסערע זיגן.

וואָס פאַר אַ שווערער און הערלעכער וועג! פון זעמבין, פון קאַראַטשיעוו, פון האָלאָסקאָוו און בוקי, פון פּאָלאַנע און פון שפּאָלע האָט אונדז אַלעמען אויפגעהויבן די טרײַע האַנט פונעם סאָוועטישן פאָטערלאַנד. די־דאָזיקע האַנט האָט אונדז אויסגעכאָוועט און אונדזער ערשט וואָרט איז שטענדיק געווען געווענדט צו אונדזער לאַנד.

איך באַגריס דיך ווי דעם באַליבטסטן אײדישן סאָוועטישן פּאָעט און ווי דעם בעסטן פרײַנט מײַנעם. אונדזער פרײַנטשאַפט איז ניט קײן צופעליקע, אונדזערע סאָציאַלע וואָרצלען דאָס זײַנען די „מינסקער בלאָטעס״, אונדזער פרײַד און גליק — דאָס איז „מיט לײַב און לעבן״ צו בויען די סאָציאַליסטישע קולטור. אונדזער יאָנטעוו — דאָס איז נאָך פיל, פיל לעבן־קאָנווייערס אַפן זוניקסטן וועלטזעקטל און דאָס שאַפן אַ נײַע וועלט.

מיר, די פּופּצויאָריקע,\
וואָס האָבן מיר געגעבן,\
אַ לעבן אָזאַ לעבעדיקס,\
אַז לעבן זאָל דאָס לעבן.

מיר זײַנען נאָך יונג און וועלן געבן נאָך מער

— דײַן איציק.

נויפגעגאָסן מיטן לעבן פון אַלעמען ארום זיך. אין א געוויסער מאָס האָט עס געמאכט כאריקן פאר אן איינציקן, לאכלוטן ניט ענלעכן צו די יידישע דיכטער פון זיין דאָר, אָנהייבנדיק פון אקסעלראָדן, וועלכער איז לויטן לירישן נוסעך דאפקע געשטאַנען אמנאָענטסטן צו אים, נאָר איז געווען א סאך קלענער אינעם מאסשטאב, און ענדיקנדיק מיט מארקישן — דעם גרויסן עפיקער. אין פערזענלעכן פלאן האָט זיך בא כאריקן, זעט אויס, צוערשט אומבאוווסטזיניק און דערנאָך מיט אלץ מער און מער באדאכטונג, אָנגעזאמלט און סטאביליזירט די שטימונג, וואָס נעמט זיך פון אן אָנגעשיקטער פאַטאלער דראָונג, פון אומפארמיידלעכקייט אנטקעגן דעם פערזענלעכן גורל, וואָס האָט אקומולירט די דאָליע פון א גאנצן דאָר. דאָס האָט געדארפט באטייטן, אז ס'איז נאָך ניט קלאָר, וואָס און ווען מוז געשען, דער אכזאָריעסדיקער שיקזאל האלט עס גרייט, און ס'הענגט איבערן קאָפּ, שוין באַשטימט אין פארכאסמעט, אומאָפּווענדלעך, נאָענט. „דאָס” איז ניט אויסצומיידן, ניט אָפּצוּווענדן, דער גורל, ווי געזאָגט, איז פארכאסמעט. פאר וועמען א ברויט, פאר וועמען א טויט.

די רעפּרעסיע־סימפּטאָמען זיינען, ווי דער רויך פון א גרויסער אָנוואקסנדיקער סרייפע, געוואָרן אלץ געדיכטער און אלץ נעענטער, און דער לירישער דיכטער האָט ניט געקאָנט אָפּקערן פון זיי זיין בליק. די געפאר האָט שוין געהאלטן איר האנט אף זיין אקסל. די פארפאָלגער זיינען איבערגעגאַנגען צו דירעקטער נאָכשפּירונג: „איך גיי, און מיר דאכט זיך — מע גייט נאָך פון הינטן, קער איך זיך אום, איז קיינער ניטאָ...”

כאריק האָט געהאט א שווערן פאָרגעפיל: „מיר צעעפענען די אויגן אין פייערן אין שווארצע, — ווערן זיי אי אומרויק, אי גרויס”. אָפט איז דאָס פאָרגעפיל געוואָרן רעאל און מאמעש צוגעטראָגן צום סאמע האלדז: „איך האָב פלוצעם הײַנט דעם טויט דערפילט און אָפּגעשפּרונגען צען טריט אף הינטער”. עס דערגייט ביז פארצווייפלונג: „לאָז מיך ניט א שליידער טאָן מיין יוגנט צווישן ראָד און רעלס און הארטן שטיין”. ס'כאזוערט זיך איבער די מוירע, אז א שאָס וועט זיך דערהערן... „און וועט א קויל מיך טרעפן שטילערהייט, וועט מיך די קויל געוויס ניט קאָנען נעמען. איך האָב עפּעס הײַנט דערפילט דעם טויט און הייב זיך אָן פאר זיך אליין צו שעמען”; „און וועט א קויל א ליכטיקע דיך טרעפן, ווּעסטו נאָך לאנג זיך יאָגן אף דיין וועג”.

די אונטערשטע שורע בא כאריקן איז, נאטירלעך, אן אָפּטימיסטישע. דער זינגער פון די „מינסקער בלאָטעס”, דער יונגער באָלשעוויק אין דער ליטעראטור רוקט ארויס קעגן דעם בלינדן שיקזאל זיין ליכטיקן גלויבן: „אוי, לעבן מיינס, מיין אומרויקער פריינט, איך וועל מיט דיר נאָך לאנג זיך ניט צעשיידן, — און כ'וועל געוויס נאָך לעבן זייער לאנג און עפּשער לענגער נאָך אפילע פון מיין זיידן...” און ווידער: „ערד, דו הערסט, איך וועל אף דיר ארומשפּאנען א יונגער, ביז מיין לעצט־פארבלוטיקטן און הארציקן געשריי...”

פארוואָס קומט אונדז אויס וועגן אָט דעם אומרויקן און שווערן געמיט־צושטאנד בא אונדזער גרויסן פאָרגייער צו רעדן הײַנט, בייס מיר פייערן זיין יובילײ? ווײַל מיר זיינען מעכויעוו צו האָבן אין זינען ניט בלויז דעם דיכטערס געבורטדאטע, נאָר אויך די טראגישע דאטע, ווען עס האָבן אים פארמוטשעט די אום־מענטשן, אָ, ניין — ניט קיין היטלעראָווצעס, נאָר הענקערס פון דער האָרדע פונעם „פאָטער פון אלע פעלקער”.

באקוקנדיק אף די פלעצער פון מינסק די פּרעכטיקע סקולפּטור־קאָמפּאָזיציעס און דענקמעלער, וועלכע ס'האָט געשאָנקען זיין היימשטאָט זאַיר אזגור, האָב איך א טראכט געטאָן, אז ס'איז שוין צייט אוועקצושטעלן אן אלפאָלקישן דענקמאָל די אומשולדיק פארשניטענע אין די סטאלין־קאזעמאטן זין און טעכטער פונעם פאָלק, וועלכע זיינען געשטאנען פארן טויט מיט א שטעמפּל „סאָנים פון פאָלק”, און צווישן זיי, צוזאמען מיט אנדערע קדוישים־שרייבער, זאָלן מיר זען איזי כאריקן.

---

זאַיר אזגור

# טאָג איז טאָג, און נאכט איז נאכט

אין פארמילכאָמעדיקן מינסק זיינען געווען עטלעכע זייער קאָלאָריטע געשטאלטן. די היגע טוישווים פלעגן זיך בארימען מיט זיי פאר די אָנגעפאָרענע געסט ווי מיט עפּעס אן אייגנארטיקער מערקווירדיקייט. אזעלכע מענטשן וועט איר אין ערגעץ ניט טרעפן, בלויז אין אונדזער שטאָט. לעמאָשל, אין א פראָלעטארישער קעפּקע און מיט קימאט א בורזשויסקן שטעקעלע אין דער האנט

פֿלעג דורכמאַכן זײַן מאַרשרוט איבער דער פּראָוויאַנסקער גאַס דער ווײַסרוסישער פֿאָלקס־דיכטער יאַנקאַ קופּאַלאַ, און יעדער פֿאַרבײַגייער פֿלעגט זיך מיט אים גריסן פּראָסט און פֿרײַנטלעך: אַ גוט־מאָרגן, איוואַן דאָמיניקאָוויטש...

ווי אַ טונקעלער בליץ אין דער העלער שײַן פֿלעג אויפֿקומען צווישן דעם מינסקער עולם איזי כאַריק. אויב עמעצער האָט זיך אָנגעפֿרעגט, ווער דאָס איז, פֿלעג אַ מינסקער ענטפֿערן קורץ און שאַרף: „ס׳איז אַ פּאָעט... צי דען זעסטו ניט?“ און טאַקע, אין איסאַק דאַווידאָוויטשעס אויסזען איז געווען עפּעס אַזוינס, וואָס עס איז אייגנטימלעך דער פֿאַרשפּרייטער פֿאָרשטעלונג וועגן אַ דיכטער: דער אָפּגעשיידטער און אין דער זעלבער צײַט שטרענגער קוק פֿון אונטער די פּענסנע, די צעקוואַליעטע שעוועליורע, די סאָלידע אויסגעהאַלטנקײַט, וואָס בײַט זיך מיט אַ דינאַמישן שטויס צו וועמען־ניט־איז אַנטקעגן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, ס׳הייסט: אַ גוט־מאָרגן! כ׳בין זייער גערן דיך זען... הײַנט — וויאַזוי ער פֿלעג זיך פֿאַרטיפֿערן, האַלטנדיק פֿאַר זיך אַ צעוויקלטע צײַטונג... הײַנט מיט וואָס פֿאַר אַ האַרץ־צאַפּלעניש פֿלעג ער בלעטערן אַ בוך... אַ פּאָעט...

אפֿילו דעם נאָמען פֿונעם שטעטעלע אין באָריסאָווער ראַיאָן, מינסקער געגנט, פֿלעג איזי כאַריק אַרויסברענגען, ווי מע שלאָגט אין די ליטאַווערעס: „זעמ־בין“. „זעמ־בין“. אַ יוגנטלעכע באַגײַסטערונג האָט זיך געפֿילט אינעם קול פֿון דעם דיכטער.

ווען אין פּעטראָגראַד האָט אויפֿגעדונערט די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, איז ער אַלט געווען מער פֿון צוואַנציק יאָר. ניט ווי אַ ייִנגעלע האָט ער באַגעגנט דעם הוראַגאַן פֿון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע דעפּאָרטירונגען. זײַנע אויגן האָבן איבערגענוג אָנגעזען זיך מיט פּײַן און מיט טרערן, זײַנע אויערן האָבן אײַנגעזאַפּט קלאָגערײַען און ווייגעשריי פֿון די קאָרבאָנעס פֿון פּאָגראָמען און די כאָכמעס פֿון די גראָווע שטעטלדיקע ראַבאָנים. אַליין די צײַט האָט אים געשעפּטשעט: „שרײַב! שרײַב וועגן דעם, וואָס עס רעדט דײַן האַרץ, וואָרעם איך זאַפּ אין זיך אַרײַן דאָס, וואָס עס כאַזערט זיך ניט איבער...“

איזי כאַריק, זײַענדיק אַ סטודענט פֿון די העכסטע ליטעראַרישע קורסן אויפֿן נאָמען פֿון וואַלערי בריוסאָוו און נאָכדעם פֿונעם מאָסקווער אוניווערסיטעט, האָט זיך צובאַהעפֿט צו דער הויכער קולטור פֿון פֿילאָסאָפֿיע און געשיכטע. זײַן אומיטלבאַרקײַט האָט זיך באַרײַכערט מיט פֿאַרשטאַנד פֿון שאַפֿונג.

ווען ס׳דערמאָנט זיך מיר דער דאָזיקער מענטש, דער פּאָעט, קומט מיר גלײַך אויפֿן געדאַנק זײַן פֿלאַמיק־האַרציקע פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן“. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל צו דער פּאָעמע קאָן מען רעכענען אַלס אַ דעוויז צום אויטאָרס שעפּערישע זוכעניש און אַלס זין פֿון זײַן פּאָעטישער טוּונג. די פּאָעמע האָט דאַן געוווּסט אויף אויסווייניק יעדערער, ווער עס האָט געקאָנט לייענען אויף ייִדיש.

די לירישע אומיטלבאַרקײַט און די האַרציקע אויפֿריכטיקײַט פֿונעם פּאָעט גייען איבער פֿון האַרץ צו האַרץ. און איבערהויפּט קלינגט אין זײַנע לידער די פּאָעטישע שפּראַך. מײַסטעריש פֿלעכט זיך אין איר אַרײַן דער ייִדישער דיאַלעקט פֿון ווײַסרוסיש. מעגלעך, אַז די רייד מײַנע וועגן אָט דער דאָזיקער באַזונדערקײַט זעען אויס נאַיִוו, ווײַל זיי זײַנען ניט וויסנשאַפֿטלעך, נאָר איך שטיי אויף מײַנס, אויף מײַן אייגענעם אויפֿנעמען דעם ניואַנס פֿון שפּראַך בא דעם אָדער יענעם שרײַבער. גלײַך נאָכן זיידן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע מוכער־ספֿאָרים האָבן די שרײַבער זמיטראָק ביאַדוליאַ, איזי כאַריק, מוישע קולבאַק, צאָדעק דאָלגאָפּאָלסקי, מוישע טייף און אַנדערע באַשטעטיקט אין דער ליטעראַטור דאָס רעכט אויף עקזיסטירן מיצאַד דעם ווערטער־שטראָם, וואָס האָט זיך געשאַפֿן בא די ייִדן פֿון ווײַסרוסלאַנד.

מענדעלע איז געבוירן געוואָרן אין קאָפּיל, מינסקער געגנט. דאָרט האָט ער דערזען די בלויקײַט פֿונעם הימל איבער די גרינע בײַוועלדער, ער האָט דערהערט דאָס קוים אויפֿנעמיקע געזאַנג פֿון די זויבערע קרעניצעס, דערפֿילט דעם גערוך פֿון פֿריש געבאַקן ברויט. די נאַטור און דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער פֿון דער אַרומרינגלונג — אַזוי אָדער אַנדערש, נאָר זיי ווירקן אויף דער מאַניר פֿון באַגרײַפֿן די ווירקלעכקײַט און אויסדריקן אין אַ קינסטלערישער שפּראַך דאָס געזעענע און איבערגעלעבטע. אויך איזי כאַריק האָט אין זײַנע פֿילפֿאַרביקע און פּלאַסטיש אויסדריקלעכע לידער פֿאַרקערפּערט די זייער דײַטלעכע, זעלבסט פֿאַר מיר פּערזענלעכע, וואָלט איך געזאָגט, ווײַסרוסישע באַפֿאַרבונג און באַטראַכטונגען פֿונעם לעבן. מײַן האַנט ציט זיך אָפּט צו די אויסגאַבעס, וווּ עס זײַנען אָפּגעדרוקט זײַנע פּאָעמעס „מינסקער בלאָטעס“, „ברויט“, „קײַלעכדיקע וואָכן“.

איך בעט ניט פֿאַררעכענען עס אַלס אַ פּראָסטאַקישע אַנאַלאָגיע, נאָר כ׳וועל זאָגן, אַז אין דער היסטאָרישער פּאָעמע „אויף אַ פֿרעמדער כאַסענע“ האָט איזי כאַריק זיך געווענדט צום אַזויגערופֿענעם וואַנדער־סיוזשעט אין ווײַסרוסישן פֿאָלקלאָר און האָט געשאַפֿן זײַנע זייער אייגנאַרטיקע פּאָעטישע ווערק וועגן דעם, וויאַזוי אַ פֿאָלקס־טאַלאַנט, אַ באַדכן און אַ קלעזמער, פֿאַרפּלקומט זיך אין קעגנשטעלונג צו די מעכטיקע אַזויגערופֿענע קאַרפּן־קעפּ און שטעלט זיך אין איין ריי מיט די קעמפֿער קעגן די אונטערדריקער.

כ׳געדענק, ווי מײַנע כאַווײרים, דער אויסגעצייכנטער פּראָזאַיִקער קוזמאַ טשאָרני און דער פּאָעט פּעטראָ גליעבקאַ האָבן געהערט כאַריקס פֿאָרליי־

נען די פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס". א פּאַרקישעפּטער פון דער מאָדעלירונג פונעם אוטאָרס שטים און פון דער ריטמיק פון די סטראָפעס, האָב איך טכילעס ניט באמערקט דעם אופגערעגטן גלאַנץ אין די אויגן פון מײַנע כאַווײרים, וועלכע זײַנען געזעסן לעבן מיר. ווען די פאַרלעזונג האָט זיך פאַרענדיקט, האָט פּעטראָ גליעבקאַ, וועלנדיק אויסלאָדן די פײַערלעכע שטילקײַט, מיט א שפּאַס א זאָג געטאָן, אַף וויפל מיר געדענקט זיך, אז יעדער קוליק-פויגל לויבט זײַן בלאָטע.

— אָבער טו א קוק, וויאַזוי דער דיכטער פילט דעם טאַם פון זײַן בלאָטע, — האָט זיך אָפּגערופן קוזמאַ טשאָרני, — ס'איז דיר ניט בעסאַראַביע אָדער אנדאַלוזיע, נאָר ווײַסרוסלאַנד! כ'האָב מאַמעש געפילט די פרישקײַט פונעם פּאַרטאַגיקן נעפּל לעבן ליזבאַן אָדער סלוצק...

ווען איך האָב געלייענט זײַנע לידער, פלעג זיך מיר דוכטן, אז איזי כאַריק איז מײַנער א שאָכן, אז זײַנע עלטערן האָבן געלעבט בישכיינעס מיט מײַנע אין מאַסאָרי און זיי פלעגן צוזאַמען פאָרן אין שטעטל סעניאָ אונטערפאָדקאָווען די פערד בא מאָטע דעם שמיד. אַף אַזויפיל איז כאַריקס פּאָעזיע געווען מיר נאָענט צום האַרצן.

מיר איז פאַרשטענדלעך געווען כאַריקס פאַרלאַנג צו הערן א מיינונג וועגן זײַנס א נײַ ווערק מיצאַד די ווײַסרוסישע פען-כאַווײרים. זײַן פיגור פלעגט ניט בלײַבן אין שאָטן אין דער סאַמע, ווי איצט איז אָנגענומען זיך אויסדריקן, פּרעסטיזשנער געזעלשאַפט. צווישן די קאָריפייען פון דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור יאַקוב קאָלאַס, זמיטראָק ביאַדוליאַ, מיכאַס לינקאָוו, קוזמאַ טשאָרני, אנדריי אַלעקסאַנדראָוויטש, פּיאַטרוס בראָווקאַ האָט ער אויסגעזען ווי א גלײַכבארעכטיקטער קאָלעגע. צו זײַנע ארויסזאָגונגען און באמערקונגען האָט מען זיך צוגעהערט. פערזענלעך מיר איז געווען אָנגענעם און פריידיק צו פילן זײַן צוטרוי צו מיר און צו מײַנע סקולפּטור-ארבעטן. איבערטרעטנדיק די שוועל פון מײַן וואַרשטאַט, פלעגט כאַריק מיט שפּאַס ארויסברענגען פּושקינס באַוווּסטע שורעס: „אומעטיק און צופרידן גיי איך ארײַן, סקולפּטאָר, אין דײַן וואַרשטאַט... דעם גיפּס גיסטו צו געדאַנקען... דער מירמל פאָלגט דיך..." איך פלעג אים ענטפערן אויך מיט שפּאַס: „וואָס שײַעך מירמל, פאָלגט ער, קאָנטיק, בלויז מײַן קאָלעגע אבראַם בראַזערן..."

ווי מיר איז געווען באַוווּסט, האָט איזי כאַריק מיט א צײַט פריִער פּאָזירט דעם סקולפּטאָר בראַזער און פאַר אים דאָרט, אין וואַרשטאַט, געלייענט זײַנע לידער. דער סקולפּטאָר האָט זיי אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס, צוקוקנדיק זיך דערבײַ צו זײַן נאַטורשטשיק, און באמערקט:

— אוי, אוי, סאַראַ וווּנדערבאַרע ליפּ! באַלד וועלן מיר זי פאַרקערפּערן... און די האָר האָבן זיך צעשויבערט, ווי אין יאַם א וועל... וועלן מיר פּרוּוון עס פאַרקערפּערן דערוויַיל אין ליים... כאָטש אַזאַ פּאָעט האָט פאַרדינט בעפיירעש בראָנזע און מירמל.

איזי כאַריקס סקולפּטור-פּאָרטרעט האָט זיך בא בראַזערן באַקומען אן עכט פּאָעטישער, ווי א כוואַליע, אן אופגעברויזטע פון באַגײַסטערונג...

— אויב זײַן אויער הערט מיך, הייסט עס, אז אַפן פּאָרטרעט דאַרף זײַן אן אויער, וואָס הערט יעדן צושויער, — האָט געזאָגט אבראַם מאַרקאָוויטש.

און טאַקע, זײַן איזי כאַריק האָט געקוקט אַף אונדז און האָט אונדז געזען און געהערט.

— פאַר איין סעאַנס, און אַזוי ענלעך! — האָט כאַריק אויסגעשריגן, דערציילנדיק וועגן דער סקולפּטור אין רעדאַקציע-צימער פונעם זשורנאַל „שטערן", ווו ער איז געווען דער הויפּט-רעדאַקטאָר. — ווען אונדזערע שרײַבער וואָלטן געווען בעקייעך אַזוי ארבעטן, וואָלטן מיר געקאָנט גיין אין געוועט מיט באַלזאַקן און דאַנטען!

בראַזערן איז געפעלן געווען צו הערן עס וועגן זיך, און ער האָט א זאָג געטאָן:

— ווי זשע? מיט לײַב און לעבן... אנדערש איז קיין סקולפּטור ניטאָ.

איך האָב אויך געפּרוּווט פאַרקערפּערן דאָס געשטאַלט פונעם גרויסן דיכטער. פאַר דער מילכאָמע האָט זיך מיר געדוכט, אז מײַן סקולפּטור-פּאָרטרעט איז זייער נאָענט צו יענער פּערזאָן, וועלכע איך האָב געקענט און ליב געהאַט. די סקולפּטור האָט זיך ניט פאַרהיט. האַיאָר בין איך ווידער צוגעטראָטן צו שאַפן כאַריקס סקולפּטור-פּאָרטרעט, האָבנדיק אין זינען דעם פאַרלאַנג פון די לייענער, וועלכע האָבן א לאַנגע צײַט ניט געוווּסט וועגן כאַריקן און ניט געהאַט קיין מעגלעכקײַט צו לייענען זײַנע ווערק. מעגלעך, אז דאָס, וואָס בראַזער שילדערט אים, ווי אן אופגעברויזטע כוואַליע, האָט זיך אין מיר זייער פאַרקריצט. און דאָך האָט זיך מיר געוואָלט אופדעקן די ארײַנדרינגענדיקע אין דער טאָגטעגלעכקײַט דיכטערישע שטים, אן אופגעברויזטע פון בילדערישער פילקלאַנגענדיקײַט פונעם לעבן, א ווידערשפּרעכיקע אין איר דיאַלעקטישער אנטוויקלונג.

מיר איז שווער אורטיילן, אַף וויפל ס'האָט זיך מיר אײַנגעגעבן דאָס סקולפּטור-בילד. ס'האָט זיך געוואָלט, אז די צושויער זאָלן דערפילן כאַריקס צוגעבונדנקײַט צום היימישן קאַנט, צו ווײַסרוסלאַנד, כאָטש אַזאַ אייגנשאַפט פון א מענטשן איז אָנשוילעך עפּשער אומעגלעך איבערצוגעבן, אָבער דער דיכטער האָט ליב געהאַט ווײַסרוסלאַנד מיט לײַב און לעבן.

— ווייסט וואָס, מײַן פרײַנט זאִיר? בא יעזוסן איז פאַראַן אַזאַ ארויסזאָגונג: „די פייגלען האָבן נעסטן, די פיש — זייער וואַסער-ווירבל, די כײַע — איר הייל, און דער מענטש... דער מענטש דאַרף וויסן זײַן אָרט". בא מיר טוט א צופּ פאַרן האַרצן, ווען איך הער דאָס וואָרט „זעמבין". ווי

באַ זמיטראָק ביאַדוליא דאָס וואָרט פּאָסאַדיעץ, באַ מוישע טייפן — דאָס וואָרט מינסק, באַ מענדל ליפשיצן — דאָס וואָרט נעסטעגאָוויטש, באַ שמואל האַלקינען — דאָס וואָרט ראַהאַטשאָוו, באַ מוישע קולבאַקן — דאָס וואָרט סמאָרגאָן...

אָט פאַרמאַך איך די אויגן, און ס'הייבט זיך אָן דוכטן, פּונקט ווי היינט, אין אַפּריל 1988, רעדט מיט מיר מיַין פריַינט. און ער, דער פּאָעט, פירט די ציַיט־רעכענונג פון די קינסטלער פון וואָרט, פאַר וועלכע די אויפריכטיקיַיט צו זיַין שאַפונג און צו זיַין פאָלק איז אומאָפּטיילבאַר פון דער אויפריכטיקיַיט צום לייַבלעכן קאַנט. די שפּראַך פונעם פּאָעט איז ניט קיין ריטאָרישער צינש דער ציַיט, נאָר אַ לייַדנשאַפטלעכער געפיל, וועלכער דערלויבט זיך ניט אויסגעדריקט ווערן סענטימענטאַל. מע דאַרף ניט איגנאָרירן דעם קוליק־פויגל, און ס'איז ניטאָ קיין בייז אין דעם, וואָס ער ליבט זיַין בלאָטע. אַף דער וועלט איז יעדערן אָנגעצייכנט זיַין מיסיע: „טאָג איז טאָג, און נאַכט איז נאַכט" — אַזוי פלעגט ציַיטנווייַז טייַנען איזי כאַריק, איַילנדיק צום רעדאַקטאָרישן אָדער צום היימישן שרייַבטיש. אים איז גוט באַקאַנט געווען דאָס געפיל פון בירגערלעכן כויוו, איבערהויפּט ווען מע איז געבענטשט מיט טאַלאַנט. ער האָט געוווּסט, אַז ס'וועלן באַטל ווערן רעכילעסן, ס'וועלן פאַרטונקלט ווערן צעבלאָזענע אויטאָריטעטן, ס'וועט צעווייעט ווערן דער רום פון די ציַיטווייַליקע, און די שאַפונג פונעם עכטן קינסטלער וועט געפינען זיַין לייענער, זיַין צושויער. און אין דעם בין איך מיט אים פולקום סאָלידאַריש. כאַריקס ווערק — דאָס איז זיַין גורל, וואָס וועט קיינמאָל ניט פאַרשווונדן ווערן.

איך האָב פאַרבעטן צו זיך אין וואַרשטאַט איזי כאַריקס אַלמאָנע דינע זוואָלאָוונע. די דאָזיקע באַשיידענע פרוי האָט געווידמעט איר לעבן צו פאַרהיטן און פאַרשפּרייטן די ווערק פונעם דיכטער, און מע קאָן נישט זיך ניט באַגיין אָן דאַנקבאַרקיַיט צו איר פאַר דעם, וואָס זי האָט אויסגעפונען אַלע געדרוקטע און ניט־געדרוקטע ווערק פון איזי כאַריקן. אין די פרווייַשע אויגן איז אויפגעשווומען אַ מיספאַרשטייעניש, ווען זי האָט דערזען מיַין סקולפּטור. זי האָט געזאָגט, אַז זי געדענקט איזין גאָר אַן אַנדערן.

— פאַר מיר איז ער געווען אַ מער קאַמערנער, ווי מיר שיַינט, ניט אַזאַ עפּישער, וואָלט איך געזאָגט, אויסערלעך ניט אַזאַ פילעוודיקער...

מעגלעך, אַז מיר האָבן פאַרשיידן אויפגענומען איין און דעם זעלבן מענטשן. מעגלעך, איך האָב אין זיך ניט געצוימט יענע היספּיַילעס־געפילן פאַר איזי כאַריקן, וועלכער האָט זיך אַמאָל פאַר מיר אַנטפּלעקט אין מיַין וואַרשטאַט מיט אַ הילכיק שפּאַסנדיקער ווענדונג: „אומעטיק און צופרידן גיי איך אַריַין, סקולפּטאָר, אין דיַין וואַרשטאַט... דעם גיפּס גיסטו צו געדאַנקען... דער מירמל פאָלגט דיך..."

אַ דאַנק איזי כאַריקן פאַר דעם, וואָס זיַין קינסטלעריש וואָרט האָט פאַרקערפּערט די טיַיערע פאַר אונדז ענדערונגען אינעם לעבן פונעם פאָלק און פון יעדן מענטשן באַזונדער.

---

הירש רעלעס

# דער דיכטער רעדט מיט אונדז היַינט

דער גרויסער ייִדישער סאָוועטישער דיכטער איזי כאַריק איז, ווי באַוווּסט, געווען אויך אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער — אַ מיטגליד פונעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט (איצט אויבערסאָוועט) פון וויַיסרוסלאַנד, אַ מיטגליד־קאָרעספּאָנדענט פון דער רעפּובליקאַנישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע, אַ מיטגליד פון די פאַרוואַלטונגען פונעם שרייַבער־פאַרבאַנד פון פסס"ר און ווססר.

אַלס סעקרעטאַר פון דער ייִדישער סעקציע פון דער וויַיסרוסישער פאַרוואַלטונג פונעם שרייַבער־פאַרבאַנד און הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם כוידעשלעכן ליטעראַריש־קינסטלערישן זשורנאַל „שטערן" האָט ער ניט ווייניק מי אַריַינגעלייגט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור אין וויַיסרוסלאַנד.

די ייִדישע סעקציע האָט דאַן אַנגעציילט מער פון צוואַנציק מיטגלידער פונעם שרייַבער־פאַר־באַנד, צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זייַנען געקומען אין דער ליטעראַטור אין דער צווייטער העלפט פון די צוואַנציקער און אין די דרייַסיקער יאָרן — מוישע טייף, מענדל ליפשיץ, עליע קאַהאַן, הירש קאַמענעצקי, רוווע רייזין, לייב טאַלאַלייַ, העניך שווּעדיק, שימען לעלטשוק, זאַכאַר באַרסוק. זיי אַלע האָבן געשאַפן אונטער דער שטענדיקער זאָרג־זאַמער האַזשגאָכע פון איזי כאַריקן.

מיר זייַנען געווען באַגייַסטערט פון זייַן דיכ־טונג און האָבן זיך געסטאַרעט שרייַבן אין זייַן מאַניר. אָפּהיטנדיק אונדז פון נאָכמאַכערייַ, האָט ער געפאָדערט, מיר זאָלן זעלבשטענדיק, לויטן אייגענעם פאַרשטאַנד, שילדערן דאָס לעבן. ניט ווייניק האָרעוואַניע האָט ער אָפּגעגעבן יעדערן פון אונדז באַזונדער, קעדיי צו דערשלאָגן זיך דעם דאָזיקן ציל. דערבייַ איז ער געווען צו אונדז אַזוי אָפּגעהיט־שטרענג, ווי צו זיך אַליין.

אים האָבן טאָמיד געפרייט די ליטעראַרישע דערפאָלגן פון זייַנע קאָלעגן־שעפער מוישע קול־באַק, זעליק אַקסעלראָד, צאָדעק דאָלגאָפּאָלסקי, יאשע בראָנשטיין, אייַזיק פּלאַטנער, אורי פינקעל, סאָרע קאַהאַן, און איבערהויפּט די דערפאָלגן פון די יונגע דערצויגלינגען זייַנע. כאַריקס וויכאָוואַנ־צעס — אַזוי האָט מען אונדז גערופן.

ווען דער פּאָרטפעל פונעם זשורנאַל „שטערן" פלעג זיך באַרייַכערן מיט גוטע מאַנוסקריפּטן פון די יונגע וויכאָוואַנצעס, איז ער געווען אַזוי צו־פרידן, ווי גלייַך ער אַליין וואָלט די דאָזיקע ווערק געשריבן.

איזי כאַריק האָט געשאַפן נאָר אינעם זשאַ־נער פון פּאָעזיע. ניט אָפּט האָבן זיך געדרוקט זייַנע לידער און פּאָעמעס. דערפאַר אָבער, ווען זיי פלעגן זיך באַווייַזן אין דרוק, איז דאָס געווען א נייַע וויכטיקע דערשייַנונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אויך הייַנט האָט כאַריקס דיכטונג ניט אָנגע־ווירן איר עמאָציאָנעלקייַט, איר ווירקנדיקע קראַפט.

מיר, מענטשן פונעם עלטערן דאָר, זייַנען שוין ווייַט אָפּגעגאַנגען פון יענע צייַטן, ווען ס'האָט געשאַפן איזי כאַריק, מיר לעבן איצט אין אַן אַנ־דער וועלט, און ס'רעגן אונדז אַנדערע סיטואַציעס, טרוימען און האָפענונגען, כאַראַקטעריסטישע פאַרן איצטיקן עטאַפּ. אָבער ווען מיר קערן זיך אום צו כאַריקס לידער, רעגן זיי אונדזערע הערצער מיט דער זעלבער קראַפט, ווי דאַן, ווען ער האָט זיי געשריבן, זיי באַגייַסטערן אונדז אויף נייַע אויפטוען לעטויוועס אונדזער סאָציאַליסטיש היימלאַנד. מע קאָן מיט זיכערקייַט זאָגן, אַז אַזאַ ווירקונג האָבן זיי אויך אויף די יונגע דורות, וועלכע לייענען כאַ־ריקן מערסטנס אין דער איבערזעצונג. איבער גע־ווּיסע פאַרדריסלעכע סיבעס קאָנען זיי ניט לייענען זייַנע ווערק אין אָריגינאַל. עמעס, כאַריקס לידער און פּאָעמעס קלינגען ניט שלעכט סייַ אויף ווייַסרוסיש, סייַ אויף רוסיש, דאָך קאָן ניט די סאַמע בעסטע איבערזעצונג פאַרבייַטן דעם אָריגי־נאַל.



לאָמיר האָפן, אַז די איצטיקע צײַט, וואָס פאַרפילט די אַזויגערופענע ווײַסע פלעקן אין דער געשיכטע, צעשטעלט אַלץ אויף די געהעריקע ערטער, אויספאַריכטנדיק די טאָעסן און די אומגערעכטיקײַטן, וואָס זײַנען דערלאָזט געוואָרן אין די פאַריקע פּעריאָדן, וועט אויך אין דער שפּראַך־סיטואַציע זיך אַרײַנמישן אויף אַ יושרדיקן אופן, און די יידישע יוגנט וועט באַגלײַך מיט אַנדערע לעשוינעס באַהערשן אויך די מוטער־שפּראַך און זיך באַהעפטן צו די אוצרעס פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור.

■

מיכאס טשאראַט

# די קרעטשמע

## פּאָעמע

געווידמעט יאנקא קופאלא



ווי אַן אַלטער צעגעסענער, הוילער סקעלעט
שטייט איצט אַ קרעטשמע אַליין.
ס׳ברענגען איר ווינטן אַ טויטן געבעט
און פינצטער — מיט קלאָלעם באַוויינט.

יאנקא קופאלא

### 1

לויפן טעג, ווי צעיאָגטע אין אומרו
און צעשטויבט, און קאַפּויר — אונדזער וואָר.
עפּעס איז אָפּן זינען געקומען
אַלטע קרעטשמע פון שטרויענעם דאָרף.

טיר און פענצטער צעשטויבט און צעבראָכן,
שטייט די קרעטשמע פאַרלאָזט און אַליין.
און אַמאָל פלעגט דאָרט גאַנצענע וואָכן
רוען דער פויערשער וויי.

ווען אין אונדזער פאַרלוירענער כאַטע
פלעגט שפּראָצן דער גרויער פאַרטאָג,
פלעגט אַהינצו, אי איך, אי מײַן טאַטע,
גיין דינען דעם גלעזערנעם גאָט.

מײַן טאַטע — אַ פויער אַ ליבער,
נאָר ווער קען די ליבשאַפט דען מעסטן? —
דערפאַר טאַקע שרײַב איך איצט לידער, —
מיר האָבן אַמאָל ניט דערעסן.

אין קרעטשמע בא ווײַן און געראָדער
איז מײַן גאָלדענע יוגנט פאַרלאָפן.
אַ סוינע פלעגט ווערן אַ ברודער,
אויב ער גיט נאָר דעם ביטערן טראָפּן.

איך קאָן ניט פאַרגעסן דיך, קרעטשמע,
דײַן שיקערע פרייד און געשלעג.
וועגן מיר, נאָר מע פויקט און מע רעדט שוין,
אַז איך האַרגע מײַן יוגנט אַוועק.

נו, רופט מיך אָן: — שיקער! נו, לעסטערט!
כאָטש צעשטויבט איז ביז גרונט אונדזער וואָר.
און נאָך איז מיר שווער צו פאַרגעסן —
שליאָמען דעם קרעטשמער פון דאָרף.

מיר האָבן גערופן אים „שליאָמע”,
בראַנפן גיסט ער אַ פוליאַנקע מאָס.
דערמאָנען מיר איצטער זײַן נאָמען
ווארעם, און נאָענט, און פראָסט.

ניט געווען איז שליאָמע קיין פרומער
און ווייניק די דינים געוווּסט.

— זאָל מוישע ראַבבינו נאָר קומען,
וואָלט ער זײַן א קרעטשמער געמוזט!

— א ווילער ייִד, — פלעגן פּויערים זאָגן, —
ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס ס׳איז שליאַמע א ייִד.
א טײַנע אין בליק פלעגט ער טראָגן:
— ברידער, כ׳דאַרף לעבן, ווי איר...

האָט מען געלעבט. אין ספּירט זיך פאַרכלינעט
און פאַרטרונקען דעם ביטערן גזאַר.
ווען אין קרעטשמע פלעגט הודזען, ווי בינען,
פלעגט דאַכטן, ס׳ווערט ווייניקער צאַר.

איז אַן אומגליק, א פרייד, צי א טרויער,
מע לאָזט זיך צו שליאַמען — און גאָר!
אָט אזוי האָט אין קרעטשמע דער פּויער
געפּרייט זיך א קײַלעכדיק יאָר.

## 2

האַרבסט. ס׳האַלט די זון זיך אין לעשן,
פעלדער ווערן שוין הויל און פאַרבענקט,
עס צעהילכט זיך דער שײַער אין דרעשן, —
גיי איך פלינק מיטן טאַטן אין שענק.

ערשטער שניי, — טרינקט מען ווידער „לעכאַים”,
צערעכנט דעם פאַסטעך, — מע טרינקט.
און פּאַרנאַכט שליאַמעס זונדעלע — כאַים,
פּירט קאָרן אַוווּ? און וווּהין?

ס׳וויל דער פּויער פון דעם גאָרניט ריידן:
דער שײַער פול מיט טווּע און היי.
אויב עס שווײַגן די טאַטעס און זיידעס,
זאָל איך דען ניט שווײַגן, ווי זיי?

בין איך שיקער, — וועט מיך קיינער ניט הענגען,
אויב שווער איז, — איז מיר דאָך דאָס שווער.
ס׳איז גוט, ער, ס׳איז פריילעך אין שענקל,
עס דאַרף ניט קיין האָבער מײַן פערד.

דערפילט מען דעם הונגער אין פרילינג,
דאַרפסט זייען — און זייונג עס פעלט.
קלײַבט מען דאָס לעצטע פון ווינקל
און ס׳קלעקט ניט פאַרזייען דאָס פעלד.

און ס׳וואַקסט אונדזער הונגער. און זומער
צעשרײַט זיך פון ווינקלען די נויט.
מיר שווײַגן אין הונגער, אין אומעט,
אין בענקשאַפט נאָך מאַגערן ברויט.

גייט מען אין קרעטשמע צו שליאַמען,
העלפט ער דעם פּויער אין נויט, —
גיט ער א גלעזעלע בראָנפן
פאַר לעצטן פאַרבליבענעם שטרוי.

שוין איינמאָל געוועזן א ווילער,
ווי מעסט מען זײַן נוץ אף דער וועלט?
קומסט צו גיין א בייזער, א הוילער, —
גיט ער דיר בראָנפן אָן געלט.

## 3

ס׳האָט די ליבע זיך פלוצלינג געמאָלדן
מײַן טויזיקן זעכצנטן יאָר.
ס׳איז מײַן יוגנט אין דעם עפּשער שולדיק,
נאָר כ׳ווייס ניט — פאַרליבט זיך, און גאָר.

כ׳בין איינמאָל אין וואָגן געבליבן
און טאַטע ט׳געטרונקען אין שענק.
ס׳האָט ראָכל די ציגן געטריבן,
א פרעג געטאָן פראָסט און פאַרבענקט:

— וואָס גייסטו אין שענק ניט? דו וואַרטסט דאָ?
דו היטסט דאָ דעם שפּאַן און דעם פערד?
בא איר אין די אויגן די שוואַרצע
א וואַרעמקײַט פלוצלינג דערפילט.

ס׳האָט פון דענסטמאָל געקלאַפּט און געשלאָגן
א היץ און א קעלט אין מײַן בלוט.
און עס האָט מיך אין קרעטשמע געטראָגן,
קום איך, — און ס׳ווערט מיר דאָרט גוט!

אין דאָרף פלעגט מען לאַכן און ריידן,
ס׳האָבן אַלע פון דעם שוין געוווּסט:
איך ליב גאָר א ייִדיש מיידל,
אָן איר איז דאָס לעבן מיר פּוסט.

קומט פאַרנאַכט. — איבער פלויטן איך קריך שוין,
אז עס ציט מיך צו יענע פיר ווענט.
מיר האָבן אין קרעטשמע געליבט זיך,
אזוי ווי מיר האָבן געקענט.

מע שרײַט דאָרט, מע רוישט דאָרט, מע לאַכט דאָרט,
ס׳איז רויִיק און הילכיק אין שענק.
און אונדז האָט גאָר דעמלט געדאַכט זיך,
אז מיר זײַנען אין קרעטשמע אליין.

האָט זיך איינמאָל איר מאַמע צעזידלט:
— ראָכל, מע טאָר ניט אזוי!
דאַרפסט וויסן, — דײַן טאַטע א ייִד איז
און ער איז א דאָרפישער גױ.

איך בין געבליבן דאָן שטיל אין א ווינקל,
ס'האָט א ווייטיק געשריִען אין שלייף.
איז דען שולדיק א דאָרפישער ייִנגל,
אז מע האָט אים אָן אים גאָר געטויפט.

4

קומען גרויליקע טעג אפן דאָרף אָן,
העגנט א הימל נאָך גרויער פון אש.
— אויב א שטיין וועט אין דיר ווער א וואָרף טאָן,
הייב אים אוף און באהאלט אים אין טאש...

אזוי האָט געזאָגט צו מיר שליאָמע,
אַף זײַן ברעם האָט געציטערט א טרער
און דערציילט האָט ער מיר פון פּאָגראָמען,
פון שווערע, פארבלוטיקטע שטעט.

איך לײַד דאָ, און שליאָמע מוז לײַדן:
איך צאָל שטײַער און ער צאָלט אקציז.
דער „אוריאדניק", ער ווינט דאָך ניט ווײַט דאָ
און ביידן אונדז טרעט מיט די פיס.

שפעט אין שענק פלעג איך שווײַגנדיק זיצן.
— נו, פארוואָס איז אין געגנט ניט גוט?
אוי, שליאָמע, דו דאַרפסט דאָך דאָס וויסן,
וואָס דערציילט דאָרט דײַן גראָבער טאַלמוד?

— מיר האָבן א לאַנד פּאַלעסטינע,
נאָר ווי פאָרט מען אהין? וויאַזוי? —
און אזוי ביזן גרויען באגינען
אין געשפרעך, אין פארדראָס און אין וויי.

אָט אזוי האָט דאָס לעבן געדרייט זיך
און אונדז אינעם פּלאָנטער פארדרייט.
אַף שליאָמעס געבויגענע פּלייצעס
האָבן זיך וווּנדן ביז סאָף ניט פארהיילט.

טראָג איך אויך אום א ווונד אין מײַן הארצן,
א בלוטיקן ווונד ביזן ביין,
מיר האָט שוין דענסטמאָל געדאכט זיך,
ס'וועט קיינמאָל מײַן וויי ניט פארגיין...

וואָיען ווינטן. ווער קען זיי דען שטערן?
ס'ווילן ווינטן צעטראָגן די געגנט.
ליגט אין קרעטשמע דאָס דאָרף — און עס
הערט ניט —
דעם שיקערן וויי און געשלעגן...

קומען גרויליקע טעג אפן דאָרף אָן
און איך זאָג שוין, ווי שליאָמקע, דורך האָס:

— אויב א שטיין וועט אין דיר ווער א וואָרף טאָן,
הייב אוף און באהאלט אים אין טאש.

זאָלן ווינטן ניט וואָיען, ניט גרוילן,
ניט הוליען אַף אונדזערע קעפּ.
ס'וועלן אונדזערע לידער דערציילן,
ווי מיר האָבן אין ווייטיק געלעבט.

5

גערוישט האָבן פעלדער און וועלדער,
זיי האָבן זיך פּלוצלינג פארהאקט.
איבער אונדז העגנט א הימל מיט עלנט,
און ס'האָבן זיך זשאבעס צעקוואקעט.

איך געדענק — ס'האָט דאָס דערפל צעקלאָגט
זיך —
מע הייסט אַף מילכאָמע אונדז גיין.
אפן פערדל דער „סטראזשניק" — ער טראָגט
זיך —
און רופט מיט א בייזן געשריי.

אַף מאָרגן — מע קלײַבט זיך אין קרעטשמע,
צעשראָקענע, ברויגעזע רייד,
וועגן קייסער מע טראכט און מע רעדט שוין, —
שליאָמע ווינטשט אים א פינצטערן טויט.

און ווען דאָרף איז אוועק אַף מילכאָמע,
איז אַף שליאָמען א פּאכעד אראָפּ.
און ער ריכט זיך שוין אלץ אַף פּאָגראָמען
און בייגט אײַן נאָך טיפער דעם קאָפּ.

טאָג־צו־טאָג — און אין קרעטשמע ווערט לײדיק,
אין דערפל ווערט רויִק און טויט.
אין פײַער, אין גרויל און אין ווייטיק
האָט א בלוטיקער פראָנט זיך פארדרייט.

ניטאָ שוין קיין בראנפן, — מע רייכערט,
מע צעווייעט דעם ווייטיק אין רויך...
מע רעדט מיט א בלוטיקן שמייכל,
ווען באדארפט וואָלט מען שרײַען, — און הויך.

אויך איך פלעג בא שליאָמען געפינען
פאר טרויער א פרײַנטלעכע טיר.
און איינמאָל... אין גרוי פון באגינען
האָט מיך טאטע צום „פּריזיוו" געפירט.

אוי, לעבן, וואָס טרײַבסטו און טראָגסט מיך?
בעסער גיין מיט דער קאָסע אין פעלד.
נאָך מיר האָבן דענסטמאָל צעקלאָגט זיך —
דער טאטע, דער וואלד און דאָס פערד.

## 6

ווי זאָל איך ניט טײַנען,
ווי זאָל איך ניט גרוילן.
ווען אין הארצן גייט אוף אזא ווײ.
עפּעס ווילט זיך פון ראַכלען דערציילן,
וואָס בעסער, וואָס צארטער אזוי.

הארבסט. אונטער הימל ווערט ענג שוין,
איך פארלאָז שוין אף יאָרן מײַן היים.
איך קאָן ניט באהאלטן מײַן בענקשאַפט, —
איך זינג, און איך לאַך, און איך וויין...

ס'האָט ראַכל פון ווײַטן באגלייט מיך,
נאָר איך האָב איר טרויער דערזען,
צי וועל איך געפינען א צווייטע,
אזעלכע, ווי דו ביסט געווען.

מיר האָבן דאָך ביידע געליטן,
איך — א לײַדעק, דו — א קרעטשמערס א קינד.
אונדזער ליבע, קאָן זײַן, וועט פארשווינדן,
וואָס עס לעבט, גייט דאָך אוף און פארשווינדט.

כ'האָב מײַן פערד ניט געיאָגט, ניט געטריבן,
ס'האָט זיך עלנט געצויגן דער וועג.
דו ביסט אין קרעטשמע פארבליבן,
און איך — אף מילכאָמע אוועק.

## 7

ס'האָט זיך פלוצלינג דאָס לעבן צעפּיבערט, —
שווער באשרײַבן דאָס אַלץ מיט דער פּען, —
ס'איז שליאָמע ארויס פון זײַן שטיבל
און צענומען אין שרעק זײַנע הענט.

און פארקלערט האָט פון דענסטמאָל זיך שליאָמע,
אז וואָס וועט אַלץ ווערן דערפון?
ס'איז געקומען זײַן זון פון מילכאָמע, —
א באַלשעוויק איז איצט כאָים, זײַן זון.

האָט מען די פריצישע „הויפן" צענומען —
גאנצע נעכט האָט געפלאקערט דער פאלאץ, —
זאָגט שליאָמע: —„די שאַ זאָל ניט קומען,
וועל איך דאָך זײַן שולדיק פאר אַלץ.

עך, נארישער שליאָמע, — „פאר אַלעס",
וואָס האָסטו זיך פלוצלינג פארבענקט?
שטייט כאָים אין פעסטע שטיוואַלעס.
— טאַטע! א סאָף צו דער שענק!

ס'האָט קיינער זײַן שטוב ניט צעבראָכן, —
ס'האָט פארמאכט זיך די קרעטשמע אליין,
מיד, אזוי שטיל און געבראָכן
האָט שליאָמע פארשפּארט זיך אין שענק.

ארום האָט צעיאָגט זיך דאָס לעבן,
ס'איז כאָים א גאנצענער לײַט.
— קיינער וועט פרײַהײַט ניט געבן, —
אליין מוז מען ווערן באפרײַט.

און אַלע צוזאמען מיר גייען
דורך פעלד און דורך וואלד און דורך ווינט,
מיר, קינדער, פון גרויסער ראסייע,
מיר גייען נאָך פרײַהײַט אצינד.

## 8

אף קוועלנדיק־לויטערע ערדן,
ווו עס ציילט די קוקאווקע איר ליד, —
איז פרײַהײַט געוועזן באשערט אונדז,
נאָר מע האָט זי אין קייטן פארשמידט.

ס'איז געקומען די פינצטערע שליאַכטע,
אוי, איר פינצטערע, בלוטיקע טעג!
ס'קען דאָס דאָרף שוין איצט רויק ניט טראכטן,
ס'טראכט דאָס דאָרף איצט פון בלוט און געשלעג.

הוליעט דער פויל און געוועלטיקט
און ס'הייבט זיך זי בלוטיקע האנט...
לויפן מיר שטיל אין די וועלדער, —
דער וואלד איז געדיכט און באקאנט.

אין פארכמורעטן וואלד זיך באהאלטן,
איז שליאָמע געלאָפן מיט אונדז,
אוועק איז פון טליע דער אלטער —
ס'האָט די שליאכטע געמאָנט פאר זײַן זון.

אוועק בין איך דענסטמאָל אין אופשטאנד,
ס'האָט דאָס לעבן געיאָגט אין גאלאָפּ.
איידער לײַדן, — שוין בעסער א רויש טאָן
און פארלירן דעם אייגענעם קאָפּ.

זאָל אין אופשטאנד צעהוליען זיך ברייטער
דער, וואָס פריִער ט'געליטן אין גרויל.
אַלע דערפער, — איין מאכנע א רויטע
איז אוועק אפן פײַנט, אפן פויל.

## 9

ס'איז דער וועג איצט צו פריידן שוין אָפן
פאר די, וואָס אין כוישעך געלעבט, —
א ברייטער, א פולער מיט האָפענונג,
ס'האָבן קליאַנען פון אים זיך צערעדט.

ס'האָט אמאָל בא מײַן אָרעמען הײַזל
דער קליאָן מיך באקלאָגט שטילערהייט.
און אצינד — מיט א קאָפּ א געקרײַזלטן
מיך באגעגנט מיט רויש און מיט פרייד.

— גוט־מאָרגן אײַך, פויערים־ברידער,
מיט אײַך כ'האָב געפּאַשעט די שאָף...
גוט־מאָרגן אײַך, פעלדער און פרידן,
און פרייד צו דיר, קרעטשמער, פון דאָרף...

קרעטשמע, וואָס שטייט שוין איצט ליידיק,
אויך צו איר איז מײַן גרוס איצט געווענדט.
עפּעס, דאַכט זיך, ס'האָט עמעץ אין ווייטיק
פאַרבראָכן אָף איר זײַנע הענט...

פוסט און וויסט... ס'ווערט דורך יאָרן פאַרניכטעט
יעדער שפּור פון די יינגלשע טעג.
און מיט קראָפּעווע שווערער געדיכטער
פאַרוואַקסט איר פאַרגעסענער וועג.

און ראָכל — געבליבן א היגע,
האָט א מאַן. ער באַאַרבעט די ערד.
מע האָט דערציילט מיר, און איך האָב געשוויגן:
נו, מיילע, זײַ גליקלעך, באַשערט.

איך האָב געזאָגט: — ס'איז ניט אייביק די ליבע,
ווי אַלץ, וואָס לעבט אוף און פאַרגייט.
כאָטש איין אָוונט מיט דיר כ'וואָלט פאַרבליבן
און דערמאָנען אַמאָליקע פרייד.

נאָר צו וואָס זשע איצט רייצן די וווּנדן,
ס'האָט פאַרלאָשן זיך אַלץ, ווי א בליץ.
זאָל זײַן ס'איז דײַן ליבע פאַרשוווּנדן,
נאָר ניט רוף מיך, כאָטש „גאָי", ווי ביז איצט.

איך ווייס ניט, איך בין הײַנט צופרידן,
ס'איז דער דאָרף שוין ניט דאָס, וואָס געווען.

ביטאָ יענע שיקערע לידער,
וואָס האָבן מײַן יוגנט געגנערט.

מע קלײַבט זיך... עס איז א פאַרזאַמלונג,
מע טיילט איצט די פרישע ערד,
מיט פויערים אַלטע צוזאַמען
איז אויך שליאָמע געקומען אַהער.

זיצט שליאָמע דאָ פעסט און צופרידן,
זײַן בליק איז איצט רויִק און קלאָר,
שטעלט ער זיך אוף און זאָגט: „ברידער!"
וועגן ערד וויל ער נעמען א וואָרט.

**10**

אז ווער האָט געקענט דערפון טראַכטן:
אין אַן אָרעמען קאַנט פון ראַסיי
זאָל פלוצלינג אין פריידן דערוואַכן
ווײַסרוסלאַנד — א גליקלעכע היים.

א נײַע היים. אין א כוטער א נײַעם
האָט שליאָמע באַזעצט זיך און — גוט!
א בעהיימע, צוויי פערדלעך, א שײַער, —
אָט דאָס איז זײַן האָב און זײַן גוטס.

אָף זײַן אייגענעם פעלד, אָפן גרינעם,
ער דערלאַנגט מיר א כאַווערשע האַנט:
— וואָס טויג מיר א לאַנד פאַלעסטינע,
אז מיר האָבן אַן אייגן דאָ לאַנד.

## איזי כאַריק — דער איבערזעצער

מ. טשאַראָטס ווערק „די קרעטשמע" אין איזי כאַריקס איבערזעצונג האָט זיך געדרוקט אין דעם נום. 1 (4) פונעם מינסקער זשורנאַל „שטערן" (יאַנוואַר 1926). דער איבערזעצער האָט באַגלייט די פּובליקאַציע, וועלכע האָט זיך מער קיינמאָל ניט איבערגעכאַזערט, מיט אַן אַרײַנפיר, אין וועלכן ער האָט געשריבן:

„דער ווײַסרוסישער דיכטער, דראַמאַטורג און שרײַבער מיכאַס טשאַראָט (מ. קודזעלקאַ) האָט זיך באַוויזן אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור נאָכן יאָר 1917 און האָט מיט זײַנע ווערק גלײַך צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די קריטיקער.

געבוירן איז מיכאַס טשאַראָט אין דאָרף רודזענסק, טשערווענער (איהומענער) אויעזד אין יאָר 1896. נאָכן ענדיקן א צווייקלאַסן־שול איז ער אָנגעקומען אין מאָלאָדעטשנער לערער־סעמינאַריום — איינעם פון יענע „אוניווערסיטעטן", וועלכע זײַנען געווען אין יענער צײַט צוטריטלעך פאַר דער דאָרפישער ווײַסרוסישער אינטעליגענץ.

די אַלוועלטלעכע מילכאָמע האָט אָבער אויך אים ניט געשאַנעוועט, און ער איז געווען געצווונגען צו אָפּגעבן א ביסל צײַט פון זײַן לעבן אָף מיליטער־דינסט.

נאָכן ענדיקן די ווילנער מיליטער־שול אַלס אָפיצער איז ער אַרײַנגעפאַלן אָף דינסט אין א רעזערוו־פּאָלק.

אין 1920, אין דער צײַט, ווען מינסק האָט זיך געפונען אונטער דער פּוילישער אָקופּאַציע, טרעט טשאַראָט־קודזעלקאַ אַרײַן אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

צעלאַכן זיך פויערים הילכיק:
— שליאָמע, געדענקסט נאָך די שענק?
און שליאָמע, — ער לייענט איצט ביכלעך,
ווי זייט מען דאָ גערשטן און ווייץ.

אין שטאָט איז ער איינמאָל געקומען.
— מע פארקויפט שוין דאָרט בראנפן?.. אהיים
איז שוין שליאָמע געפאָרן אין אומעט, —
ס'האָבן פלעשער דערמאָנט אים אין שענק.

## 11

לויפן טעג און פארגייען געשווינדער,
ס'האָט דאָס לעבן זיך האסטיק צעלאָזט.
געווען א דאָרף, איז א פעלד דאָרט אצינדער
און עס שטייט דאָרט די קרעטשמע פארלאָזט.

די צעבראָכענע אלטע געביידע
איז באוואקסן מיט אומעט און שרעק.
פאָרט פארביי ווען א דאָרפישער רייטער, —
לויפט ער פון דאָרטן אוועק...

עפשער האָבן אין טענץ זיך צעלאָזן
יענע אלטע און שיקערע טעג.
יענער וועג ווערט באוואקסן מיט גראָזן
און מע רופט אים שוין — קרעטשמערשער וועג.

ס'וועט דער רעגן צעשווענקען דעם קוימען
און דער ווינט וועט צעווייען די ווענט.
און ניט וויסן זאָל ווען־עס־איז קיינער,
אז א קרעטשמע איז דאָרטן געווען.

און איצט. ליגן רויִקע כוטערס
אין גריִנסן, אין גראָזן און טוי.
כ'בין דאָ יעדן א ברודער א גוטער
און יעדער האָט ליב מיך אזוי.

צוזאמען מיט זיי כ'האָב געטרויערט
און געשיקערט צוזאמען אין שענק,
כ'בין, ווי זיי, נאָך ביז איצטער א פויער
און קען נאָך אויך קאָסען, ווי זיי.

כ'קאָן די שטאָט, אויב מע דאַרף נאָר, פארלאָזן
און אוועק אין דער פויערשער וועלט,
און ווידער זיך נעמען צום קאָסען
און אָנטאָן מיין פויערשן פעלץ...

ס'האָבן פויערים רויִק דערמאָנט זיך
און דערציילט, וואָס ביז איצט איז אדורך.
און פון הייך האָט אף אונדז א לעוואָנע
מיט רויִקן זילבער געקוקט.

פרייד צו אייך, צייטיקע פעלדער
און פויערשע, ערדישע הענט.
אונדז שרעקט נאָך די קרעטשמע מיט עלנט
פון אלטע צעבראָכענע ווענט...

מיי — יון 1925, מאָסקווע

---

דאָס ערשטע קודזעלקאס ווערק אין ווייסרוסיש איז געדרוקט געוואָרן אין דער מינסקער צייטונג „זוואָן" (קלונג) — דעם זעלבן נאָמען האָט אויך געטראָגן דאָס ווערק.

פאר די לעצטע יאָרן האָט קודזעלקא אָנגעשריבן פיל ווערק. זיין דראמע אין 3 אקטן „נא קופאלע" האָט מיטאמאָל רייך געמאכט דעם ווייסרוסישן טעאטער.

ער האָט אויך אָנגעשריבן א היפּש ביסל לעבעדיקע ביינסדיקע קאָמעדיעס, וועלכע האָבן א גרויסן דערפאָלג און גייען ניט אראָפּ פון דער בינע אין א סאך דראמאטישע קרייזלעך („מיקיטאָוו לאפאץ", „סלוצקאיא וואָראָנא"). ער האָט אָנגעשריבן א רעוואָליוציאָנער־דראמאטישן עטיוד („ליכט אין דער פינצטער"). זיינע ווערק פאר קינדער „פאסטעכלעך", „אלעסיא און דאנילקא" זיינען זייער פּאָפּולער.

טשאראָט איז אויך דער מעכאבער פון א סאך לירישע ווערק, פיל פון זיי מיט א רעוואָליוציאָנערן אינהאלט, וועלכע ווערן געלייענט שפּאנענד און רופן ארויס באם לייענער אָפּטימיזם און פולן גלויבן אינעם לעבן.

זיין פעיִקייט צו אויסזוכן נייע בילדערישע ווערטער, זיין קענען ארייַנטראָגן אין דער שאפונג רעוואָליוציאָנערע געדאנקען און אָנשויונגען פארוואנדלען טשאראָטס פּאָעזיע אין אן אינטערעסאנטסטער דערשיינונג פון דער ווייסרוסישער ליטעראטור.

איינס פון זיינע בעסטע ווערק רעכנט זיך „באַסיִא נא וואָגנישטשי", וואָס איז פון די ווייניקע, וועלכע האָבן פארינטערעסירט סיי די ווייסרוסישע, סיי די רוסישע קריטיק. די פּאָעמע „די קרעטשמע", וועלכע מיר דרוקן אין הייַנטיקן נומער „שטערן" עטוואָס געקירצט, ווערט געדרוקט אין דער זעלבער צייט אויך אין רוסיש און אין אוקראַיִניש".

אף וויפל די דאַזיקע נאָטיץ איז געווען אָנגעשריבן נאָך אין סאָף פונעם 1925, נייטיקט זי זיך אין דערגאנצונגען. מיכאס טשאראָט האָט אויך אין די וויטערדיקע יאָרן געשאפן פיל ווערק, וועלכע זיינען ארייַן אין גאָלדענעם פאָנד פון דער ווייסרוסישער ליטעראטור. זיין גורל איז אָבער, פונקט ווי אידי כאריקס, געווען א טראגישער. ער איז אומגעזעצלעך רעפּרעסירט געוואָרן אין 1937 און איז אומגעקומען אין עלטער פון 41 יאָר...

ליימע ראָזנהויז

# איזי כאַריק, זײַנע כאַווײרים און זײַן צײַט

(זיכרוינעס און אָפּשאַצונג)

I

## די סוויווע

די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור איז אַ מערקווירדיקע דערשײַנונג אין דער טויזנטיאָריקער געשיכטע פונעם פאָלק. אונטער דער זון פונעם גרויסן אָקטיאַבער איז אויסגעוואַקסן אַ יונגוואַלד. די ביימער, וואָס האָבן שוין געוואָרצלט אין דער פריִערדיקער עפּאָכע, האָבן זיך באַדעקט מיט פרישע בלעטער און מיט מער בליִונג: בערגעלסאָן, האָפּשטיין, דער ניסטער, שוואַרצמאַן זײַנען אַ צווייט מאָל געבוירן געוואָרן. פענעק, דער העלד פון בערגעלסאָנס „באַם דניעפּער", וואָלט קיינמאָל ניט נאָכגעלאָפן און ניט געבענקט, ווי דער הינקעדיקער סאָלדאַט, נאָך מירלען; דאָוויד האָפּשטיינס נאָך־אָקטיאַבער־לידער זײַנען באַפליגלט און אָטעמען מיטן מאָרגן, זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן פונעם טכום און שוועבן איבער קאָנטינענטן. שוואַרצמאַן האָט זיך אָפּגעריסן פון דער גאָלדענער קייט און גערופן צום „אופשטאַנד".

דער מינסקער צענטער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן אייגנאַרטיקײַט. איזי כאַריק איז ניט געווען קיין אָנהענגער פון דער אַזויגערופענער „מינסקער שיטע". ס'האָט פאַקטיש עקזיסטירט אַן אײנהײַטלעכע אַלפאַרבאַנדישע סאָוועטישע ליטעראַטור, אַ פילנאַציאָנאַלע, אַ טייל פון וועלכער ס'איז געווען די ייִדישע סאָוועטישע ליטעראַטור. און דאָך איז די אייגנאַרטיקײַט פון דער ווײַסרוסישער ייִדיש־סאָוועטישער ליטעראַטור באַשטאַנען ניט נאָר אין דעם, וואָס זי האָט אַרײַנגעטראָגן אין דער אַלפאַרבאַנדישער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור דעם גערוך פון ווײַסרוסלאַנדס פייזאַזש, דעם געזאַנג פון דער ווײַסרוסישער פאָלקסליד. איזי כאַריק איז געווען דער באַזינגער פונעם ווײַסרוסישן האָרעפּאַשניק אין זײַן קולטור־פאַרברידערונג מיטן ייִדישן האָרעפּאַשניק. ווײַסרוסלאַנד איז געווען נײַערד אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור. אין ווײַסרוסלאַנד זײַנען געבוירן געוואָרן דער זיידע פון דער ייִדישער ליטעראַטור מענדעלע, שלוימע מײַמאָן, ז. שנייער, דאָוויד פּינסקי, אַוראָם רייזען און אַנדערע. מינסק אָבער אַלס ייִדישער קולטור־צענטער האָט זיך אויסגעבילדעט ערשט אין דער נײַער סאָציאַליסטישער עפּאָכע. דאָס האָט וואָס צו זאָגן: מיט דעם דערקלערן זיך די שאַרפקײַט און היציקײַט פון בראָנשטיינס אַטאַקעס, אָבער אויך דער יוגנט־ברויז און די מאָראַלישע הויכקײַט פון איזי כאַריקס ליריק, איר יוגנטלעכע מונטערקײַט. ה. לייוויק, דער באַזינגער פון „קיינעמס לאַנד" אין „גוילעם", אַגעוו, אויך אַן אָפּשטאַמיקער פון ווײַסרוסלאַנד, האָט אַמאָל באַדויערט איזי כאַריקן, וואָס אָף זײַנע נאַיִווע, נאָך ייִנגלשע פּלייצעס נעמט מען און מע לייגט אַרויף אַזאַ מאַסע. אונדזער איזי האָט שטאָלץ זיך אָפּגערופן:

— שלײַדערט, וואַרפט וואָס מערער לאַסטן אָף מײַן קאַרק... און ווי עס זאָל ניט שווער זײַן — וועל איך אַלץ שרײַען: „ווייניק!"

די לעצטע סטראָפע פון זײַן ליד איז אַזאַ:

א לעבן וואָלט איך, דאַכט זיך, אומגיין אָף דער ערד,
מיטן ערשטן טוי פון יוגנט אָף די ליפּן.
און ס'וועט ווערן שווער... איז ווי קאָן ווערן שווער?
ווען יונגע קרעפטן טריפן נאָך און טריפן...

דער יִידישער סאָוועטישער יונגוואַלד פון ווײַסרוסלאַנד האָט זיך אין אַ קורצער צײַט פאַר־נאַנדערגעוואַקסן אין אַ געדיכטן וואַלד: איזי כאַריק, מוישע קולבאַק, זעליק אַקסעלראָד, מײַשקע טײַף, הירש קאַמענעצקי, מענדל ליפשיץ, לייב טאַלאַלײַ, הירש רעלעס, רוווע רייזען, כאַים לאַסקער, שמועל ראָסין און דער אַ ביסל עלטערער אײַזיק פּלאַטנער. דאָ האַנדלט זיך נאָר וועגן פּאָעטן, און מיר דערמאָנען ניט די פּראָזאיקער, צו וועלכע ס׳האָבן געהערט אַזעלכע רײַפע טאַלאַנטן, ווי מ. דאַ־ניִעל און אורי פינקעל. ווען ס׳וואָלט אַלץ געגאַנגען קעשורע, וואָלט מעקויֶעם געוואָרן איזיס נעוווּע און אייניקע פון זיי וואָלטן „ביז הימל דערוואַקסן". ס׳זײַנען דאָך געוואַקסן „זינגער זאַפטיק און געדיכט, ס׳זײַנען אָנגעקומען פּאַלאַנגעס נאָך פּאַלאַנגעס", וועגן וועלכע, ווי איזי האָט געשריבן: „ס׳שמעקט פון אונדז מיט אומרו און מיט ליכט, מיטן ערשטן וווקס פון פרילינגדיקע זאַנגען".

דרײַ זײַנען געגאַנגען אין דער ערשטער שערענגע פון דער יונגער ווײַסרוסישער יִידישער ליִ־טעראַטור: זעליק אַקסעלראָד, איזי כאַריק און מוישע קולבאַק. דער צענטער — ניט נאָר לויטן אַלעפ־בייס, דער אָנהייבער און דער, וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין, איז אָבער געווען דער פּאָעט פון די „מינסקער בלאָטעס".

איזי כאַריק איז געווען דער פּאָנעטרעגער, דער אָנערקענטער פּאָרשטייער פונעם יִידישן סאָציאַ־ליסטישן יונגוואַלד פון ווײַסרוסלאַנד. און ווען די צופעליק אין לעבן פאַרבליבענע פון יענעם דאָר בלעטערן די אַלטע נומערן „שטערן", דוכט זיך זיי, אַז זיי מאַכן אַ רײַזע צוריק אין זייער יוגנט. לייענט מען אַקסעלראָדס אַ ליד, ווילט זיך פאַרמאַכן די אויגן און אָפּשטעלן יענע טעג: מיט פאַר־מאַכטע אויגן זעט מען, ווי זיי דרייען, אין פעלצן פאַרוויקלט, פאָרן ווינטער אין אַ שליטן איבער שטעט און שטעטלעך צו לייענען זייערע לידער. אוטאָס זײַנען דאַן נאָך געווען אַ גרויסע זעלטנהײַט, און די יונגע פּאָעטן האָבן געדאַרשט, אַז זייערע לידער זאָלן ניט נאָר געלייענט, נאָר אויך געהערט ווערן. דרײַ זײַנען זיי געווען, און איזי כאַריקן קאָן מען ריכטיק באַגרײַפן און פאַרשטיין נאָר ווען מע באַקאַנט זיך פריִער מיט דער סוויווע און מיט זײַנע כאַווײרים.

זעליק אַקסעלראָד איז געוואַקסן אין וואַגל. ער האָט באַ זיך ניט געקאָנט פויעלן צו לאָזן אָפּן וועג די שוואַכע „איבערגיין די לעצטע בריק".

פאַרבלײַבנדיק צײַטווײַליק אינמיטן וועג, האָט אַקסעלראָד געווענדט זײַנע אויגן מיט בענקעניש צו מאָסקווע, דער הויפּט־שטאָט פון דער נײַער וועלט. ליכטיק זײַנען געווען די מאָסקווער גאַסן, זיי האָבן געלאָקט און געצויגן. האָפענונגסלאָז האָבן פאַר אים אויסגעזען די מינסקער בלאָטעס:

גיט אַ ווינטל אַ ווײַ, אַ צי און ס׳ווערט קעלטער,
מע שפּאַנט איבער אַ לאַנגער, הילצערנער בריק.
און מיט פּעך גיט אַ שמעק פון די סאָסנע־וועלדער,
ווו ס׳בויט זיך די נײַע, די ווײַסע פאַבריק...

די שווערסטע מעלאָכע איז לידיק צו גיין, און די פאַבריק האָט זיך ערשט געבויט...

אַקסעלראָדן איז נאָך געווען שווער זײַן „פעסטע קלאָרקײַט צו דערגרייכן". פּונקט ווי יעסעניִן, איז אַקסעלראָד אַפילע איין ווײַלע ניט פאַרבליבן אַ פרעמדער און צום נײַעם יאָר האָט זיך אים גע־וואָלט:

אײַך דאָ אַלעמען באַגריסן,
ליבע בירגער פון מײַן לאַנד,
פאַר אַ ליכטיקן געוויסן
הייב איך אוף מײַן רעכטע האַנט...

פריידיק איז אַקסעלראָד אַרײַנגעטראָטן אין דער רויטער אַרמיי און געשטעלט זיך אויף דער וואַך פון די סאָוועטישע גרענעצן. אין דער רויטער אַרמיי האָט ער אויסגעשמידט זיך „פעסטע קלאָרקײַט". אין אַ ציקל לידער, געווידמעט דעם נײַעם, 1940־טן יאָר, האָט ער גאַנץ דורכזיכטיק אויסגעדריקט זײַן באַציִונג צום פּערזאָנען־קולט און זײַן טיפן גלויבן אין סאָציאַליזם. ער דערמאָנט אין אָט דעם ציקל לידער יענע, וועלכע „האָבן מיר פאַרגעסן ווער ער איז — צי איז ער אונדזער פרײַנט און כאַווער; יענע, וועלכע האָבן געקאָנט „גיין מיט אונדז אין שטרײַטן". ער האָט געוויס, שרײַבנדיק אַזוינע ווערטער, געזען פאַר די אויגן כאַריקן, בראָנשטיינען און קולבאַקן. און געוויס מיט טרויער און גלויבן אין דער קראַפט, מיט וועלכער לעניִן האָט אָנגעלאָדן דעם סאָוועטישן פּראָלעטאַריאַט, האָט ער זיך געזעגנט מיטן אַוועקגייענדיקן יאָר:

נאָר כ׳ווייס געוויס, אַז הײַנטיקס יאָר
וועט אַריבערשפּרײַזן טיף אין ווײַטע צײַטן
און אויסדריקן אים ווי אַ דיכטער קלאָר

װײס איך אױך, װאָס דאָס װאָלט איצט באַטײַטן.
אָבער אױסדריקן אים איצט קלאָר קאָן איך ניט.
טרעפֿט אַמאָל, עס פֿאַלט פֿון הימל ניט קײן רעגן,
נאָר טיף אין זיך האָב איך געװיס פֿאַרהיט
די מאָרגנדיקע ליד פֿאַר אײַערטװעגן.

אקסעלראָדס געזעגענונגס־ליד איז געשריבן אין סטיל פֿון טװאַרדאָװסקיס „א װײַטקײַט בײַ א װײַטקײַט" אָדער, ריכטיקער, „נאָך אײן װײַטקײַט — א צװײטע װײַטקײַט". טװאַרדאָװסקי האָט דער־זונגען אקסעלראָדן, און דאָס איז ניט קײן איבערראַשונג, װײַל טװאַרדאָװסקיס ליד איז די „מאָרגנ־דיקע ליד", אױף װעלכער אקסעלראָד האָט געװאַרט, װען ער האָט ניט געקאָנט אױסדריקן זײַן קלאָרע באַציִונג צום װוּקשפּרײַזנדיקן יאָר.

געשלענגלט און געדרײט זײַנען געװען די װעגן פֿון מוישע קולבאַקן. שװער האָט אױף אים גע־דריקט די לאַסט פֿון ירושה: קאַבאָלע, שפּינאָזע, פּערעץ און... בלאָק. ער איז געװען איבערצײַגט, אַז ס'איז מעגלעך צו לײַטערן די קאָנסערװאַטיװע ירושה. קולבאַק האָט אָבער געהערט סײַ פֿון טאַטנס צד, סײַ פֿון מאַמעס צד צו די האָרעפּאַשניקעס. זײַן מוטערס ברידער האָבן געטריבן פּליטן, געפּאַשעט פֿערד און געאַקערט די װײַסרוסישע ערד, און דעם טאַטנס ברודער איז געװען א ריטער פֿון שער־און־אײַזן:

אױסגעלאַטעװעט אײן דאָרף,
גײט ער אין א צװײטן,
ביז ער לאָזט אַרױס פֿון האַנט
די געגנט א באַנײטע...

שױן אין זײַן ליד „באַם בריסקער שאָלעם" האָט מוישע קולבאַק פֿאַרשטאַנען:

א ריז א פֿאַרבלוטיקטער טראָגט אונדז אצינד זײַנע גילדענע לוכעס!..
אײן־אײנציקע רוסלאַנד, דו ליכטיקע װיג פֿון באַפֿרײַונג,
זאָל פֿאַלן אױף גרױע רױנען דײַן שטראַלנדע זון פֿון באַנײַונג!
א ריז א פֿאַרבלוטיקטער טראָגט אונדז אצינד זײַנע גילדענע לוכעס!

קולבאַק האָט אױף „טױזנט װעגן, פֿאַרשטעלט אין טױזנט געשטאַלטן, געזוכט די שײַן פֿון צײַטן". אַלע טױזנט װעגן האָבן אים געבראַכט צום סאָציאַליסטישן רעאַליזם. די ייִדישע סאָװעטישע קריטיק האָט פֿאַרזען, אַז דער קלײנער ראָמאַן „מאָשיעך בען עפֿראָים" איז אָנגעלאָדן מיט דינאַמיט, װאָס רײַסט אױף דעם נעאָכאַסידיזם, די מעסיִאַנישע אידעאָלאָגיע און דעם קלײנבירגערלעכן ייִדישיזם. אין „דיסנער טשײַלד האַראָלד" איז אַנטפּלעקט די שאַנד, פֿאַלשקײַט און צװיִעס פֿון דער דײַטשישער סאָציִאַל־דעמאָקראַטיע און דעם באַנקראָט פֿונעם בורזשואַזן הומאַניזם.

ס'דערמאָנט זיך א בילדל: מוישע קולבאַק און איזי כאַריק זײַנען אין א הײסן װיקועך. ס'גרײט זיך דער פּערעץ־נומער פֿון „שטערן". זײ גײען אײַליק דורך דעם פּרײַהײַטס־פּלאַץ און דערנענטערן זיך צו דער אינטערנאַציאָנאַלער גאַס. בײדע ברײטפּלײצקע, בײנערדיקע, בײדע פֿון קימאַט גלײַכן װוּקס. איזי כאַריק דערװײַזט קולבאַקן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט פֿון דער ירושה, פֿאַרשטײט זיך, פּראָגרעסיװער. ס'איז נאָר ניט געװען קײן צײַט פֿאַרן אָפּקלײַב. א מיטגליד פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿונעם „שטערן" גײט הינטער זײ און הערט זיך צו צום שמועס. א פּאַרסאָפּעטער, יאָגט זײ אָן זעליק אקסעלראָד, און אַלע קומען גלײַכצײַטיק אַרײַן אין קלײנעם צימער, װוּ ס'האָט זיך געפּר־נען די רעדאַקציע פֿונעם „שטערן". אומדערװאַרט הײבט איזי אױף זעליק אקסעלראָדן, האַלט אים באַלאַכסן איבער זײַן קאָפּ און װענדט זיך צו אים: „איצט געפֿינסטו זיך, זעליקל, אױבן ניט העכער" — ס'איז דאָך „מיט זיך אַלײן — דאָס איז דאָך דײַן אידעאַל". אקסעלראָד בעט זיך, מע זאָל אים אַראָפּלאָזן אױף דער ערד. כאַריק לאָזט אים אַראָפּ מיט די װערטער: „אַלע הױכקײַטן קאָן מען דער־גרײכן, נאָר װען מע שטײט פֿעסט אױף דער ערד".

איזי כאַריק האָט קײנמאָל ניט אָפּגעלײקנט די ירושה. זײַן ירושה איז געװען דער שטומער האַס פֿון הונגעריקע טאַטעס, װעלכע האָבן ניט אױסגעדונגען זײער צאַר. ער האָט געשעפּט פֿון די טיפֿע קװאַלן פֿון דער פֿאָלקס־שאַפֿונג. זײַן לירע איז געװען אַן אַנטענע, אָנגעשטעלט אױף די כװאַליעס פֿון דער אָקטיאַבער־רעװאָליוציע. אים האָט זיך געדוכט, װי ער האָט אײנמאָל בײס א שפּאַציר אױף די בערג, באַװאַקסענע דאָן מיט סאָסנע־בײמער, שטיל א זאָג געטאָן, אַז אױף אַלע בײמער הענגען פֿיד־לען, זײ דערטראָגן אונדז די לידער פֿון די פֿאַרשמיסענע אין די הױכע פּריצישע סטאָדאָלעס באַטראַ־קעס, פֿון די פֿאַרפּײַניקטע ביז טױט פֿאָלקס־טאַלאַנטן. כאַריק האָט זיך געפֿילט באַרופֿן אױסצוזינגען

די ניט־דערזוונגענע לידער פון אַלע פֿאַרפּײַניקטע און דערשטיקטע פון דער קאַפּיטאַליסטישער און פּעאַדאַלער פֿאַרמאַציעס. כאַריק האָט ניט פֿאַרטראָגן אַפילו אַ צײַטווײַליקע אָפּגעריסנקייט פון די פֿאַלקסמאַסן, ער איז געווען אין שטענדיקער באַרירונג מיט דער ווירקלעכקייט. אים האָט זיך אײַנגעגעבן ניט אָפּשטיין און אָפּט מאַרשירן פֿאָרויס און גיין אין איין טראַט מיט דער הײַנטצײַטיקייט.

„ווען ס׳פֿאַרלאָזן מיך די לידער, — האָט דערציילט כאַריק, — קאָן איך שוין ניט אײַנזיצן, שלײַדערט שוין מיך ווידער איבער שטעט און שטעטלעך — צופֿוס און מיט דער באַן". דאָרטן האָבן אָף אים געוואַרט פֿרייד און באַגײַונג:

פּײַערלעכע וואונטן אָף ליכטיקע עסטראַדעס,
לייען איך און לייען ביז איך ווער ניט מיד.
אין גאָר מײַן גאַנצער אופֿריכטיקייט בין איך זיך מיסוואַדע,
און זינג אַרויס פֿאַר אַלעמען דעם יאָמטעוו פון מײַן ליד.

איזי האָט ליב געהאַט אויסלאָדן זײַן קראַפֿט און ראַנגלען זיך. פֿלעג אָנשרײַבן אַ יונגער דיכטער אַ נײַע ליד, וואָס זי האָט אויסגענומען באַ איזין, האָט ער ניט גערוט, ביז ער האָט ניט איבערגעלייענט אָף אַ קאָל, מיט היספּײַלעס פֿאַר די ערשטע בעסטע צוהערער, וועמען ער האָט געהאַלטן פֿאַר מעווינים, און זײַן פּאָנעם האָט דערבײַ געשײַנט און געלויכטן.

אָפן דריטן אַלפֿאַרבאַנדישן פֿלענום פון סאָוועטישן שרײַבער־פֿאַרבאַנד, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מינסק, איז כאַריק אַרויסגעטראָטן אַלס פֿאַרשטייער פון די ווײַסרוסישע ייִדישע שרײַבער. ער האָט מיט שטאָלץ אונטערגעשטראָכן. פֿאַרשטאַרקנדיק די שטים: „ס׳איז געווג אָנצורופֿן אַזאַ שרײַבער ווי קולבאַק, וואָס איז ניט בלויז אַ גרויסער דיכטער, נאָר אויך אַ גוטער דראַמאַטורג און פּראָזאַיקער, אַזאַ ראַאַפּינירטן, ווירקלעכן, אַקטיוון ליריקער, ווי אַקסעלראָד, אָדער אַזוינע עכטע דיכטער, ווי טײַף, קאַמענעצקי".

איזי כאַריק איז געווען באַפֿרײַנדעט מיט אַקסעלראָדן, ער האָט אים געטרויט זײַן ליכטיקן געוויסן. ער האָט הויך געשאַצט קולבאַקס טאַלאַנט און שטילערהייט זיך מיט אים פֿאַרמאָסטן. דאָס דערקלערט זיך מיט זייער קעגנזײַטלעכקייט און נאָענטקייט. ביידע זײַנען געווען פֿלעבייער, ביידע האָבן געבראַכט אין דער ליטעראַטור דעם געררוך פון די ווײַסרוסישע פֿעלדער און וועלדער. ביידע האָבן געפֿרעגט באַם ווײַסרוסישן פויער: „טשעלאָוועטשע, טשטאָ טשוּיעש?". ביידע האָבן באַזונגען די „בראַנדזונגע יונגען", ביידע האָבן קימאַט אײַנצײַטיק אַרויסגערופֿן פון פֿאַרגעסנהײַט דאָס געשטאַלט פון בויטרען און אָפּגעזאָגט זיך פון דער נעגידיש־ראַבאָנישער ירושע.

קולבאַק איז געווען פֿילפֿאַרביק, אים איז שווער געווען אָפּצוּוואַרפֿן די ירושע און זיך אָפּזאָגן פון איר. מיט צאָרן און האַס האָט ער געוואָרפֿן זײַן געט דעם ייִדישיזם, דער קאַבאַלע, דעם כאַסידיזם. כאַריקן איז גרינג געווען זיך אָפּזאָגן פון דער ירושע. ער האָט ניט געבלאָנדזשעט אָף טויזנט וועגן, און פון זײַן ערשטער ליד ביז זײַן לעצטער האָבן זייערע וועגן זיך באַגעגנט און געקרייצט. ביידע האָבן דערגרייכט נײַע הויכקייטן. קולבאַק האָט זיך פֿעסט געשטעלט מיט ביידע פֿיס אָפן באָדן, און איזי האָט דערגרייכט די הויכע מאַדרייגע פון אַ פֿאַרשטייער. קימאַט אײַנצײַטיק האָט זיך זייער וועג טראַגיש פֿאַרענדיקט, און אויך אין דעם איז כאַריק געווען אַ ביסל פֿאָרויס.

## III

## דער צײַט־גײַסט

אַקסעלראָד דערציילט אין זײַנער אַ ליד, וויאַזוי ער האָט געבראַכט אין מינסקער „וועקער" זײַן ערשטע ליד. די אויבנדערמאָנטע ליד שפּיגלט אָפּ נאַיוו און רעאַליסטיש דעם גײַסט פון יענער צײַט און איר שטייגער, די קינדערשע פֿרייד פון אַ דיכטער מיטן ערשטן געדרוקטן וואָרט. די ליד האָט אַ געוויסע שײַכעס צו די ערשטע ניט־אָפּגעדרוקטע לידער פון איזי כאַריקן. די ליד פֿאַרדינט געראַטעוועט צו ווערן פון פֿאַרגעסנהײַט. מיר ברענגען זי אינגאַנצן:

אַז איך האָב מײַן ערשטע ליד געבראַכט צום דרוקן,
האָבן אַלע זיך פֿאַרזאַמלט אָט אַ־דאָ.
כ׳האָב ניט געוווסט:
צי מעגן מײַנע אויגן קוקן,
צי דאַרף איך שטיין אַ גאַנצע שאָ.

דאָס אײַזן־אײַוועלע מיט רויטע קוילן
האָט רויט דעם צימער אָנגעגליט,
און קיינער האָט מיר ניט געקאָנט דערציילן,
וואָס איך וויל דאָ אין מײַן ליד.

עפּעס אַזוינס האָט זיך פֿון מיר געריסן,
געוואָלט האָב איך אי נאָך, אי מער,
מײַן יוגנטלעכן טרוים און ליכטיקן געוויסן
אין קליינע שורעלעך געבראַכט אַהער.

אויף מאָרגן אינדערפֿרי האָט מען צעקלעפּט די בלעטער —
געלע בויגנס בלעטער אויף יעדן ראָג...
בין איך צוגעלאָפֿן צו אַ פֿרישן „וועקער"
און זיך אַליין געטאָן אַ זאָג:

מײַן ערשטער וואָרט פֿאַר גאַסן אַ גערוס,
און ס׳מוז מיר אַזאַ ליכטיקײַט באַפֿאַלן,
ווי איך וואָלט נאָרוואָס מײַן נאָמען זיך דערוווּסט.

אַקסעלראָדס ליד באַצויבערט מיט איר פֿרישקײַט און אומבאַהאָלפֿנקײַט. דער דיכטער פֿילט, אַז ער האָט נאָך ניט אויסגעדריקט אין די קליינע שורעלעך זײַן גאַנצן יוגנטלעכן טרוים און ליכטיקן געוויסן. ער ווייסט נאָך ניט דעם פֿײַן פֿון וואָרט, אַז צווישן דיכטערישן טרוים און אויסדרוק בלײַבט אַפֿילע בײַ די גרויסע דיכטער אַן אָפּגרונט, און זיי ווילן אויך „אי נאָך, אי מער". די ליד איז געשריבן פֿון אַ דיכטער, וואָס האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט טאַקן און פֿײַלן שורעס, וואָס איז נאָך יונג און נאַיִוו.

אין די יונגע יאָרן איז אונדזער איזי אויך געווען שעמעוודיק און געזוכט זײַן ליכטיקן געוויסן. ער האָט אויך געבראַכט זײַנע לידער אין זעלבן „וועקער" און מיט ציטער געוואַרט אויפֿן פּסק־דין פֿונעם רעדאַקטאָר. אים איז אָבער ניט באַשערט געווען צו געפֿינען זײַנע לידער, צוגעקלעפּטע אויף געלע בויגנס בלעטלעך אויף יעדן ראָג, ווײַל די לידער זײַנען געווען, ווי ס׳האָט דערציילט דער דעמאָלטיקער רעדאַקטאָר פֿונעם „וועקער" עליע אָשעראָוויטש, „...נייטראַלע. כ׳ווייס, וואָס אַ דיכטער קאָן זיך פֿאַרגינען. זיי האָבן באַזונגען די נאַטור, איר פּראַכט, שיינקײַט און נאָענטקײַט". דער „וועקער" האָט אָבער יאָ אָנגענומען כאַריקס אַ קאָרעספּאָנדענץ וועגן די באָריסאָווער „פּעצעקעס", ווײַל זי איז שוין גאָרנישט געווען „קיין נייטראַלע".

קיינעם פֿון די לייענער וועט ניט אַרופֿגיין אויפֿן זינען זוכן און דערוויסן זיך, וואָס עס האָט געשריבן כאַריק אין די באָריסאָווער — פּעצעקעס דאָס מיינט די לינקע פּויאַלע־ציִען, — אַלע וואָלטן אָבער געוויס וועלן זיך באַקאַנען מיט איזיס לידער, געווידמעט דער נאַטור. דאָס איז געווען די צײַט פֿון אַסקעטישן קאָמוניזם. דער פֿרומער און שטרענגער עליע אָשעראָוויטש האָט געהאַלטן, אַז נאַטור איז נייטראַל, אַז איר אַרט ניט, ווער ס׳באַלעבאַטעוועט איבער איר. ער האָט געהאַלטן, אַז ווער ס׳פֿאַרקוקט זיך און באַזינגט אַ שיינעם בוים, זינדיקט ער קעגן דער רעוואָלוציע. מיר דאַרפֿן ניט מישפּטן צו שטרענג דעם כאַווער אָשעראָוויטש. מאַיאַקאָווסקי האָט אויך דאַן אָפּגעלייגט די „רויזן־פּאָעזיע" אויף אַנדערע צײַטן.

צי זײַנען איזיס לידער געווען נייטראַל?

איזי איז געווען, ווען ער איז געקומען אין רעדאַקציע, פּעסט איבערצײַגט, אַז ס׳איז ריכטיק און נוצלעך צו באַווײַזן דעם סאָוועטישן פֿאָלק, ווי שיין, פֿול מיט צויבער איז זײַן לאַנד, באַקאַנען דעם אַרבעטער מיט די באַפֿרײַטע וועלדער, וואָס זײַנען שוין ניט מער קאַזיאָנע.

צי האָט אָנגענומען איזי כאַריק דעם שטרענגן אורטייל? אויף דעם זאָל געבן אַן ענטפֿער דער „איניען קאַמענעצקי", ווי האָט דאַן ליב געהאַט אַזוינע געשעענישן צו באַצייכענען. כאַריקס ייִנגערער כאַווער, קאַמענעצקי, איז באַגאַנגען נאָך אַ גרעסערן קרימינאַל. נאָך מער, די רעדאַקציע פֿונעם „שטערן" האָט אויך געזינדיקט און האָט קאַמענעצקיס ליד דורכגעלאָזט און אָפּגעגעבן אין דרוק.

די לאַגע האָבן געראַטעוועט די דרוקער, וואָס האָבן דער רעדאַקציע אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויפֿן גרויסן כעט פֿון הערש קאַמענעצקי. קאַמענעצקי האָט דאַן שוין אַראָפּגעוואָרפֿן די רויטאַרמייִשע שינעל און האָט שטאַרק געגלייבט: „האַרץ מײַן יונגס וועט נאָך מערער העלן אויף הויכע רישטעוואַניעס אין די שטעט..."

דאַרף זיך טרעפֿן, אַז הערש באַגעגנט זײַנע אַ באַקאַנטע פֿון יענע צײַטן, „ווען זײַן שווערד האָט שאַרף געשניטן איבער סוינעס גליד". זי האָט הערשן אויפֿגעוואָרפֿן, וואָס איצט, שוין אין 1929־טן

יאָר, גייט ער געקליידט אין פּאָרוואַקסן, ווי גאָר אין די קריגס־צײַטן. קאַמענעצקי האָט געענטפערט זײַן באַקאַנטער מיט אַ ליד אַזאַ:

מוז איך זאָגן דיר אָפּסניי און ווידער,
כאָטש דו ווייסט שוין דאָס אַליין פון לאַנג —
פאַר שווערע אַרבעטסטעג און שיינע לידער
צאָלט נאָך ווייניק אונדזער גרויס לאַנד.

און ס׳וועט נאָך אויסקומען אַ ביסל וואַרטן,
איך ווייס ניט און געניי ביז ווען,
און דו וועסט זען — און זאָל דיך שטאַרק ניט אַרן —
עס וועט זיך אויסבעסערן, דו וועסט זען...

דעמלט, דעמלט, ווו איך זאָל ניט זײַן,
צי אין נאָענטע,
צי אין ווײַטע קאַנטן —
וועל איך אויסקלײַבן אַ פּרײַע צײַט
און וועל קומען אין אַ גוטן מאַנטל
מיט אַן אויסבינדער פון ריינעם זײַד.

און די רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע פונעם „שטערן" שטרײַכט אונטער: דאָס איז באַזונדערס שווער מוחל צו זײַן. און טאַקע, ווי קומט גאָר אַ פּראָלעטאַרישער פּאָעט צו טרוימען וועגן ניט בלויז אַ גוטן מאַנטל, נאָר דערצו אויך אַן אויסבינדער פון ריינעם זײַד?

סוף 1929 האָט אַזוינס געקאָנט טרעפן נאָר אין מינסק. די רעדקאָלעגיע פונעם „שטערן" איז דאַן באַשטאַנען פון ש. אַגורסקי, ב. אָרשאַנסקי, ע. אַשעראָוויטש, כ. דונעץ, א. וואָלאָברינסקי און טאַקע אונדזער איזי כאַריק.

מיט נײַן יאָר פריִער האָט איזי כאַריק אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן זײַנע לידער. דער וועג פון דער רעוואָליוציע האָט געפירט דורך פלאַמפײַער, רויך, בלוט און הונגער. די קאָנטר־רעוואָליוציע האָט דערקלערט אַ מילכאָמע אויף טויט און לעבן די קאָמוניסטן, רויטאַרמייער און ייִדן. אויף די פּלייצעס פון די געפאַנגענע רויטאַרמייער האָט מען אויסגעשניטן רויטע שטערנס און זיי פאַרפּײַניקט ביז טויט. די קולאַקישע אַטאַמאַנען האָבן געווילדעוועט אין אוקראַיִנע און בולאַך־בולאַכאָוויטש אין ווײַסרוסלאַנד. אין אוקראַיִנע איז פאַרטיליקט געוואָרן אַ צענטלינגער פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

אין כאַריקס ערשטע אָפּגעדרוקטע אין 1920 יאָר לידער קלינגט שוין איינער פון די גרונט־מאָטיוון פון זײַן ליריק:

אונטער רויטע פאָנען־גאַסן גיי איך איבער,
בין איך, ווי פאַרשיקערט פון פלאַמען־פיבער,
פלעצער רויטע, גאַסן, דעכער און באַלקאָנען
בין איך אײַנגעשלאָסן אין די מיליאָנען.

די אײַנגעשלאָסנקײַט אין מיליאָנען האָט פאַרהיט איזין און די גאַנצע פּלאַנגע פון אויסטייל־טן די באַנדישע אָנפאַלן אויף ייִדן אין עפּעס באַזונדערס, אין דער צײַט, ווען ס׳בײַט זיך דער שיקזאַל פון לענדער און פעלקער:

פונק און פלאַם, פײַער־פלאַם,
וועלטן גאַנצע קראַכן,
ווער איז שטאָלץ, הויך מיט אונדז,
שטויס צוריק דעם שוואַכן...

און:

מיר זײַנען די ערשטע
די זוניקע שטראַלן,
וואָס קומען און שטרײַטן,
וואָס זיגן און פאַלן
און ווייסן: ס׳וועט שוין
דאָס גליק ניט פאַרפאַלן,
מיר זײַנען די ערשטע.

דאָס געפיל פון ערשטיקייט, פון אָנהייב האָט געהערשט אין דער פאלאנגע, און זי האָט זיך אין איינקלאנג מיט איר פאָנעטערגער אָנגערופן:

שווער איז מיר, טײַערע, זינגען
פון ליבע צעשאָסענע ברידער,
ווינקען מיר ווײַטן, וואָס קלינגען
מיט שווערדן און רויכיקע לידער.

הערש קאַמענעצקי האלט אים אונטער:

טעג מײַנע בלוטיקע שענסטע
קלינגען אין טויזנטער גלאָקן.

און אים זינגט אונטער מיישקע טייף:

ברענט, ווי גלאָז צעגליטער, ברענט א בלויער רוים
אונדזער שטאָט אין פײַער, אונדזער שטאָט אין רויך.

אָדער:

כ׳וועל אָנשרײַבן דער מאמען: ליבינקע, געטרײַע,
ס׳האָט דײַן מיישקע ליב געקראָגן וויכערן און פײַער.

ס׳רופן זיך איבער ניט בלויז מאָטיוון, נאָר אויך איזי כאריקס באזונדערע אויסדרוקן, ווי, צום בײַשפּיל, דער זעלבער טייף:

מאמעס אונדז געבוירן קליינינקע, געראָטן,
ניט אף פערענעס פוכאָווע — אף מיטסקער בלאָטעס.

דאפקע אין יענע שווערע צײַטן האָט כאריק זיך געפילט יונג, מונטער, קרעפטיק. ער האָט געוווּסט:

יעדער איינער — איז אצינד שוין ניט קיין איינער,
יעדער קאָפּ איז איצט א קאָפּ פון טויזנט קעפּ,
מיר מוזן איצט צוזאמען און פארייניקט —
נידער מיט...
און נידער!
און עס לעבט!

כאריק האָט דאן געביטן זײַן פסעוודאָנים פון „איזי זעמבינער" און ווײַטער אונטערגעשריבן זיך מיט זײַן ריכטיקן נאָמען און פאמיליע. איזי אלס פּאָעט איז דאָך ניט קיין זעמבינער, ער איז א פאָרשטייער פון די יידישע פלעביישע ארבעטנדיקע מאסן, וואָס האָבן זיך געשטעלט אין די אײַזערנע רייען פון דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. ער איז אוועק פון די „אומעטיקע זיידעס", קראפט און יוגנט שפּריצט פון זײַנע לידער. דער אסקעטיזם פון יענע צײַטן האָט זיך געשפּײַזט ניט פון שוואכקײַט, ניט פון אלטקײַט, נאָר פון דער פולקײַט פון לעבן, פון מאָראלישער ריינקײַט און ווײַל: „איך קען דאָך ניט, אז מיר זאָל גרינג זײַן, ווען ס׳איז נאָך אלעמען ניט גרינג".

דאָס איז געווען אן אסקעטיזם פון קראפט און יוגנט, ווײַל דאָס גרויסע לאנד איז געווען אין יונגן וואקסן. איזי כאריקס לירישער העלד ברויזט מיט ליכט און קראפט:

קוק איך הויך אף מײַנע אקסלען,
אף די שטײַפע הענט און פיס;
יונגער יונג אין יונגן וואקסן,
זײַ געבענטשט און זײַ באגריסט!

דער לירישער העלד באגריסט און בענטשט דאָ ניט זיך זעלבסט, נאָר די יוגנט פון דער מענטשהײַט.

דער לירישער העלד וויל, אז די ערד זאָל אים הערן:

אַז ערד, דו הערסט, איך וויל אַף דיר ארומשפּאַנען אַ יונגער,
ביז מײַן לעצט פֿאַרבלוטיקטן און הארציקן געשריי.

ווײַל:

זינט איך האָב אַ ביסל זיך דערקענט,
רוישט אין מיר, ווי פרילינג אין די הרעבליעס,
און ס'דוכט זיך מיר, איך טראָג אין מײַנע הענט
דעם אָנהייב און די ענדן פון מײַן לעבן.

פאר גרויסע פּאָעטן איז וויכטיקער די ביִאָגראַפיע פון זייער לירישן העלד, איידער די קליינייקײַטן פון זייער פערזענלעכן לעבן. דער לירישער העלד איז די גרויסע פערזענלעכקײַט, אַן אָפּגערייניקטע פון אַלע אָפּפאַלן, פון ציטער און פון דער ירושע פון די אומעטיקע זיידעס.

פאר כאריקס לירישן העלד זײַנען קאָלעקטיוויזם און אינטערנאַציאָנאַליזם ניט קיין לאָזונגען, ניט ווערטער, נאָר טיפע אינערלעכע איבערלעבענישן און אײַנגעוואָרצלטע געפילן. ער איז אָבער נאָך ניט דערוואַקסן צום קלאַס—מענטשהײַט. דער האַס איז בּאַ אים נאָך ניט נאָר אַ צײַטווײַליקע נויטווענדיקײַט, ער איז נאָך אַ יונגער פּלעבייער, פון וועמען ס'שפּריצן פרישע זאַפטן. דער העלד פון „מינסקער בלאָטעס" איז די פאַרקערפּערונג פון אָט דעם לירישן העלד — פּיניע איז דער דעמלטיקער איזי, וואָס האָט גערופן: „שטעטעלע, פאַרשווינד!"

דער העלד האָט אָבער געפונען דעם ריכטיקן וועג, ער איז שוין מער ניט אַ „לאָשעק", וואָס לויפט נאָכן וואָגן. ער איז געוואָרן אַ פרעמדער דער מאַמען, און זי קען ניט באַנעמען: „מיט וואָס איז אים נעענטער לענין?". לענינס וועג איז אָבער אַ וועג פון שטײַגן און פליִען, און פּיניע האָט זיך דערהויבן אין זײַן שטײַגן ביז דער מאַדרייגע פון אַ פּאַרטייער.

III

## אין שטײַגן

איזי כאריקס ערשטע פּאָעמע, דער אָנהייב פון זײַן שטײַגן, איז געשריבן אַף דער זעלבער טעמע, ווי פּערעץ מאַרקישעס „ברידער". ביידע פּאָעמעס זײַנען געווידמעט דער הערלעכער העראָיִק פונעם בירגערקריג. לייענט איר די פּאָעמע „ברידער" — ווערט איר פאַרשיקערט פון דער רײַכקײַט פון דער שפּראַך און פילגעשטאַלטיקײַט פון דער פאַבולע. דער טראַגישער שיקזאַל פון די העלדן פאַרשטעלט צײַטנווײַז די הויפּט־אידיי פונעם ווערק. שלוימע־בער, אזריִעל, סערקע זײַנען ניט בלויז די העלדן פון אַ פּאָעמע, נאָר עמעסע העלדישע נאַטורן. שלוימע־בער שיסט סערקעס טאַטן, און דאָס ברענגט צו זייער צעשיידונג. טראַגיש פאַרענדיקט זיך די ליבע פון אזריִעלן און נעכאַמען. קיינעם פון די הויפּט־העלדן איז ניט באַשערט צו באַטייליקן זיך אין דער סאָציאַליסטישער בויונג. דער טראַגישער גורל פון די העלדן מאַכט אָפּ צו פאַרגעסן אין דער גרויסקײַט, אינעם טראַגישן אָפּטימיזם פון דער עפּאָכע. פּערעץ מאַרקיש איז אַליין געווען אַ העלדישע נאַטור, און ס'גייען אַרום לעגענדעס וועגן די לעצטע טעג פון זײַן לעבן. פּערעץ מאַרקישעס שאַפונג באַצויבערט מיט אַזיסן, פאַרמאַטערט מיט וויסטעניש.

פּיניע, דער העלד פון „מינסקער בלאָטעס", איז דאַפקע ניט קיין העלד אין טראַדיציאָנעלן זין פונעם באַגריף. אין די „מינסקער בלאָטעס" שפּילן זיך פּיניעס „און קײַקלען זיך הוילינקע אין זאַמד".

אין די נידעריקע הײַזלעך, אין די שטילע געסעלעך וואַקסט אַ גאַנצער דאָר פון פּראָסטע פּיניעס און געוויינלעכע וואַניעס, „און ס'ציטערט אוף אַ פויסט אין יעדן קינדערשן האַרץ".

דאָס וואַקסט אַ דאָר, וואָס האָט שפּעטער אַרויסגערופן די באַוווּנדערונג פון דער וועלט מיט זײַן העראָיִזם און גרויסקײַט, אַ דאָר אַ גאָען.

אין מינסק פירן אַלע גאַסן צום מאַרק. ליכטיק איז אָבער נאָר אַפן הויכן מאַרק, פאַר דער אָרעמקײַט איז:

מינסק, ווײַסרוסישער פאַרקלערטער טרויער
מיט בעטלערישער אויסגעקרימטער האַנט,
פאַרוואָס איז דאָ בּאַ דיר אַף יעדן שטאָלצן מויער
אַזויפיל קעלערן פאַראַן?

אָבער:

ס'איז העל און הויך דער הויכער מאַרק,
און שטאָלצע זײַנע מויערן, —
מויער, מויער, דו ביסט שטאַרק,
ביזוואַנען וועסטו דויערן?..
און ס'פּליט אין שויב א שאַרפער שטיין...
א גרוס אײַך פון די בלאָטעס!..

דער דיכטער איז אויסערסט קאַרג אין וואָרט. דער הערער און לייענער וועלן אַליין פאַרשטיין, אַז דער שטיין, וואָס איז געפלויגן, געשלײַדערט פון פּיניעס האַנט, איז אַן אָנזאָג, אַז די מויערן וועלן ניט דויערן, אַז ס'דערנעענטערט זיך א שטורעם. ס'איז שוין געבוירן דער גרויסער העלד פונעם דאָר, וואָס וועט אַרויסגעבן דעם שטרענגן דעקרעט און אומקערן דעם פאַלק די קראָמען, וואָס זײַנען פול מיט אַלדאָס גוטס, ווען די, וואָס האָבן באַשאַפן די רײַכקײַטן, די פּיניעס, אַרבעטן שווער און זיי ווייסן ניט סאָף וואָך, ווו נעמט מען א פראָסטן גילדן „מיט ברויט מיט וואַרעמען א פולן מויל...”

מינסק איז רײַך מיט הײַזלעך און הײַזלעך. שאַבעס־קוידעש ציִנדן זיך אָן העלע פרומע פײַערן אין די הויכע געמויערטע שולן, און די רײַכע זין פון די פרומע טאַטעס קומען אין די הײַזלעך און באַשפּײַען די מיידלעך, קרעפּטיקע פון אייגן בלוט און פלייש.

מינסק האָבן אויפגעבויט די פּיניעס; זיי אַרבעטן פון באַגינען ביז נאַכט. ווען ס'וואָרט גוט פּינצ־טער, רופן דער פעטער פּיניע און זײַן פלימעניק פּיניע אויף די בלעכענע דעכער פון די הויכע מויערן, ווײַל זיי האָבן ניט קיין קויעך אַראָפּצוקריכן, איידער זיי וועלן זיך א ביסל אויסרוען. דער פעטער דער־ציילט דאַן דעם ייִנגל פּיניע וועגן די „ריזן” — די העלדן פון 1905־טן, וועמענס קייטן קלינגען אין ווײַטן סיביר. צווישן זיי פּיניע — כאַריקס עלטערער ברודער. ס'וואָרט אונדז פאַרשטענדלעך די פרייד פון די פּיניעס, ווען „דער מאַרק פאַרציט זיך אין א זשאַווער”, און ס'קומען טעג, און „ס'איז יעדער טאָג — א באָלשעוויק, און יעדער באָלשעוויק א כאַוער”.

פּיניע, פּונקט ווי דער לירישער העלד פון כאַריקס לידער און ווי די „צוועלף” בא בלאָקן, ווייסט: די גאַנצע וועלט איז אונדזער ווירונג, און אַפילע די וואָכן זײַנען קײַלעכדיקע. יאָ, מיט די קײַלעכ־דיקע וואָכן באַגעגענען מיר זיך צום ערשטן מאָל אין די „מינסקער בלאָטעס”.

פּיניע און זײַנע כאַווירים אָטעמען מיט דער פרייד פון דער גאַנצער ערד, פון מענטשלעכער ברודערשאַפט: „און יעדן אָוונט זינגט מען דאָ די האַסטיקע „דובינושקע”, און יעדע נאַכט דעם „אינ־טערנאַציאָנאַל”.

כאַריק באַווײַזט אונדז ניט קיינע טראַגישע שיקזאַלן, איבערמענטשלעכע ליבעס און טויטן. ס'לעבט אָבער אויף די העלדישקײַט פון די מאַסן, די הערלעכקײַט און גערעכטיקײַט פון דער צײַט. די פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס” צייכנט זיך אויס מיט איר הויכער אידיייִשער אַנגעלאָדנקײַט, וועלכע גיסט זיך האַרמאָניש צונויף מיט דער עמאָציאָנעלער קראַפט פון געפיל און קינסטלערישער בילד־לעכקײַט.

ס'דערמאָנט זיך: כאַריק שטייט אויף א באַלויכטענער עסטראַדע און לייענט די פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס”. שטיל זיצט דער אוילעם, מיט אויגן געווענדטע אויף איזין. ס'דוכט, ער וואַקסט, ער גרייט זיך פליִען.

ס'האָבן אָפּגעקלונגען די ווערטער: „הײַם, אונדזער בלוטיקער מינסק...” די צוהערער בלײַבן זיצן פאַרטראַכט, און ערשט דערנאָך ברעכן אויס שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

מוישע ליטוואַקאָוו האָט אויפגעוואָרפן כאַריקן, אַז זײַנע העלדן זײַנען ניט קיין טיפּן. מיר ווייסן ניט, ווי האָט אויסגעזען פּיניע, ווי ער האָט אויסגעזען א פאַרליבטער, ווי ער האָט זיך געקליידט... כאַריק האָט באַפרײַט פּיניען פון ריין פערזענלעכע געפילן און אינדיווידועלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן. ער האָט אים אָבער רײַך באַשענקט מיט אַלע יענע געפילן, איבערלעבענישן און לײַדנשאַפטן, וואָס זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע פּיניעס פון יענער צײַט. דער ווונטש פונעם פּאָעט איז געווען, אַז אין פּיניען זאָלן זיך דערקענען אַלע אַרבעטנדיקע און פויערים, וואָס האָבן געקעמפט אונטער די רויטע פאָנען און געאָטעמט מיט האַס און גרויסער ליבשאַפט.

פּיניע פאַרקערפּערט דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס האָט געלעבט און געווירקט אין אַלע פּיניעס פון יענער צײַט. איזי כאַריקס שפּראַך זײַנען פּראָסטע רייד. יעדעס וואָרט האָט זײַן ניגן און קלאַנג, יעדעס וואָרט איז אויף זײַן אָרט. דאָס וואָרט איז בא אים א מיטל, אַן אַרבעטס־אינסטרומענט און ניט קיין זעלבסטציל. ער האָט עס געזוכט, געקנאָטן, געפורעמט, ביז ער האָט געפונען דאָס עכטע, דאָס ריכטיקסטע. ער איז געווען פאַרליבט אין ייִדישן וואָרט און האָט מיט דער שפּראַך ניט קאָקעטירט.

כאריקס לּיריק איז מוזיקאַליש. זײַן פּרוי דערציילט, אַז איזי האָט ליב געהאַט נײַע לידער פּריער אויסזינגען, צוהערן זיך צום קלאַנג פֿון יעדן וואָרט, און ערשט שפּעטער זיי פֿאַרשרײַבן אויפֿן פּאַפּיר.

די רעדקאַלעגיע־מיטגלידער האָבן געוווּסט, אַז נאָך דעם, ווי כאַריק שפּאַנט איבערן צימער, עפּעס שטיל אונטערזינגענדיק, קאָן מען וואַרטן אויף אַ נײַער ליד. דאָס איז אָבער ניט מער ווי אַן אויסער־לעכער מאָמענט. ריטם און קלאַנג זײַנען די אייגנשאַפֿטן פֿון יעדער עכטער פּאָעזיע. פּיל וויכטיקער איז, וואָס זײַן לּיריק פֿאַרמאָגט לויטן כאַראַקטער פֿון איר ווירקונג אַן אינערלעכע נאָענטקייט מיט מוזיק.

## IV

## בויונג און ווײַטערדיקער אופֿשטײַג

די באַרוועסע און הונגעריקע אַרבעטער האָבן מענאַצייִער געוווּנען. אין פֿעסטן בונד מיטן פֿויער־טום האָבן זיי דערשטיקט די אינערלעכע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן און פֿאַרטריבן די אינטערווענטן. באַ די שווערסטע באַדינגונגען איז דאָס ערשטע סאָציאַליסטישע לאַנד צוגעטראָטן אופֿצושטעלן די רויִ־נירטע ווירטשאַפֿט.

איזי כאַריק שליסט זיך אײַן מיט זײַן דיכטונג אין דער דאָזיקער בויונג. ער געפֿינט מערקווירדיקע ווערטער אויף צו באַזינגען די האַרעפּאַשנע הענט. אין זײַן פּאָעזיע רעדן מאַמעש די הענט. זיי רוען קיינמאָל ניט. איזי כאַריק פֿאַרהערלעכט די אַרבעט:

> און אויף די פּרישע קאָרפּוסן און אויף די הויכע ווענט
> אָטעמט נאָך די וואַרעמע באַגײַסטערונג פֿון הענט.

יאָ, די הענט זײַנען באַגײַסטערט, זיי זײַנען דער באַזיס פֿונעם גײַסטיקן איבערבוי. אַרבעט איז פֿרייד.

> האַרבע מי און הער אין אונדזער פֿרייד,
> ווי שוואַרצע ברויט נאָך ביינערדיקער אַרבעט.
> מיר טרינקען אונדזער לעבן רויערהייט
> און וואַרטן ניט, ביז עס וועט נעמען שטאַרבן.
> מיר האָבן הענט און טוען אַלץ מיט קראַפֿט
> און פֿעטעס בלוט צעשרײַט זיך אין די גלידער...

און נאָך:

> אין שטיוול יוכטאָווע, פֿאַרשמירט אין צעמענט,
> מיר שטייען אויף הויכע מישקוילעס פֿון ווענט,
> אויפֿן הענכסטן געקלעטער, אויף שטאָל און אויף שטיין,
> מיר קענען די ראַכוועס, ווי האַרכזאַמען ליים.

און די שלום־פּערזן:

> און פֿלוצלינג אינמיטן, מיר בלײַבן פֿאַרטראַכט.
> עס ווילט זיך דערלעבן, דערבויען דעם דאַך...
> און גוט איז צו פֿילן — אין וווּנדער פֿון שײַן
> צווישן די העכסטע אויך מיר וועלן זײַן.

ס'דערמאָנט זיך: ערעוו דער זיצונג פֿונעם צענטראַלן אויספּיר־קאָמיטעט פֿון ליטבעל זיצן אין אַ ווילנער רעסטאָראַן באַ אַ טיש צווי פֿרײַדלאַנד און עסטער פֿרומקינע, ל. ראַזנהויז און ווײַנשטיין. ס'קומט אָן דימאַנשטיין און לאַדט זיי אַלעמען אײַן צו זיך אין זײַן נומער אין גאַסט־הויז — ער האָט זיי עפּעס־וואָס צו פֿאַרטרויען. ער האָט זיי וואָס צו זאָגן אין לעניגס נאָמען. דימאַנשטיין דערציילט זיי וועגן לעניגס טיפֿער דערשיטערונג, ווען נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון אוקראַינע און ווײַסרוסלאַנד האָט ער

באַקומען אַ דין־וועכעזשבן וועגן דער שווידערלעכער לאַגע פֿון די ייִדישע פּאָלקסמאַסן, צערויִנירטע פֿון די צאַרישע פֿאַרפֿאָלגונגען און צעטרייסלטע פֿון די דעניקינישע און פּעטליורישע פּאָגראָמען. לענין האָט דערקלערט, אַז די פּאַרטיי האַלט פֿאַר דרינגענד די אויפֿגאַבע פֿון איבערקוקן די ייִדישע עקאָנאָמיק. ס'דאַרפֿן אָרגאַניזירט ווערן אין די שטעט די פּראָדוציר־קאָאָפּעראַציע, געעפֿנט ווערן די טויערן פֿון פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן און אויסגעטיילט ווערן ערד פֿאַר ייִדישע קאָמונעס. די ייִדישע שפּראַך דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס מעלוכע־שפּראַך, ס'דאַרפֿן אָרגאַניזירט ווערן ייִדישע דאָרפֿס־ און ראַיאָנע סאָוועטן. די ייִדישע פּאָלקסמאַסן דאַרף געגעבן ווערן די פֿרייַהייַט אויסצוקלייַבן צווישן אַסימיליאַציע און בויונג פֿון ייִדישער סאָציאַליסטישער קולטור. ביידע וועגן דאַרפֿן זייַן פֿרייַ און אָפֿן. אין לענינס נאָמען האָט דימאַנשטיין אייַנגעלאַדן די ייִדישע אַרבעטער־פּאַרטייען, וואָס האָבן זיך געשטעלט אויף דער סאָוועטישער פּלאַטפֿאָרמע, צו באַטייליקן זיך אַקטיוו און העלפֿן פֿאַרווירקלעכן לענינס איבערבוי־פּלאַן, קעדיי פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע האָרעפּאַשנע און אָרעמע שיכטן.

אין אַ קורצער צייַט זייַנען אין אוקראַיִנע, ווייַסרוסלאַנד און קרים אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסע צאָל ייִדישע קאָלווירטן, ייִדישע ראַיסאָוועטן, ייִדישע געריכטן, ייִדישע שולן. אין 1926 האָט דאָס פּויערטום באַטראָפֿן 13,1 פּראָצענט פֿון דער זעלבסטטעטיקער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון ווייַסרוסלאַנד. און דאָס איז געווען נאָר אַן אָנהייב. די אויספֿאָרשונג, וואָס עס האָט געמאַכט אין 1931 די נאַצקאָמיסיע באַם צענטראַלן אויספּירקאָם פֿון ווסר, האָט באַוויזן, אַז די שטעטלעך האָבן באַקומען אַ כאַראַקטער פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכע אַגראַר־קאָאָפּעראַטיוון. די צאָל פּויערים אין דעם זעלבסטטעטיקן טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג האָט דערגרייכט אין קראַסנאָפּאָליע 30 פּראָצענט, אין נאַראָווליע — 44 פּראָצענט, אין אַסווייע — 52, אין טוראָוו — 69 פּראָצענט. די באַלמעלאָכעס האָבן זיך אָרגאַניזירט אין דער פּראָדוציר־קאָאָפּעראַציע.

כאַריק האָט דערזען, אַז דאָס „שטעטל, שטעטעלע מייַן, אָפּגעדאַרטע צווייַג, ווילסטו שוין אָנהייבן צו גרינען...“ איזין פֿאַרדריסט, וואָס ער איז ניט געבליבן טרייַ „זייַן קינדערשן אַמאָל“, ווי יעסעניִן „דעם געבורטס־דאָרף, וואָס האָט דאָס שטעטעלע געשאָלטן“. כאַריק באַפֿרייַט זיך פֿון זייַן האַס צום שטעטל. איבערן ציקל לידער „אין דייַנע הייַזלעך“ רוט אַ ניט־געוויינלעכע פֿאַר כאַריקן פֿונעם ערשטן פֿעריִאָד יעסעניניִשע בענקעניש און „דורכזיכטיקער אומעט“. איזי איז גרייט אָנרופֿן דאָס שטעטעלע „מאַמע“. און ער בעט בא דעם אין האַרציקע ווערטער מעכילע:

וואָס האָב איך, שטעטעלע, פֿון דיר געוואָלט?
וואָס האָב איך, שטעטעלע, מיט דיר געטייַנעט, —
איך האָב געוואָלט אין שטיין און שטאָל
דיך אָנטאָן, שטעטעלע דו מייַנס.

און ניט נאָר אין שטאָל און אייַזן. זייַן ליד, וואָס האָט טאָמיד „געשמעקט מיט בעריאָזע און ערד“, האָט מיט פֿרייד דערזען, אַז דאָס שטעטל קוקט שוין אויס אויף אַ רעגן, וואָס זאָל אָנזעטיקן די פֿעלדער אין קאָלווירט. אין זייַן צווייטער פּאָעמע „ברויט“ זינגען די קרעמער און ייִשוווניקעס נייַע לידער. די יוגנט איז אַרויס אַקערן, זייען און שנייַדן אין פֿעלד. און „אין שול זייַנען פֿאַרבליבן פֿאַרשטילטע און פֿאַרטראַכטע זיידעס“. דער איבערגאַנג אין קאָלווירט איז געוואָרן אַ מוז, די נעכטיקע קרעמער האָבן פֿאַרזייט די ערד, וואָס האָט געהערט צום פּאָריץ. אין יונגן ייִדישן קאָלווירט „יונגע זאַנגען וויגן זיך און רופֿן“. ס'צייַטיקן זיך פֿעלדער און גיסן זיך אָן מיט קראַפֿט, „און קלונג און קלאַנג פֿון שאַרפֿן שטאָל פֿאַרגייט זיך אין די קאָסעס...“ איבערן פֿעלד טראָגט זיך אַ ליד פֿון די קרעמער, וועלכע האָבן ביז איצט „קיינמאָל ניט געזונגען“, די ייִשוווניקעס פֿאַרציִען אַ ליד, זיי דריקן אויס זייער פֿרייד „וועגן דער ערד מיט די געשמאַקע פֿעטע גרונטן, וועגן די פֿאַרהאַרטעוועטע הענט, וואָס „יעדע האַנט איז אַ קרעפֿטיקער בריטאַן“ און אַ לויב דער זון, וואָס „צייַטיקט און וואָס ברענט“.

בייַט זיך דער מאַטעריעלער באַזיס — בייַט זיך דער איבערבוי: „באַוואַקסן זייַנען שוין פֿון לאַנג מיט שטילקייַט און מיט מאָך אַלע פֿרומע וועגן פֿון רעב אַבעס“.

רעב אַבע איז געווען דער העלד פֿון אַ ציקל ווערק פֿונעם ווייַסרוסיש־ייִדישן שרייַבער אַנויך, אַ פּאַשעטער כאָסיד, קלוימערשט אַ פּאָלקסמענטש. ווער קען זיך דערמאָנען אין רעב אַבען, ווען ס'וואַקסט אַ נייַער דור פֿון עמעסע, עכטע פּאָלקסמענטשן! ס'קומט אָן און ס'יאָגט און טראָגט פֿון קאָלעקטיוו „אַ פֿולע פֿור מיט פֿייַערדיקע יונגען מיט פֿעט פֿאַרברענטע ברוינע הענט, מיט בראָנדזענע און אָפּגעברענטע נאַקנס“. און ווען ס'קומען געסט אין קאָלווירט „טאַנצט מען שווער צו העפֿקערדיקן טאַקט אַ טאַנץ אַזאַ פֿון גייענדיקע וועלדער“.

די בויונג פֿאָדערט אַ נייַעם אַרט העלדישקייַט. ליכטיק זייַנען שוין די גאַסן אין מאָסקווע, מינסק, קיִעוו. נאָר אין די שטעטלעך ברענט נאָך אַלץ אויפֿן פּריפּעטשעק דאָס פֿייַערל, בא וועלכן די קינדערלעך פֿון דער אָרעמקייַט לערנען דעם אַלעפֿבייס.

דער יעווסעק צעטיילט די פּריציִשע ערד, און אויף איר באַזעצן זיך קרעמער, ייִשוּווניקעס, באַלמעלאָכעס. ווען עס באַגעגענען זיך שוועריקייטן, איז ניטאָ ווער ס'זאָל באַראַטן, טרייסטן און באַלײַכטן דעם וועג. דער יעווסעק איז געווען נאָר אַ גאַסט אויף אַ ווײַל. פונעם שטעטל לויפט מען אין דער גרויסער שטאָט, און פאַרבליבענע פילן זיך עלנט און פאַרלאָזן.

איזי כאַריק קוקט זיך אײַן אין די פאַרבליבענע: „האָב איך זיך אײַנגעקוקט. אַלע ליידיקע און טויטע בערד און בערד, און ווידער טויטע בערד... און אַלע פרעגן אין ייִעש: „זאָג — ווער וועט אונדז דאָ רעטן, ווער וועט אײַנהיטן די קעפּ".

די בויונג האָט געפאָדערט אַ נײַע העלדישקײַט, אַ העלדישקײַט, וואָס איז באַשטאַנען אין אַלטעגלעכער אָפּפערווילִיקײַט, אַ גרייטקײַט אויסהאַלטן ביז דעם לעצטן אָטעם. איצט, ווען אויף דער טאָגאָרדענונג שטייט די דערציִונג פון אַ נײַעם מענטשן, שרײַבט כאַריק די פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן". די העלדן פון דער פּאָעמע איז אַ פאַרקערפּערונג פון דער נײַער סאָציִאַליסטישער מאָראַל. זי איז גרייט מאַקריוו זײַן זיך זײַן פאַרן גליק פון מענטשן.

צענדליקער און צענדליקער לערערקעס האָבן געלייענט און איבערגעלייענט די פּאָעמע און זיך געסטאַרעט גיין אין די וועגן פון דער העלדן. ניט אין פאַרגלײַך מיט פּיניען, איז זי שוין באַשענקט מיט אינדיווידועלע שטריכן. מיר דערוויסן זיך, אַז זי איז געווען אַ שוואַרצכיינעוודיקע, „זי האָט אַליין געבעטן זיך אין העק און גרייט געווען די גרעסטע מאַסע בעמען".

די לערערן האָט געדולדיק איבערגעטראָגן דעם כויזעק פון די שטעטלדיקע ווײַבער און געוווּנען די הערצער מיט איר ווייכקײַט און גוטסקײַט, ווען ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פּרינציפּיעלער ליניע, איז זי אָבער ניט אָפּגעטראָטן אויף אַ האָר. די קורצע קאַפּיטלען פון „לײַב און לעבן" דערמאָנען קינאָ־קאַדרען. אָט קומט צו דער העלדן דער מעלאַמעד אַ צעטומלטער און שרײַט: „נאָט אײַך אַ מעסער, קוילעט!". ער דראָט ברענגען די הונגעריקע קינדער, די לערערקע איז מאַסקים, דער מעלאַמעד זאָל ברענגען די קינדער זיך לערנען, און אָרדנט אים אײַן פאַר אַ שוימער אין שול, „און פּלוצלינג דערפילט האָבן ביידע — אין שטוב איז געוואָרן געראַמער".

אַ נײַער קורצער קאַדער: די לערערקע גייט דורך דער גאַס פונעם שטעטל. מע טײַטלט מיט די פינגער אויף דער „גויע", וואָס איז געקומען לערנען ייִדיש, אָפּן מיידל, וואָס זעט אויס ווי אַ ייִנגל: „קוקט נאָר: קורצע האָר, און קורץ מוז זײַן דער סייכל".

דאָס שטעטל איז איבערפולט מיט יוגנט, און קיינער ווייסט ניט, וווּהין זאָל מען אַהינטאָן „אַזוי פיל יונגע און געזונטע הענט". און די יונגע לערערן דערפילט זיך ווי אַ מאַמע און ציט זיך צו זיי אין ליבשאַפט. זי אָרגאַניזירט די שטעטלדיקע יוגנט, העלפט בויען אַ קאָלווירט, דערציילט דער יוגנט וועגן דער נײַער סאָציִאַליסטישער בויונג, וועגן פאַבריקן, ווו מע שטייט בא מאַשינען.

די לערערקע האָט צוגעגרייט אַן אָוונט, קעדיי באַווײַזן די דערגרייכונגען פון די קינדער. אין אָנהייב פונעם אָוונט זיצן נאָך די טאַטעס ברויגעזדיקע, אָבער: „האָט אַ ייִנגעלע געלייענט „אַ באַריכט", האָט אַ מיידעלע געלייענט „אַ געדיכט", האָבן עלטערן געשוויגן און געשמייכלט". און דערנאָך האָבן די קינדערלעך געטאַנצט, די האַרעפּאַשניקעס האָבן ווילנדיק, ניט־ווילנדיק פאַרגלײַכט די שול מיטן כיידער. די ראַבאָנישע קולטור איז דאָך געווען פאַר אויסדערוויילטע און ניט פאַר די שוסטערס, שנײַדער, שמידן, בלעכער, וועמענס אָרט איז געווען בא דער טיר פונעם בעסמעדרעש.

און לייבע דער שמיד, אָט דער האַריקער בער, איז געזעסן און געשוויגן, געקוקט אויף דער ערד און שווער זיך געדרייט די פאַרייכערטע באָרד. גיט ער זיך פּלוצעם אַ שטעל אויף פון אָרט, אַ זעץ איבערן טיש און אַ זעץ זיך אין ברוסט: „כ'וואָלט אויך דאָך די אויסיִעס די שוואַרצע געקענט". און האָט זיך פאַרהאַקט און האָט זיך פאַרשעמט: אוועק אין אַ זײַט, זיך געזעצט אויף זײַן אָרט און געדיכט זיך פאַרדרייט אין דער אייגענער באָרד". און ווען ס'פאַלט צו די נאַכט, פאַרגעסט לייבע דער שמיד, אַז ס'איז שאַבעס. ער גייט אַרויס און ברענגט אַ לאָמפּ: „וואָס זיצט איר אין כוישעך, ליכטיק זאָל זײַן!" זײַנע רייד קלינגען סימבאָליש, זאָגן מער, ווי ער האָט געמיינט. ליכטיק איז געוואָרן לייבע דעם בער, לייבע דעם שמיד, ער איז שוין אַן אַנדערער. ליכטיק הייבט אָן ווערן אין שטעטל.

די לערערקע טרעט אַרויס ניט איין מאָל פאַר די קאָלווירטניקעס. אָפט טראָגט זי די פאָן אויף קאַמיוגישע דעמאָנסטראַציעס. זי מאַכט שאָלעם צווישן די קאָלווירטישע ווײַבער.

די העלדן פון „מיט לײַב און לעבן" איז גענומען פון לעבן. זי איז אַ פולבלוטיקער טיפּ, און מיר טרעפן זי אין גאַס, אַליין מיט זיך, אין מאָסקווע, אין שמייכל און אין פרייד, אויף פאַרזאַמלונגען און דעמאָנסטראַציעס אין ליבע, אָבער קיינמאָל ניט אין האַס. זי איז אַ פאָרבילד פון מענטשן פון דער צוקונפט, אַ מאָרגן־קינד.

די פּאָעמע האָט אַן אונטערטעקסט. אין מאָסקווע האָט זיך געפונען אייבער אַ מענטש, וואָס האָט געוואָרט, אַז אונדזער לערערקע זאָל זיך אומקערן צוריק אין דער גרויסער ליכטיקער שטאָט. ער האָט בא איר געפרעגט: „די אונטערשטע שורע — וואָס מאַכסטו?" יענער מענטש איז געווען געבילדעט און אַ סאַך געפילט און געוווּסט. ער האָט אָבער ניט געטיילט איר טיפן גלויבן אין מאָרגן פון דער

ייִדישער קולטור. ער האָט ניט געגלייבט, אַז „מע קאָן דאָך אין ליכטיקע שטעט די קליינינקע שטעט־לעך פאַרוואַנדלען!" זי איז געקומען קיין מאָסקווע אים צו זאָגן, אַז זי האָט שוין פאַרבונדן איר לעבנס־גורל מיט אַן אַנדערן, נאָר זי האָט אים גאָרנישט ניט געזאָגט: „אַ שאַ און צווײַ, אַז זי גייט אַליין אונטערן זילבערנעם הימל".

און ערשט שפּעטער האָט זי אין אַ בריוול דעם פרײַנט געגעבן צו וויסן, אַז ליב האָבן האָט זי געקאָנט, נאָר אַזאַ, וואָס טײַלט איר אידעאַל. די העלדן פון „לײַב און לעבן" האָט ניט געענטפערט אויף דער ליבע פונעם מאָסקווער פרײַנט און האָט אויסגעקליבן דעם קאָניוך פונעם קאָלווירט. זי האָט אין אים געזען דעם געוווּנטשענעם פאָטער פון איר קינד. נאָר אים, דעם קאָניוך, איז ניט געווען באַשערט אַפילו געזעגענען זיך מיט איר:

און ווען ער האָט צעיאָגט זיך — פלינק פײַל פון בויגן,
האָט מען איר מיט שערבלעך צוגעדעקט די אויגן...
און ווען ער איז אין שטעטל געקומען אָן אַן אָטעם, —
האָט מען שוין דאָס מיידל מיט פרישן זאַמד פאַרשאָטן.

די ליבע איז די אייביקע טעמע פון קונסט אין אַלע אירע פאָרמען. אויפן וועג פון ליבע צום מענטשן האָט די קונסט געזוכט צו דערהייבן די מענטשלעכע געפילן.

און ווען עס האָט דער באָכער אײַנגעשפּאַנט דעם שליטן, —
האָט מען שוין געטראָגן שטילערהייט די מיטע.

בײַ כאַריקן האַרמאָנירט די מענטשלעכע ליבע מיט אַלע אַנדערע מענטשלעכע געפילן און מיט זײַן אידעאַל. אין מוזיקאַלישע פערזן באַזינגט ער די ליבע:

דו, — די בלאָנדסטע פון ריאַזאַנער טעכטער,
איך — דער ברוינסטער פון די מינסקער זין...

אין געלײַטערטער פײַן וואָרט ער, אַז די ריאַזאַנער טאָכטער זאָל זײַן ערשטלינג געבוירן:

ייִנגעלע דײַנס:
ייִנגעלע — לײַן,
ייִנגעלע — גאָלדענער קאָרן...
וועט ער זײַן, וועט ער זײַן, —
אין קרײַזעלעך לײַן
מיט אייגעלעך טיפע און שוואַרצע...

די מענטשלעכע ליבע ווייסט ניט פון קיינע נאַציאָנאַלע גרענעצן. די ייִדישע טעכטער וועלן פאַר־לירן, ווען זיי וועלן ווערן אַ מוז־אַסאָרטימענט, ווײַל ליבע איז מענטשלעך און פרײַ. „ברוין און בלאָנד" איז געשריבן אײַנצײַטיק אין 1927 יאָר מיט דער פּאָעמע „מיט לײַב און לעבן", און דאָס איז ניט צופעליק. כאַריק ווייסט ניט, וווּ וועט זײַן די היים פון זײַן ערשטלינג. „מינסק איז זײַן היים, ריאַזאַן איז זײַן היים, די גאַנצע ערד וועט שוין ווערן זײַן היים..."

די נאָמענלאָזע לערערן האָט אויך אָפּגעגעבן איר לעבן דערפאַר, אַז די גאַנצע ערד זאָל ווערן די היים פון דער מענטשהײַט.

ס'איז אויך ניט צופעליק, וואָס כאַריק, וועלכער איז קיינמאָל ניט געווען אין ריאַזאַן, האָט אויס־געקליבן ריאַזאַן פאַרן געבורטס־אָרט פון זײַן פּאָעטישער ליבע. אין ריאַזאַן איז געבוירן געוואָרן יעסע־נין, און כאַריקן זײַנען געווען ליב די שורעס פון יעסענינס מוזע, זי איז דאָס געווען די בלאָנדסטע פון ריאַזאַנער טעכטער, וועמענס ווערטער „שמעקן נאָך מיט דערפּעלע מיט וואַלד". יעסענין האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף כאַריקן, זײַנע לידער „אין ווײַסן צוויט" און „ברייטער ערד" זײַנען באַשענקט מיט „קרײַזעלעך לײַן" און מיט אייגעלעך טיפע און שוואַרצע. כאַריקס ליד „אין ווײַסן צוויט" געהערט צו די שענסטע אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג. פון איר דערטראָגט זיך צו אונדז פרישקײַט און יוגנט. אין ווײַסן צוויט גייט אים זײַן געליבטע אַנטקעגן:

פעלדער האָבן אויגן־לײַן,
דו האָסט גרויסע, שוואַרצע,
פאַלט פון זיי אַ שטילע שײַן
און לייגט זיך אויף מײַן האַרצן.

און ווען כאַריק באַגעגנט די באַשערטע:

האָב איך אַ גליקלעכער געלאַכט
אין ליכטיקע פאַרלאַנגען...
איך האָב די אויגן צוגעמאַכט
און בין נאָך דיר געגאַנגען.

כאַריק האָט אין זײַנע לידער געזען דעם מענטשן פון קאָמוניסטישער צוקונפט, — מענטשן מיט רײנעם געוויסן און פיזישער שײנקײט, וועמענס ליבע וועט זײַן מענטשלעך, „אין ווײַסן צוויט".

פריידיקע יאָרן זײַנען מיר שוין דורכגעגאַנגען און וועלן נאָך דורכגיין צוזאַמען: „אין שאַפן, אין שטײַגן און פרײַנטשאַפט".

די ציטאַטע איז גענומען פון כאַריקס אַ געשענק־אויפשריפט אויף זײַן פּאָעמע „קײלעכדיקע וואָכן" — „דעם טײַערן א. קושניראָוו". אייניקע קריטיקער האָבן געהאַלטן, אַז אין דער פּאָעמע פעלט סיוזשעט און כאַראַקטעריסטיק.

און ווירקלעך, די ערשטע צוויי קאַפּיטלען פון דער פּאָעמע זײַנען גאָר ווײַט פון כאַראַקטעריסטיק. מיט אַ וויזיאָנערישן צוריקבליק באַווײַזט כאַריק דעם וועג פון דער מעלוכע — אַ וועג פון נויט צו אַ מעלוכע פון פרײַהייט. דער מענטש באַהערשט די נאַטור, ער באַפרײַט די אָנגעזאַמלטע אין טאָרף ענערגיע און שטעלט זי אין דינסט פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. „ראַטנמאַכט פּליוס עלעקטריפיקאַציע איז קאָמוניזם".

כאַריק שילדערט די ערטער, אין וועלכע ס'האָט זיך נאָר געהערט דאָס קלאָגן פון כײַעס:

זיי רעוועז, זיי ריטשען אויף זייער געביין,
מיט וואַרעמע מײַלער זיי טאַפּן...
הערנער־געפלעכט, צעעפנטע ציין,
טומפּיקע שווערקייט פון לאַפּעס...

ערטער אין וועלכע:

פון אוראַלט ביז אוראַלט און אייביקער מאָך
עסט זיך אַריין אין די הימלען.
דאָס לעבן — איין לאַנגע פאַרומערטע וואָך:
שווייגעניש, שטומעניש, שימל...

די אייַנצלנע בילדער גיסן זיך צונויף אין איין האַרמאָניע, ווי די פאַרבן פון רעגנבויגן. דער קאָמוניזם זיגט אין אַ שווערן געראַנגל מיט דער כײַישער ירושה פון דויערס, מיט אַ וועלט פון „הונגער, געוואַי און מעשוגעס", מיט שטרויענע דערפער און שיטערע שינדלער אין שטעטל:

דאָ כאַלעמט זיך יעדן דער רייעך פון בלוט,
די נאָזלעכער שמעקן אין גלוסטונג!
די גאַנצע ערד ליגט פאַרהרוניעט אין ברוד
און אָטעמט מיט ליידיקער פּוסטקע...

דער מענטש האָט ניט געגלייבט אין די אייגענע קרעפטן, דער מענטש האָט אויסגעזען אין די אייגענע אויגן „גאַרנישט מיט גאַרנישט און געזוכט טרייסט און גליק אויף יענער־וועלט. איצטער האָט דער מענטש דערפילט זײַן קויעך און גליק. עס גייט אַ גרויסע בויונג, און די עלעקטראָסטאַנציע בויען אַלע־אַל: ס'בויען טאַטערן, ווײַסרוסן, אוקראַיִנער — אַלע־אַל, און מיר באַגעגענען דאָ אַלס בריגאַדירן אונדזער אַלטן באַקאַנטן פיניען, איצט שוין אַ פּאַרטייער, און דעם בלאָנדן ווײַסרוס מיקאָלען. פיניע האָט שוין אַ פרוי און אַ קינד, נאָר ווען אין דער בויונג פון דער עלעקטראָסטאַנציע האָט מען זיך אָנגעשטויסן אויף שוועריקייטן, האָט פיניע זיך געזעגנט מיט ווײַב און קינד און גענומען דאָס רידל אין האַנט. אים איז אַלץ דאָ באַקאַנט. אין די ערטער, וווּ מע בויט די עלעקטראָסטאַנציע, האָבן געיושעט בולאַך און די קולאַקעס, און פיניען האָט מען געשיקט אַהער „אויף אויפשטאַנד און אויף באַנדעס". פיניע דער פּאַרטייער ווייסט: „די טאָרפן, וואָס קאָסטן אונדז קויעך און פײַן, — דאָס זײַנען דאָך ווי־אָרסטן, און יאָרן מיט שײַן". דער בלאָנדער מיקאָלע און דער ברוינער פיניע זײַנען ביידע פּאַרטייער, און ביידע שלאָגן זיך דערפאַר, ס'זאָלן זיגן די קרעפטן, וואָס ווינטשן, אַז „די ערד וועט דעם קויעך פון אײַזן פאַרזוכן, און לייגן זיך שטיל אונטער האַמער פון בויונג". דער מענטש וועט באַציגן די נאַטור.

אַף דעם צווייטן טייל פון די „קײַלעכדיקע וואָכן" איז שוין געפאלן דער שאָטן פון פּערזאָנען־קולט. די גרונט־אידיי פון דער פּאָעמע איז א ריין לענינישע, און דער רעפרען פונעם צווייטן טייל („סטאלינסטאָן, סטאלינסטאָן", „אין סטאלינסאָטן", „קיין סטאלינסטאָן") קלינגט ווי א דיסאָנאנס.

די לענינישע אידיי פון דער פּאָעמע איז בוילעט אויסגעדריקט אין די שלוס־פערזן:

עס גייט איצט מײַן לאנד מיט אן אָפענעם אויג,
**איבער לעצטן באריער —**
**צו געשיכטע.**
איין גליק־מאגיסטראל, איין ווארעמער פולס
פון פּאָליוס ביז פּאָליוס עס ריזלט.
**לענין:**
ראטנמאכט פּליוס
עלעקטריפיקאציע
**הייסט —**
**קאָמוניזם.**

פארענדיקן אזוי די פּאָעמע איז געווען דאַן אן אקט פון העלדישקײַט, פאר וועלכן כאריק האָט שווער באצאָלט...

דאָס אכטע קאפּיטל איז ניט גענוג אַף אויסקויפן אזא גרויסע שולד, ווי די פארהערלעכונג פון לענינען אין די שלוס־שורעס. ס'איז באוווּסט, אז כאריק האָט זיך פּאקטיש ניט באטייליקט אפילע אין אָנשרײַבן דעם בריוו פון ווײַסרוסלאנד צו סטאלינען, כאָטש זײַן נאָמען איז אָנגערופן צווישן די צוזאָמענשטעלער...



# לייזער שיינמאן-דער באדכן פון זעמבין

געבוירן אין זעמבין לעערעך אין 1839 יאָר. דער טאַטע זײַנער איז געווען א שוסטער. אליין איז לייזער ביז נאָך דער כאסענע געווען א שורסטער, נאָך דער כאסענע געוואָרן א שאמעס אין שול, זיך געגעט מיטן ווײַב, גענומען אן אנדערע, געוואָרן א קלעזמער אף א צימבל. ביסלעכווײַז גענומען ווערן א באדכן. ער איז געווען באקאנט און באליבט ניט נאָר אין זעמבין, נאָר אויך אין דער גאנצער געגנט, אין פיל שטעטלעך. ווען מע פלעגט וויסן, אז לייזער דער באדכן וועט זײַן אף א וועלכער־עס־איז כאסענע, פלעגט מען שוין אהין גערן פאָרן. ער פלעג פאָרן מיט די קלעזמער־קאפּעלעס אין אנדערע שטעטלעך, איבערהויפּט אף אָרעמע כאסענעס, ווײַל ער האָט געהאלטן זייער פון האכנאָסעס־קאלע. ער איז געווען א ייִד א נידעריקער, א ברייטפלייציקער, מיט א שטענדיק שמייכלענדיק פּאָנעם, פלעג זייער ליב האָבן קינדער. סימכאסטוירע פלעג ער נעמען א זאק אף די פלייצעם, צונויפקלײַבן אָרעמע קינדער, זיי פירן אין מיקווע, זיי זאָלן זיך א ביסל ארומוואשן; נאָכדעם פלעג ער זיי אויסשטעלן אין א ריי, גיין מיט זיי אין די פארמעגלעכע הײַזער, ארײַנפאלן אין שטוב מיט אלע קינדער, און וואָס ער פלעג געפינען אפן טיש, פלעג ער ארײַנהאקן אין זאק ארײַן און נאָכדעם פאנאנדערטראָגן עס איבער די אָרעמע הײַזער. אף כאסענעס פלעג ער, ווי אלע באדכאָנים, ארויסטרעטן מיט גראמען, וואָס פלעג טיילמאָל טראָגן א סאטירישן כאראקטער. ער, צוזאמען מיט איינעם פון דער קלעזמער־קאפּעלע (אמאָל אויך מיט עטלעכע), פלעג אויספירן אייגענע פאָרשטעלונגען. צווישן זיי איז געווען איינע „דער גולמע" — א פאנטאָמימע, די צווייטע — „דער גאלעך". אין דער פאָרשטעלונג „דער גאלעך" פלעג ער אָנטאָן א סערוועט, אײַנהילן זיך, ווי אין „א ריאַסע", נעמען דאָס העמערל פונעם צימבל, אָנשטאָט א ציילעם אפן ברוסט, זיך אוועקזעצן, און דער קלעזמער — יעשײַע מוראוואנטשיק — פלעג זיך איבערטאָן פאר א פויערטע. די סצענע האָט פאָרגעשטעלט, ווי די פויערטע קומט צום גאלעך אף אן „איספּאָוועד". זי איז זיך מיסוואדע פון אירע זינד, אז זי האָט פארסאמט דעם מאן און געלעבט מיט אן אנדערן — דער גא־

איזי כאריקס נאָטיץ „לייזער שיינמאן — דער באדכן פון זעמבין" איז פארעפנטלעכט געוואָרן אינעם נומ. 1 פון דער מינסקער ליטעראריש־וויסנשאפטלעכער „צײַטשריפט" פארן 1926. ווי באוווּסט, האָט דער דיכטער אין צען יאָר ארום ארויסגעפירט דעם זעמבינער באדכן אלס הויפּטהעלד אין זײַן פּאָעמע „אף א פרעמדער כאסענע".

לעך ענטפערט דערויף: „פארשטייט זיך, עס איז א זינד, נאָר גאָט וועט דיר מויכל זייַן, ווייַל עס איז דאָך שווער בייַצושטייַן אזא ניסאָיען״.

די פויערטע דערציילט, אז זי האָט בא א שכיינע געגאנוועט עפּעס פון עסנווארג. דער גאלעך ענט־פערט: „גאָט וועט מויכל זייַן, ווייַל מיסטאמע האָסטו דאָך געוואָלט עסן״. זי רעכנט איבער נאָך אווייַרעס, און דער גאלעך געפינט פאר אלץ א בארעכטיקונג. צום סאָף דערמאָנט זי זיך, אז זי איז באגאנגען נאָך איין אווייַרע: זי האָט פרייַטיק געטרונקען מילך (פרייַטיקדיקן טאָג איז די פויע־רים פארבאָטן צו עסן מילכיקס און פליישיקס). אָט דאָ ווערט דער גאלעך אן אָנגעצונדענער: דאָס קאָן ער שוין ניט פארלייַדן. אף אזא אווייַ־רע קאָן ער שוין גאָר קיין מעכילע ניט געבן.

לייזער באדכן פלעג פאָרשטעלן א סצענע אונטערן נאָמען „דער ערעץ־ייִסראָעל־ייִד״. די דאָזיקע פאָרשטעלונג פלעג זיך ענדיקן מיט א טאנץ אף א ספּעציִעלן אויפן. לייזער פלעג זיך צופּאסן א פּאָר „שטאָלצן״, אדאנק וועלכע ער פלעג אויסזען אומגעווייַנלעך הויך. ער פלעג אָנ־טאָן א לאנגן קיטל, וואָס האָט פארדעקט די שטאָלצן, צום בויך צובינדן א קישן, וואָס זאָל אים מאכן גרעבער. און אין אזא הוילעך פלעג ער פארענדיקן די פאָרשטעלונג פונעם ערעץ־ייִס־ראָעל־ייִד מיט א קונציקן טאנץ.

זייַענדיק א באדכן, איז לייזער אויסגעקליבן געוואָרן פאר א „מעשטשאנסקי סטאראָסטע״. אף דער זעלביקער שטעלע איז ער אָפּגעווען די לעצטע יאָרן פון זייַן לעבן. אין די יאָרן פון באד־כאָנעס און קלעזמערייַ האָט לייזער זיך צוגע־ווינט צום ביטערן טראָפּן. אין די לעצטע יאָרן פון זייַן לעבן האָט ער באקומען א שעם פון א שיקער. ניט געקוקט אף דעם, האָט דעם שטעטל מאכמעס ליבשאפט ניט צוגענומען בא אים די שטעלע פון א סטאראָסטע. בא 64 יאָר (אין 1903) איז ער געשטאָרבן.

נאָך לייזערס טויט פלעגן אייניקע באדכאָנים ארויסטרעטן מיט זייַנע גראמען און אויך פּרווון אופירן די סצענע פון „גולמע״. אָבער דער אוי־לעם פלעג אלעמאָל מיט באדויערונג זאָגן: „עט, ווי קומט עס צו לייזערן...״

איזי כאריק



כראָניק

## אף צוויי שפּראכן

אין פארלאג „סאָוועטסקי פּי־סאטעל״ איז ארויס אין דרוק א בוך פון איזי כאריקס דיכטונג. אין דער זאמלונג וועלן ארייַנגיין די פּאָעמעס „מינסקער בלאָטעס״, „ברויט״, „קייַלעכדיקע וואָכן״, „אף א פרעמדער כאסענע״, „מיט לייַב און לעבן״. די אויסגאבע וועט דערשייַנען אין צוויי שפּראכן, יידיש און רוסיש.

מיט איזי כאריקס יובליי־אויס־גאבע וועט זיך עפענען א נייַע פּאָעטישע סעריע, וועלכע וועט באקאנען יידיש־ און רוסיש־שפּראכיקע לייענער מיט די בע־סטע מוסטערן פון דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג.

# עטלעכע עפּיזאָדן פון איזי כאַריקס לעבן

## 1. 1921, 1922 און א ביסעלע ווײַטער...

וועגן איזי כאַריקס ווערק איז ניט ווייניק אָנגעשריבן סײַ בא זײַן לעבן, סײַ נאָך זײַן טראַגישן טויט, ווען ער איז אומגעקערט געוואָרן דער ליטעראַטור אונדזערער. ווייניקער האָבן מיר געוווּסט פּראַטים פון כאַריקס ביאָגראַפיע. צו אונדז איז דערגאַנגען, אַז די ערשטע לידער אונטערן פּסעוודאָנים אי. ד. זעמבין (אַזוי האָט געהייסן דאָס שטעטל, וווּ כאַריק איז געבוירן געוואָרן) האָט פאַרעפנטלעכט דער מאָסקווער זשורנאַל „קאָמוניסטישע וועלט" אין 1920. כאַריק איז דעמאָלט נאָך געווען ניט זיכער, אַז דיכטונג איז זײַן עכטער באַרוף. און שמואל אַגורסקי, דער רעדאַקטאָר פון דער „קאָמוניסטישער וועלט", האָט די לידער פונעם אָנפאַנגער אָפּגעדרוקט „קימאַט מיט גוואַלד".

אין א יאָר אַרום האָבן דעם יונגן דיכטערס לידער, געכאַפּטע שוין מיטן עמעסן נאָמען, זיך באַוויזן אין דער מינסקער צײַטונג „דער וועקער", דאָס מאָל איז זײַן „אָפּעקון" געווען דער דעמאָלט שוין באַוווּסטער ליטעראַטור־פאָרשער אורי פינקעל. אין זײַנע זיכרוינעס, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אינעם זאַמלבוך „איזי כאַריק", געווידמעט דעם 15־יאָריקן יובילײ פונעם דיכטערס שעפערישן וועג, האָט או. פינקעל געשריבן:

„אין יאָר 1921 איז ער געקומען, אָט דער דיכטער, אין אונדזער רעדאַקציע פון דעם קאָמוניסטישן „וועקער", געעפנט א העפטל לידער, געשריבענע מיט א כעמישן בלײַפעדער. און עס האָבן פון דאָרט אַרויסגעקוקט פאָלגנדיקע שורעס..." — און ער ברענגט אַן אויסצוג פון כאַריקס ליד, וועלכע איז שפּעטער אַרײַן אין זײַנע ביכער:

ריזן האָבן הײַנט א גאַנצן טאָג
געגלעט אַף שטראַלן פון מײַן קאָפּ
און אַף מיר געצייכנט
מיט די פינגער...

לאָמיר פאַרגעדענקען: די ערשטע לידער זײַנע האָט כאַריק געבראַכט אין מינסקער „וועקער" אין 1921. און אין א יאָר אַרום איז דערשינען די ערשטע לידער־זאַמלונג זײַנע — „ציטער", אויך אין מינסק.

דער „וועקער" האָט אָפּגעדרוקט כאַריקס ערשטע ליד „אין די טעג" („אין די טעג, אין די טעג כ'בין שיכּער... כ'בין א יונגער און שיכּערער זינגער, כ'קריץ פון פײַער אַן אָס נאָך אַן אָס") אינעם נומער פאַרן 12 יול 1921. פון יענעם „העפטל, געשריבן מיט א כעמישן בלײַער"? דאָס קאָן מען זיך איצט בלויז מעשאַער זײַן. און ווײַטער גייען כראָנאָלאָגיש נאָך פיר לידער, פאַרעפנטלעכט אין דעם זעלבן יאָר 1921:

25 יול — „אין יענער נאַכט" („אין יענער נאַכט האָט הימל שוועבעלעך־ריזן געריבן און געצונדן...").

29 אווגוסט — „קוואַלן" („מיט ליפּן, ביזן בלוט פאַרשמאַכט, שרײַען פעלדער...").

9 סענטיאַבער — „קאָמאַרינסקע" (אַרײַנגעריסן זיך א טאָג אין יונגער ערד...").

5 דעקאַבער — „פון דײַן שאַרבן" („טרינק איך פון דײַן שאַרבן, וועלט...").

ווי עס האָט אונדז זיך אײַנגעגעבן פעסטצושטעלן, איז כאַריק אין יענעם יאָר נאָך ניט געווען קיין מינסקער טוישעוו. ער האָט געלעבט אין זעמבין — א שטעטל אין דער מינסקער גובערניע, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן. מינסק איז געווען די שטאָט פון זײַן סטודענטישער לער, דאָרט האָט ער אָפּגעגעבן עקזאַמענעס און איז אָנגענומען געוואָרן אַפן מעדיצינישן פאַקולטעט פונעם ווײַסרוסישן אוניווערסיטעט.

מיר זײַנען ניט באַגאַנגען קיין פעלער, אָנווײַזנדיק, אַז אין 1921 איז איזי כאַריק געווען א סטודענט פונעם מינסקער אוניווערסיטעט, — כאָטש אין קיין שום ספּראַוואָטשניק וועט איר דעם דאָזיקן פאַקט ניט געפינען. ער ווערט באַשטעטיקט מיצאַד כאַריקן גופע אין דער אַנקעטע, וואָס ער האָט אייגנהאַנטיק פאַרפולט דעם 14 דעקאַבער 1923, זײַענדיק שוין א סטודענט פונעם מאָסקווער ליטעראַריש־קינסטלערישן אינסטיטוט אַף וו. אי. בריוסאָווס נאָמען. מיר ברענגען די דאָזיקע אַנקע־



КОММУНИСТИЧЕСКИЙ МИР

קאָמוניסטישע וועלט

א פאליטיש-ליטעראַרישער זשורנאל.

אינהאלט:

№ 14-15.

Москва

מאָסקווע

Март Апрель 1920

מאַרץ אפריל 1920

דער נומער „קאָמוניסטישע וועלט"
מיט אי. כאַריקס (אי. ד. זעמבינס)
ערשטע לידער

טע אין דער איבערזעצונג אויף ייִדיש, ניט דורכ־לאָזנדיק קיין איין וואָרט, וואָס איזי כאַריק האָט אין איר פאַרשריבן:

„1. פאַמיליע־נאָמען — כאַריק

2. נאָמען — איסאַק

3. פאָטערנאָמען — דאַווידאָוויטש

4. געשלעכט — מענערישער

5. נאַציאָנאַליטעט — א ייִד

6. דאָס שטענדיקע וווינאָרט — שטעטל זעמ־בין מינסקער גובערניע

7. אין וואָס פאַר א לערן־אַנשטאַלט זיך גע־לערנט ביזן אָנקומען אין דער הויכשול — אָפּן מעדיצינישן פאַקולטעט פון דעם מינסקער מעלוכע־אוניווערסיטעט. ניט פאַרענדיקט

8. אין וואָס פאַר א יאָר אָנגעקומען אין א הויכשול ביכלאַל — 1921. אין געגעבענעם — 1922.

דורך וועמען דעלעגירט: 1) דורכן סאָוועט פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן פון נ.ק.פּ. (פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר בילדונג); 2) דורכן ווײַסרוס־לענדישן צענטראַלן פּראָפאַריין „ראַבפּראָס" (ביל־דונגס־טוער).

9. דער פאַך ביזן אָנקומען אין דער הויכ־שול — א שול־טוער

10. די פריִערדיקע פּראָפעסיע — א באַל־מעלאָכע — סטאָליער

11. פאַמיליע־צושטאַנד — ניט קיין באַוויַב־טער

12. פּאַרטיי־שקייט — אָן אומפּאַרטייִישער

13. אָנגעהעריקייט צו מיליטער־דינסט — בא־פרײַט אין אָנטערמיניקן אורלויב

14. אין וואָס פאַר א פאַריין א מיטגליד — אין מאָסקווער גובערניאַלן אָפּטייל פון „ראַבּפּראָס", פונעם 1 פעברואַל 1923 (מיטגליד פונעם פאַריין פון 1917). נומער פונעם מיטגליד־בילעט 58895

15. אויף וועלכער אָפּטיילונג רעכנט זיך — אויף דער שעפערישער, 2־טער קורס

16. צי באַקומט איר סטיפּענדיע — ניין

17. אויב איר באַקומט ניט, אויף וועלכע מיטלען לעבט איר — צײַטווײַליקע אַרבעט אין דער ייִדי־שער צענטראַלער ביבליאָטעק. 31 רובל

18. דאָס איצטיקע וווינאָרט — מאָסקווע, קודרינסקע־גאַס, 8־ב, דירע 1

14 דעקאַבער 1923

כסימע — כאַריק"

אָן אַנקעטע איז ניט זייער באַריידעוודיק, מע קאָן זי ניט פאַרגלײַכן מיט אַן אויטאָביאָגראַפיע. און דאָך שטעלט מיט זיך פאָר כאַריקס אַנקעטע א מערקווירדיקן דאָקומענט וועגן זײַן לעבן אין אָנהייב פון די 20־ער יאָרן. זי איז ווי יענער שטראַל, וואָס טוט א בלענד און כאַפּט אַרויס פון דער פינצטערניש א געוויסן פלאַסט פון דערווירקלעכ־קייט. די אַנקעטע גיט א מעגלעכקייט צו פאַר־פינקטלעכן אָדער אפילו צו פאַריכטן אייניקע אָנ־גאַבן, וועלכע כאָטש זיך פעלערהאַפט איבער ביז הײַנט־צו־טאָג אין די קריטיש־ביאָגראַפישע אַרבעטן וועגן איזי כאַריקן.

נעמען, לעמאַשל, דעם ספּראַוואָטשניק „שרײַ־בער פון דעם סאָוועטישן ווײַסרוסלאַנד" (ווײַסרו־סיש, מינסק, 1959). וועגן כאַריקן זאָגט זיך דאָרט: „אין 1923 פאַרענדיקט דעם ליטעראַריש־קינסט־לערישן אינסטיטוט אויף וו. יא. ברויסאָווס נאָמען...". דאָס זעלבע כאָזערט זיך איבער אין דער צווייטער אויפלאַגע פונעם בוך (1970). די „קורצע ליטעראַ־רישע ענציקלאָפּעדיע" (רוסיש, ב. 8, 1975, שפּאַלט 224) ווײַזט אָן: „כאַריק, איזי (איסאַק דאַווידאָ־וויטש)... אין די יאָרן 1921—23 זיך געלערנט אין דעם העכערן ליטעראַריש־קינסטלערישן אינ־סטיטוט אויף וו. יא. ברויסאָווס נאָמען...".

מע קאָן שוין ניט דערגיין א טאָלק — ווער בא וועמען האָט אָנטלייען די דאָזיקע אָנגאַבן, ווער וועמען כאָזערט איבער. אין שײַכעס דערמיט דער־מאָנט זיך נאָכעם שטיפּס א זאָג:

„ס׳גייען אַרום בא אונדז ליטעראַטור־היסטאָרי־שע לעגענדעס. א ביבליאָגראַף, א ליטעראַטור־הי־סטאָריקער, מאַכט א טאָעס אָדער כאַפּט זיך אַרויס פּאַשעט מיט א נאַרישקייט. דער אַנדערער נעמט דאָס אָן אָן שום קריטיק און זאָגט דאָס נאָך. דער דריטער, דער פערטער אאַזוו. שטיצט זיך שוין אויף אָן „אײַזערנער וואָנט" און רעדט וועגן דעם, ווי פון

א זעלבסטפארשטענדלעכקייַט... די לעגענדע ווערט געשוואָלן און ברענגט אומגעריכטע אויספירן" (זשורנאל „די רויטע וועלט", כארקאָוו, 1926, נומ. 7—8, ז. 152).

אזוי האָט זיך באקומען אויך בענעגייע כאריקן. און ס'איז קיין כידעש ניט, וואָס אויך „סאָוועטיש היימלאנד" האָט איבערגעכאזערט דאָס זעלבע וועגן זייַן לער אינעם בריוסאָוו־אינסטיטוט (זע „מאטעריאלן פאר א לעקסיקאָן פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור", 1978, נומ. 9).

איצט איז, ענדלעך, געקומען די צייַט צו פארפינקטלעכן: איזי כאריק איז אָנגעקומען אין בריוסאָוו־אינסטיטוט ניט אין 1921, נאָר אין 1922, זיך געלערנט דאָרט אין 1923, 1924 — ביזן סאָף פון 1925, אים ניט פארענדיקט, ווייַל דער העכערער ליטעראריש־קינסטלערישער אינסטיטוט אָף וו. יא. בריוסאָווס נאָמען איז דעמלט, ווען כאריק האָט זיך געלערנט אפן דריטן קורס, ליקווידירט געוואָרן. וועגן דעם זאָגן איידעס, כוץ דער שוין געבראכטער אנקעטע, אייניקע אנדערע דאָקומענטן אין דער זעלבער דאָסיע פונעם סטודענט איסאק דאווידאָוויטש כאריק —

פאָנד 596, איניען 10. אָנגאבן וועגן די אופנאם־עקזאמענעס אפן 1922—1923 לערניאָר, בויגן 6. „כאריק: רוימישע ליטעראטור — גאנץ באפרידיקנדיק, דיכטונג־קענטעניש — באפרידיקנדיק, רוסישע ליטעראטור — באפרידיקנדיק. אריבערפירן אפן 2־טן קורס..."

דער זעלבער פאָנד, איניען 13, בויגן 19. צעטל פון די סטודענטן פונעם 2־טן קורס אין 1923 — 24 לערניאָר. כאריקס נאָמען — אונטערן נומער 90.

דער זעלבער פאָנד, איניען 14, בויגן 3. צעטל פון די סטודענטן, וועלכע זייַנען איבערגעלאָזט דאָס צווייטע מאָל אפן 2־טן קורס. „10. כאריק, באדינגלעך".

דער זעלבער פאָנד, איניען 14, בויגן 16. צעטל פון די סטודענטן, וואָס לערנען זיך אָן געצאָלטס, אפן 27 יון 1924. אונטערן נומער 78 — כאריק.

דער זעלבער פאָנד, איניען 14, בויגן 68, צעטל פון די סטודענטן, וועלכע זייַנען באפרייַט פון באצאָלן פאר דער לער — לויטן באשלוס פון דער קאָמיסיע פארן 7—10 מארט 1925. 2־טער קורס, נומ. 8 — כאריק.

דער זעלבער פאָנד, איניען 14, בויגנס 88—89. צעטל פון סטודענטן פונעם 3־טן קורס (לויטן צושטאנד אפן 1 מייַ 1925). כאריק — אונטערן נומער 171.

די דאָזיקע דאָקומענטן זאָגן איידעס, אז כאריק איז אין בריוסאָוו־אינסטיטוט אָנגעקומען אין 1922 און אז צום 1 מייַ 1925 איז ער דאָרט נאָך געווען אפן דריטן קורס.

און אָט איז נאָך איין אנקעטע, וועלכע דער סטודענט כאריק האָט פארפילט דעם 4 מארט 1925. די זעלבע אָנגאבן, ווי אין דער פריִערדיקער פארן 14 דעקאבער 1923, נאָר אייניקע פארפינקטלעכונגען:

„ווען אָנגעקומען אין דער הויכשול און לויט וועמענס קאָמאנדירונגען — אָנגעקומען אין 1922, לויט די קאָמאנדירונגען: 1) פונעם סאָוועט פון דעם נאצמינדאָפטייל פון דעם בילדונגס־קאָמיסאריאט פון רספסר; 2) פונעם צענטראל־קאָמיטעט פונעם ווייַסרוסלענדישן „ראבפראָס"; 3) פונעם בילדונגס־קאָמיסאריאט פון ווייַסרוסלאנד.

אָרט און אדרעס פון דינסט — אן ארבעטלאָזער.

די גרייס פונעם כוידעשלעכן געהאלט — אן אומבאשטימטער האָנאָראר (דורכשניטלעך פון 20 ביז 25 רובל)".

און א באשלוס פון דער קאָמיסיע: „באפרייַען פון געצאָלטס. 10 מארט 1925".

ווען מיר זאָלן האָבן בלויז די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן, וואָלט מען שוין געהאט א מעגלעכקייַט זיך פאָרשטעלן, ווי ניט לייַכט איז געווען כאריקן זיך צו לערנען און ביכלאל צו לעבן, זייַענדיק אן ארבעטלאָזער. צייַטווייַליק האָט ער זיך אייַנגעאָרדנט אין דער צענטראלער ייִדישער ביבליאָטעק, נאָר דאָרט איז דער געהאלט געווען א מינימאלער, און ער האָט געמוזט זיך ווענדן נאָך הילף צו דער ארבעט־בירזשע. וועגן דעם זאָגט איידעס די ספראווקע, וועלכע מיר האָבן געפונען אין דער זעלבער דאָסיע (איניען 780, בויגן 6):

„דער ארבעטס־אָפטייל באם העכערן ליטעראריש־קינסטלערישן אינסטיטוט אָף וו. יא. בריוסאָווס נאָמען באשטעטיקט, אז דער כאוו. כאריק איסאק דאווידאָוויטש איז ווירקלעך אן ארבעטלאָזער און געפינט זיך אפן דיסקאָנט".

אפן ערשטן בליק וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, אז דאָס זייַנען קלייניקייַטן — אנקעטעס, ספראווקעס, ליסטעס, נאָר צוזאמענגענומען גיבן זיי א מעגלעכקייַט צו אויסמאָלן זיך איזי כאריקס לעבן אין די עטלעכע יאָר, זינט ער איז געקומען קיין מאָסקווע און געוואָרן א סטודענט פונעם בריוסאָוו־אינסטיטוט. מע דארף ניט פארגעסן, אז דאָס זייַנען געווען יאָרן אויך פונעם אופבלי פון זייַן טאלאנט. ליטעראטור, ביפראט דיכטונג, ווערט זייַן בארוף, און די מאָסקווער ליטערארישע מישפאָכע נעמט אים ארייַן צו זיך מיט פרייד און מיט האָפענונג.

וועגן דעם, אז כאריק באטייליקט זיך אין אלע ליטעראריש־קינסטלערישע געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אין מאָסקווע אין דער ערשטער העלפט פון די 20־ער יאָרן, קאָן מען לייענען אין די צייַטונגען פון יענער צייַט, אין דער כראָניק פונעם זשורנאל „שטראָם" (כאריקס לידער האָבן זיך דאָרט באוויזן אין 1924 אינעם נומער 5—6). מיר האָבן

אויך א פולע ביבליאָגראַפישע רעשימע פון די ווערק, וועלכע דער יונגער דיכטער האָט פארעפנטלעכט פון סענטיאבער 1924 ביז מארט 1925. די דאָזיקע רעשימע האָט ער אַליין צונויפגעשטעלט, אָנווײַזנדיק, די גרייס פונעם האָנאָראר, וועלכן ער האָט באקומען פאר אָט דער צײַט:

פונעם זשורנאַל „די רויטע וועלט" (כארקאָוו) — 24 רובל

פונעם זשורנאַל „יונגוואַלד" (מאָסקווע), נומ. 9—9 רובל, נומ. 11 — 10 רובל, נומ. 12 — 9 רובל מיט 60 קאָפ., נומ. 1 — 6 רובל

פונעם זשורנאַל „פיאָנער", נומ. 1 — 24 רובל

פון דער צײַטונג „עמעס" (אין נאָיאבער) — 15 רובל

פון דער צײַטונג „וועקער" (מינסק) — 12 רובל

סאכאקל — 109 רובל מיט 60 קאָפ.

מע דארף דערבײַ אָנווײַזן, אז דער זשורנאַל „שטראָם" איז אין דאָזיקן צעטל ניט ארײַנגעפאַלן, און דאָס גיט א מעגלעכקײַט זיך צו מעשאער זײַן, אז כאריקס צוויי לידער, וועלכע זײַנען אָפגעדרוקט אינעם נומ. 5—6 פון אָט דער אויסגאבע (אגעוו, איז דאָס געווען דער לעצטער נומער פונעם זשורנאַל), זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן ביז סענטיאבער 1924. בײדע זײַנען זיי געווידמעט וו. אי. לענינען. די ערשטע איז גוט באקאַנט — זי איז אײַנגעשלאָסן אין איזי כאריקס לידערזאַמלונג „אַף דער ערד", וועלכע איז דערשינען אין מאָסקווער פארלאַג „שול און בוך" אין 1926, נאָר ס'איז קעדײַ זי נאָכאַמאָל דאָ ברענגען, ביפראַט, אז די פובליקאַציע אינעם זשורנאַל שיידט זיך עטוואָס אונטער פון דער פובליקאַציע אינעם בוך:

ווערט א קוק טאָן א מאַמע אַף זון
אַף געקומענעם,
אַף זון מיט באַוואַקסענע ברעמען,
און אויגן פארבאַרגענע, פרומע
וועלן אייגענעם זון ניט דערקענען.

געווען איז דער זון אַזא שטיפער,
ווי א לאַשעק, וואָס לויפט נאָכן וואָגן,
האָט מיט יאָרן דער זון זיך געביטן —
וואָס קאָן שוין א מאַמע אים זאָגן...

וואָס קאָן שוין א מאַמע איצט ענדערן —
איז איר שווער, טוט ווי צו באַנעמען,
פארוואָס עפעס קוקט ער א פרעמדער,
מיט וואָס איז אים נעענטער לענין.

ווערט זי קוקן אַף זון אַף געקומענעם,
אַף זון מיט באַוואַקסענע ברעמען
און בענקען, ווי מאַכיקער ברונעם
נאָך לעצטן אנטרונענעם עמער...

די צווייטע ליד איז אָנגעשריבן, לויט אַלע סימאָנים, אין די טרויעריקע יאַנוואַר־טעג פון 1924, ווען דאָס לאַנד האָט באַגלײַט אין לעצטן וועג דעם גרויסן פירער. כאריק האָט דעמלט געלעבט אין מאָסקווע און איז אויך געווען צווישן יענע, וואָס האָבן באַלאַגערט דאָס קאָלאָנען־הויז, געזעגענענדיק זיך מיט לענינען. טאַקע אין די דאָזיקע טעג זײַנען געבוירן געוואָרן די שורעס, וועלכע דריקן אויס די געפילן פון ווײ און צער פון מיליאָנען מענטשן אין גאַנץ דער וועלט אין שײַכעס מיטן שרעקלעכן פארלוסט:

זאָלן קוימענס ניט אופהערן פײַערן
מיט אומרו פון שטורעם און בלײַ, —
דער ווייטיק איז שארפער און טײַערער
פון ווייטיק אין אייגענעם לײַב...

וואָס באַטײַטן הײַנט אויגן פארטרערטע
און טרויער, ווי פוך אַף דער האַנט,
פאר גרויסן און זיכערן שטערן,
וואָס ליגט איצט פארפרוירן אין לאַנד.

אַהערצו פון טײַגישע שנייען,
פון דערפער, אין ווינטער פארלאָזט,
ציִען זיך גייערס און גייערס
דורך קרעפטיקן רוסישן פראָסט...

די דאָזיקע לענין־ליד איז געווען איינע פון די ערשטע אין דער ייִדישער סאָוועטישער דיכטונג און איז פארבליבן אין איר אַלס א מערקווירדיקער פאַעטישער דאָקומענט פון די יאַנוואַר־טעג פון 1924, באַגלײַך מיט די בעסטע אײַנדרוקפולע ווערק, וועלכע זײַנען געשאַפן געוואָרן אין דער סאָוועטישער פילנאַציאָנאַלער דיכטונג אין צוזאַמענהאַנג מיט לענינס טויט.

אין סאָף 1925 הערט אַף דער בריוסאָוו־אינסטיטוט זײַן עקזיסטענץ, און די סטודענטן זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין פארשידענע אַנדערע לערן־אַנשטאַלטן, דעריקער אין מאָסקווער און לענינגראַדער מעלוכע־אוניווערסיטעטן. כאריקן פאַלט אויס לענינגראַד, ס'איז אים א שאָד צו פארלאָזן מאָסקווע, וווּ ער האָט שוין באַוויזן זיך אײַנגלידערן אין דער ייִדישער ליטעראַרישער סוויווע. מיט מאָסקווע זײַנען פארבונדן זײַנע ווײַטערדיקע שעפערישע פלענער. אין דער זעלבער דאָסיע, וועלכע מיר האָבן שוין פריִער ציטירט, האָט זיך פארהיט זײַן מעלדונג פארן 20 דעקאַבער 1925:

„דאָס גאַנצע ייִדישע ליטעראַרישע לעבן איז הײַנט־צו־טאָג קאָנצענטרירט אין מאָסקווע, מיט וועלכער איך בין ענג פארבונדן. איך בין א מיטגליד פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פונעם ייִדישן ליטעראַרישן זשורנאַל „נײַערד" (ער ווערט ארויסגעגעבן דורכן צענטערפארלאַג), און אַקטיווער מיטארבעטער פון די מאָסקווער ייִדישע זשורנאַלן „יונגוואַלד" און „פיאָנער" און דער סעקרעטער פונעם

מאָסקווער ייִדישן זשורנאַל „אָקטיאַבער". אויסער דעם, לעבן אין מאָסקווע די ייִדישע קריטיקער — אַזעלכע, ווי מ. ליטוואַקאָוו, י. דאָברושין און אַנד., וואָס די באַגעגענישן מיט זיי האָט פאַר מיר, דעם יונגן דיכטער, אַ גרויסע באַדײַטונג.

זיך אַריבערפירן קיין לענינגראַד — הייסט זיך אָפּרײַסן פון דעם גאַנצן ייִדישן ליטעראַרישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, מיט וועלכן איך בין פולשטענדיק פאַרבונדן. דעריבער בעט איך מיך אַריבערפירן אויף אַן אַנטשפּרעכיקן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט, קעדיי איך זאָל קאָנען אָן שאָדן פאַר מײַן ליטעראַרישער אַנטוויקלונג פאַרענדיקן דעם אָנגעמערקטן קורס אין מאָסקווע". (צענטראַלער מעלוכע־אַרכיוו פון ליטעראַטור און קונסט, פאָנד 596, באַשרײַבונג 1, איניען 780, בויגן 4).

דאָס, וואָס דער יונגער פּאָעט האָט זיך פאַרופן אויף מ. ליטוואַקאָוון און י. דאָברושינען, אויף וועמענס הילף ער האָט אויסגערעכנט, איז ניט געווען קיין פּוסטער זאָג. מוישע ליטוואַקאָוו, דער רעדאַקטאָר פון דער צײַטונג „עמעס" און איינער פון די ווירקזאַמסטע אין יענער צײַט ליטעראַטור־קריטיקער, האָט ווירקלעך גענומען אויף זיך די האַשגאָכע איבערן „נײַעם שטערן" אין דער ייִדישער דיכטונג. ווען אין זשורנאַל „נײַערד" (נומ. 1, 1925) האָט זיך באַוויזן איזי כאַריקס פּאָעמע „מינסקער בלאָטעס", האָט ליטוואַקאָוו דער ערשטער אָנגעוויזן, אַז דאָס איז אַ גרויסע דערגרייכונג פון אונדזער אָקטיאַבער־ליטעראַטור. „אַדאַנק דער איינפאַכקייט און קאָנקרעטקייט און ביז אָנצוטאַפּן פּאָלקספאָרם, — האָט ער געשריבן אין צווייטן באַנד פון זײַנע קריטישע אַרטיקלען „אין אומרו" (1926), — זײַנען די „מינסקער בלאָטעס" פול מיט אויסדרוקן, וואָס ווערן באַשטימט אַרײַן אין אונדזער אומגאַנג־שפּראַך ווי אַלגעמיין־געברויכבאַרע שלאָג־ווערטער".

אויך י. דאָברושין האָט הייס באַגריסט כאַריקס בראַווזנדיקן אָנקום אין דער ייִדישער ליטעראַטור. „מינסקער בלאָטעס" כאַראַקטעריזירט ער אַלס „פּאָעטיש ווערק, פון וועלכן עס טריפט מיט אַזוינע געזונטע, פרישע און וואַרעמע וואָרט־בלוטן, אַ פּאָעמע, פון וועלכער ס'איז קלאָר צו זען, ווי אַ יונגער דיכטער פאָרמירט זיך, אַזוי צו זאָגן, אויף דער מאַסן־טעמע, ווי ער וואַקסט און צײַטיקט צוזאַמען מיט דעם ברייטערן דיכטערישן לײַוונט, פאַר וועלכן די אָקטיאַבער־טקופע האָט צוגעגרייט סײַ לעבנסשטאָף פון דער פולער האַנט, סײַ מעכטיקע לערערישע פּערספּעקטיוו. דער איצטערדיקער יונגער דיכטער, וואָס איז אַליין אַ מאַסן־מענטש, האָט אָנגעהויבן שוין שעפּן זאַפטן פון דעם מאַסן־באָדן, איבער וועלכן ס'איז אַדורך דער נײַ־אַקער פון דער רעוואָליוציע" (י. דאָברושין, דאָס נײַע ליד. — „נײַערד", מאָסקווע, 1925, נומ. 1).

שפּעטער האָבן מ. ליטוואַקאָוו און י. דאָברושין נאָך ניט איין מאָל געשריבן וועגן איזי כאַריקס דיכטונג, אונטערשטרײַכנדיק, אַז ניט אומזיסט האָבן זיי אַזוי פּאָטערלעך־זאָרגעוודיק אים אונטערגעהאַלטן בײַס ער האָט געמאַכט די ערשטע טריט אין דער ליטעראַטור.

כאַריקן האָט זיך ניט אײַנגעגעבן אויף לאַנג צו פאַרבלײַבן אין מאָסקווע. ער איז אויך ניט פאַרבליבן אין לענינגראַד, זיך אומגעקערט קיין מינסק און אָנגעקומען זיך לערנען אין דאָרטיקן מעלוכע־אוניווערסיטעט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַער פּעריאָד אין זײַן לעבן און שאַפונג.

## 2. „אַ יאָמטעוו אין קאַסרילעווקע"

...פעוראַל 1922. אין מאָסקווע שטייען גרויסע פרעסט.

אין איינעם אַ פרימאָרגן שטוינען די פאַרבײַגייער פון אַזאַ בילד. נאָך אַ שליטעלע, אין וועלכן עס ליגן אָפּגעריבענע טשעמאָדאַנעס, פאַרשיידענע פּעק און פּעקלעך, שלעפּט זיך אַ מאָדנע פּראָצעסיע פון יונגע יאַטן און מיידלעך, אָנגעטאָן אָרעם. מע רעדט, מע שלאָגט איבער איינער דעם אַנדערן די רייד, מע לאַכט און מע קוועלט, מע פּאַטשט מיט די הענט. די גאַס וווּנדערט זיך: אַזאַ פרייד, אַזאַ באַגײַסטערונג אין אָט דעם פּראָסטיקן פרימאָרגן!

דאָס זײַנען מינסקער יונגע יאַטן און מיידלעך, קימאַט נאָך קינדער, וועלכע האָבן זיך צונויפגעקליבן פון ייִדישע טעכניקומס, פון קינדערהײַזער. קינדער פון אַרבעטער, אַליין שוין געאַרבעט. זיי גייען מיט זייער אָרעמען סקאַרב פונעם אַלעקסאַנדראָווער וואָקזאַל, אַראָפּ צו טווערסקאַיאַ, צו די איווערסקער טויערן, עס אַרט זיי ניט דער פראָסט...

זיי זײַנען אין מאָסקווע. זיי זײַנען אַהער געקומען פון מינסק זיך לערנען די גרויסע קונסט פון טעאַטער. עס מאַכט ניט אויס, וואָס דערווײַל זײַנען זיי אין גאַנצן אַכט מענטשן. ס'וועלן קומען נאָך. עס איז יונג דער אָקטיאַבער, און יונג זײַנען זיי אויך. דאָס זײַנען קינדער פונעם יונגן קלאַס, וועלכער איז פול מיט קרעפטן און ענטוזיאַזם...

אַזוי האָט באַשריבן אין צען יאָר אַרום דעם דאָזיקן עפּיזאָד דער אָנפירער פון דער דאָזיקער כעווריע מיכל ראַפּאַלסקי. אַזוי כאַריקס נאָמען האָט ער אין דער באַשרײַבונג ניט דערמאָנט. כאַריק איז שוין דעמאָלט געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „שטערן", ווו ראַפּאַלסקי האָט אָפּגעדרוקט זײַנע זיכרוינעס. נאָר דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פונעם „שטערן" האָט געהאַט אַ דירעקטע שײַכעס צום געבורט פונעם

ווײַסרוסלענדישן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, וועמענס קינסטלערישער אָנפֿירער עס איז געווען ראַפּאַלסקי. די יונגע כעווּרע האָבן רעפּעטירט די ערשטע ספּעקטאַקלען דאָרט, ווו זיי האָבן געלעבט, אין דער צוזאַמענוווינונג, אין סאַמע צענטער פֿון מאָסקווע, אַפֿן רויטן פּלאַץ, באַם איוועריסקער קלויסטערל, אַנטקעגן דעם היסטאָרישן מוזיי.

איינע פֿון אָט די אַכט מיידלעך און ייִנגלעך — לייע נעלסאָן — האָט פֿאַרן טויט (זי איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין מאָסקווע) אויך באַשריבן יענע טעג, און פֿון אירע ניט־פֿאַרעפֿנטלעכטע נאָטיצן דערוויסן מיר זיך, ווו עס איז געווען די דאָזיקע צוזאַמענוווינונג:

„זי האָט זיך געפֿונען אין דער טיף פֿונעם צווייטן הויף אַפֿן צווייטן שטאָק. דיקע ווענט, געוועלבטע סטעליעס. אונדזער הויז שטייט, דערציילט מען, נאָך פֿון באָריס גאָדונאָווס צײַטן, און פֿונדאַמענט פֿירט קלוימערשט אַן אונטערערדישער דורכגאַנג צום קרעמל. אונדזערע צימערלעך זײַנען געווען ענלעך אַף קעליעס פֿון מאָנאַשקעס: געוועלבן, קליינע פֿענצטערלעך. אין יעדן צימער זײַנען געשטאַנען דרײַ אײַזערנע בעטלעך, א קלייניקער טיש, דרײַ שטולן, א רוסישער אויוון. מער גאָרנישט. ס'איז געווען נאָך א גרעסערער צימער מיט א גרויסן רונדן טיש. דאָ זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן די רעפּעטיציעס...”

אין גרויסן צימער פֿלעגן קומען צו די קינפֿטיקע אַרטיסטן די מאָסקווער שרײַבער — קושניראָוו, דאָברושין, אויסלענדער, אַקסעלראָד, כאַריק. יאָ, כאַריק און אַקסעלראָד האָבן זיך דעמלט גערעכנט אויך פֿאַר מאָסקווער שרײַבער. כאַריק פֿלעג קומען ניט צוליב נײַגעריקײַט. ער האָט לויט ראַפּאַלסקיס אויפֿטראָג גענומען שרײַבן פֿאַרן קינפֿטיקן טעאַטער א פּיעסע.

אַז איזי כאַריק איז געווען א דיכטער און שפּעטער — איינער פֿון די אָנפֿירנדיקע טוער פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז באַוווּסט. נאָר כאַריק — א דראַמאַטורג? יאָ, א דראַמאַטורג. און מיר זײַנען געווען איבעראַשט, ווען אין דעם זעלבן צענטראַלן מעלוכע־אַרכיוו פֿון ליטעראַטור און קונסט האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן נאָך אַף איין דאָסיע (פֿאָנד 675), וואָס רופֿט זיך: „פֿאַרבאַנד פֿון דראַמאַטישע און מוזיקאַלע שרײַבער”, נומער 2458: „פּערזענלעכער איניען פֿונעם מיטגליד פֿון דעם פֿאַרבאַנד כאַריק איסאַק דאַווידאָוויטש, אָנגעהויבן דעם 4 מאַרט 1927, פֿאַרענדיקט דעם 2 נאָיאַבער 1928”.

דער ערשטער דאָקומענט אין דאָזיקן איניען איז כאַריקס א מעלדונג, אָנגעשריבן דעם 4 מאַרט 1927:

„אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון דער לענינגראַדער געזעלשאַפֿט

פֿון דראַמאַטישע און מוזיקאַלע שרײַבער

(דראַמסאָיוז)

מ ע ל ד ו נ ג

פֿאַרשטעלנדיק א צעטל פֿון מײַנע ווערק, בעט איך די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער געזעלשאַפֿט נעמען אַף זיך פֿון סענטיאַבער 1926 דאָס אָפּהיטן מײַנע אווטאָר־רעכט אין העסקעם מיט די פֿונקציאָנירנדיקע קלאָלים און באַדינגען, וועלכע ס'זעט פֿאָרויס דער סטאַטוט.

מײַן אַדרעס: קודרינסקע־גאַס, 8־ב, דירע 1, מאָסקווע”.

לאָמיר צוערשט אויפֿקלערן: אין מאַרט 1927 האָט כאַריק נאָך געלעבט אין מאָסקווע, און אַזוי ווי אַלע זײַנע דאָקומענטן האָט דער בריוסאָוו־אינסטיטוט איבערגעשיקט קיין לענינגראַד, האָט ער געמוזט אַדרעסירן זײַן ווענדונג דער לענינגראַדער פֿאַרוואַלטונג פֿונעם דראַמאַטישן פֿאַרבאַנד.

און ווײַטער גייט א צעטל פֿון זײַנע דראַמאַטישע ווערק:

1. „א יאָמטעוו אין קאַסרילעווקע”, אַף ייִדיש (צוזאַמען מיט י. מ. דאָברושינען). ווערט געשטעלט אין ייִדישן טעאַטער פֿון ווײַסרוסלאַנד אין מינסק.

2. „טרואַדעק” — איבערזעצונג און טעקסט פֿון די לידער (צוזאַמען מיט ז. מ. אַקסעלראָדן).

אינטערעסאַנט איז די אַנקעטע, וואָס כאַריק האָט פֿאַרפֿולט פֿאַרן דראַמפֿאַרבאַנד:

„כאַריק איסאַק דאַווידאָוויטש

עלטער — 28 יאָר

וווינאָרט — מאָסקווע

מיט וואָס פֿאַרנעמט איר זיך און ווו אַרבעט איר — א ייִדישער ליטעראַטאָר

סאָציאַלע לאַגע ביז אָקטיאַבער 1917 און אָפּשטאַם — אַן אָנגעשטעלטער. דער פֿאָטער — א קוסטאַר־שוסטער

אַן אומפּאַרטייִשער.

פֿונעם 1914 ביזן 1922 — אַן אָנגעשטעלטער, איצטער — א סטודענט פֿונעם צווייטן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט”.

די דאָזיקע אַנקעטע פֿאַרפֿינקטלעכט: נאָכן ליקווידירן דעם בריוסאָוו־אינסטיטוט איז כאַריק קיין לענינגראַד ניט אַריבערגעפֿאָרן, ער איז געבליבן אין מאָסקווע און האָט געוווינט אין דער זעלבער דירע, ווי פֿריִער.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צום וויכטיקסטן — צו כאַריקן דעם דראַמאַטורג. אין נומ. 4 (7) פֿונעם זשורנאַל „שטערן” פֿאַרן 1926 יאָר האָבן מיר געפֿונען א כראָניק, אין וועלכער עס ווערט מיטגעטיילט, אַז די ייִדישע ווײַסרוסלענדישע מעלוכע־סטודיע פֿאַרענדיקט איר אַרבעט אין מאָסקווע און פֿאָרט אַריבער קיין מינסק אַף שטענדיקער אַרבעט. די ערשטע פֿאָרשטעלונג — פּערעצעס „אין פּאָליש אַף דער קייט” (רעזשיסער מ. פּ. ראַפּאַלסקי) וועט באַוויזן ווערן אין אָקטיאַבער כוידעש. אויסער דעם,

גרייט די סטודיע פֿאָלגנדיקן רעפּערטואַר: שעקספּירס „שיילאָק“, „פּורים אין קאַסרילעווקע“, באַאַרבעט לויט שאָלעם־אַלייכעמען פֿון י. דאָבּרושין און אי. כאַריק, געשטעלט פֿונעם רעזשיסער פֿון דעם צווייטן מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער א. דיקי, קינסטלער — י. ראַבּינאָוויטש, מוזיק — אי. קאָוונער, לויט די מאַטעריאַלן פֿון קיסעלהאָף־מילנער...

אַזויאַרום, דערוויסן מיר זיך, אַז י. דאָבּרושינס און אי. כאַריקס אינסצעניזירונג האָט געהייסן „פּורים אין קאַסרילעווקע“.

אין קומענדיקן נומער פֿונעם „שטערן“ (5—6, יולי 1926) דרוקט זיך א וויַיטערדיקע כראָניק:

„די ייִדישע סטודיע פֿון וויַיסרוסלאַנד פֿאַרענדיקט איצט איר אַרבעט אין מאָסקווע. עס זיַינען צוגעגרייט געוואָרן צום שטעלן: „כיידער“, „סקאָפּען“, „אין פֿאַליש אַף דער קייט“, „שיילאָק“, „פּורים“ (לויט שאָלעם־אַליכעמען), „שולאַמיס“ (לויט גאָלדפֿאַדענען). די ייִדישע ליטעראַטן קושניראָוו, וועוויאָרקע, כאַריק און מייעראָוויטש שריַיבן ספּעציעלע דראַמאַטישע ווערק פֿאַר דעם יונגן ייִדישן טעאַטער. דעם 15 אָקטיאַבער הייבט ער אָן זיַינע פֿאָרשטעלונגען אין מינסק אינעם ערשטן מעלוכע־טעאַטער“.

דעם 15 מאַרט 1927 טיילט מיט די פֿאַרוואַלטונג פֿון דער לענינגראַדער אָפּטיילונג פֿון „דראַמסאָיוז“ דעם מיטגליד פֿונעם פֿאַרבאַנד אי. ד. כאַריקן: „...ניט לאַנג צוריק האָט די וויַיסרוסישע געזעלשאַפֿט פֿון דראַמאַטישע שריַיבער און קאָמפּאָזיטאָרן צוגעשיקט א ליסטע פֿון די ספּעקטאַקלען אין מינסק, אין וועלכער עס איז אָנגעוויזן, אַז „א יאָמטעוו אין קאַסרילעווקע“ איז געשטעלט געוואָרן דעם 11־טן, 21־טן און 31־טן דעקאַבער 1926 (צגאַלי, פֿאָנד 675, באַשריַיבונג 2, איניַען 675, בויגן 6).

פֿון אי. כאַריקס א בריוו אין דער פֿאַרוואַלטונג פֿון „דראַמסאָיוז“ פֿאַרן 23 נאָיאַבער 1927 (דער בריוו געפֿינט זיך אין דעם זעלבן פֿאָנד) ווערט קלאָר, אַז „א יאָמטעוו אין קאַסרילעווקע“ איז „פֿיל מאָל געשטעלט געוואָרן אין מינסק, וויטעבסק און מאָהיליאָוו“.

צום באַדויערן, האָט זיך אונדז ביז איצט ניט איַינגעגעבן צו געפֿינען וועלכע־ניט־איז שפּורן פֿונעם ווערק. מיר קאָנען נאָכאַמאָל זיך פֿאַרופֿן אַף לייע נעלסאָנס זיכרוינעס. אָט וואָס זי דערציילט:

„מע האָט געדאַרפֿט האָבן אַזאַ אינטויִציע און אַזאַ כוש, ווי ס'האָט געהאַט ראַפּאַלסקי, אַז מע זאָל איַינלאַדן אַף צו שטעלן די דאָזיקע פּיעסע מיט אַן אויסגעשפּראָכענעם ייִדישן קאָלאָריט, מיט שטעטלדיקע פּערסאָנאַזשן, אַזאַ רעזשיסער, ווי אַלעקסיי דיקי. דאָס איז געווען פּאַראַדאָקסאַל. דיקי, זייער א רוסישער מענטש, האָט זיך געטראָפֿן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט זייער א ייִדישער פּיעסע. די דאָזיקע באַגעגעניש האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פֿאַר א גליקלעכער סיַי פֿאַר אונדז, סיַי פֿאַר דיקין גופֿא — דאָס איז געווען איינע פֿון זיַינע מערקווירדיקסטע רעזשיסערישע אַרבעטן. אַלע אַקטיאָרן האָבן געשפּילט אַזוי גלענצנדיק, אַז ס'איז שווער עמעצן אויסצוטיילן. ס'איז געווען א קאַליידאָסקאָפּ פֿון געשטאַלטן, סקולפּטוריש אויסגעקלעפּט. יעדע ראָל, אַפֿילע די קלענסטע, איז געווען א געפֿינס. פֿונדעסטוועגן ווילט זיך אָפּמערקן די אויספּילער: איַיזיק באַלבּריס — א. טרעפּעל, זיַין פֿרוי זלאַטע — כ. פֿישער, יאָסי לעמעשקע — ב. נאָרד, זיַין פֿרוי זעלדע — פּ. וואָלפֿינע. די אַנדערע פּערסאָנאַזשן: איַיזיק און זלאַטעס קינדער — ע. דרייזינע און ל. נעלסאָן, יאָסי לעמעשקעס זון מענאַשע — פּ. ציפּקינע, דער מעלאַמעד — א. מאָגילעווסקי, מיקיטע־גאַראַדאָוואָי — אי. קאָוועבערג, נאַפּטאָלע גאָלדשפּינער — פּ. אַראָנעס, דער שוסטער כלאַוונע — ק. רוטשטיין, ראָטשילד — מ. לימאָן, נעכאַמע די שוואַרצע — ר. רובּאַנאָווע, נעכאַמע די געלע — מ. אַלטמאַן, געדאַליע — א. איַיזערנבערג, פּיניע — מ. צימעראָוו, אַריע־בער דער שאַמעס — ס. לעמבערג, אי. וויסאָצקאַיאַ.

אַלעקסיי דיקי, אַליין א גלענצנדיקער אַקטיאָר, האָט באַוויזן, וויאַזוי מע דאַרף שפּילן ניט בלויז די מאַנצבּלשע, נאָר אויך די פֿרויִישע פּערסאָנאַזשן. און וואָס פֿאַר א מאַסן־סצענעס זיַינען געווען, באַזונדערס די סצענע, ווען דאָס גאַנצע שטעטל צעטראָגט שאַלאַכמאָנעסן, די סצענעס באַם מיראָוואָי סודיא, די סצענע באַם רעבן!..“

מיט איזי כאַריקס נאָמען איז פֿאַרבונדן נאָך איין גלענצנדיקער ספּעקטאַקל — „טרואַדעק“ לויט זשול ראָמענען. פֿאַרן ספּעקטאַקל, וואָס עס האָט געשטעלט אַלעקסיי גראַנאָווסקי אינעם מאָסקווער ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, האָבן איזי כאַריק און זעליק אַקסעלראָד אָנגעשריבן די טעקסטן פֿון די לידער.

אָט אַזוי האָבן אַרכיוו־דאָקומענטן אַנטהילט נאָך אייניקע שטריכן צו איזי כאַריקס שעפֿערישן פּאָרטרעט. און מע קאָן זיכער זאָגן, אַז ווען מע וואָלט זיך טיפֿער א גריבל געטאָן אין די מינסקער טעאַטראַלע, ליטעראַרישע און היסטאָרישע אַרכיוון, וואָלט מען געפֿונען נאָך ניט איין מערקווירדיקן דאָקומענט אין שיַיכעס מיטן לעבן און שאַפֿונג פֿונעם גרויסן ייִדישן סאָוועטישן דיכטער.

■ ■ ■

ווײַסרוסלענדישן ייִדישן מעלוכע־טעאַטער, וועמענס קינסטלערישער אָנפירער עס איז געווען ראַפּאַלסקי. די יונגע כעוורע האָבן רעפּעטירט די ערשטע ספּעקטאַקלען דאָרט, ווו זיי האָבן געלעבט, אין דער צוזאַמענוווינונג, אין סאַמע צענטער פון מאָסקווע, אויפן רויטן פּלאַץ, באַם איווערסקער קלויסטערל, אנטקעגן דעם היסטאָרישן מוזיי.

איינע פון אָט די אַכט מיידלעך און ייִנגלעך — לייע נעלסאָן — האָט פאַרן טויט (זי איז געשטאָרבן מיט עטלעכע יאָר צוריק אין מאָסקווע) אויך באַשריבן יענע טעג, און פון אירע ניט־פאַרעפנטלעכטע נאָטיצן דערוויסן מיר זיך, ווו עס איז געווען די דאָזיקע צוזאַמענוווינונג:

„זי האָט זיך געפונען אין דער טיף פונעם צווייטן הויף אפן צווייטן שטאָק. דיקע ווענט, געוועלבטע סטעליעס. אונדזער הויז שטייט, דערציילט מען, נאָך פון באָריס גאָדונאָווס צײַטן, און פונדאַמענט פירט קלוימערשט אַן אונטערערדישער דורכגאַנג צום קרעמל. אונדזערע צימערלעך זײַנען געווען ענלעך אויף קעליעס פון מאָנאַשקעס: געוועלבן, קליינע פענצטערלעך. אין יעדן צימער זײַנען געשטאַנען דרײַ אײַזערנע בעטלעך, א קלייניקער טיש, דרײַ שטולן, א רוסישער אויוון. מער גאָרנישט. ס'איז געווען נאָך א גרעסערער צימער מיט א גרויסן רונדן טיש. דאָ זײַנען דורכגעפירט געוואָרן די רעפּעטיציעס...״

אין גרויסן צימער פלעגן קומען צו די קינפטיקע אַרטיסטן די מאָסקווער שרײַבער — קושניראָוו, דאָבּרושין, אויסלענדער, אַקסעלראָד, כאַריק. יאָ, כאַריק און אַקסעלראָד האָבן זיך דעמאָלט גערעכנט אויך פאַר מאָסקווער שרײַבער. כאַריק פלעג קומען ניט צוליב נײַגעריקײַט. ער האָט לויט ראַפּאַלסקיס אויפטראָג גענומען שרײַבן פאַרן קינפטיקן טעאַטער א פּיעסע.

אַז איזי כאַריק איז געווען א דיכטער און שפּעטער — איינער פון די אָנפירנדיקע טוער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז באַוווסט. נאָר כאַריק — א דראַמאַטורג? יאָ, א דראַמאַטורג. און מיר זײַנען געווען איבעראַשט, ווען אין דעם זעלבן צענטראַלן מעלוכע־אַרכיוו פון ליטעראַטור און קונסט האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן נאָך אויף איין דאָסיע (פאָנד 675), וואָס רופט זיך: „פאַרבאַנד פון דראַמאַטישע און מוזיקאַלע שרײַבער״, נומער 2458: „פּערזענלעכער איניען פונעם מיטגליד פון דעם פאַרבאַנד כאַריק איסאַק דאַווידאָוויטש, אָנגעהויבן דעם 4 מאַרט 1927, פאַרענדיקט דעם 2 נאָיאַבער 1928״.

דער ערשטער דאָקומענט אין דאָזיקן איניען איז כאַריקס א מעלדונג, אָנגעשריבן דעם 4 מאַרט 1927:

„אין דער פאַרוואַלטונג פון דער לענינגראַדער געזעלשאַפט
פון דראַמאַטישע און מוזיקאַלע שרײַבער
(דראַמסאָיוז)

מעלדונג

פאַרשטעלנדיק א צעטל פון מײַנע ווערק, בעט איך די פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט נעמען אויף זיך פון סענטיאַבער 1926 דאָס אָפּהיטן מײַנע אוויטאָר־רעכט אין העסקעם מיט די פּינקציאָנירנדיקע קלאָלים און באַדינגען, וועלכע ס'זעט פאָרויס דער סטאַטוט.

מײַן אַדרעס: קודרינסקע־גאַס, 8־ב, דירע 1, מאָסקווע״.

לאָמיר צוערשט אופקלערן: אין מאַרט 1927 האָט כאַריק נאָך געלעבט אין מאָסקווע, און אַזוי ווי אַלע זײַנע דאָקומענטן האָט דער ברויסאָוו־אינסטיטוט איבערגעשיקט קיין לענינגראַד, האָט ער געמוזט אַדרעסירן זײַן ווענדונג דער לענינגראַדער פאַרוואַלטונג פונעם דראַמאַטישן פאַרבאַנד.

און ווײַטער גייט א צעטל פון זײַנע דראַמאַטישע ווערק:

1. „א יאַמטעוו אין קאַסרילעווקע״, אויף ייִדיש (צוזאַמען מיט י. מ. דאָבּרושינען). ווערט געשטעלט אין ייִדישן טעאַטער פון ווײַסרוסלאַנד אין מינסק.

2. „טרויאַדעק״ — איבערזעצונג און טעקסט פון די לידער (צוזאַמען מיט ז. מ. אַקסעלראָדן).

אינטערעסאַנט איז די אַנקעטע, וואָס כאַריק האָט פאַרפילט פאַרן דראַמפאַרבאַנד:

„כאַריק איסאַק דאַווידאָוויטש
עלטער — 28 יאָר
וווינאָרט — מאָסקווע
מיט וואָס פאַרנעמט איר זיך און ווו אַרבעט איר — א ייִדישער ליטעראַטאָר
סאָציאַלע לאַגע ביז אָקטיאַבער 1917 און אָפּשטאַם — אַן אָנגעשטעלטער. דער פאָטער — א קוסטאַר־שוסטער
און אומפאַרטייִישער.
פונעם 1914 ביזן 1922 — אַן אָנגעשטעלטער, איצטער — א סטודענט פונעם צווייטן מאָסקווער מעלוכע־אוניווערסיטעט״.

די דאָזיקע אַנקעטע פאַרפינקטלעכט: נאָכן ליקווידירן דעם ברויסאָוו־אינסטיטוט איז כאַריק קיין לענינגראַד ניט אַריבערגעפאָרן, ער איז געבליבן אין מאָסקווע און האָט געוווינט אין דער זעלבער דירע, ווי פריִער.

נאָר לאָמיר זיך אומקערן צום וויכטיקסטן — צו כאַריקן דעם דראַמאַטורג. אין נומ. 4 (7) פונעם זשורנאַל „שטערן״ פאַרן 1926 יאָר האָבן מיר געפונען א כראָניק, אין וועלכער עס ווערט מיטגעטיילט, אַז די ייִדישע ווײַסרוסלענדישע מעלוכע־סטודיע פאַרענדיקט איר אַרבעט אין מאָסקווע און פאָרט אַריבער קיין מינסק אויף שטענדיקער אַרבעט. די ערשטע פאָרשטעלונג — פּערעצעס „אין פּאָליש אויף דער קייט״ (רעזשיסער מ. פּ. ראַפּאַלסקי) וועט באַוויזן ווערן אין אָקטיאַבער כוידעש. אויסער דעם,



## אלעקסאנדער ליזען

# ניט קיין לעגענדע

ראָמאַן־באַלאַדע

## יג

אהיים איז וואסילי מיראָנאָוויטש געקומען שפּעט. רעגינע וולאדימיראָוונא האָט געוווּסט, אַז ער איז געגאַנגען אין שפּיטאָל, נאָר סײַווי האָט זי געפרעגט:

— פונוואַנען אַזוי שפּעט?

די קלײנע לערערקע איז נאָך דעמלט ניט געווען. כוץ דעם, האָט רעגינע וולאדימיראָוונא ניט געקלערט, אַז וואסילי איז פעיִק פאַרפירן אַ פאַרבאָרגענע ליבע. אָבער דער איקער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס רעגינע וולאדימיראָוונא האָט פּאַשעט ניט ליב געהאַט וואסילן. און כאָטש אַליין איז זי געקומען אהיים בלויז אויף עטלעכע מינוט פריִער פון אים, האָט זי פונדעסטוועגן געפרעגט אים מיט אַ נוסעך פון נאָבעלער אויפגעבראַכטקײַט:

---

ס אָ ף. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאנד" נום. 6.

— ווּ ביסטו געווען אזוי שפּעט?
וואסילי מיראָנאָוויטש האָט געענטפערט:
— ווייסט דען ניט, ווּ כ'בין געווען? בא דײַן טאַטן בין איך געווען, אין שפּיטאָל.
ער האָט דערהערט מוזיק־קלאַנגען און זיך געלאָזט גיין צו ארסענס צימער. רעגינע האָט אים נאָכגעשריגן:
— דאָס נײַ־יאָר איז שוין ניט ווײַט. עפּשער וואָלסטו פאַרזאָרגט א טישל כאָטש אין א רעס־טאָראַן?
וואסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק.
— דו קאָנסט מיך אויסלערנען שפּילן? — האָט ער אַמאָל געפרעגט ארסענען.
— דיך? שפּילן? — האָט פאַרכידעשט איבערגעפרעגט ארסען.
— וואָסי דען?
— שפּעטלעך.
וואסילי האָט דעמלט צוויי מאָל איבערגעכאַזערט דאָס פאַרדראָסיק ווערטעלע — „שפּעטלעך", און נאָכדעם געפרעגט:
— ס'קאָן דען זײַן אַמאָל שפּעטלעך?
ארסען האָט זיך פאַרקלערט, אופגעהערט שפּילן. א פּאָשעטע פראַגע — און ער קאָן ניט ענט־פערן. אוודע קאָן זײַן. אַשטייגער, ווען דער צוג רירט זיך פונעם אָרט, צעיאָגט זיך און דו קאָנסט אים שוין ניט דעריאָגן.
אליין וואסילי האָט אָבער געהאַט אין זינען עפּעס אנדערש. דער שמייכל, וואָס האָט באַגלייט די פראַגע, האָט זי פאַרגעשטעלט אין גאָר אַן אנדער שײַן: עס איז קיינמאָל ניט שפּעט שטרעבן צו שיינקײַט...
ארסען האָט באַדויערט, וואָס ער האָט אזוי געענטפערט דעם שטיף־פאָטער און געפּרוּווט פאַריכטן דאָס מיט א טיפער מעלאָדיע. יאָ. עס איז קיינמאָל ניט שפּעט. רוקט פאַנאַנדער די לעבנס־קליינקײַטן, ווען זיך אויסבילדן א לאַנגער־לאַנגער דורכגאַנג. און לאָזט זיך גיין. וואָס ווײַטער. וואָס טיפער. איר וועט עפּשער קיינמאָל ניט דערגרייכן אײַער ציל. נאָר שטענדיק וועט ער לײַכטן פאַר אײַערע אויגן ווי א בלענדנדיקער שטערן...
די קלאַנגען, וואָס רײַסן זיך אַראָפּ פון די קלאַווישן, זײַנען איצט אָט איראָנישע און אָט אופגע־רעגטע. אומעגלעך, ווײַזט אויס, זיך האַלטן די גאַנצע צײַט אויף א בלויער הייך. ס'איז צו נאָענט צו די שטערן, און זיי, די שטערן, קומט אויס, זײַנען קאַלט און גלײַכגילטיק.
וואסיע פרעגט אַן כאַכמעס:
— האָסט ליב ציפוירען?
ארסען ענטפערט אַנטשלאָסן:
— ניין!
נאָר מע זעט דאָך, אז דאָס איז פּונקט פאַרקערט.
— וואָס זשע טוט מען?
וואסילי האָט אָנגעמערקט עפּעס א מעשונעדיקן פּלאַן. א מעשונעדיקן און פולקום פאַנטאַסטישן: און וואָס פאַנטאַסטישער ער איז געווען, אַלץ מערער האָט די נעשאָמע זײַנע זיך געפרייט. וואסיע, וואָס איז געווען א בוי־אינזשעניער, האָט אין איין אויגנבליק אופגעשטעלט א הויכן טורעם, אַרופגע־קלעטערט אַפן סאַמע שפּיץ, און פון דאָרטן האָט ער דערזען דאָס דאָרף, ווּ עס לעבט ביז אַהער זײַן מומע האַרפּינע. אַפן דאַך פון איר שטוב איז צו זען א גרויסע נעסט, און אויף איר שטייט אויף איין פוס א טשאַרנאַהוז. ער איז, פאַרשטייט זיך, ניט פון יענע טשאַרנאַהוזן, ער איז אַן אייניקל פון יענעם קימאַט פאַרפרוירן געוואָרענעם, וואָס האָט דער ערשטער נאָכגעפאָלגט רוט און זיך געראַטע־וועט פון קעלט און פון הונגער.
איז וואָס וועסטו אים זאָגן, דעם טשאַרנאַהוז, וואסיע?
וואָס? קיידעמקאָל וועט ער אָנשרײַבן א צעטעלע און וועט דאָס צובינדן צו זײַן לאַנגן פוס. און ער וועט אים אָנזאָגן, ניין, בעטן:
— פלי צו ציפוירען.
און ער וועט פליִען?
יאָ. אומבאַדינגט.
און וואָס וועט זײַן אין צעטעלע?
א פראַגמענט פון „לײַדנשאַפטן לויט ארסענען".

# 14

דעם דרײַסיקסטן דעקאַבער. דעם אָטעם פון אַ נײַ יאָר פילט מען שוין דײַטלעך. אַלע אײַלן זיך אַריבערשפּרינגען איבער די לעצטע צוויי טעג פונעם אַלטן, ער איז שוין נימאס געוואָרן.

אָבער צי הייסט דאָס ניט — בײַסן די האַנט, וואָס גיט עסן? דאָס אַלטע יאָר איז דאָך אויך אַמאָל געווען אַ נײַס. עס האָט געבראַכט אַ סאַך לײדן? אָבער אויך פרייד: אומגליקן? אָבער אויך גליק.

דאָס יאָר האָט דער ווינטער צו פרי אָנגעוואָלגערט הויפנס שניי, דער פראָסט האָט אים פאַרגליווערט, און דער פאַרשפּעטיקטער נאַסער האַרבסט איז פאַרשווּנדן געוואָרן. אַלץ אַרום האָט אויסגעזען ווײַס, ריין, פאַרפּוצט. דאָס אַלטע הויז — אויך. אַף די טירן פון דער אַלטער געבײַדע האָבן זיך שוין באַוויזן מעלדונגען מיט האַרצרײַסנדיקע אויפרופן: „כאַווײרים בירגער! פאַרמאַכט די טירן!!! די וואַסער ווערט פאַרפרוירן!!!“

גייענדיק אַף דער אַרבעט, ווי געוויינלעך, צופוס, האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש געשעפּט נאַכעס פון דער ווײַסער וועלט. ער נעמט ווידער צונויף גרײַפּעלעך ווײַסע פרייד, נאָר איצטער שוין ניט פאַרן שווער, נאָר פאַר דער קליינער לערערקע. די אומדערוואַרטע באַגעגעניש מיט איר, דער אָוונט און אַלע איבעריקע טעג האָט ער פאַהיט אין זיך פרישע, ריינע, אומבאַרירטע, ווי דער פרישער שניי.

צוויי קונדייסים מיט גרויסע שניי־גאָמלקעס אין די הענט שפּרינגען אונטער איינער אַנטקעגן דעם צווייטן, ווי באָקסיאָרן אין ווײַסע הענטשקעס, זוכנדיק, וויאַזוי דערלאַנגען אַ קלאַפּ מיט דער שניי־גאָמלקע דעם קעגנער אין פּאָנעם אַרײַן. וואַסיע האָט מיט אַ שמייכל צוגעזען די דאָזיקע סצענע און פאַרגעדענקט.

אַ שפּערל באָדט זיך אין שניי. ער טוט זיך אַ וואָרף אין אים מיטן שנאָבל און מיטן גאַנצן קעפּל, און נאָכדעם טרייסלט ער זיך זשוואַווע אָפּ פון די שנייעלעך. וואַסיע האָט צוגעזען דעם דאָזיקן אומגעצווּנגענעם אויסדרוק פון שפּערלישער פרייד און אויך פאַרגעדענקט.

און אַ מאַשין וואָס דרעמלט לעבן טראָטואַר, אַ פאַרדעקטע מיט שניי, און אַ בלאָווע פּאָסטקעסטל אין אַ ווײַסער פּאַפּאַכע האָט ער אויך פאַרגעדענקט.

און די שנייעלעך, ווי ווײַסע פליגן, דרייען זיך אַלץ אײַנדערלופטן, איידער זיך אַראָפּלאָזן אַף דער ערד. ווי קאָן מען אַזוינס ניט באַמערקן?

דאָס איז געווען נאָך ניט ווינטער, נאָר שוין ניט האַרבסט. גלײַך כוץ די פיר צײַטן פונעם יאָר איז פאַראַן נאָך איינע, אַ פינפטע, וואָס האָט קיין נאָמען ניט, און גראָד אין דער צײַט לעבט אַ קליינע, ניט שיינע, נאָר זייער אַ ווױלע און צוגעלאָזטע פרוי, וואָס האָט אויך ניט קיין נאָמען. האָט ער איר אַ נאָמען געגעבן — די קליינע לערערקע. ער האָט געקוקט אַף איר, ווי דורך די גרינע נאָדלען, און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער שלעפּט נאָך אַלץ די יאָלקע אַף דער פּלייצע, און זי שפּאַנט באַנאַנד. אַלע נעכט און אַלע טעג האָט ער געטראַכט וועגן איר, און אַפילע געײפּערט זי צו איגנאַטיקן. און ער געדענקט ניט, צי האָט ער זיך געזעגנט מיט איר, ווען ער איז געווען בײַ איר.

און אָט גייט זי באַנאַנד מיט אים אין איר גרינג היטעלע, און, ווי ער, פרייט זי זיך, וואָס עס קומט שוין אָן דער לאַנג־דערוואַרטער ווינטער, וואָס שײַנט מיט אַן אומגעוויינלעכער ציכטיקײַט און ווײַסקײַט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צום הימל, איבערכאַזערנדיק די אייגענע געדאַנקען:

— אָט איז ער, דער רעגנבויגן. אַ שיינער, ווי אַ מײַסעלע.

אָט, ווען רעגינע וואָלט געווען אַזאַ, — וויאַזוי גאָר וואָלט ער זי ליב געהאַט!

ער געדענקט — און עפּשער איז ער זיך טויע — וואָר און טרוים פלעכטן זיך מעשונעדיק איבער, ווען אַ מענטש איז זייער גליקלעך אָדער אומגליקלעך. ער געדענקט, ווען אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט די טרעפּ, האָבן זיי זיך גענומען פאַר די הענט, ווי קינדער, ווי ער און רוט מיט אַ מענגע יאָרן צוריק, האָט די קליינע לערערקע פּלוצעם זיך אָפּגעשטעלט, און ער האָט אַ שפּרונג געטאָן אַף דעם פאָלגנדיקן טרעפּל. זי איז שיר ניט אומגעפאַלן, צוגעזעצט זיך און אויסגערעדט שטיל און טרויעריק:

— און דאָס איז אַלץ?

און ער, וואַסיע, האָט אַפּגיך אויסגערופן זעקס ציפערן, און געפרעגט:

— האָסט פאַרגעדענקט?

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— יאָ. כ'האָב פאַרגעדענקט...

ער האָט קוים באַוויזן אַרײַן אין קאָנטאָר, די האַנט האָט זיך נאָך געראַיעט אין קעשענע, אָפּזוכנדיק דעם שליסל פונעם טישקעסטל, און באַסענקאָ איז שוין אויסגעוואַקסן, ווי פון דער ערד.

— מ'האָט דיר געקלונגען.

וואסילי מיראַנאָוויטש האָט דערפילט, ווי זײַן פּאָנעם פאַרויטלט זיך. דער רועך ווײַסט וואָס! ער האָט דערשטיקט די אויפרעגונג און רויִק געפרעגט:

— ווער?

באַסענקאָ האָט א שמוך געטאָן:

— עפּעס א פרוי. דער ארבעטסטאָג האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן, און זי וויל שוין באַשטעלן א טרעפונג.

באַסענקאָ איז א כוויזעקמאַכער און א ליגנער. און אנדערס מאָל וואָלט דודאַר ניט געלייגט קיין אכט אויף אָט דעם שפּאַס און וואָלט זיך גענומען פאַר דער ארבעט. איצט אָבער האָט ער געפרעגט.

— וואָס פאַר א פרוי?

באַסענקאָ כייעדלט זיך.

— דאָס ווייס איך ניט. זי האָט ניט אָנגערופן איר נאָמען. נאָר אז דאָס איז ניט אײַער ווײַב, גאַראַנטיר איך.

א שמוך געטאָן און צוגעגעבן:

— זי האָט געזאָגט, אז זי וועט נאָכאמאָל אָנקלינגען.

אוואַדע איז דאָס אַלץ ליגנערײַ. אָבער צוליב וואָס? ווייסט אים דער וואָטנמאַכער! פּאַשעט — ער פּוילט זיך ארבעטן, טראָגט ער זיך ארום פון איין טיש צום צווייטן. און שטערט נאָך אנדערע.

וואסילי מיראַנאָוויטש נעמט זיך אימפּעטדיק פאַר דער ארבעט, מוז באַסענקאָ אריבערבלאָנקען צו אן אנדער טיש.

אָבער ווען דער טעלעפאָן האָט א קלונג געטאָן, האָט ער האַסטיק זיך אויפגעהויבן, פאַרלאָפן דעם וועג באַסענקאָן, וועלכער האָט שטארק ליב געהאַט טעלעפאָן־פּלאַפּלערײַ. געכאַפּט דאָס טרײַבל, און ווען ער האָט דערקענט רעגינעס שטים, האָט זײַן פריידיקע אויפגערעגטקײַט גלײַך זיך אויסגע־וועפּט, און ער האָט זיך צוגעגרייט צו א נודנעם אומאָנגענעמען געשפּרעך. אָבער רעגינעס שטים האָט געקלונגען גאַנץ ליבלעך. און אליין דער שמועס איז געווען אויף כידושים קורץ.

— מיכאיל קאַנאָנאָוויטש וועט דיך הײַנט ארויסרופן, זאָלסט זײַן צו אים וואָס צוגעלאָזטער.

א פאַרכידעשטער, האָט וואסילי מיראַנאָוויטש אָנגעהויבן עפּעס מורמלען אין טרײַבל. רעגינע האָט אים אָבער איבערגעריסן:

— כ'האָב ניט קיין צײַט. כ'האָב ארבעט ביז איבערן קאָפּ. סאַך יאָר. כוץ דעם, בין איך נאָך, ווי דיר איז באַוווּסט, א שטוב־באַלעבאָסטע, און ס'איז שוין ערעוו ניי־יאָר.

און זי האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

וואסילי מיראַנאָוויטש האָט זיך פאַרטראַכט. כאָטש אויך בא אים איז געווען פיל ארבעט. פון־וואַנען ווייסט רעגינע, אז נאַזאַרעוויטש וועט אים ארויסרופן? נאָך וואָס? און פאַרוואָס דאַרף ער זײַן מיט אים וואָס צוגעלאָזטער?

דודאַר האָט מיט זײַן אָפן האַרץ געפילט, אז דער דירעקטאָר האָט אים ניט איבעריק ליב. אָבער פאַרוואָס? זײַנע פליכטן פילט ער אויס, דוכט זיך, ווי ס'דאַרף צו זײַן.

אָט וועל איך דיר אַנטדעקן, וואַסיע, פאַרוואָס נאַזאַרעוויטש האָט דיך ניט ליב. פאַר דײַן שמייכל. ווי פון אויבן אראָפּ, מיינט דער דירעקטאָר, איז פאַראַן אין דעם. מאָדנע. האָט איר אמאָל געהערט, אז אן אונטערגעאָרדנטער זאָל זיך אזוי באַציִען צו זײַן שעף?

עפּשער האָבן דערבײַ געווירקט די דעליקאַטע באַציִונגען צווישן נאַזאַרעוויטשן און רעגינע וואָלאָ־דימיראָוונען, וואָס איז געווען, ווי באַוווּסט, דודאַרס ווײַב?

ווען דודאַר איז לויטן ארויסרוף פון דער סעקרעטאַרשע ארײַנגעקומען אין קאַבינעט, האָט דער דירעקטאָר עפּעס פאַרשריבן אויף א בלעטל פון דעם קאַלענדאַר. אין דעם גוט־אָפּגעפּאָלירטן טיש האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א האַלב אויסגעבויגענע האַנט און אן אראָפּהענגענדיקער האָלדזטוך.

— זעצט זיך.

וואסילי מיראַנאָוויטש איז ניט צוגעגאַנגען גלײַך צום בענקל, נאָר עפּעס ארומגעגאַנגען דאָס און האָט זיך אנידערגעזעצט שטיל און פאַרזיכטיק. נאַזאַרעוויטש האָט אויפגעהערט צו נאָטירן, נאָר אַלץ נאָך געשטאַנען, דערטראַכטנדיק דאָס, וואָס ער האָט נאָרוואָס פאַרשריבן. נאָכדעם האָט ער א רײַב געטאָן מיט דרײַ פינגער זײַן פּעסטן שטערן און געפרעגט:

— איר זײַט צופרידן מיט אײַער ארבעט?

די אינטאָנאַציע איז געווען א ביסל א גראָבלעכע, כאָטש ער האָט זיך באַמיט זײַן געלאַסן. נאָר, קענטיק, אים איז געווען א שאָד צו פּאַטערן צײַט אויף פּוסטער פּלאַפּלערײַ.

— זייער, — האָט געענטפערט וואסילי מיראַנאָוויטש.

נאַזאַרעוויטש האָט זיך אָנגעכמורעט. אין דעם קורצן איין־און־איינציקן וואָרט האָט זיך אים שוין אויסגעדוכט א שפּאָט־ווערטעלע. גראָד דערפאַר האָט ער ניט ליב געהאַט דודאַרן. ער האָט ניט געצווייפלט, אז רעגינע האָט דערציילט איר מאַן וועגן וואָס ער, נאַזאַרעוויטש, וועט מיט אים ריידן.

און אויב ער איז זייער צופֿרידן מיט זײַן איצטיקער אַרבעט, איז נאָך וואָס אַריבערפֿירן אים אויף אַ נײַער? אַזוי־אַרום, האָט דער געשפּרעך זיך איבערגעריסן, ניט באַוויזן זיך פֿאַרבינדן.

דודאַרס ענטפֿער איז אָבער געווען אַ גאַנץ אופֿריכטיקער. עמעס, ער האָט געהאַט אין זינען עפּעס אַנדערס. באַמערקנדיק אַ שאָטן אויף נאַזאַרעוויטשעס געזיכט, האָט ער באַקומען אויף אים ראַכמאָנעס און צוגעגעבן:

— כ׳האָב אַנומלטן געמאַכט אַ וויכטיקע אַנטדעקונג, מיכאַיִל קאַנאַנאָוויטש. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז אונדזערע טעלעוויזאָרן... כּוץ אַלעמען, העלפֿן זיי נאָך היילן מענטשן.

נאַזאַרעוויטש האָט אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען:

— ס׳איז דען אַן אַנטדעקונג? ס׳איז שוין לאַנג באַוווּסט, אַז אונדזערע טעלעוויזאָרן נוצט מען אויס אין דער מעדיצין. די סטודענטן פֿונעם מעדיציניִשן אינסטיטוט קאָנען זען אויפֿן עקראַן אַן אָפּעראַציע, וואָס עס מאַכט אַ געניטער כירורג.

דודאַר האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

— וואָס דען?

— כ׳בין געווען בײַ מײַן שווער. ער ליגט אין שפּיטאָל...

באַזאַרעוויטש שלאָגט אים איבער אומגעדולדיק:

— איז וואָס?

וואַסילי מיראָנאָוויטש ווערט אַנשוויגן.

גראָד דעמלט דערמאָנט זיך מיכאַיִל קאַנאַנאָוויטש וועגן דעם, וואָס ער האָט צוגעזאָגט רעגינען און רעדט אַרויס אומצופֿרידן:

— זעט אויס, אַז איר האָט מיך ניט פֿאַרשטאַנען, וואַסילי מיראָנאָוויטש...

איבער דעם, וואָס נאַזאַרעוויטש האָט אים דאָס ערשטע מאָל אָנגערופֿן לויטן נאָמען און פֿאָטערנאָמען, האָט וואַסילי דערפֿילט אַ דאַנקבאַר געפֿיל צו אים, נאָר צוזאַמען מיט דעם איז אויך אויפֿגעקומען אַ געפֿיל פֿון אומרו. „וואָס פּלוצעם? צי איז אין דעם ניט פֿאַראַן עפּעס אַ שפּיצל?"

נאַזאַרעוויטש האָט פֿאַרגעזעצט:

— ...ווען כ׳האָב אײַך געפֿרעגט, צי זײַט איר צופֿרידן מיט אײַער אַרבעט, האָב איך געהאַט אין זינען ניט אונדזער פּראָדוקציע, נאָר קאָנקרעט אײַער באַצירק.

— כ׳פֿאַרשטיי. כ׳בין צופֿרידן.

— איך זע, אַז איר זײַט מאַמעש פֿאַרליבט אין אונדזער טעלעוווּנדער. נאָר אײַער באַצירק איז ווייניק צוזאַמענגעבונדן דירעקט מיט טעלעוויזיע. איר אַרבעט דאָך אין דעם אָפּטייל פֿון קאַפּיטאַלער בויונג. דעריבער לייג איך אײַך פֿאָר אַ נײַע שטעלע דירעקט אינעם מאָנטאַזש־צעך פֿון קאָלירטע טעלעוויזאָרס. אַגעוו, איז דער געהאַלט דאָרטן העכער. נו, איר זײַט מאַסקים?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: „ניין!"

— פֿאַרוואָס זאָגט איר זיך אָפּ?

— פֿאַרוואָס פּלוצעם איז אַנטשטאַנען בײַ אײַך אַזאַ אידיי? צי איז דאָ ניט פֿאַרמישט רעגינע וולאַדימיראָוונאַ?

מיכאַיִל קאַנאַנאָוויטש האָט ענערגיש אַ רײַב געטאָן דעם שטערן. זייער אַ שטאַרקער אויספּרוּוו. ער מוז אָבער אויסהאַלטן. נאָר ביכלאַל באַקומט זיך, גלײַך ער וואָלט אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן באַשמייכלטן מענטשן אַן עקזאַמען פֿון גוטסקײַט. און עפּשער איז דאָס שוין ניט קיין גוטסקײַט, נאָר אַ צעקראָכנקײַט. אַזוי רויִק אַ פֿרעג געטאָן: „צי איז דאָ ניט פֿאַרמישט רעגינע וולאַדימיראָוונאַ?", און קיין טראָפּן אייפֿערזוכט! אַנשטאָט דעם, ער זאָל אים, נאַזאַרעוויטשן, אַ פּאַטש טאָן אין דער רעכטער באַק, שטעלט ער אַליין אונטער זײַן לינקע.

גוטסקײַט דאַרף זײַן ערלעך, אַניט איז דאָס ניט קיין גוטסקײַט. האָט ער געענטפֿערט, נאַזאַרעוויטש:

— יאָ, פֿאַרמישט. זי האָט געבעטן פֿאַר אײַך.

דודאַר, פֿאַרוווּנדערט:

— וואָס דאַרף זי דאָס האָבן?

נאָכדעם גיט ער צו:

— שוין בלויז איבער דעם קאָן איך ניט אָנעמען אײַער פֿאָרשלאָג.

— איז לאָמיר רעכענען, אַז רעגינע וולאַדימיראָוונאַ האָט ניט געבעטן. איך אַליין בעט אײַך.

— אָבער וואָס פּלוצעם?

— קיין שום אַנדערע טײַמים, כּוץ גוטע ווונטשן. הײַנט איז בײַ מיר אַ פֿײַערלעכער טאָג. איך הייב אָן אויספֿילן מײַן לאַנגאָניקן צוזאָג — זײַן אַ גוטער דירעקטאָר. איר מוזט מיר מיטהעלפֿן.

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט יאָ געגלייבט און ניט געגלייבט זײַנע אויערן. און אים האָט זיך זייער געוואָלט גלייבן. דערהערן אַזעלכע ווערטער פון אַ סופּערזאַכלעכן דירעקטאָר! אָבער עפּשער איז דאָס בלויז אַ כויזעק פון זיין, דודארס, שטרעבונג צו ווילקייט. ער האָט אופגעהויבן די אויגן אויף מיכאיל קאַנאַנאָוויטשן. ניין, דאכט זיך, אז דאָס איז ניט קיין כויזעק.

— אָבער פאַרוואָס האָט איר באַשלאָסן אָנהייבן פון מיר?

דער דירעקטאָר האָט האַכנאָעדיק געענטפערט:

— איר זײַט מײַן לערער.

„ניין, ער מאכט בעפּירעש כויזעק פון מיר", — קלערט וואסילי און שווײַגט.

שוין אליין די נייגונג צו גוטסקײַט האָט ארויסגערופן בא מיכאיל קאַנאַנאָוויטשן יענע געפילן, וואָס געוויינלעך האָבן זיי געדרעמלט און ניט גענומען קיין אָנטייל אין זיין גענוג באַגרענעצטן גײַסטיקן פאַרקער. איצט האָבן זיי זי אופגעוועקט און גלײַך זיך פאַרשאַרפט. ער האָט דערפילט דודארס צושטאַנד און געפּרוווט פאַרפּינקטלעכן, צוקלײַבנדיק אַ פּאַסיק וואָרט. אָבער זײַנע ווערטער־רעזערוון זײַנען געווען זייער באַגרענעצט. האָט ער געזאָגט עפּשער ניט אַזוי ווי געוואָלט:

— איר זײַט מײַנער... מײַן עטאַלאָן. ס'הייסט, פאַר מיר...

ער האָט דורכדרינגלעך אַ קוק געגעבן אויף דודאַרן, און פאַרגעזעצט:

— כאָטש מיר איז שווער זיך פאַרצושטעלן, וואָס עס טוט זיך בא אײַך אינוויייניק... זעט אויס, אז איר זײַט פּאַשעט אַ ווילער מענטש. און איך בין פון דער נאַטור אַ שלעכטער. שטאַרק געניינגט צו קאַריערע. ווי מיינט איר, געוויסן איז פאַראַן? פאַראַן. איז אויב אַזוי, מוז דאָך דאָס געוויסן אַמאָל הריזען אַ ביסל. מיך — קיינמאָל ניט. צי ווייסט איר ניט... צי וואָלט איר ניט אונטערגעזאָגט, וויאַזוי קאָן מען דעראָבערן אַזאַ צושטאַנד, ער זאָל זײַן אַ שטענדיקער און ניט קיין צײַטווײַליקער? איך בין אַן אײַנגעשפּאַרטער, אויב איך וועל וועלן, וועל איך זיך אַליין בײַקומען...

וואסילי, וואָס איז געזעסן אויפן עק בענקל, האָט זיך אַ רוק געטאָן, און דאָס בענקל האָט אַ סקריפּע געטאָן. ער האָט צעשפּיליעט דעם קאָלנער פונעם העמדל און מיט אַן אָפענעם פאַרגעניגן אַ דריי געטאָן מיטן האַלדז, ער זאָל זיך דערפילן אַ ביסל פרײַער. ער האָט לאַנג געטראַכט, נאָכדעם אויסגערעדט פײַערלעך:

— מע דאַרף לעבן בא דער ווייכער שײַן פון עפּעס דערהויבנס...

עס האָט אַ קלונג געטאָן דער טעלעפאָן. מיט אַ געוויינלעכער באַוועגונג האָט נאַזאַרעוויטש געכאַפּט דאָס טרײַבל, אונטערגעטראָגן צום אויער, און גלײַך דאָס צוריקגעלייגט. ער האָט געפרעגט:

— וואָס זשע איז דאָס אַזוינס, דערהויבנס?

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט באַשיידן געענטפערט:

— איר ווייסט דאָס בעסער פון מיר. — דערנאָך טמימעסדיק צוגעגעבן: — און עפּשער ווייסט איר נישט. איר זײַט צו פאַרנומען.

מיכאיל קאַנאַנאָוויטש האָט גיוועער געוווען זײַן צערײַצטקײַט. אַ ווילער דירעקטאָר, דאָס איז צום אַלעם ערשטן אַ יוישערדיקער. ער האָט בעשום־אופן ניט געקאָנט דערלאָזן, אז וואסיע דודאַר, צו וועלכן ער (און רעגינע אויך) האָט זיך באַציוגן גרינגשעציק, זאָל פּלוצעם זיך ארויסווײַזן העכער פון אים, פון נאַזאַרעוויטשן.

— ס'איז ריכטיק. מיר האָבן פּאַשעט ניט קיין צײַט צו פאַרנעמען זיך מיט יענעם דערהויבענעם. מיר מוזן אויספילן דעם פּלאַן...

עס האָט זיך באַקומען גאַנץ פּרימיטיוו. אַליין נאַזאַרעוויטש איז ניט צופרידן מיט זיך. וואסילי מיראָנאָוויטש האָט געזאָגט:

— אגעוו, פּאָדערט ניט יענץ פיל צײַט.

— וואָדען? עס גיט צו צײַט?

— ניין. עס גיט ניט צו. נאָר עס מאכט זי פּראָדוקטיווער.

— איר האַלט, אז איך פאַטער מײַן צײַט ניט גענוג פּראָדוקטיוו? דאָס איז אויסגעשלאָסן כאָטשבי דערפאַר, וואָס אונדזער זאוואָד איז אַ גרויסער און בין...

וואסילי האָט איבערגעשלאָגן:

— ווי גרויס עס וואָלט ניט געווען דער זאוואָד, איז צוואַנציק מיליאָן לעבנס נאָך גרעסער.

מיכאיל קאַנאַנאָוויטש האָט אַ דערשטוינטער אופגעהויבן די אויגן אויף דודאַרן.

— אָט וואָס איר האָט אין זינען! אָבער דאָס באַטײַט דאָך ניט קיין ווייכע שײַן, נאָר אַ פײַערשײַן.

— אַ פײַערשײַן איז געווען. די צײַט האָט פּאַמעלעך אָפּגעשוואַכט דאָס און פאַרוואַנדלט אין אַ ווייכער טריבער שײַן...

— מיר טאָרן ניט לעבן אין דער פאַרגאַנגענהייט.

— טאַקע אין דעם גייט עס! ס'איז ניט בלויז פאַרגאַנגענהייט, נאָר אויך הייַנטצייַטיקייַט. און צוקונפט אויך. אין דער פילדווירעסדיקער געשיכטע פונעם פאָלק זייַנען געווען בלויז צוויי פאַטערלענדישע מילכאָמעס...

נאַזאַרעוויטש האָט ווידער געכאַפּט אַ פאַרכידעשטן קוק אויף דודאַרן. ווירקלעך, דו גייסט אַרום צווישן פּאַשעטע מענטשן און דו קאָנסט זיך אפילע ניט אָנשטויסן, וועלכער פון זיי טראָגט אין זיך זייַן קליינע, אָבער אייגענע וועלט. און ווינציקער פון אַלעמען וואָלט מען געקאָנט כוישעד זייַן דעם ניט־איבערגעשפּיצטן דודאַרן.

מיכאַיִל קאַנאַנאָוויטש ווערט אופגעבראַכט, און, דאַכט זיך, גאַנץ אופריכטיק.

— אויב איך קען נישט, איז ווער! דאָס גאַנצע לעבן מייַנס בין איך צווישן זיי און אייניינעם מיט זיי!

ווידער האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. נאַזאַרעוויטש האָט זיך צוגעכאַפּט צום טרייַבל, ווי צו אַן אַנקער, און זייַן שטים איז אַפּסנייַ געוואָרן זאַכלעך און סאָליד.

ווען דער דירעקטאָר האָט פאַרענדיקט דעם טעלעפאָן־געשפּרעך, האָט ער אומגעדולדיק אַ פרעג געטאָן:

— איז וויִאַזוי, וואַסילי מיראָנאָוויטש? איר זייַט מאַסקים מיט מייַן פאָרשלאָג? ס'הייסט, איבערפירן אייַך אויף אַ מער פאַראַנטוואָרטלעכער שטעלע דירעקט אין צעך?

וואַסילי האָט געשוויגן. נאַזאַרעוויטש האָט געמיינט, אַז ער וואַקלט זיך נאָך.

— איר מוזט נעמען אין אַכט, אַז רעגינע וולאַדימיראָוונאַ וועט זייַן אומצופרידן, אויב איר וועט זיך אָפּזאָגן, — האָט דער דירעקטאָר צוגעגעבן.

די דאָזיקע ווערטער האָבן אומגעקערט דודאַרן צו דער ווירקלעכקייַט. רעגינע וולאַדימיראָוונאַ! אין זייַן באַוווסטזייַן האָט דורכגעשוועבט אַ געדאַנק: עס גייט ניט אין דעם, וואָס מע וויל אים קלויַמערשט אַרויסרוקן אויף אַ בעסערער שטעלע, נאָר מע וויל פּאַשעט, אַז ער זאָל אַרבעטן אין צעך. עס איז אומבאַקוועם — דער גאַנצער דרייַעק אין איין קאָנטאָר. איז זאָל איין עק זיך אַריבערפּעקלען אין צעך.

ער האָט אַפגיך אָפּגעוואָרפן דעם דאָזיקן געדאַנק, און דאָך געענטפערט אויפן פאָרשלאָג גאַנץ פעסט:

— ניין.

אויף דעם האָט זיך פאַרענדיקט דער געשפּרעך.

דודאַר איז אַרויסגעגאַנגען פונעם קאַבינעט. הינטער דער טיר איז געשטאַנען און געוואַרט רעגינע וולאַדימיראָוונאַ.

— נו? — האָט זי געפרעגט.

ער האָט אַ קוק געגעבן אויף אירע געפאַרבטע האָר און גאָרנישט ניט געענטפערט.

אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט די טרעפּ, האָט ער זיך דערשראָקן פאַרן געדאַנק, אַז ער קאָן נאָך פאַרהאַסן רעגינען. פאַרהאַסן? שרעקלעך! פון די מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, האָט ער קיינעם ניט געהאַסט. סייַדן ער פלעג אויסמייַדן אַ באַגעגעניש מיטן הויזבאַזיצער. שטענדיק פלעגט ער פילן צו אים אַן איבל־געפיל, האַגאַם דער הויזבאַזיצער איז שוין אַלט געווען ניין און נייַנציק יאָר, און ווען ער פלעגט זיך אופהייבן צו זיך אין אַלקערל, האָט ער געמוזט זיך אָפּשטעלן און איבערכאַפּן דעם אָטעם אויף יעדן שטאָק, אַרויסהוסטנדיק פון זיך די לעצטע רעשטן פונעם גוויסעסדיקן לעבן.

## 15

ווען וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אומגעקערט, האָט באַסענקאָ אים ווידער דערפרייט:

— די זעלבע פרוי האָט נאָכאַמאָל געקלונגען.

אין פאַרגלייַך מיט רעגינען, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער טיר און, מעגלעך, אונטערגעהערט, איז אפילע באָסענקאָ געווען אָנגענעם. מע קאָן מיט אים זיך דורכוויצלען.

— פונוואַנען ווייסטו, אַז ס'איז די זעלבע?

— כ'האָב זי דערקענט לויט דער שטים.

איצט איז ער געווען זיכער, אַז דאָס האָט געקלונגען די קליינע לערערקע. די גאַנצע צייַט האָט ער געוואַרט אויף איר קלונג. גוט, וואָס זי האָט פאַרגעדענקט די זעקס געבענטשטע ציפערן. יאָ, ער איז געווען זיכער, אַז זי וועט נאָכאַמאָל אָנקלינגען. צוליב וואָס? צוליב גאָרניט. פּאַשעט אַזוי זיך. דער דאָזיקער קלונג איז אים איצט זייער נייטיק.

און ווען עס האָט זיך ווידערקלעך דערהערט אַ קלונג, האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש אַרויסגעוויזן אַ פֿאַרשײַטע ספּריטנעקייט, פֿאַרלאָפֿן דעם וועג באַסענקאַן און געכאַפּט דאָס טרײַבל. נאָר דאָס איז געווען ניט די קליינע לערערקע. דאָס איז געווען ציפּורקע. די פֿרייד פֿון דערוואַרטונג האָט נאָך ניט באַוויזן זיך אויסצוווּעפּן, און ער האָט אויסגעשריגן:

— אָ! גוט־מאָרגן, ציפּורקע! זײַט אָנגעגנעם!

ציפּורקע, אַ פֿרײדיק פֿאַרכידעשטע:

— שוין זשע איז אײַך אזוי אָנגענעם, וואָס כ'האָב אײַך אָנגעקלונגען?

— יאָ, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרוואָס כידעשט עס אײַך?

איר ווייסט דאָך פֿאַרוואָס. אײַערע באַציִען זיך צו מיר...

— אַרסען האָט אײַך ליב, ציפּורקעלע.

— ניט אומזיסט זאָגן אַלע, אַז איר זײַט זייער אַ ווּוילער מענטש, וואַסילי מיראָנאָוויטש.

— איר זײַט געקומען צו פֿאָרן פֿון מאָסקווע?

— יאָ.

— אויף נײַ־יאָר?

— יאָ.

— איר האָט ריכטיק געטאָן. קומט אַרײַן צו אונדז, ציפּעלע.

— איר זײַט אַ פֿײַנער מענטש, וואַסילי מיראָנאָוויטש. איר פֿרעגט אַפֿילו ניט, נאָך וואָס איך קלינג אײַך.

— וואָס הייסט נאָך וואָס? ס'איז דאָך גאַנץ נאַטירלעך.

— אָבער פֿאַרוואָס דאַפֿקע אײַך?

וואַסילי מיראָנאָוויטש נעמט זיך עפּעס פּלאָפּלען. דאָס טרײַבל ווערט אָנגעפּילט מיט ווײכמוטיקײַט און מיט אַן אויפֿגעלייגטער וואַרעמקײַט.

— רעגינע וולאַדימיראָוונען האָב איך ניט געקאָנט קלינגען. זי קאָן מיך ניט אָנקוקן, זי מיינט, אַז איך... אַז איך... אַז זינאָווי לעאָנידאָוויטש... איז ווּוילגעניגט צו מיר...

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט ווייך און אומאַנטשלאָסן אַרויסגערעדט:

— איר האָט געוואָלט זאָגן עפּעס אַנדערש.

— יאָ. ריכטיק. כ'האָב געוואָלט זאָגן... רעגינע וולאַדימיראָוונא האַלט, אַז כ'האָב צעבראָכן אַרסענס האַרץ...

אינעם טרײַבל דערהערט זיך ווידער עפּעס אומפֿונטערנדיקס:

— עפּשער וואָלט געווען אַ סײכל, איר זאָלט אַליין אָנקלינגען אַרסענען?

— כ'האָב געוואָלט. און ביפּראַט, וואָס כ'האָב אַ פּאַסיקן אויסרייד. זײַן טאַטע האָט אים איבער־געגעבן אַ גרוס. און ניט קיין געווייגלעכן, נאָר אַ נײַ־יאָריקן.

— איז אויסגעצייכנט. אומבאַדינגט זאָלט איר אים אָנקלינגען. ער וועט זײַן זייער און זייער צופֿרידן.

— פֿונוואַנען ווייסט איר?

— כ'ווייס. כ'האָב אויף זיך דאָס אויסגעפּרווט.

דאָס טרײַבל איז פֿול געוואָרן מיט אַ קלינגוודיקן געלעכטער.

— וואָס הייסט „אויף זיך דאָס אויסגעפּרווט"?

— כ'וואָרט אַליין פֿון סאַמע אינדערפֿרי, עפּשער וועט זיך דערהערן אַ קלונג, וואָלט ער מיך געמאַכט גליקלעך. אַרסען אוואַדע.

— פֿאַרוואָס „אוואַדע"?

— ווײַל ער האָט אײַך זייער ליב.

דאָס טרײַבל שווײַגט. וואַסילי מיראָנאָוויטש:

— צי מעג מען אײַך פֿאַרגעבן אַן אָפֿנהאַרציקע פֿראַגע?

— מ'דאַרף ניט. פֿאַרגיט ניט.

— פֿאַרוואָס?

— כ'ווייס נישט... זעט אויס דערפֿאַר, וואָס כ'וועל ניט קאָנען געבן קיין דײַטלעכן ענטפֿער.

וואַסילי, אָן דריידלעך:

— איר האָט ליב אַרסענען?

דאָס טרײַבל שווײַגט. וואַסילי מיראָנאָוויטש וואַרט.

— אײַך וועל איך זאָגן. כ'האָב אים ליב.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך שטאַרק דערפֿרייט.

— אויסגעצייכנט! אָט לייג איך אַוועק דאָס טרײַבל, און איר זאָלט אים אומבאַדינגט גלײַך אָנקלינגען. ער איז זיכער אינדערהיים. און אומבאַדינגט זאָלט איר קומען צו גיין צו אונדז צוזאַמען

מיט ראַזאַליע נאָומאָוונען. וועלן מיר אַלע אײנײעם באַגעגענען דאָס נײַע יאָר. א דאַנק אײַך, וואָס איר האָט מיר אָנגעקלונגען. כ׳בין זייער צופרידן.

— איך בין אויך צופרידן. אױף ווידערזען, טײַערער וואַסילי מיראָנאָוויטש. מיט דעם קומענדיקן נײַ־יאָר!

וואַסילי האָט ניט באַוויזן אַוועקלייגן דאָס טרײַבל, ווי דער טעלעפאָן האָט זיך ווידער צעקלונגען. ער האָט ווידער האַסטיק א כאַפּ געטאָן דאָס טרײַבל, קעדיי פאַרלױפן דעם וועג באַסענקאָן. —

און ווידער — איר שטים. ער וואָלט זי דערקענט צווישן טויזנט אַנדערע. זי האָט זיך ניט אונטערשיידט מיט עפּעס באַזונדערס. וואַסיען האָט זי זיך אויסגעוויזן ווי אַן אומגעוויינלעכע, מײַסטערדיקע, נאָך פון די צײַטן פון זײַן קינדהייט.

— כ׳הער, — האָט ער אויסגערעדט קימאַט גלײַכגילטיק.

— א גוט־מאָרגן אײַך, וואַסילי מיראָנאָוויטש. איך באַגריס אײַך מיטן קומענדיקן נײַ־יאָר!

— א גוט־מאָרגן. ווער רעדט?

— שוין זשע האָט איר מיך ניט דערקענט?

דאָס איז געווען אויסגערעדט א ביסל אַנטוישט, א ביסל באַליידיקט.

— וואָס הייסט — ניט דערקענט? דערקענט. דערקענט! איז דען מעגלעך ניט דערקענען דאָס, אַף וואָס מע וואַרט אַזוי לאַנג! און גלייבט ניט מײַן געמאַכטער קאַלטקײַט. און האָט ניט מוירע פאַר איר! — האָט זיך קעגן זײַן ווילן אַרויסגעריסן פון דער טיפקײַט פון זײַן האַרצן.

— וואָס הייסט — כ׳האָב ניט דערקענט! כ׳בין גליקלעך, וואָס איך הער אײַער שטים. איך וואַרט אַף איר שטענדיק, ווי אַף א גוטער בשׂורה.

דער אויפברויז פון אומפאַרשטעלטער פרייד האָט א יאָג געטאָן צום צווייטן עק דראָט, און א פאַרטאָפּלטע זיך אומגעקערט צוריק.

— און איך אויך... כ׳בין אויך גליקלעך...

נאָכדעם, שוין מיט אַן אַנדערן טאָן, — דאָס גאַנצע לעבן אירס האָט זי אונטעריכט אין די אָנפאַנג־קלאַסן, געהאַט צו טאָן מיט קליינע קינדער, פלעגט זי אַפט אַליין אַרײַנפאַלן אין א קינדערשער רייד־מאַניר:



— מיר, ס׳הייסט, איך און די יאָלקע, וואָס איר האָט געבראַכט צו טראָגן, און מײַנע דרײַסיק שילערלעך האָבן די ערע ופֿאַרבעטן אײַך און אײַער פֿרוי צו נעמען אַן אָנטייל אין דעם נײַיאָריקן יאָמטעוו, וועלכער וועט פֿאָרקומען הײַנט, זיבעצן נול־נול.

נעמט וואַסיע געזן אימיטירן די קאָמישע ערנסטקייט, מיט וועלכער קינדער מאַכן נאָך און לאַכן אויס די דערוואַקסענע.

— מיר, ס׳הייסט, מײַן פֿרוי און איך, דריקן אויס אונדזער האַרציקע דאַנקבאַרקייט פֿאַר דער אײַנלאַדונג. אָבער, צום גרויסן באַדויערן, וועלן מיר ניט קאָנען קומען אויף אײַער שיינעם יאָמטעוו, ווײַל דער אַרבעטסטאָג פֿאַרענדיקט זיך ערשט אין אַכצן נול־נול, און הײַנט וועלן מיר זיך פֿאַרהאַלטן נאָך שפּעטער.

— איז אויב אַזוי — קומט שפּעטער. מיר וועלן סײַווי וואַרטן אויף אײַך מיט גרויס אומגעדולד...

מיטאַמאָל דערפֿילט ער, ווי די קליינע לערערקע טוט זיך אַ קער, פֿאַרמאַכט שטײַפֿער דאָס טירל פֿון דער טעלעפֿאָן־בודקע און טוט אַ שמייכל צום טרײַבל. דאָס איז אויך געווען ענלעך אויף אַ קינדער־שפּיל אין ליבע.

— טאָג און נאַכט איך טראַכט וועגן אײַך...

וואַסיען ווערט געמיטלעך אויפֿן האַרצן, זייער געמיטלעך. און ער — אַ יאָלד אַזאַ! — פֿאַרגיט אַ קאַשע:

— און איגנאַטיק וועט אויך זײַן?

איצט באַקלערט זי אַן ענטפֿער, — האָט אַ טראַכט געטאָן וואַסילי מיראָנאָוויטש, וואַרטנדיק אויף אים. זי האָט אָבער גאָרנישט ניט באַקלערט. זי ענטפֿערט מיט אַ קינדערשער טמימעסדיקייט:

— ער איז דאָך קראַנק.

— אָך, יאָ, — האָט דודאַר אויסגערעדט, און דער אומרו האָט זיך אַ וואַקל געטאָן אין דער אַנטקעגנדיקער זײַט. — גאָט מײַנער, ווי מילד איר זײַט, ליבלעכע רוט... כ׳וועל אײַך רופֿן רוט — איר האָט גאָרנישט ניט קעגן?

— לאַכלוטן ניט. איך בין רוט! — האָט זי אַ געשריי געטאָן אין טרײַבל.

און ער האָט זיך אַלץ אומגעקוקט אויף באָסענקאָ, וואָס האָט אָן אויפֿהער געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מיט וועמען עפּעס שפּילסטו אַ ליבע דורכן טעלעפֿאָן? — האָט ער געפֿרעגט.

דודאַר שווײַגט. די קליינע לערערקע בעט:

— וואַסיע! זאָג עפּעס...

און ער שווײַגט. טראַכט צו, וואָס צו זאָגן... נאָך וואָס דאַרפֿסטו צוטראַכטן, וואַסיע? ס׳איז דאָך ניט דײַן טעווע.

און פֿונעם טרײַבל לאָזט זיך הערן:

— איר הערט מיך, וואַסילי מיראָנאָוויטש?

ענטפֿערט ער:

— כ׳הער. דו ביסט רוט.

פֿון יענער זײַט דראָט — אַ קינדערשער זיפֿץ. ער האָט דערפֿילט עפּעס ווייכס, וואַרעמס, גלײַך ער וואָלט אַרײַן אין דער בודקע און צוגעפֿאַלן מיטן פּאָנעם צו איר פּוכקע היטעלע.

— קומט אומבאַדינגט, וואַסיע. איר וועט זײַן אונדזער ווילער פֿעטער שנייער.

— אָבער כ׳האָב קיינמאָל ניט...

זי האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן.

— אײַך פּאַסט די ראָל, ווי קיינעם ניט. די קינדער וועלן זײַן זייער צופֿרידן.

זי האָט פֿאַרטײַעט דעם אָטעם אויף אַ ווײַלע. וואַסיע האָט געשוויגן. און זי רעדט אים אַלץ אײַן, ווי מע רעדט אײַן אַ קינד:

— זײַט אַזוי גוט און קומט צו גיין. און ווי מעגלעך פֿריִער, אויב איר קאָנט. איר וועט מיר העלפֿן אָוועקשטעלן און באַפּוצן די יאָלקע, זי איז מעסוקן הויך, און איך קאָן ניט דערלאַנגען ביז איר שפּיץ אַפֿילע ווען איך קריך אַרויף אויף אַ טאַבורעט...

נאָר אָט צעשרײַט זיך באָסענקאָ:

— וויפֿל איז דער שיר צו פּלאַפּלען דורכן טעלעפֿאָן!

וואַסיע האָט אומבאַהאָלפֿן אַ מרוקע געטאָן אין טרײַבל:

— זײַט מויכל. מע דאַרף דעם טעלעפֿאָן...

זי האָט זיך באַליידיקט? ניין. די דאָזיקע קליינינטשקע פֿרוי באַשטייט אינגאַנצן פֿון גוטהאַרציקייט.

— איז פֿאַרוואָס האָט איר מיר געגעבן דעם אַמט־טעלעפֿאָן? בעסער וואָלט געווען דער שטוב־טעלעפֿאָן.

וואַסילי האָט דורכגעמורמלט:

— עפּשער פּאַסט עפּעס ניט...

— אַ! כ׳פֿאַרשטיי. רעגינע וולאַדימיראָוונאַ. איך פֿאַרבעט דאָך אָבער זי אויך.

וואַסיע האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל.

נאָכדעם האָט ער כאַראַטע באַקומען. ער האָט ווידער אופֿגעהויבן דאָס טרײַבל מיט אַ האָפֿענונג דערהערן נאָכאַמאָל רוטס קאָל. נאָר כוץ אַ וואָיענדיקן און נאָגנדיקן פֿײַף האָט ער גאָרנישט ניט דערהערט. ערשט איצט האָט ער פֿעסט באַשלאָסן: אומבאַדינגט, אומבאַדינגט וועט ער הײַנט קומען צו דער קלײנער לערערקע און צו אירע קינדער, אָן אָנגעטאָנענער אין אַ ווײַסן פֿעלץ, מיט אַ ווײַסער לאַנגער און ברייטער באָרד, און דעם פֿעלץ, און די באָרד וועט ער נעמען אין דעם אַטעליע פֿון גוטע געפֿעליקײַטן. אַט אַזוי, מיכאַיל קאַנאַנאָוויטש! איר ווייסט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? דאַכט זיך, אַז איך שטויס זיך אָן, פֿאַרוואָס איר לייגט אַלץ אָפּ דאָס אויספֿילן פֿון אײַער הויכ־מוטיקן צוזאָג פֿון טאָג צו טאָג. איר שעמט זיך פּאַשעט ווערן אַ ווילער דירעקטאָר. ווי עפּעס אַזוינס, וואָס ווידערשפּרעכט אַ בעעמעס זאַכלעכן אָנפֿירער. דאָס איז אָבער אַ פּאַרדראָסיקע פֿאַרבלענדעניש.

16

אַ שטיקל צײַט האָט אין וואַסיעס קאָפּ זיך געקנוילט אַ ליכטיקער נעפּל. דערנאָך האָט ער זיך געצוווּנגען אָפּשליסן זיך פֿון אַלץ, וואָס האָט ניט קיין שײַכעס צו דער אַרבעט. אין דעם האָבן אים היפּש מיטגעהאָלפֿן קלאָרע און דײַטלעכע ציפֿערן. דער פֿאַרנעם פֿון אינוועסטיציעס איז אַזויפֿיל און אַזויפֿיל. די רעשט פֿון דער ניט־פֿאַרענדיקטער בויונג מיטן דיסקאָנט פֿון דער איבערגייענדיקער רעשט פֿון פֿאַראַיאָרן איז אַזויפֿיל און אַזויפֿיל. הייסט עס... ער האָט גרינג אָנגעדריקט אויף די קלאַווישן פֿון אַ קלײניטשקן, רייניטשקן רעכנמאַשינדל, און דאָס מאַשינדל האָט געענטפֿערט אויף זײַנע צערטלעכ־קײַטן מיט אַ צופֿרידענער מורקעניש און מיט גענויע פּינקטלעכע ציפֿערן־שערענגעס. צווישן די צי־פֿערן, ווי דורך שלייערלעך, האָבן געשווימט די פּענעמער פֿון רוט, דער קלײנער לערערקע, ציפֿויר־רען, אַרסענען... אָבער אינגיכן זײַנען זיי נעלעם געוואָרן, און דודאַר איז פֿאַרזונקען אין דער אַרבעט.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט פֿאַרויסגעזען שאַרפֿע אַמפּערנישן מיטן שעף פֿון דעם אינוועסטיציע־אָפּטייל. יענער וועט געוויס פֿאָדערן, מע זאָל אײַנשליסן דעם נײַעם צעך אין דער רעשימע פֿון די אָפּגעגעבענע אין עקספּלואַטאַציע אָביעקטן, כאָטש עס איז נאָך פֿאַראַן אַ גוזמע פֿון בלויזן. אים וועט בעלי־סאָפּעק אונטערהאַלטן לוטשקאָס שטעלפֿאַרטרעטער לויט אינוועסטיציעס — וועדערניקאָוו. נו, און די בלויזן? עמעס, פֿאַרבליבן נאָך צוויי טעג פֿונעם אַלטן יאָר, און עפּשער וועט מען אים אָנשטור־קעווען נאָך מיט צוויי־דרײַ טעג פֿונעם נײַעם יאָר. נאָר אַלציינס...

שמייכלענדיק צו דעם מאַשינדל, האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש אַ קלער געטאָן: ס׳איז אַ פּראָבלעם נומער איינס אין דער בויונג, אויף אַזויפֿיל קלוימערשט וויכטיקע, וואָס זי איז אַרײַנגעדרונגען אַפֿילע אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור, טעאַטער, קינאָ, טעלעוויזיע. אָבער זאָגט מיר, אַבעטעך, וואָס איז דאָס, מישטיינס־געזאָגט, פֿאַר אַ פּראָבלעם? איינס פֿון די ביידע: אָנשטרענגען אַלע קויכעס און דערטאָן אַלץ, וואָס מע דאַרף, אַז עס זאָל זײַן מיט אַלע פּישטשעווקעס. און אויב ס׳איז אוממעגלעך אָפּטאָן דאָס פֿאַר געציילטע טעג, קאָן דען זײַן אַ רייד וועגן אָפּגעבן אין עקספּלואַטאַציע? וועמען נאַרן מיר אָפּ? און צוליב וואָס? צוליב אַ פּרעמיע? צוליב ערעגײַך?

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די ציפֿערן און אויסרעכענונגען, האָט דודאַר פֿאַרשלאָסן זיי אין טיש־קעסטל, געגעבן צו וויסן באָסענקאָן, אַז ער גייט אין בוי־באַנק, און אַרויס אין דרויסן. ער איז אַרויף אויף אַ טראַמוויי און צוגעפֿאָרן ביזן צענטער.

די באַנק־געבײַדע איז אַ גרויסע, סאָלידע און זאַכלעך־קאַלטע. אַנטקעגן איר איבער דעם ברוק — אַן עטנאָגראַפֿישער מוזיי, אַ פּאַרצײַטיקער, אַ פֿאַרויכערטער. און — נישקאָשע — צוויי לײַטישע שכנים.

וואַסילי מיראָנאָוויטשן האָט אָפּגעגליקט, נאָך וויניציק קליענטן געווען. שמייכלענדיק, ווי גע־וויינלעך, האָט וואַסילי באַגריסט די פֿאַרדײַגעטע באַנק־מיטאַרבעטער מיטן קומענדיקן נײַ־יאָר, און זיי האָבן אים געענטפֿערט אויך מיט אַ שמייכל און אַ באַגריסונג. אין דעם פּינצטערלעכן צימער איז גלײַך געוואָרן ליכטיקער. וואַסילי האָט גיך געלייזט זײַנע אינייאָנים — מ׳האָט אים דאָ אַלע ליב געהאַט און ניט געטשעפּעט זיך צו קלײניקײַטן, פֿאַרקערט, אונטערגעזאָגט, וויאַזוי צורעכט מאַכן די טאָאָס־לעך, און ער פֿלעגט זיך אַלץ אָפּוויצלען — ניט אומזיסט זאָגט מען: „וואָס אײַליק און וויציק — איז שוויציק“.

דערנאָך האָט ער רויִק אַ קלער געטאָן: צי דאַרף ער טאַקע גייִן? אים האָט געצויגן צו דער קליי־נער לערעריקע, געצויגן צו אירע קינדערלעך. קיין אייגענע קינדער האָט ער ניט געהאַט, נאָך דעם, וואָס זי האָט געבוירן אַרסענען, האָט רעגינע וולאַדימיראָווּנאַ באַשלאָסן, אַז זי האָט זיך מעסוקן איבערגעהאַרעוועט און מער ניט געוואָלט האָבן קיין קינדער. מיט אַ גאַפּיל צו זײַנע ניט־געבוירענע קינדער איז וואַסיע דודאַר פּאַמעלעך אַרײַן אין זײַן ראָל פֿונעם פּעטער שנײַיער. איז אַיִב אַזוי, קאָן ער דען קומען צו די דורשטיקע שיבעניקעס מיט ליידיקע הענט? הייסט עס, אַז ער מוז קויפֿן דרײַ־סיק מאַטאַנעס. דרײַסיק! און כּוץ דעם — דער קליינער לערעריקע, רעגינען, אַרסענען, דעם שוואַער. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אַרויסגענומען דאָס בײַטעלע, איבערגעציילט דאָס געלט, זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער פּאַטיליצע. שפּאַט ווינציק! די צעקנייטשטע פּאַפּירלעך האָבן געהאַט אַ נעבעכדיקן אויסזען.

אײַנגיכן האָט וואַסיע זיך באַרויִקט. ער האָט זעלטן איבערגעלעבט איבער געלט־מאַנגל. ער וואָלט ביכלל ניט געקענט ענטמען זיך דאָס צום האַרצן, ווען ניט רעגינעס פֿאַרשטעלטע און אַמאָל ניט־פֿאַרשטעל־טע, גאַנץ דײַטלעכע אָנצוהערענישן. דאָס איז שוין געווען ערגער. אוואַדע וואָלט ער זיך געקאָנט מאַכן פֿאַר אַ טאַם, וואָס פֿאַרשטייט ניט קיין אָנצוהערענישן. נאָר דאָס וואָלט ניט געהאָלפֿן. ווײַל אַיִב די רעמאָזים האָבן ניט געווירקט, פֿלעגט רעגינע פֿרעגן גלײַך און ניטצווײדײַטיק:

— ווו איז דײַן פּאָלוטשקע?

וואַסיע האָט זיך אַלץ געקליבן אַ פֿרעג טאָן רעגינען:

— און ווו איז דײַנע?

נאָר אַלעמאָל האָט ער דאָס אָפּגעלייגט אויף אַ מערער גינסטיקן מאָמענט, וועלכער איז קיינמאָל ניט אָנגעקומען. ער האָט זיך פּאַשעט געשעמט. כּוץ דעם, האָט ער געהאַלטן, אַז דאָס איז טאַקטלאָז.

אַלזאָ, וואַסילי האָט זיך באַרויִקט. הײַנט וועט ער קויפֿן מאַטאַנעס פֿאַר די קינדער. פֿאַר די איבעריקע וועט ער קויפֿן מאָרגן. און ביז מאָרגן וועט ער קריגן געלט. אין ערגסטן פֿאַל וועט ער אַנטלײַען בײַ באַסענקאָן. ער, באַסענקאָ, וועט לאַנג נישטערן אין די קעשענעס, צוערשט וועט ער אַרויסשלעפּן אַ בינטל שליסלען אין אַ לעדערנעם שײדל, נאָכדעם אַ פּעקעלע סיגאַרעטן, דערנאָך אַ נאָטיצבעלע, און ערשט דעמלט — דעם בײַטל. אָבער סײַווי וועט ער ניט אָפּזאָגן. כאָטש ער לאַכט ניט זעלטן איבער דודאַרן, טוט ער אָבער דאָס גוטמוטיק.

דודאַר האָט אָנגעקלונגען באַזאַרעוויטשן, אָפּגעראַפּאָרטירט אים וועגן דעם פֿינאַנסירונג־צושטאַנד אין בוי־באַנק, געמענדיק אין אַכט די לעצטע פּראָצענטאָוועקעס, און געבעטן בײַ אים אַ דערלויבעניש ניט קומען הײַנט מער אויף דער אַרבעט.

— וואָס האָט געטראָפֿן? — האָט שטרענג געפֿרעגט דער דירעקטאָר.

וואַסילי האָט ניט געוווסט, וויאַזוי ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע, האָט ער געשוויגן. מיכאַיל קאַנאַנאָוויטש האָט זיך דערמאָנט וועגן זײַן געשפּרעך מיט דודאַרן, אויסגעשלאָסן די שטרענגקײט און געוומען אונטערזאָגן:

— וואָסי? עמעצער איז קראַנק געוואָרן? ס'האָט עפּעס געטראָפֿן אינדערהיים? איך וואַרט אויף עמעצן?

דודאַר האָט מאַשינעל באַשטעטיקט:

— יאָ, יאָ, יאָ.

מיכאַיל קאַנאַנאָוויטש האָט זיך צעלאַכט. דער געלעכטער איז געפֿעלן געוואָרן וואַסיען. געווען אַ צײַט, ווען ער האָט געמיינט, אַז באַזאַרעוויטש האָט זיך נאָך ניט אויסגעלערנט לאַכן. אין טרײַבל האָט זיך דערהערט גוטמוטיק:

— מאַסקים.

דודאַר איז גלײַך אוועק צום קינדער־פּאַסאַזש.

יענעם טאָג איז אין די קראָמען געווען מער מענטשן, איידער סכוירע. אַלע האָבן געוואָלט עפּעס קויפֿן צום נײַעם יאָר, פֿאַר זיך און פֿאַר די אייגענע, איז געווען בײַ די טאַמבעניק אַ שטופּעניש און אַ שטיקעניש, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן.

שטיקנדיק זיך צווישן אויפֿגערעגטן אוילעם האָט ער ענדלעך זיך דורכגעשטופּט צו עפּעס אַ טאַמבאַנק, הינטער וועלכן עס זײַנען געשטאַנען און געזעסן פֿאַרשיידנאַרטיקע ליאַלקעס מיט פּאַרגלי־ווערטע בליקן פֿון ניט לעבעדיקע אויגן. ניין, ליאַלקעס טויגן ניט, די קינדער זײַנען דאָך שוין שי־לער. כּוץ דעם, קאָסטן זיי טײַער, דרײַסיק ליאַלקעס איז מער ווי אַ כּוידעש־געהאַלט.

האָט וואַסילי געוומען דורכשטופּן זיך ווײַטער, זיך געשטופּט און געקלערט וועגן אַן אויסלאַ־כערישן „רעליאַטיוויטעט־געזעץ" אין אונדזער טאָגטעגלעכן לעבן. לעמשאָל, אַזוינס: צי קאָן מען פֿאַרהיטן די אָנשטענדיקײט אין געדראַנג? לאַכלוטן — אוממעגלעך.

דודאַר האָט זיך דורכגעשטופּט אין אַ צווייטער אָפּטיילונג פֿון קינדערשע שפּילכלעך, און דאָ איז פֿאַר אים אַנטשטאַנען אַ נײַע פּראָבלעם: וואָס וועמען קויפֿן? אַיִב דאָס ייִנגעלע איז אַן אוטאָ־

מאָביל־ליבהאָבער — איז עפּעס אַ מאָדעלקע; אויב אַ פֿוטבאָליסט — איז אַ פּילקע; אויב אַ דעדעקטיוו־ליבהאָבער — איז אַן אויטאָמאַט; אויב אַ מיידעלע — איז... אַ פֿולקום פֿאַרפּלאָנטערטער איניען! ער קען דאָך זיי ניט! וואַסילי האָט באַדויערט, וואָס באַנאַנד מיט אים איז ניטאָ די קליינע לערערקע. זי וואָלט אים שוין זיכער אונטערגעזאָגט.

און וואָס שענקען דער קליינער לערערקע?

וואַסיע איז ניט אויף קאַטאָוועס דערצאָרנט געוואָרן אויף זיך. ניין, ער טויג ניט פֿאַר אַ פּעטערשנייער. לאַכלוטן טויג ער ניט. שטופּנדיק זיך נאָך ווײַטער, האָט ער געטראָפֿן אין אַן עקלהאַפֿטן אַלקאָהאָל־געפֿל. צוויי איבלדיקע פֿאַרשוינען האָבן זיך דערנעענטערט צו אים פֿון ביידע זײַטן, עטעמענדיק אויף אים מיט אַ „רייער־ניכּוייעך”. ער האָט האַסטיק זיך אַרויסגעריסן פֿון זייערע אָרעמס, מיט קויעך זיך דורכגעשלאָגן צו נאָך אַ טאָכבאַנק, זיך אַרומגעקוקט, און, ניט הײַענדיק, אַ פֿאָדער געטאָן בא דער פֿאַרקויפֿערן, זי זאָל אים אויסשרײַבן אַ טשעק אויף דרײַסיק סאָפּילקעס און אויף איין פּיאַנע־שפּילכל. די פֿאַרקויפֿערן איז ניט געײַלט צוגעגאַנגען צום טאָכבאַנק, פֿויל און פּאַמעלעך אונטערגערעכנט אויף אַ פּאַפּירל, וויפֿל די באַשטעלונג קאָסט, און, ענדלעך, אויסגעשריבן אַ טשעק. דודאר האָט מאַמעש אַרויסגעכאַפּט דעם טשעק פֿון אירע הענט, זיך דורכגעשטופּט צו דער קאַסע, פֿאַרנומען אַ ריי. אין אַ מינוט אַרום האָבן זיך באַוויזן צוויי פֿרויען מיט צעפּאַטלטע האָר און צעפּאַטלטע געפֿילן, וועלכע האָבן קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז זיי זײַנען דאָ שוין געשטאַנען. פֿון דער צווייטער זײַט איז צוגעקומען צו דער קאַסע אַ באַיאָרטער מענטש אין ברילן און אַרײַנגערוקט אין פֿענצטערל אַ צעקנייטשט קערבל. גלײַך האָט אויפֿגעבראָזט אַ מוירעדיקער גערויש. די ריי האָט זיך צעהודיעט. דער מענטש האָט אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און דערקלערט:

— איך האָב רעכט. כ׳בין אַ מילכאָמע־אינוואַליד.

האָבן זיך דערהערט אויפֿגעבראַכטע אויסגעשרייען:

— איז וואָס, אויב אַן אינוואַליד!

— וואָלט ער כאָטש זיך געשטעלט איבער פֿינף מענטשן, ווי עס פּירט זיך.

— עפּעס צופֿיל אינוואַלידן און וועטעראַנען האָבן זיך אָנגעפּלאָדיעט!

— גערעכט! עפּשער ביכלאַל ניט קיין אָנטיילנעמער פֿון דער מילכאָמע.

— אויף דער מילכאָמע בלויז איין טאָג געווען, און איצטער איז ער אַ גאַנצער וועטעראַן!

— פֿונוואַנען ווייסן מיר, אַז דו ביסט אַן אינוואַליד? באַווײַז דײַנע דאָקומענטן!

וואַסיע האָט בייז אויסגעשריגן:

— ווערט אַנשוויגן! ס׳איז דאָך אַ ביזע־ביזאָיען! שוין זשע האָט איר פֿאַרגעסן וואָס הייסט מילכאָמע?!

די צוויי פֿרויען, וועמען דודאר האָט אָפּגעטראָטן די ריי, האָבן זיך שאַרף אַ קערעווע געטאָן צו אים. איינע איז צוגעלאָפֿן צו דער קאַסע און זי האָט אַראָפּגעשלײַדערט אויפֿן דיל דאָס צעקנייטשטע קערבל, און די צווייטע האָט גאַליק אַ זאָג געטאָן דודארן:

— אויב דו ביסט אַזאַ גוטינקער, איז טרעט אים אָפּ דײַן ריי.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט ווייך פֿאָרגעלייגט דעם אַלטן:

— ביטע, שטעלט זיך אויף מײַן אָרט.

דער אינוואַליד האָט אָבער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אָנגעבויגן, אויפֿגעהויבן דאָס קערבל, שווײַגנדיק אַרויסגענומען פֿון דער קעשענע אַ ציַיגעניש און אויסגערעדט מיט ביטערקײַט:

— כ׳האָב רעכט.

ווען דודארס ריי איז ענדלעך צוגעקומען צו דער געבענטשטער קאַסע, האָט ער לײַכט אָפּגעזיפֿצט, אַרײַנגערוקט די האַנט אין קעשענע נאָכן בײַטעלע, און... ניטאָ דאָס בײַטעלע. ער האָט גענומען טאַפּן און נישטערן אין דער צווייטער קעשענע, אין דער דריטער — ניטאָ, און שוין! און פֿון דער ריי לאָזן זיך הערן אויפֿגעבראַכטע קוילעס:

— וואָס פֿאַרהאַלטסטו? באַצאָל און פֿאַרנעם זיך!

דודארס פּאָנעם איז געוואָרן צונטער־רויט. ער האָט האַסטיק זיך דערווײַטערט פֿון דער קאַסע אונטער אַ פֿײַער פֿון כויזעק און שטעכווערטלעך.

באַם אַרויסגאַנג פֿון דעם מאַגאַזין האָט ער דערהערט:

— וואַסילי מיראָנאָוויטש!

ער האָט דערקענט דאָס קאָל פֿון דער קליינער לערערקע. זי איז צוגעלאָפֿן צו דודארן און האָט אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— גאָט מײַנער! וואָס האָט געטראָפֿן? איר זעט אויס אַזוי... אַזוי...

ער האָט געצוווּנגען זיך אַ שמייכל טאָן.

— אייסעך וואָס! דריבנע און פֿאַרדראָסיקע זייפֿנבלאָזן...

— וואָס טוט איר דאָ?

— כ'האָב געוואָלט קויפן מאַטאַנעס פאַר אײַערע קינדער.

— נאָך וואָס? כ'בין דאָך ספּעציעל געקומען צו פאָרן אהער אײַנקויפן.

— און איר האָט געקויפט?

— עפּעס האָב איך געקראָגן. און איר?

— קלייניקייטן.

— נעמלעך וואָס?

— דרײַסיק סאָפּילקעס.

די קליינע לערערקע האָט א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט מיט איבערגעטריבענער אנציקונג:

— אויסגעצייכנט! ווונדערלעך! מיר וועלן אָרגאניזירן א סאָפּילקע־אנסאמבל. אָבער וווּ זײַנען זיי? וואסילי האָט פאַרלוירן דורכגעמורמלט:

— אפן טאַמבאַנק. עס גייט איין דעם... אין דעם... וואָס מ'האָט בא מיר אַרויסגעשלעפּט דעס בײַטל מיטן געלט.

— אַרויסגעשלעפּט? ווער האָט עס געוואַגט צו באַוולען מײַן וואסיען! איך וועל זיי שוין אָנלערנען! ווער האָט אַרויסגעשלעפּט?

— צום באַדויערן, האָבן זיי ניט איבערגעלאָזט זייערע וויזיט־קאַרטלעך.

צווישן דעם הו־הא פון אומצופרידענע, אומגעדולדיקע קוינים האָבן זיי א שמייכל געטאָן איינער צום צווייטן.

— זאָרגט אײַך ניט, וואסילי מיראָנאָוויטש, — האָט די קליינע לערערקע אים באַרויִקט. — איך וועל באַצאָלן פאַר אײַך. איך פאַרמאָג א סאַך געלט. און מ'האָט נאָך ניט באַוויזן אַרויסשלעפּן דאָס בא מיר.

— א סאַך געלט! מע קאָן זיך פאָרשטעלן. כ'מיין, אז בא אײַך וועט ניט סטײַען קיין געלט צו באַצאָלן פאַר אײַערע און פאַר מײַנע מאַטאַנעס.

— וועל איך באַצאָלן בלויז פאַר אײַערע פּײַפעלעך. א מיצווע אף זיי! מיר וועלן פאַרמינערן זייער סכוירע־אומזאַץ, און זאָלן זיי וויסן! — האָט שטרענג און דראָענדיק אויסגערופן די קליינע לערערקע, און זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

ווען זיי זײַנען אַרויס פונעם מאַגאַזין, אָנגעלאָדענע מיט פּעקלעך, האָט וואסילי מיראָנאָוויטש דערפילט אף זיך עמעצנס אָנגעשטרענגטן בליק. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ — רעגינע! וואסילי האָט א שעפּטשע געטאָן דער קליינער לערערקע: „כ'קום באַלד" און ער איז האַסטיק צוגעלאָפן צו זײַן פרוי מיט א ברייטן שמייכל אף די ליפּן. רעגינע וולאַדימיראָוונא האָט זיך אָבער אָפּגעקערט פון אים און מיט א שטאָלץ אופגעהויבענעם קאָפּ אוועק איין אן אנטקעגנדיקער זײַט.

וואסיע האָט זיך אומגעקערט צו דער קליינער לערערקע.

— עפּעס גליקט מיר ניט הײַנט, — האָט ער אויסגערעדט.

— ווער איז די פרוי?

— מײַן ווײַב — רעגינע וולאַדימיראָוונא. כ'האָב געוואָלט אײַך באַקענען און איבערגעבן איר אײַער אײַנלאַדונג, און זי...

— זעט אויס, צוגעייפערט אײַך.

— ניין, דאָס איז אויסגעשלאָסן. קעדיי אײַפערן, מוז מען ליב האָבן. און זי...

— איז וואָס?

— א סצענע פון באַוולטער ווירדע.

— און אַלץ איבער מיר. און אַלץ איבער מיר, — האָט צוויי מאָל אויסגערעדט די קליינע לערערקע. — ווען איר וואָלט זיך ניט געלאָזט גיין קויפן מאַטאַנעס, וואָלט מען נישט אַרויסגעשלעפּט בא אײַך דאָס בײַטעלע און עס וואָלט ניט פאָרגעקומען די אומאָנגענעמע באַגעגעניש מיטן ווײַב.

— מיר האָט פּאַשעט ניט אָפּגעגליקט, — האָט איבערגעכאַזערט דודאַר.

די קליינע לערערקע האָט טיף אָפּגעזיפצט, ווי א קליין מיידעלע.

— ביידע זײַנען מיר שלימאַזלען. עס גליקט אונדז, נעבעך, ניט אין לעבן.

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט ווידער זיך צעשמייכלט:

— ניט קיין שלעכטער אַדערוף צום נײַעם יאָר.

די קליינע לערערקע פרעגט פאַרכידעשט:

— וואָס פאַר אַן אַדערוף?

ענטפערנדיק, האָט וואסיע פאַרזשמורעט די אויגן, גלײַך ער וואָלט זיך אַליין געענטפערט:

— דאָס לעבן באַשטייט ניט פון הוילע דערפאָלגן. וויבאַלד בא אונדז איז שוין הײַנט געווען צוויי דורכפאַלן, שטייט אונדז פאָר אויך א טרייסט... עפּעס פריידיקס... ווי מיינט איר?

— איך מיין, אז איר זײַט זייער א פײַנער מענטש, וואָס האָט א גאָלדן האַרץ.

— אָט זעט איר, עס הייבט שוין אָן צו שוועבן עפּעס מעכײַעדיקס...

נאָכדעם טוט ער א פרעג פּולקום זאכלעך:

— בא אײַך איז נאָך איבערגעבליבן יענער נוסן־ליקיאָר?

— פֿאַרהיט א ביסל צום נײַעם יאָר.

— אָבער דאָס נײַ־יאָר באגעגנט מען גיך גאָרניט מיט ליקיאָר. ... מיט שאמפּאניער.

— איז וואָס? וועלן מיר קויפן, אויב מיר וועלן קריגן.

— געלט איז נאָך פֿאַרבליבן?

— אף שאמפּאניער וועט קלעקן.

— רעכנט אונטער, וויפֿל געלט איר האָט געפּאטערט. כ׳וועל אײַך אלץ אומקערן.

## 17

דער צימער האָט זיך ווי איבערגעשטאלטיקט, אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס וואָכיקע און פֿאַרפּוצט זיך אין א יאָמטעוודיקער קליידונג. דאָס סאמע מערקווירדיקע איז געווען די אויסגעפּוצטע, שײַנענדיקע און פינקלענדיקע יאָלקע. זי האָט דערקענט וואסיען און באגריסט אים מיט א קרישטאָלענער קלינגערײַ פון גלעזערנע שפּילכלעך. איצט האָט זי שוין ניט אויסגעזען ווי א ווילדע צעשויבערטע וואלד־אײַנוווינערן, נאָר ווי א פּולקום עלעגאנטע דאמע.

זי איז געשטאנען אין סאמע צענטער פון צימער. דאָס ביסל מעבל האָט מען פֿאַרוקט אין א ווינקל. בלויז דאָס טישל איז געשטאנען אף זײַנע דיניקע פיסלעך נעענטער אינדערמיט פונעם צימער. עס איז געווען פֿאַרשפּרייט מיט א זילבער־ווײַס טישטעכל, אף וועלכן, אין סאמע צענטער, האָט ארויסגעשײַנט א גרויסער טאָרט מיט דרײַסיק פֿאַרשיידנקאָלירקע מארמעלאדקעס — א פּראָדוקט פון קולינארער קונסט פון דער קליינער לערערקע.

— שוין זשע האָט איר אליין באוויזן צו שאפֿן דאָס אלץ? — האָט געפֿרעגט וואסילי מיראָנאָוויטש.

— ניין. טאָליק האָט מיר געהאָלפֿן.

— טאָליק איז אײַער שילער?

— טאָליק איז א ווונדער. און א שיבעניק מיט גרויסע שטראלנדיקע אויגן. איר ווייסט, וויאַזוי ער רופֿט מיך?

— וויאַזוי? — פֿרעגט וואסיע, קעדײַ פֿאַרשאפֿן איר פֿאַרגעניגן.

— די דריטע מאמע.

— פֿאַרוואָס עפּעס דריטע?

— ווײַל די ערשטע מאמע איז די מאמע. די צווייטע — די באָבע. און איך בין די דריטע.

— טאָליק איז א מאזיק. א שארפֿזיניק באָכערל.

וואסילי האָט ווידער באקוקט דעם צימער.

— אָבער וויאַזוי וועלן זיך ארומזעצן ארום אזא טישל דרײַסיק קינדער?

— זיי וועלן דען זיצן? זיי וועלן טאנצן ארום דער יאָלקע מיט לעקעכלעך אין די הענט.

— כ׳זע, אז כ׳האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן. אלץ איז אָפּגעטאָן געוואָרן אָן מיר.

— וואָס דאַרפֿט איר טאָן? איר האָט שוין אזוי אויך גענוג זיך אָנגעהאָרעוועט און אָנגעלאָפֿן.

בעסער זעצט זיך אנידער און רוט זיך אָפּ. אגעוו, איר האָט דאָך נאָך ניט געמיטיקט?

— געווייַנלעך עס איך ווארמעס נאָך דער ארבעט. באטאָג כאַפּ איך נאָר עפּעס־וואָס אין מויל ארײַן.

— איז גוט. וועלן מיר איצט פֿאַרבײַסן.

— סײַדן א גלעזל טיי.

— אָ, כ׳וועל אײַך מעכאבעד זײַן מיט פּרעכטיקער טיי. כ׳ווייס, אז איר זײַט א טיי־ליבהאָבער. גייט גיכער וואשן די הענט.

מיט ספּריטנע באוועגונגען פון אירע קליינע גראציעזע הענט האָט זי באפּרײַט אן אָרט אפֿן טישל, אָפּגערוקט אין א זײַט דאָס געבעקס, געבעטן מעכילע בא דעם גרויסאַרטיקן טאָרט און זײַער פֿאַרזיכטיק אים אָפּגערוקט צום עק טיש. דאָס פּאָנעם האָט בא איר בעשאסמײַסע געשײַנט, צוהערנדיק זיך אײַנציײַטיק צו די קלאנגען, געווײַנלעכע און אומגעווײַנלעכע. די אומגעווײַנלעכקײַט איז באשטאַנען אין דעם, וואָס זיי זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט אן אויסטערלישן מענטשן, וואָס איז פּלוצעם ארײַן אין איר לעבן. אָט עפֿנט ער אוף דעם קראנט, די וואסער טוט פֿריילעך א הורטשע, וואסיע שטעלט אונטער זײַנע פֿעסטע פֿאַרברוינטע הענט, פֿאַרשטעלט דעם וועג דער וואסער, און זי אנטלויפֿט דורך

די שפּאַרונעס צווישן די פינגער. ערנוואָרט, ער שפּילט זיך מיט דער וואַסער ווי עפּעס א קונדעס, ווי טאַליק, אשטייגער. א געוויסע צײַט שפּילט ער זיך, נאָכדעם נעמט ער זיך אָנזייפן די הענט. ער טוט דאָס גרינטלעך, ברייטלעך, ניט געײַלט, און בײדע הענט וואַשן אײנע די אַנדערע ליבלעך, מיט א גלעט... נאָר אָט הערט שוין אויף די מורמלעניש פון דער וואַסער, הייסט עס, אז ער נעמט זיך ווישן די הענט מיט א שאָרסטקן האַנטעך, וואָס טויג זייער גוט פאַר א מאַסאַזש. ביזוואַנען ער רײַבט די הענט, קלערט זי, די קליינע לערערקע, אז די רעגנבויגנדיקע בלעזלעך האָבן שוין אוואַדע צעלאָזט זיך אין דער וואַסער, און זי, א קלייניטשקע, בלויז א קאַפּעטשקעלע גרעסער פון טאַליקן, האָט זיך, דוכט זיך, אליין צעלאָזט אין אים, אין דעם גרויסן צוגעלאָזטן וואַסיען...

...ער ווישט נאָך אַלץ מעיושעוודיק די פינגער און די נעגל — וואַסיע איז א ציכטיקער, כאָטש אָנגעטאָן איז ער באַכלעסיק. דער קאָלנער פון דעם העמדל איז בא אים טאָמיד צעפּראַלט (אַגעוו, — די נעשאָמע אויך), זײַן אָפּגעברענטער האַלדז דולדעט ניט קיין שניפּס. הייסט עס, ער האַלט נאָך באַם פאַרענדיקן דאָס וואַשן, און דער טשײַניק אויף דער גאַז־פּליטע נעמט זיך שוין קלינגען מיט זײַן דעקל, גיט אַלעמען צו וויסן: איך בין שוין אויפגעזאָטן, נעמט מיך אראָפּ פונעם פײַער. זי לויפט צו דער קיך און נעמט פאַרפאַרען געדיכטע, דופּטיקע טיי.

— אַלץ איז שוין גרייט, וואַסילי מיראָנאָוויטש. ביטע צום טיש.

וואַסיע האָט פאָרזיכטיק זיך צוגעזעצט צום טישל. די קליינע לערערקע האָט א קוק געגעבן אויף אים.

— איר זײַט נאָך אַלץ צערודערט?

— איר פאַרשטייט, — האָט ער אָנגעהויבן, און די געדאַנקען פאַרלויפן אים דעם וועג, נאָר די קליינע לערערקע האָט זיי אָנגעיאָגט, ניט אזוי מיטן קאָפּ, ווי מיטן האַרצן, דעריבער איז דער געשפּרעך באַשטאַנען פון אָפּגעריסענע ווערטער און פּילפּונקטן.

— ...ווילסט דאָס אַרויסטרײַבן... און דאָס שפּאַרט זיך אײַן און וויל ניט גיין...

— יאָ־יאָ, — האָט האַסטיק אונטערגעכאַפּט די קליינע לערערקע, גלײַך פון איר גרייטקײַט אײַנשטימען מיט זײַן נאָך ניט־אַרויסגעזאָגטן געדאַנק איז אָפּהענגיק די שטימונג פון דעם דאָזיקן מענטשן מיט אויגן, וועלכע לויכטן זיך מיט א ווייכער אומעטיקער שײַן. — בא מיר טרעפט זיך אויך אזוינס... עס קלאַמערט זיך אײַן, ווי א שטעכלקע, און קאָנסט דאָס ניט אַרויסרײַסן... סײַדן מיט א שטיקל האַרץ... איבעריקנס, דער רועך זאָל עס נעמען, דאָס בײַטעלע!

— שוין זשע גייט עס אין דעם בײַטעלע, — האָט זיך אָנגערופן וואַסילי מיראָנאָוויטש. די קליינע לערערקע האָט פאַרשטאַנען איר טאָעס, און באַלד גענומען דאָס פאַריכטן:

— נו, פאַרשטייט זיך. עס גייט אינגאַנצן ניט אין דעם נישטיקן בײַטעלע...

און ער, וואַסיע, האָט בעשאַסמײַסע געטראַכט: די קליינע לערערקע, זעט אויס, האָט אויך אזוי זיך געײַלט אײַנצושטימען מיט יעדן וואָרט, וואָס איר איגנאַטיק פּלעגט אַרויסזאָגן, און דאָך האָט דאָס ניט געהאָלפן, ער האָט זי פאַרלאָזט.

קעדיי ווידער פאַרבינדן דעם איבערגעריסענעם געשפּרעך, האָט די קליינע לערערקע געפרעגט מיט א נוסעך פון א פאַרשולדיקטער שילערן:

— איז אין וואָס גייט ער, וואַסילי מיראָנאָוויטש?

ער האָט געענטפערט לאַקאָניש, מערסטנטייל ניט איר, נאָר זיך, זײַנע געדאַנקען:

— אינעם פײַערשיין...

און זי האָט געטראָפן:

— ...פון דער מילכאָמע?

וואַסיע האָט כאַראָטע באַקומען אויף זײַנע געדאַנקען וועגן דער קליינער לערערקע. וואָס פאַר א פילבאַר האַרץ דאַרף מען פאַרמאָגן, קעדיי צו זײַן גרייט יעדע ווײַלע זיך אָפּזאָגן פון זיך און דורכ־דרינגען זיך מיט עמעצן אַנדערש!

— יאָ. פון דער מילכאָמע.

— איר לעבט איבער דעם פאַל אין מאַגאַזין?

— יאָ.

— אָבער דאָס איז דאָך ניט מער ווי א צופאַל. דאָס פאָלק גיט אָפּ קאָוועד זײַנע רעטער.

— איר ווייסט, וואָס מײַן שווער זאָגט? מ׳האָט אונדז, די מילכאָמע־וועטעראַנען, געגעבן די דאָזיקע רעכט? ריכטיק געטאָן. און מיר, ס׳הייסט, יעדער פון אונדז, לאָמיר זיך אָפּזאָגן פון זיי. וועט דאָס אויכעט זײַן ריכטיק.

די קליינע לערערקע האָט א פּרווו געטאָן פאַרקערעווען דעם געשפּרעך אין א מער רויִקער ריכטונג, אָבער געכאַפּט זיך, אז איר רעפּליקע איז ניט קיין פּאַסיקע צוליב דעם.

— וואָס־וואָס, נאָר פון רעגינע וולאַדימיראָוונען וועט איר שוין כאַפּן א פּסאַק.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט אָבער רויִק געענטפערט:

— הײַנט עפּשער ניט. רעגינע האָט ליב פּאַרטײַען, אויסכאַװען א באַלײדיקונג און אין א גיב־סטיקער מינוט א שטאָך טאָן, אָבער אַזױ, אַז דאָס זאָל פאַרשאַפן װאָס מער װײטיק. זי קאָן זיך אַפילע מאַכן, אַז זי האָט אונדז ניט באַמערקט.

— װײסט איר װאָס, — האָט אױסגערופן די קלײנע לערערקע. לאָמיר בעסער טרינקען טײ. טוט א שמעק, סאַראַ רײעך!

ער האָט א שמעק געטאָן, א דרײ געטאָן מיטן קאָפּ:

— א מעכײַע! איך פּיל שױן, אַז ס'איז א טײ, װאָס צעגײט זיך אין יעדער אײװער... פונדעסט־װעגן װעל איך ניט טרינקען, ביזװאַנען איר װעט מיר ענדלעך ניט זאָגן אײַער נאָמען.

זי האָט זיך צעלאַכט.

— װאָס דאַרף איך אײַך זאָגן, אויב איר װײסט שױן אַלײן.

— װי־אַזױ זשע?

— רוט.

— רוט? — האָט א פאַרװוּנדערטער איבערגעפרעגט װאַסילי און עטלעכע מאָל איבערגעכאַ־זערט, — רוט, רוט, רוט...

— װאָס זשע װוּנדערט איר זיך אַזױ? איר האָט דאָך אַלײן געזאָגט, אַז איך בין שטאַרק ענלעך אָף רוט.

— טשעפּעט ניט רוט... רוט איז אומגעקומען. מ'האָט זי פאַרמויערט צוזאַמען מיט איר מאַמען דאָרטן, װוּ מײַנע עלטערן האָבן זײ פאַרבאַהאַלטן...

די קלײנע לערערקע האָט היסטעריש אויסגעשריגן:

— הערט שױן אויף! זאָל זײַן גענוג! פאַטערט ניט אונדזער יאָמטעװ! באַלד װעלן שױן די קינ־דער קומען!

אויסגעשריגן — און צעװײנט זיך.

װאַסיע איז צוגעגאַנגען צו איר, פאָרזיכטיק אָפּגעריסן אירע הענט פונעם פּאָנעם, אויסגעװישט מיט די ליפּן אירע טרערן.

— רוט, — האָט ער געזאָגט, — דו ביסט גערעכט. מע טאָר ניט שטערן א קינדערשן יאָמטעװ. רוטס פאַרװײנט פּאָנעם האָט באַשײַנט א שטראַל.

— אָט אַזאַ האָב איך דיך ליב, װאַסיע, — און צוגעגעבן: — באַרויִק זיך. בא מיר איז בלויז דער זעלבער נאָמען. װאַסי, װײניק רוטס פאַראַן אָף דער װעלט!

זי האָט צוגערוקט דעם טאָרט, גענומען א מעסער, װאַסיע האָט אָבער א מאַך געטאָן מיט די הענט:

— מע דאַרף ניט. מע דאַרף אים ניט צעפּאַסעװען, ביזװאַנען די קינדער װעלן ניט קומען.

— זאָרג זיך ניט פאַר די קינדער. כ'װעל זײ זאָגן, אַז איך האָב מעכאַבעד געװען דעם פעטער שנײער און אַז דער טאָרט איז אים שטאַרק געפעלן. ניט אַזױ?

װאַסילי האָט געקײַט און געקליבט אין טאָג אַרײַן.

— יאָ. א מעכײַע. שױן לאַנג טאַקע ניט געפילט אַזאַ טײַנעג.

— איז אויב אַזױ, טאָ לאָמיר זיך גיכער נעמען פאַר דער אַרבעט. באַלד קומען שױן די קינדער, און דו מוזסט נאָך זיך אײַנלעבן אין דײַן ראָל.

װאַסילי האָט דורכגעמורמלט:

— כ'האָב גאָר פאַרגעסן... כ'האָב דאָך ניט דעם געהעריקן רעקװיזיט.

— װער זאָגט, אַז דו האָסט ניט? — האָט רוט זיך אָנגערופן. — אַלץ איז פאַראַן. אַלץ, װאָס איז פאָרויסגעזען לויט דער פּראָגראַם.

— װאָס פאַר א פּראָגראַם?

— לאָמיר א טראַכט טאָן, הא, װאַסיע? לאָמיר פאַנאַנדערבעטן א סצענאַרי.

— גוט. הײב אָן.

— א צימער. דעמערונגען. שטילקײַט... נו, איצטער איז דײַן רײ, װאַסיע.

— בעסער װאָלט געװען, װען דו װאָלסט אַלײן פאַרגעזעצט...

— פאַרװאָס, װאַסיע?

— כ'האָב עפּעס מוירע.

— פאַר װעמען האָסטו מוירע? ס'איז דאָך דאָ קײנער נישטאָ.

— פאַר זיך.

— הער אויף, װאַסיע. מע דאַרף ניט.

— יאָ־יאָ. דו ביסט גערעכט. מע דאַרף ניט... איז װוּ האַלטן מיר?

— א צימער. דעמערונגען. שטילקײַט...

— יאָ. שטילקײַט. און שטילע שאָטנס...

— ס׳איז דען פֿאַראַן הילכיקע שאָטנס?

— יאָ. פֿאַראַן. די שאָטנס פֿון די אומגעקומענע.

— וואַסילִיאַק... ליבער מײַנער... מע דאַרף ניט.

— יאָ־יאָ. ריכטיק. מע דאַרף ניט... דו פֿאַרשטייסט, מײַן מאַמע האָט געזאָגט דעם טאַטן: „אוי, מיראָן, זײַ פֿאָרזיכטיק. מיר ריזיקירן מיטן לעבן. כ׳האָב מוירע. כ׳האָב מעסוקן מוירע פֿאַר אײַך, פֿאַר דיר און פֿאַר וואַסיען...

ערשט איצטער האָט רוט, ס׳הייסט, די קליינע לערערקע, מיטאַמאָל א טראַכט געטאָן, אַז עפּשער וואָלט געווען בעסער געבן וואַסיען זיך אויסריידן, ביז וואַנען די קינדער וועלן קומען, אויב ניט, וועט זײַן שווערע שטימונג זיך ניט אויסלײַטערן. האָט זי געפֿרעגט:

— און וואָס האָט דער טאַטע געענטפֿערט?

— גאָרנישט. ער האָט געשוויגן. געשוויגן און געטאָן זײַנס... — און צוגעגעבן: — און איך האָב געמיינט, אַז די מאַמע איז באַרעמהאַרציקער, ווי דער טאַטע. ס׳הייסט, עפּשער טאַקע יאָ. נאָר...

— וואָס נאָר?

— זעט איר, איבער מיר. כ׳האָב געהערט, וואָס מײַן מאַמע האָט געזאָגט דעם טאַטן, האָב איך זיך מעסוקן צעשריגן און צערעוועט: „טאַטע! ראַטעווע רוט! טאַ־טע!..“

און רוט, די צווייטע רוט, פֿאַרלויפֿט אים דעם וועג:

— האָסט שטאַרק ליב געהאַט דעם טאַטן?

— יאָ.

— און די מאַמע?

— יאָ.

און ווי מע פֿרעגט א קינד:

— וועמען שטאַרקער?

ענטפֿערט ער טאַקע נאָר ווי א קינד:

— ביידע שטאַרקער. — און גיט צו: — און רוט אויך.

און רוט, די צווייטע רוט, וויל זיך דערשלאָגן אירס. זי פֿרעגט:

— אויף וועמען ביסטו מער ענלעך, וואַסיע? אויפֿן טאַטן, צי אויף דער מאַמען?

— אויף ביידע. דער מאַמעס אויגן, און דאָס איבעריקע — דעם טאַטנס.

זאָגט רוט, ס׳הייסט, די קליינע לערערקע:

— דו ביסט א שיינער, וואַסיע, און איך בין א מיִעסע. פֿונדעסטוועגן, עפּשער וואָלסטו מיך א קוש געטאָן?

ענטפֿערט ער איר, און רוט ווייסט ניט, וועמ ס׳ענטפֿערט, צי דער זעקסיאָריקער וואַסילקאָ, צי דער סאָלידער אינזשעניער וואַסילי מיראָנאָוויטש:

— איך קאָן ניט אין זייער אָנוועזנהײַט.

— כוץ אונדז איז דאָך קיינער דאָ ניט פֿאַראַן.

— פֿאַראַן.

וואַסילי האָט דאָס אויסגערעדט מיט אַזאַ קאַטעגאָרישקײַט, אַז רוט האָט ניט־ווילנדיק אַרומגע־קוקט דעם צימער. קיינער ניט. סײַדן די יאָלקע, די וואַלד־שיינהײַט, וואָס איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אויסגעפּוצטער דאַמע. רוט האָט געכאַפּט א פֿאַרכידעשטן קוק אויף וואַסיען, וואָס האָט נאָכאַמאָל איבערגעכאַזערט הויך און האַרב:

— פֿאַראַן.

איז וואָס? נעמען זיך קריגן מיט אים? ניין, קינדער זײַנען דאָך טאָמיד אײַנגעשפּאַרט. אָנשטאָט דעם האָט זי געלאָזן אויך איבערגעכאַזערט:

— פֿאַראַן.

און סאַמע דאַן האָט זיך דערהערט די גרינגע שטים פֿון דער יאָלקע, און עפּשער פֿון עפּעס א שאָטן, וואָס האָט זיך פֿאַרבאַהאַלטן הינטער איר, און עפּשער פֿון וואַסיען אַליין:

— איך בין גראָד פֿון יענעם וואַלד. איך בין דעמאָלט געווען נאָך א קלייניטשקער, פֿונדעסטוועגן געדענק איך, אַז איינמאָל זײַנען געקומען ניט־גוטע מענטשן און האָבן אָפּגעזעגט צוויי ביימער פֿאַר א טליִע...

רוט האָט א ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער. זי האָט זיך גענומען בעטן ראַכמים:

— הער אויף, וואַסיע, כ׳בעט דיך. די קינדער מײַנע זײַנען זייער פּילבאַרע.

וואַסיע האָט דורכגעשטאַמלט:

— זײַ מויכל, רוט... אָפּטמאָל פֿאַלט אויף מיר עפּעס אָן... און דאַפֿקע... דאַפֿקע דאַן... ווען עס איז מיר זייער גוט, אַשטייגער, ווי איצט...

אָפּגעאָטעמט, אָפּגעזיפֿצט און שוין עטוואָס רויִקער:

— רעגינע פאַרהאַסט מיך פּאַשעט אין אַזעלכע מאָמענטן. זי וואָלט זיך שוין פֿון לאַנג געגעט מיט מיר, ווען איך וואָלט ניט געווען אַזאַ „באַקוועמער“ מאַן.

וואַסיע האָט פאַרקלעמט דעם קאָפּ מיט די דלאָניעס, ווי מיט צוואַנגען. רוט האָט אים א גלעט געטאָן איבער די האָר.

— דער קאָפּ טוט וויי?

ער האָט געפּרוּווט א שמייכל טאָן. אין די דעמערונגען האָט זיך דער שמייכל אָפּגעטיילט פון זײַן פּאָנעם, צוגעשווומען צו דער יאָלקע און געבליבן הענגען אַף איר, ווי א האַלבע לעוואָנע.

— ניין. ער טוט שוין ניט וויי.

— איז גוט. לאָמיר אָנהייבן פונעם אָנהייב.

ער האָט איבערגעכאַזערט:

— א צימער. ביינהאַשמאָשעס. שטילקײַט...

קוים באַוויזן א טראַכט טאָן, האָט זיי זיך געדוכט, אַז עס האָבן זיך צעפּראַלט די טירן און דרײַסיק קליינע כעווערניקעס האָבן זיך ארײַנגעריסן מיט א געשריי און געפילדער, און טאָליק, דער אַטאַמאַן זייערער, האָט פאַרכאַפּט אויסגערופן:

— אָט איז אונדזער דריטע מאַמע און דער ערשטער פעטער שנייער! לאָמיר גיין צוזאַמען מיט זיי אין וואַלד ארײַן.

וואַסיע פרעגט די קליינע לערערקע:

— ווען איר האָט געקויפט די יאָלקע, האָט איר זיך ניט דערוווסט, ווו זי איז געוואַקסן?

— וואָס הייסט ווו? אין וואַלד. אפילע א דרײַיאָריק קינד ווייסט עס. זיי זינגען דאָך:

«В лесу она росла...».

— אָבער אין וועלכן וואַלד? צי ניט אין דעם, וואָס לעבן דעם דאָרף פּטאַשקינאָ?

— כ'ווייס ניט.

זײַן האַנט האָט זיך א גליטש געטאָן איבער דער וואַנט, אָנגעטאַפּט דעם אויסשליסער, אָנגעדריקט, און א העלע שײַן האָט זיך צעגאָסן איבערן צימער, צעפינקלט זיך, צעשפּיגלט זיך אין די פּילצאַליקע באַפּוצונגען. דער פאַרכושטער וואַסיע האָט מיטאַמאָל דערזען עטלעכע צענדליק קינדער, וואָס דרייען זיך אַרום דער יאָלקע מיט סאָפּילקעס אין די מײַלער. זײַן האַרץ האָט זיך דערפרייט. נאָכדעם האָט ער פאַרדײַגעט באַמערקט:

— עפּעס קומען ניט די קינדער.

רוט האָט זיך גלײַך אָפּגערופן:

— יאָ, עפּעס קומען זיי ניט... און ס'איז שוין אַזוי שפּעט...

זי האָט דאָס אויסגערעדט זייער טריב, עפּעס אַן איינזאַמקײַט, א פאַריאָסעמטקײַט האָט דורכגעדרונגען אירע ווערטער. וואַסיע האָט דערפילט א שטאָך אין האַרצן, נאָר ער האָט זיך געצווונגען אויסרופן האַפערדיק:

— זיי וועלן קומען! אומבאַדינגט! וווהין דען וועלן זיי זיך אהינטאָן? זעט אויס, אַז זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן איבער עפּעס א סיבע.

רוט האָט מיטאַמאָל ביטער זיך צעוויינט. ער האָט זי אָנגעכאַפּט פאַר די הענט.

— וואָס האָט געטראָפן?

רוט האָט קוים אויסגערעדט, ניט אויפהערנדיק צו כליפּען:

— זיי וועלן ניט קומען, וואַסיע.

— וואָס הייסט, זיי וועלן ניט קומען? פאַרוואָס? — האָט מיט צאָרן אויסגערופן וואַסילי.

צעפליקטע ווערטער זײַנען צעפאַלן צוזאַמען מיט רערעלעך.

— זעט אויס... זעט אויס... די מאַמעס און די טאַטעס לאָזן זיי ניט... איבער מײַנע... איבער מײַנע פאַמיליען-אומשטאַנדן. איגנאַטיקס נײַע פרוי צעשפּרייט אַלערליי פּליאָטקעס וועגן מיר...

וואַסיע האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן, זיך אָנגעבויגן צו רוטן, פאַנאַנדערגענומען אירע הענט, מיט וועלכע זי האָט פאַרדעקט איר פאַרוויינט פּאָנעם, אויסגעטריקנט אירע טרערן מיט הייסע קושן. נאָכדעם האָט ער זי גענומען פאַר דער האַנט, א צי געטאָן צו זיך, און זיי האָבן זיך גענומען דרייען אַרום דער יאָלקע, ווי דערוואַקסענע קינדער, און וואַסיע האָט אפילע גענומען זינגען מיט א געמאַכט דין קעלכל:

В лесу родилась елочка,
В лесу она росла...

און ערשט דערנאָך, ווען, פאַרסאָפּעטע, האָבן זיי ווידער זיך צוגעזעצט אַף די בענקלעך, האָט וואַסיע אויפגעבראַכט אויסגערופן:

— אָבער דאָס איז דאָך נידערטרעכטיקייט! אָפּשלאָגן א מאַן, און נאָך פאַרשפּרייטן מיִעסע פּליאָטקעס!

רוט האָט געקוקט אויף וואסיען מיט אויגן, פולע מיט ליטערער דאנקבאַרקייט. זי האָט איבערגע־לעבט ניט אזוי איבער דעם, וואָס די קינדער זײַנען ניט געקומען, ווי איבער דעם, וואָס וועט וואסיע דערויף זאָגן. זי האָט אים דאָך אַליין געמאָלדן — דרײַסיק, האָט ער געקויפט דרײַסיק סאָפּילקעס, און קיינער איז ניט געקומען. וואסיע אָבער האָט זיך געפירט ווי אן עמעסער ריטער. שטילערהייט פאַרטײַטשט זי אים:

— כ׳האָב געזאָגט איגנאטן: „ס׳האָט דיר זיך פאַרוואָלט האָבן קינדער — איז גוט. ס׳האָט אײַן דיר זיך א ריר געטאָן א נאָבעלער פאַטערשאַפט־געפיל — איז גוט. לאָמיר טאָן אזוי: אין א דרײַ כאדאָשים ארום וועט דײַן קאַכאַנקע געבוירן דיר א קינד. ברענג דאָס אהיים. כ׳וועל זײַן פאַר דעם, ווי א מאַמע, און כ׳וועל קיינמאָל ניט פירוואַרפן דיר כאָטש מיט איין וואָרט... איגנאט האָט, זעט אויס, איר דאָס דערציילט. איז זי אפילע צו אונדז אין שול געקומען מיט א גרויסן בויך...

וואסילי האָט געשוויגן. זי האָט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער שווײַגט. פירט זי ווײַטער:

— ליבע צי אייפערזוכט האָט מיר פאַרקלאָפּט דעם קאָפּ. כ׳ווייס אַליין ניט. נאָר איך בין ניט געווען גערעכט. שויך זשע מעג מען אוועקנעמען בא א מאַמען איר קינד?!

וואסיע האָט אָבער נאָך אַלץ געשוויגן. גיט זי צו:

— וואָס איז דאָס שוין פאַר א ליבע, מישטיינס־געזאָגט! פּאַשעט אן אייגנטום־געפיל — מײַן מאַן!

וואסיע האָט געשוויגן איבער אן אנדער סיבע. זײַן אָנגעשטרענגטער געהער האָט אופגעכאַפּט א האַפערדיקע טופּערײַ פון קינדערשע פיס. רוט איז אופגעשפּרונגען, ברייט צעפּראַלט די טיר, די קינדער האָבן זיך ארײַנגעריסן, ווי א ווייכער, און צוזאַמען מיט זיי האָט זיך ארײַנגעריסן די יאָמטעוו־דיקייט. עמעס, געקומען זײַנען ניט דרײַסיק קינדער, נאָר בלויז אכט. אָבער די דאָזיקע אכט האָבן פאַרפולט דעם צימער מיט זייער האַסטיקן שטורמישן ארײַנרײַס. דערזעענדיק די שיינהײַט־יאָלקע, זײַנען זיי געבליבן שטיין מיט אָפענע מײַלער. טאָליק האָט אופגעהויבן זײַנע שטראַלנדיקע אויגן אויף דער לערערן און היספּײַלעסדיק אויסגערופן:

— אַ־דאָס איז א יאָלקע!

— פאַרוואָס אזוי שפּעט? — האָט אים געפרעגט די לערערקע.

טאָליק האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— עט! ביזוואַנען איך בין אויסגעוועזן בא זיי, ביזוואַנען כ׳האָב זיי אײַנגערעדט. דער איז פלוי־צעם קראַנק געוואָרן, יענער דאַרף גיין באַגריסן זײַן טײַערע מומע. כ׳האָב זיך פּאַשעט פאַרמוטשעט מיט זיי!..

וואסילי מיראָנאָוויטש האָט איבערגעשלאָגן דאָס באַריידעוודיק ייִנגעלע:

— דאָס ביסטו טאָליק?

— איך. וואָסי דען?

— דאָס האָסטו געפּײַניקט א הינטעלע אפן באַלקאָן?

טאָליק האָט הויך א הייב געטאָן די אַקסלען און פאַרגעסן ארויפּלאָזן זיי.

— איך? כ׳האָב ניט קיין הינטעלע און ניט קיין באַלקאָן. איר פּלאָנטערט עפּעס. דאָס איז מיס־טאַמע געווען פּערעבייקאָ.

— ווו איז ער דען, פּערעבייקאָ?

— ניט געקומען. זײַן מאַמע זאָגט...

וואסילי האָט אים ווידער איבערגעשלאָגן:

— דײַן נאָז איז עפּעס געשוואָלן.

דאָס ייִנגל האָט א טאַפּ געטאָן די נאָז.

— ווו איז זי דען געשוואָלן?

— זײַ זיך בעסער מודע, מיט וועמען האָסטו זיך געשלאָגן?

— מיט קיינעם ניט... סײַדן עפּשער מיט טאַטאַרטשוקן...

— פאַרוואָס האָט ער דיך?..

— דאָס האָב איך אים.

— פאַרוואָס האָסטו אים?

— ער פּלאַפּלט עפּעס ניט קיין גוטע ווערטער וועגן אונדזער לער...

דודאַר האָט דאָס דריטע מאָל איבערגעשלאָגן טאָליקן:

— קאָנסט שפּילן אויף א סאָפּילקע?

דאָס ייִנגל האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— אזוי זיך... א ביסל קאָן איך און א ביסל ניט...

די לערערקע האָט באַשלאָסן קומען צו הילף וואסיען. זי האָט א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— אכטונג, קינדער! כ׳וועל אײַך פֿאַרגעבן אַ רעטעניש. ווער עס וועט טרעפֿן, וועט באַקומען אַ פּרעמיע באַם פּעטער שנייער.

די קינדער זײַנען שטיל געוואָרן, אַרומגערינגלט די לערערן. בלויז דער טומלדיקער טאַליק האָט אַ פֿרעג געטאָן:

— ווו זשע איז ער, דער פּעטער שנייער?

די לערערן האָט אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן אויף אים מיט די הענט:

— ער איז נאָך ניט געקומען.

און ווענדנדיק זיך צו די קינדער, האָט זי געפֿרעגט:

— אַ וואָרט, וואָס באַשטייט פֿון דרײַ פֿראַגמענטן און וואָס מע קאָן אָנווענדן צו די הענט — וואָס איז דאָס?

די קינדער האָבן זיך אָפּגעקערט פֿון דער יאַלקע — זי האָט זיי געשטערט צו פֿאַרטיפֿן זיך — און זיך פֿאַרקלערט.

וואַסיע האָט זיך פֿאַרקליבן צווישן די שילער. ער האָט אויפֿגעהויבן די האַנט:

— איך מעג?

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

— ווי מיינט איר, מיר וועלן דערלויבן דעם פּעטער וואַסיע? — האָט די לערערן געפֿרעגט מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט.

— יאָ, מיר וועלן דערלויבן, — האָבן אָפּגעהילכט אַכט שטימען.

וואַסיע האָט צוגעצויגן צו זיך די קלייניטשקע שיינינקע באַסטוסיע און עפּעס אײַנגערוימט איר אין אויער. דאָס מיידעלע האָט אויפֿגעהויבן דאָס הענטל:

— איך וועל זאָגן.

דימקע, דער העכסטער צווישן די אַכטיאָריקע, האָט אויפֿגעבראַכט אויסגערופֿן:

— דער פּעטער האָט דיר אונטערגעזאָגט.

באַסטוסיע האָט זיך ניט פֿאַרלאָרן. זי האָט זיך אויסגעקערעוועט צו וואַסילי מיראָנאָוויטשן:

— עמעס, אַז איר האָט מיר ניט אונטערגעזאָגט?

— עמעס, — האָט באַשטעטיקט וואַסילי, און רוט איז געווען צופֿרידן מיט דעם, וואָס ער נעמט אָן אָנטייל אין דער דאָזיקער שפּיל.

— נו, איז זאָג, באַסטוסיע.

דאָס מיידעלע האָט דײַטלעך געענטפֿערט, אַקצענטירנדיק יעדן טראַף באַזונדער:

— Вы-мы-ты

— ריכטיק, — האָט די לערערקע אַ פֿליעסקע געטאָן מיט די לאַפּעס. — הייסט עס אַז איר דאַרפֿט גיין וואַשן די הענט, איידער מיר וועלן זיך זעצן צום טיש.

ווען די קינדער, אונטערשטופּנדיק איינס דאָס צווייטע, זײַנען אַוועק אין דעם וואַשצימער, האָט רוט דערלאַנגט וואַסיען אַ גרויס פּעקל און אײַנגערוימט אים שטיל אין אויער, האַגאַם כּוץ זיי איז אין צימער מער קיינער ניט געווען:

— אַציננד גיי גיך אין קיך און טו זיך איבער אין פּעטער־שנייערס קליידער.

וואַסילי האָט גענומען דאָס פּעקל און אַנציקט זי אַ ליב געטאָן:

— אַט זעסטו שוין, וואָס פֿאַר אַ כּילעק איז צווישן אונדז: איך האָב וועגן דעם לאַנג געקלערט, נאָר געשפּילט זיך דאָס אויספֿילן, און דו, ניט לאַנג קלערנדיק, האָסטו באַוויזן דאָס אויפֿצוטאָן. — נאָכדעם פֿרעגט ער: — אַט וועל איך זיך איבערטאָן. און ווײַטער וואָס?

— וועסט האַלטן אַ רעדע. אַ נײַ־יאָר־רעדע.

— און וואָס דאַרף איך זיי זאָגן?

— דאָס, וואָס דײַן האַרץ וועט דיר אונטערזאָגן...

און צוגעגעבן באַדײַטפֿול אַזוי, אַז איר ברייטלעך פּאָנעם האָט זיך אויסגעצויגן, און די אויגן זײַנען טונקל געוואָרן:

— און אַ האַרץ פֿאַרמאָגט איר אַ פֿילבאַרס. עפּשער אַפֿילו מערער ווי דער קאָפּ.

וואַסיע האָט אײַליק זי איבערגעשלאָגן, ווי אַ שילער, אויפֿגעהויבן די רעכטע האַנט:

— און אַ שפּאַרגאַלקע מעג מען פֿאַרגרייטן, באַוואָרטע לערערן?

זי האָט גנעדיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— יאָ. מע מעג.

— איז גיט מיר אַ העפֿטל און אַ גראָבן רויטן בלײַער.

— אַלץ וועט זײַן.

— און אַ שניי־מיידעלע וועט זײַן? — שטילט זיך וואַסיע אַלץ ניט אײַן.

— ס׳וועט זײַן. אומבאַדינגט.

— ווער? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— נאַסטוסיע, — האָט זי אים אײַנגערוימט בעסאָד.

ווען די קינדער האָבן אָפּגעוואַשן די הענט, האָבן זיי זיך גאַנץ סטאַטעטשנע אוועקגעזעצט אַרום דעם טיש. רוט האָט געבראַכט עטלעכע פלעשלעך מאַראַנצן־וואַסער.

— עסט, קינדערלעך, זיסקײַטן און פאַרטרינקט מיט זיסער וואַסער, און זאָל אײַך ווויל באַקומען. וואַסילי איז אוועק אין קיך. ער האָט אָנגעפרעגעדעט אױף זיך דעם פעטער־שנייערס בוטאַפאָרישע בגאָדים — אַ לאַנגן, ביז צו די פּיאַטעס, ווײַסן פעלץ, אַ ווײַס פוטער־היטל, ווײַסע פּרישטן, און ער האָט כשיוועסדיק אַ גלעט געטאָן זײַן ווײַסע לאַנגע באָרד. נאָכדעם האָט ער זיך אוועקגעזעצט אױף אַ טאַבורעט, אונטערגעפּאַרבט מיטן רויטן בלײַער די נאָז, אױפגעעפנט דאָס העפטל, באַנעצט מיט סלינע דעם זעלבן רויטן בלײַער און געטומען זאָרגזאַם עפּעס פאַרשרײַבן, פאַרמעקט און ווידער גע־שריבן, ביזוואַנען רוט האָט זיך ניט אַרײַנגעריסן צוזאַמען מיטן שניי־מיידעלע, ס׳הייסט מיט נאַס־טוסיען.

— ווו זענט איר, פעטער שנייער? וויפל קאָן מען עס וואַרטן אױף אײַך?

וואַסיע האָט פאַרלייגט דעם בלײַער הינטער דעם אויער, ווי ער פלעגט דאָס טאָן, ווען ער האָט נאָך געאַרבעט אַלס אַ טעסלער, אַרויסגעריסן פונעם העפטל דאָס אָנגעשריבן בלעטל, צונויפגעוויקלט דאָס אין אַ רעדל, אַ רוק געטאָן דאָס אין דעם ברייטן אַרבל פונעם פעלץ און זיך געלאָזט גיין מיט גיכע טריט גלײַך נאָך רוט, האַלטנדיק פעסט פאַרן הענטל דאָס שיינינקע שניי־מיידעלע.

רוט איז אַרײַן אין צימער, און דער פעטער שנייער האָט זיך נאָך פאַרהאַלטן אױף אַ ווײַלע בײַ דער שוועל. „איבּ ער האָט זיך שוין יאָ געטומען פאַר דער דאָזיקער ראָל, דאַרף מען האָבן אין זינען יעדע קלייניקײַט", — קלערט וואַסיע, און דאָס האַרץ קלאַפּט בײַ אים, גלײַך ער וואָלט זיך געקליבן אַרויסגיין אױף דער סצענע פון אַ גרויסן טעאַטער. ער איז אַרײַן, פאַריסן דעם קאָפּ און די באָרד, און עס האָבן אַ שוויבל געטאָן פאַר זײַנע אויגן שאַרף־נײַגעריקע, פאַרשײַטע, פינקלענדיקע, שוואַרצע, בלויע, גרויע אייגעלעך, און רוטס אויפמונטערנדיקער שמייכל. האָט ער אַרויסגערעדט מיט אַ גע־דיכטן, זייער סאָלידן באַס:

— כאַווײרים קינדערלעך!

איבערן צימער האָט זיך דורכגעקײַקלט אַ שטורמישער קינדערש־קלינגעוודיקער געלעכטער. וואַסיע האָט אײַנגיכן באַמערקט, אַז די קינדער קוקן ניט אױף זײַן רויטער נאָז, נאָר גאָר אױף זײַן רעכטן אויער. האָט ער זיך דערמאָנט וועגן דעם גראָבן רויטן בלײַער, וואָס ער האָט אַהין פאַרוקט. און האָט באַשלאָסן אויסניצן דעם דאָזיקן צופאַל צוליב אַ גרעסערן עפעקט.

לויט זײַן נאַטור איז וואַסיע געווען אַ פריילעכע נעשאָמע. ער האָט ליב געהאַט דאָס לעבן. ער האָט ליב געהאַט אַ שמייכל, אַ געלעכטער, און ווען רעגינע און דער שווער פלעגן אָנפאַלן און אָנשרײַען אױף זייער צו לוסטיקער שכיינע מאַריקען מיט איר צעווילדעוועטער כאַפּטע און שטורמישער מוזיק, פלעגט וואַסיע נעמען אומדרייסט זי פאַרטיידיקן.

וואַסיע האָט געהאַט צײַט זיך באַקלערן — די קינדער האָבן געהאַלטן אין איין לאַכן, זײַן פאַר־טראַכטקײַט האָבן זיי אָנגענומען ווי אַן אומיסטנדיקע פאַרלוירנקײַט. קלערנדיק, האָט וואַסיע געפּרוּווט אוועקזעצן רעגינען פון איין זײַט און רוט — פון דער צווייטער, אַ פרווו געטאָן פאַרגלײַכן — וועלכע פון זיי איז בעסער, ניין, ניט דאָס, ניט בעסער, נאָר, נאָר... זײַנע געדאַנקען האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט, און דאָס האַרץ האָט פאַרקלעמט.

ענדלעך האָט ער אָפּגעאָטעמט און אַרויסגעשלעפט דעם בלײַער פון אונטער דעם אויער.

— וואָס איז דאָס, קינדערלעך?

— אַ בלײַער! — האָבן אויסגערופן אַלע אײַנײַנעם, און זייערע אויגן האָבן זיך נאָך מער צע־פינקלט, וואַרטנדיק אױף אַ נײַעם פריילעכן אײַנפאַל פון דעם פעטער שנייער.

— ריכטיק. אָבער נאָך וואָס דאַרף מען אים?

— שרײַבן!

— ריכטיק. און וואָס איז דאָס? — האָט געפרעגט דער פעטער שנייער, טיטשענדיק מיטן בלײַער אין דעם שפּיץ נאָז.

— אַ נאָז!

— ריכטיק. אָבער נאָך וואָס דאַרף מען די נאָז?

— שמעקן!

— ריכטיק. אָבער וואָס אַלגעמיינס איז פאַראַן בײַם בלײַער און בײַ דער נאָז?

— ביידע זײַנען רויט!

— ריכטיק. און וואָס נאָך?

— ביידע זײַנען גראָב.

— ריכטיק. און וואָס נאָך?

די קינדער האָבן זיך אױף א װײַלע פֿאַרטראַכט. נאָכדעם אַלע אײנײנעם:

— מיר װײסן ניט.

— און איך װײס אױך ניט, — האָט אױסגערופֿן דער פּעטער שנײער, און אַלע האָבן װידעראַמאָל זיך צעלאַכט. רוט איז געװען אנציקט פֿון איר איבערגעשטאַלטיקטן װאַסיען, און קימאַט אײנגאַנצן פֿאַרגעסן װעגן איר קראַנקן איגנאַטיקן.

— שנײ־מײדעלע! — האָט הילכיק אױסגערופֿן װאַסיע. ער איז פֿולקום אַרײַנגעדרונגען אין זײַן ראָל. — װוּ איז מײַן טאַרבע?

— בא אײַך אין דער האַנט, — האָט מיט א דין קעלכל געענטפֿערט נאַסטוסיע און האָט א כיכיקע געטאָן.

— ריכטיק, — האָט זיך געכידעשט דער פּעטער שנײער. — און איך האָב זי ניט באַמערקט. נאָכאמאָל — א געלעכטער־אױפֿברױז. נאָכדעם, װען װאַסיע װעט פֿאַנאַנדערטײלן די מאַטאַנעס און די טאַרבע װעט לײדיק װערן, װעט ער, װאַסיע, צונױפֿזאַמלען די אָפּשניצלעך פֿון דעם דאָזיקן געלעכטער, זאָרגזאַם אַרײַנלײגן אין טאַרבע און פֿעסט פֿאַרבינדן זי. ער װעט זײ אָפּהיטן װי א רעפֿױע בײס די אָנפֿאַלן פֿון טױט־בענקעניש, װען די אַנטענעס אױף די דעכער זעען אױס װי טלײעס.

דער פּעטער שנײער האָט א טרײסל געטאָן די טאַרבע פֿאַר די גיריקע אױגן און געפֿרעגט:

— װאָס איז פֿאַראַן אין דער טאַרבע? װער עס װעט טרעפֿן װעט באַקומען א צװײיענדיקע מאַטאַנע.

ענטפֿערן אײנמוטיק — באַקומט זיך ניט. יעדער אײנער האָט אָנגערופֿן דאָס, װאָס איז אים געפֿעלן, און װאָס ער װאָלט געװאָלט באַקומען.

טאָליק: סאַמאָסװאַלן!

ניומע: אױטאָמאַטן!

סוועטאָטשקע: ליאַלקעס!

סלאַװקע, ער איז א טרױמער: טעלער!

— װעלכע טעלער?

— נו, די, װאָס פֿליִען.

סאָניעטשקע, זי איז א לוסטיקע: פּינפּן!

און גלײַך אַלײן זיך צעלאַכט.

ראָמקע, ער פֿאַרהיקעט זיך א ביסל, האָט ער געענטפֿערט שפּעטער פֿון אַלע: א פּאָ־פּאָ־פּאָפּוגײַ!

דימקע איז געװען העכער פֿון אַלע און שטענדיק געװען הונגעריק. די לערערן האָט געװוּסט װעגן זײַן שװאַכקײַט, האָט זי אַלעמאָל אים עפּעס אונטערגעלײגט אין זײַן טעלער. איצט האָט ער געקײַט א בוטערבראָד מיט קעז.

— און פֿאַרװאָס שװײַגסטו? — האָט אים א שטורך געטאָן טאָליק, און דער בוטערבראָד איז אַרױסגעפֿאַלן פֿון דימעס האַנט.

דימע האָט מיט שרעק א קוק געטאָן אױף דער לערערן, אױף דעם פּעטער שנײער און פֿאַרוקט דאָס ברױט אונטערן טיש. דער פּעטער שנײער האָט אָבער דאָס באַמערקט, האָט ער א װײַז געטאָן דימען מיטן פֿינגער:

— מע טאָר ניט אַװעקװאַרפֿן קײן ברױט.

דימע איז רױט געװאָרן. װאַסיע האָט אים שטרענג באַפֿױלן:

— בײג זיך אָן, פֿאַרבײג זיך פֿאַרן ברױט, הײב דאָס אױף, בעט בא דעם מעכילע, גיב דעם א קוש און לײג דאָס אַװעק אױפֿן טיש.

דימע איז נאָך רױטער געװאָרן. די לערערן האָט זיך אָנגעבױגן צו אים און אײַנגערױמט אים אין אױער. דימע איז אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש, אױפֿגעהױבן דאָס ברױט און אַװעקגעלײגט אױף זײַן טעלער.

— פֿאַרװאָס זשע קושסטו ניט? — האָט דער פּעטער שנײער שטרענג געפֿרעגט.

— כ׳װעל דאָס בעסער אױפֿעסן, — האָט דימע זיך אָנגערופֿן און אײַנגעשלונגען דאָס ברױט. די קינדער האָבן זיך װידער צעלאַכט, און דער פּעטער שנײער האָט געזאָגט:

— כאָטש איר האָט ניט געטראָפֿן, װאָס איך האָב אײַך געבראַכט, װעל איך פֿונדעסטװעגן געבן יעדן אײנעם א צװײיענדיקע מאַטאַנע. דערפֿאַר, װאָס איר האָט זיך געסטאַרעט.

און דער פּעטער שנײער האָט מיט א ברײטן זשעסט אַרײַנגערוקט די האַנט אין דער טאַרבע און מיט דער זעלבער ברײטהאַרציקײַט אַרױסגענומען צװײ סאָפּילקעס און דערלאַנגט זײ טאָליקן, און אַזױ — יעדן אײנעם. די קינדער האָבן גלײַך גענומען אַרױסדערביװען פֿון די סאָפּילקעס אַלערלײ קלאַנגען, אַמאָל מעלאָדישע און אַמאָל פּאָשעט פּײַפּנדיקע. װאַסיע האָט פֿאַרשטאָפּט די אױערן מיט די פֿינגער.

— װער זשע שפּילט אַזױ? — האָט ער אױסגערופֿן מיט צאָרן.

— וויאַזוי דען? — האָבן די קינדער אויסגעשריגן.

— אָט וועל איך אײַך ווײַזן וויאַזוי.

ער האָט אַרויסגענומען נאָך איין סאָפּילקע פֿון דער טאָרבע.

— שליסט אויס די שײַן! — האָט ער באַפֿוילן. רוט האָט גלײַך אַ קנאַק געטאָן מיטן אויסשליסער און אײַנגעשלאָסן די קליינע פֿיליקאַלירקע לעמפּעלעך. בײַ דער יאָלקע האָבן מיטאַמאָל זיך אויפֿגעעפֿנט פֿיל גרויסע קײַלעכדיקע אויגן — רויטע, בלאָווע, גרינע...

נאָר צווישן דער אויסשליסונג פֿון דער אַלגעמיינער שײַן און דער אײַנשליסונג פֿון דער יאָלקע־שײַן איז געווען אַ ווײַלע פֿון פֿולקומער כאַשכעס. דער פּעטער שנייער איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן ווײַסן פֿלעק, און עס האָט זיך דערהערט, ווי ער שפּילט אויף דער סאָפּילקע.

דאָס האָט וואַסיע דודאַר זיך דערמאָנט ווי זײַן אור־אור־אורזיידע פֿלעגט שפּילן אויף אַ דודע, וועלכע ער האָט אַליין אויסגעמײַסטרעוועט, אַ פּאַשעטע מעלאָדיע.

די קינדער זײַנען געזעסן שטילערהייט, ווי שפּעלעך אויף דער פּאָלאָנינע, ווען דער טשאַבאַן האָט פֿאַרקישעפֿט מיט די קלאַנגען פֿון זײַן סאָפּילקע. דערנאָך האָט וואַסיע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— לאָמיר שפּילן איבײַנעם.

מיטאַמאָל האָט אַ שוואַרצער וואָלקן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן ווײַסן קאָפּ, און ער האָט דערפֿילט אַ שאַרפֿן ווייטיק אין האַרצן. רוט האָט מיט שרעק דערפֿילט, אַז בײַ וואַסיען הייבט זיך ווידער עפּעס אָן. זי האָט זיך אָוועקגעשטעלט באַנאַנד מיט אים און אויסגערופֿן:

— אַכטונג, קינדערלעך! דער פּעטער שנייער האָט געמיינט, אַז ס׳וועלן קומען דרײַסיק שילער, אָבער געקומען זײַנען בלויז אַכט. צי איז דאָס ניט ווייניק פֿאַר אַן אָרקעסטער?

די קינדער אַלע איבײַנעם:

— ווייניק!

— איז אָט, זאָל יעדער איינער שפּילן אויף צוויי סאָפּילקעס, וועט שוין זײַן... וויפֿל?

— זעכצן!

— ריכטיק. זעכצן.

ראָמקע דער היקעוואַטער וויל עפּעס פֿרעגן, נאָר אים איז פֿאַרלאָפּן דעם וועג דער ספּריטנער טאָליק:

— וויאַזוי זשע קאָן מען שפּילן אויף צוויי סאָפּילקעס מיט איין מויל?

אַן אויפֿברויז פֿון געלעכטער. אַפֿילו וואַסיע האָט זיך צעשמייכלט, און רוט האָט אָפּגעזיפֿצט מיט אַ דערלײַכטערונג.

— ביסט גערעכט, טאָליק! — האָט ווידער גענומען שפּילן זײַן ראָל וואַסילי. ער האָט עפּעס אײַנגערוימט דעם שניי־מיידעלע אין איר אויער. זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קעפּל און איבער דער דאָזיקער באַוועגונג איז איר קרוין אַראָפּגעקראָכן אין אַ זײַט. זי איז ערגעץ אַוועקגעלאָפֿן און באַלד זיך אומגעקערט מיט אַ פּיאַנע־שפּילכל אין די הענט און אַוועקגעשטעלט דאָס אַנטקעגן דער לערערן.

— אַלזאָ, לאָמיר זיך נעמען שפּילן, — האָט וואַסיע אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, ווי אַן עמעסער דיריגענט, — און די דריטע מאַמע אײַערע וועט אונדז אַקאָמפּאַנירן אויף דער דאָזיקער פּיאַנע.

— וואָס זשע וועלן מיר שפּילן?

— דאָס זעלבע, וואָס איך. הערט און פֿאַרגעדענקט!

אַוודע האָט זיך צעורשט ניט באַקומען קיין האַרמאָנישע שפּיל. וואָס מער די קינדער האָבן זיך געסטאַרעט בלאָזן אין די סאָפּילקעס, אַלץ ערגער האָט זיך באַקומען. אַליין די לערערקע האָט אומבאַהאָלפֿן געפּרוּווט זיך דורכגיין מיט די פֿינגער איבער די פּיצינקע קלאַווישעלעך פֿון דעם פּיאַנע־שפּילכל, און ווי זי האָט זיך ניט געסטאַרעט האָט זי בעשום־אופֿן ניט געקאָנט אויסשפּילן דעם פֿאַרצײַטיקן ניגון פֿון די אַמאָליקע דודאַרס.

דעמלט האָט וואַסיע איבערגעקערט די טאָרבע און עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן די פֿאַרבליבענע סאָפּילקעס. ווי לעבעדיקע בריעס האָבן זיי זיך פֿאַנאַנדערגעקײַקלט אין אַלע זײַטן, מינענדיק זיך מיט רויטע, בלאָווע און גרינע פֿליטערלעך, און ווי נאָר וואַסיע האָט אויפֿגעהויבן איינע פֿון זיי און זי אונטערגעטראָגן צו זײַנע ליפּן און אָנגעהויבן שפּילן, האָבן די קינדער אָנגעהויבן זיך צופּאַסן און אונטערפּײַפֿן ווי עס דאַרף צו זײַן. די לערערן האָט זיכערער אַ קלאַפּ געטאָן איבער די קלאַווישלעך, און איר נעשאָמע האָט זיך געפֿרייט מיט וואַסיעס צעבענטשטער איבערגעשטאַלטיקונג אין דער וועלט פֿון די קינדער.

די קליינע מוזיקער האָבן פֿאַרגעזעצט צו פֿײַפֿן מיט פֿאַרכאַפּונג. און ווען עס איז געקומען די צײַט אַוועקצוגיין, זײַנען זיי ניט אַוועקגעגאַנגען. דער פּעטער שנייער האָט שוין אויפֿגעהערט שפּילן, נאָר זיי האָבן אַלץ פֿאַרגעזעצט פֿײַפֿן.

מיטאמאָל רײַסט וואסיע אראָפּ די בוטאפאָרישע באָרד, ווארפט אראָפּ דאָס פוטערנע היטל, דעם פעלץ, די פּוישטן, שטופּט זיך ארײַן צווישן דער כאָפּטע קינדער און ווערט ווי איינער פון זיי. מיט איין האנט נעמט ער ארום סלאווקען, און מיט דער צווייטער נעמט ער ארויס פון דער קעשענע יענע שפּארגאלקע, אן אָנגעשריבענע מיט גרויסע רויטע אותיות, און פרעגט אים:

— דו וואָלסט געקאָנט דאָס איבערלייענען?

ענטפערט סלאווקע זיכער:

— יאָ. כ'וואָלט געקאָנט.

— איז לייען.

נעמט סלאווקע לייענען טראָפּ נאָך טראָפּ. און אלע ארומיקע, און די לערערן בעסוויכעם, קײַכן פאר געלעכטער.

— פּאַ־לאַ־גי־נאַ גאַ־וואָר־סע־טי קי־לאָו־סאָ פּפּאנאס־קאַ־נווו יע־דן מאָנ־טיק און דאָ־נער־שטיק.

שפּריצט אויס נאָך א גרעסערער געלעכטער. דאָס לעבן לאכט. דאָס לעבן, וואָס איז שטארקער פון טויט. אויב ניט אזוי, איז ווי זשע קאָן מען דערקלערן, אז רוטס טיפער טרויער בא וואסיעס קיווער איז ליכטיקער געוואָרן, קימאט דורכזיכטיק, און עפּעס ענלעכס אף א זיבעטן שאָטן פון א שוואכן שמייכל האָט דורכגעשוועבט איבער איר נאסן פון טרערן געזיכט, נאָר וואסיע האָט דאָס ניט געקאָנט זען, ער איז געלעגן אונטער דער ערד אין א טרונע, א פארקלאפּטער מיט צוויי לאנגע צוועקעס.

דעמלט אָבער האָט זי לוסטיק געקוועלט אינײַנעם מיט די קינדער, און ער איז געוואָרן ווי איינער פון זיי. ער האָט געפרעגט סלאווקען:

— דו פארשטייסט כאָטש וואָס דו לייענסט?

טאָליק, וועלכער האָט זיך געפילט א ביסל באליידיקט, וואָס סלאווקע פארנעמט זײַן אויבנאָן, האָט מיט ביטל אויסגעשריגן:

— וואָס איז דאָ פאראן צו פארשטיין? יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק...

— אָבער וואָס „יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק”? — האָט וואסיע אלץ אָנגעגריפן.

טאָליק האָט זיך פארלוירן. אָבער סלאווקע האָט זיכער געענטפערט:

— פּאלאגינא פלעגט גיין אף געיעג נאָך טיגערס יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק.

וואסיע איז צופרידן. ליבלעך טוט ער א קלאפּ סלאווקען איבער דער פּלייצע.

— ריכטיק. אָבער ווער איז פּאלאגינא?

— דער זון פון דעם בראַון אר־טי־מאַ־טי, — האָט סלאוויק געענטפערט, און אלע האָבן זיך ווידער צעלאכט, דעריבער האָט קיינער ניט דערהערט, ווי די ערשטע און צווייטע מאמעס, וועלכע זײַנען מיד געוואָרן קלינגען, זיינען ארויס אפן באלקאָן און גענומען פּויקן אין דעם טונקל באלויכ־טענעם פענצטער.

די לערערן האָט זיך האסטיק אופגעהויבן, אײַנגעשלאָסן די שײַן, אופגעעפנט די טיר און אין צימער זײַנען ארײַן זיבן מאמעס און באָבעס און איין טאטע.

— קינדער, שוין צײַט אײַך גיין אהיים! — האָט אויסגערופן די לערערן.

— מיר ווילן נאָך ניט גיין אהיים! — האָבן דערווידערט די קינדער.

— מע איז דאָך שוין געקומען נאָך אײַך.

— נו, איז וואָס? זאָלן זיי צוווארטן, — האָט ניומע אומצופרידן דורכגעמורמלט.

— מע טאָר ניט אזוי, ניומע. ס'איז ניט פײַן, — האָט די לערערן געמאכט אים א באמערקונג.

וואסיע האָט א פיר געטאָן מיט זײַנע באשמייכלטע אויגן און געפרעגט די מאמעס און באָבעס:

— עפּשער קאָנט איר שפּילן אף סאָפּילקעס? אונדז פעלן אויס מוזיקאנטן.

דער טאטע, וואָס האָט שוין, זעט אויס, באוויזן ארויסבאגלייטן פארן טערמין דאָס אלטע יאָר, האָט פריילעך געענטפערט מיט א פראגע:

— פארוואָס זאָלן מיר ניט קאָנען שפּילן אף סאָפּילקעס?

די דרײַ באָבעס האָבן גוטווילִיק א שמייכל געטאָן. נאָר איינע פון די פיר מאמעס האָט א פרעג געטאָן די לערערקע, טײַטלענדיק מיטן פינגער אף וואסיען:

— ס'איז אײַער נײַער מאַן?

די לערערן האָט זיך פארלוירן. די דאָזיקע פארלוירנקײַט האָט געדויערט איין רעגע. זי האָט א קוק געגעבן אף וואסיען מיט ווארעמע אויגן און געענטפערט:

— יאָ. דאָס איז מײַן נײַער מאַן. — און צוגעגעבן: — ביטע, באקענט זיך — וואסילי מיראָנאָ־וויטש דודאר.

— זייער אָנגענעם, — האָט געענטפערט די פרוי, נאָר די האנט ניט אויסגעשטרעקט. — איר זײַט, ווײַזט אויס, א גרויסער ווערטלזאָגער. א ווערטלזאָגער מיט סאָפּילקעס.

וואסיע האָט גוטמוטיק צוגעשטימט.

— ווירקלעך, כ'בין, הייסט עס, ניט קיין קליינער נאַר, אָבער ניט קיין גרויסער כאַכעם. עס איז פּאַשעט אומעגלעך זיך פאַרצושטעלן א סאָפּילקע צווישן אזעלכע העל־רויטע ליפּעלעך.

די פרוי האָט זיך צערעמאָנ:על פאַרנייגט. זי האָט צוגערופן ראַמקען. הויך געפרעגט אים:

— האָסט געגעבן דער לערערן דאָס, וואָס כ'האָב דיר געזאָגט?

ראַמקע האָט פארקרימט דאָס פּנעם.

— כ'האָב פארגעס־ס־סן.

— וואָדען! כ'האָב דען ניט געוווּסט, אז דו וועסט פארגעסן?.. איז גיב דאָס אָפּ אצינד.

ראַמקע האָט ארויסגענומען פון דער קעשענע א קליינינקע, שיינינקע שקאַטולקע און דערלאַנגט זי דער לערערן.

— א דאַנק, — האָט רוט אומצופרידן ארויסגערעדט. — נאַר... מע דאַרף ניט...

וואַסיע האָט א קלער געטאָן, אז די דאָזיקע אָנגעפּאַרבטע פרוי דערמאָנט אים זיין רעגינען.

# 18

ווען די קינדער זיינען אוועק, האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש אויך גענומען זיך קלייבן אהיים.

— לאָמיר זיך א ביסל צוזעצן, — האָט פאַרעלייגט רוט.

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט איינער אקעגן דעם אנדערן, און צווישן זיי — דאָס טישל.

— לאָמיר זיך אָפּפּאַרטיקן מיט דעם, — האָט רוט אויסגערעדט סוידעספּול, אָנווייזנדיק מיטן מעסער אָף די רעשטן פונעם טאָרט.

— עפּשער וואָלט בעסער געווען דאָס איבערלאָזן אָף מאָרגן, — האָט וואַסיע דערווידערט. — מאָרגן וועט דאָך זיין דער 31 דעקאַבער, דער לעצטער טאָג פונעם אלטן יאָר.

— ניין, מאָרגן וועט שוין זיין פאר מיר דער ערשטער יאַנוואַר.

— איז וווהין וועסטו אהינטאָן א גאַנצן טאָג?

— אין ערגעץ וועל איך אים ניט אהינטאָן. ער וועט פּאַשעט פארפאַלן ווערן פאר מיר.

נאָכדעם פרעגט זי:

— דיר איז דאָ גוט?

— זייער גוט.

— און אינדערהיים וועט דיר זיין שלעכט?

וואַסיע האָט דערפילט, אז ניט־ווילנדיק האָט זי א שטויס געטאָן דעם אומרו.

— פאַרוואָס?

— רעגינע וולאַדימיראָוונא... זי האָט דאָך אונדז געזען מיט די פּעקלעך.

— נו, איז וואָס! — האָט וואַסיע ארויסגערעדט מיט ביטל.

רוט האָט א קלער געטאָן: דו מאַכסט זיך הארץ, וואַסיע. ער האָט אויפגעכאַפּט איר געדאַנק לויטן אויסדרוק פון איר געזיכט.

— איר מיינט, אז איך מאַך זיך הארץ?

— יאָ.

וואַסיע האָט זיך צעלאַכט.

— און איך מיין אויך אזוי. מיר דוכט אָבער, אז דאָס־אָ איז פונדעסטוועגן צום בעסערן.

— וואָס זשע פאר א בעסערס איז דאָ פאַראַן?

— כ'האָב סיבּוי געהאַט אין זינען איר דערציילן. איצט וועל איך האָבן א דירעקטע סיבע.

— וואָס זשע קלייבסטו זיך איר דערציילן?

— אַלץ, וואָס איז געווען. כ'האָב, הייסט עס, באגעגנט עפּעס א פרוי. פולקום צופעליק. גאָט איז אן איידעס.

און אין די געדאַנקען הייבט זיך שוין אָן פלעכטן זיין שמועס מיט רעגינען. ער דערקלערט איר:

— זוכן האָב איך טאַקע ניט געזוכט. נאָר אינווייניק האָב איך געטרוימט: עפּשער וועל איך פּלוצעם, ערגעץ־ווו זי טאַקע באגעגענען? דריי ניט מיט דיין אריסטאָקראַטיש נעזל, רעגינע. כ'ווייס, וואָס דו ווילסט זאָגן: געפונען א יעפייפיע! כ'האָב דאָס באמערקט אין דיין ביטלדיקן בליק, וואָס דו האָסט געוואָרפן אָף איר, ווען דו האָסט אונדז דערזען. נאָר איך האָב דען געזוכט יעפייפעס? כ'האָב געזוכט א מענטשן!

וואָס איז איר מײַלע, רעגינע, אין פאַרגלײַך מיט דיר? ניט אין שײנקײַט — דו ביסט שענער. ניט אין קלוגשאַפט — דו ביסט עפּשער קליגער. א נאַר וועט מען ניט פאַרטרויען אויף אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכער שטעלע — א שעף פון אַן אָפּטייל פון א היפּשן זאַוואָד.

— און וואָס זשע באַשטייט איר מײַלע? — פרעגט רעגינע.

— שטעל זיך פאָר, אין זייער א פּאַשעטער זאַך, אין עפּעס א גאָרניט. באַנאַנד מיט איר ווער איך אין מײַן אײנזאַמקײַט און באַקום א פולע פרײַהײַט, איך אָטעם, ווי איך וויל, איך קלער, וואָס איך וויל, איך רייד, וואָס איך וויל. און באַנאַנד מיט דיר, רעגינע, פיל איך זיך שטענדיק אײנזאַם, מײַן אָטעם, מײַנע געפילן און געדאַנקען זײַנען ווי פאַרשקלאַפּט, און ריידן מיט דיר, רעגינאָטשקע, דאַרף איך אַזוי, אַז דו זאָלסט גלייבן, אַז ס׳איז א ליגן.

פּאַני רעגינע! פּאַני רעגינע! אַזאַ מין ווענדונג געפעלט דיר, קלוימערשט, ניט, און דו קומסט אָפּ מיט א וויצעלע. איך ווייס דאָך אָבער גוט, אַז דיר איז אָנגענעם, ווען אַלטע לוואָווער טוישווים רופן דיך אַזוי. פונוואַנען קומט צו דיר אַזאַ אידיאָטישער איבערהאַנט־געפיל? זײַ מוחל, רעגינע, „אידיאָטישער" איז א גראָב וואָרט. אָט זעסטו דאָך: ווי נאָר איך נעם קלערן וועגן דיר, פאַרפלייצט מיך א כוואַליע פון אופגעבראַכטקײַט און עס פעלט מיר אויס אָטעם. און ווען איך זע דיך, ווער איך עפּעס אײַנגעקנייטשט. עס קריכט אַרויס א פאַלשקײַט, א געמאַכטקײַט, אַן עקלהאַפטיקע צוויִעס און כניפע. מיר שלאָגט עס צום האַרצן, אָבער מע מוז דאָך מיט עפּעס דיר צוטרעפן! דו פאַרשטייסט, רעגינע: ביז אַהער ביסטו מיר פרעמד, ניין, ערגער ווי פרעמד. א פרעמדע גייט אַוועק, און צו דיר מוז איך זיך צופּאַסן. און דאָס איז מיר דערווידער...

איז הער מיך אויס, רעגינע. ווישׁ אָפּ מיט א פּײַכטן האַנטעך פון דײַן געזיכט דאָס גאַדלעס, זאָל עס ווערן א מיטלײַדנדיקס, ווי בײַ דער קליינער לערעקע, בײַ רוט. און, זײַ אַזוי גוט, מײַן ניט אַפּריִער, אַז איך וויל דיך אָפּנאַרן. כ׳האָב דערווײַל ניט באַשלאָסן.

אַלזאָ, דו האָסט אונדז דערזען, מיך מיט דער קליינער לערעקע, ווען מיר זײַנען אַרויסגעגאַנגען פונעם קינדערשן פּאַסאַזש מיט פּעקלעך אונטער די אָרעמס. צי ווייסטו אָבער, וואָס עס איז געווען אין די דאָזיקע פּעקלעך? סאָפּילקעס. סאָפּילקעס? יאָ, שטעל זיך פאָר. און נאָך א פּיאַנע־שפּילכל. מיר זײַנען דאָך אַרויס פון דער „קינדערשע וועלט", קעדיי צו אײַנטוקן זיך אין איר א ביסל שפּעטער. און מ׳האָט דאָך דיך אויך פאַרבעטן אין דער דאָזיקער וועלט. עס וואָלט געווען פאַר דיר נוצלעך. זייער נוצלעך. ס׳איז דאָך אַן אָפענע, א צעפּראַלטע וועלט. אָן באַדינגלעכקײַטן, אָן צירלעך־מאַנירלעך, אָן פאַלשקײַט, אָן צוויִעס און אָן די איבעריקע אַטריבוטן פון דערוואַקסענע. נאָר איך האָב אַפילע ניט באַוויזן איבערגעבן דיר די דאָזיקע אופריכטיקע אײַנלאַדונג פון דער קליינער לערעקע. דײַן גאַדלעסדיק פּנים האָט מיך אָפּגעשראָקן. דו וואָלסט אומבאַדינגט געזאָגט, אַז די סאָפּילקע־געשיכטע איז אויסגעטראַכט פונעם אָנהייב ביזן סוף.

רוט האָט באַמערקט זײַן שטימונג און אים איבערגעשלאָגן:

— געווג, וואַסיע. מע דאַרף ניט מער. דו ווערסט בייז. און איך וויל ניט זען דיך א בייזן. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אָנגעכמורעט.

— זי איז געוויס גערעכט, רעגינע, ווען זי זאָגט, אַז זי האָט געמאַכט פון מיר א מענטשן...

רוט האָט פאַרשײַט געפרעגט:

— און ווער ביסטו געווען ביז דעם, וואָס רעגינע האָט געמאַכט פון דיר א מענטשן?

— א טעסלער.

און בײדע צעלאַכן זיך.

— ניין, כ׳מיין ערנסט, — האָט וואַסיע פאַרגעזעצט, — אַדאַנק איר בין איך... זי האָט מיך געצוווּנגען לערנען זיך הינטער־אויגיק, פּאַשעט דערפאַר, וואָס איר שטייט ניט אָן האָבן א מאַן א טעסלער. און די גאַנצע צײַט מאַכט זי מיר פּראָטעקציע. אַפילע הײַנט האָט דער דירעקטאָר מיך אַרויסגערופן, פאַרגעלייגט איבערגיין אויף א העכערער שטעלע...

— דאַרף מען דיך באַגריסן?

— ניין. כ׳האָב זיך אָפּגעזאָגט.

— פאַרוואָס?

— גראָד איבער דעם. כ׳האָב רעגינען אָפן געזאָגט: מיר איז דערווידער דײַן פּראָטעקציע.

רוטס געזיכט איז געווען ווי אַן אָפענער בוך. איצט האָט עפּעס א ווייטיקלעכע גרימאַסע דאָס פאַרקרימט.

— נו, דאָס איז שוין צו... צו... וואָס הייסט „דערווידער"? זי טוט דאָך דאָס צוליב אײַך. איר פאַרשטייט — צוליב אײַך. ניין, צוליב דיר, וואַסיע.

— וואָס פאַרטיידיקסטו זי אַזוי?

— איך פאַרטיידיק זיך.

— וואָס הייסט זיך?

— זיך אויך... איך בין אויך געגאַנגען...

— וואָס הייסט געגאַנגען? נאָך וואָס? צו וועמען?

— צו לוטשקאָן.

וואַסיע האָט אויסגעגלאָצט אויף איר די אויגן. ער האָט געהאַט א סאַך פראַגן, נאָר מע האָט געדאַרפט אויסשטעלן זיי אין א געוויסער אָרדענונג.

די ערשטע פראַגע: וואָס האָט דאָ צו טאָן לוטשקאָ? זײַן, דודאַרס שעף, איז דאָך באַזאַרעוויטש! ווײַטער. רעגינע וולאַדימיראָוונא איז פונדעסטוועגן מײַן ווײַב, זי אַרבעט צוזאַמען מיט מיר אויף איין זאַוואָד, האָט זי אַוודאי געוויסע רעכט מיך צו פּראָטעזשירן. און ווער זײַט איר מיר, קליינע לערערקע? און וויפל צײַט קענען מיר זיך? א וואָך מיט א מיטוואָך? יאָ, איצט הייב איך אָן צו פאַרשטיין איגנאַטיקן. ער האָט פּאַשעט געמאַכט די פליטע פון אײַער ראַכמאַנעס... פון אַלע פראַגן, וואָס האָבן זיך געדרייט אין זײַן צעהיצטן מויער, האָט ער פאַרגעבן בלויז איינע:

— ווער האָט אײַך געבעטן?

פאַר דער קליינער לערערקע איז דאָס אָבער געווען די סאַמע הארבע שײַלע. זי האָט פּאַשעט ניט געוווּסט, וויאַזוי צו ענטפערן אויף איר. ווירקלעך: ווער האָט זי געבעטן? קיינער ניִשט. בלויז איר אייגן האַרץ.

— איך האָב באַמערקט, וואַסיע, טונקעלע דורכפאַלן אין דײַן ליכטיקער שטימונג. האָב איך באַשלאָסן, אַז דאָס איז עפּשער פאַרבונדן מיט דײַן אַרבעט. און ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז דער גענעראַל־דירעקטאָר איז א געוועזענער פּעדאַגאָג, האָב איך זיך מעסוקן דערפרייט — מײַן קאָלעגע, הייסט עס, וועט ער מיך שוין פאַרשטיין — און טאַקע אין דעם זעלבן טאָג בין איך אַוועק צו אים.

נו, בלאָז זיך ניט, וואַסיע. קיין שום באַשטימטע קאַוואָנעס האָב איך ניט געהאַט. איך בין געגאַנגען צו אים פּאַשעט פון נײַגער. כאַפּן א קוק, ווי זעט אויס א מענטש, וואָס איז פון א לערער געוואָרן א גענעראַל־דירעקטאָר פון א היפּשער פּראָדוציר־פאַרייניקונג.

— גענעראַלער איז פון דעם וואָרט „גענעראַל", איאָ? — פרעגט זי.

— פאַרקערט, גענעראַל איז פונעם וואָרט „גענעראַלער". — ענטפערט ער.

רוט האָט דאָס אויפגענומען ווי א שפּאַס און זיך צעשמייכלט.

— כאָטש א גענעראַלער, נאָר לאַווּרענטי מאַקסימאָוויטש איז, דוכט מיר, א האַרציקער מענטש. פאַרוואָס זשע פרעגסטו מיך ניט, וואַסיע, וויאַזוי כ'האָב זיך דערקליבן צו אים? אָ, דאָס איז ניט געווען אַזוי פּאַשעט. אין דעם אויפנאַם־צימער איז געווען א גרויסער אוילעם. נאָר איך בין דאָך אַזאַ קליינינקע, איז מיר געלונגען זיך דורכשמוגלען אומבאַמערקט פאַר דער שטרענגער סעקרעטאַרקע. דער גענעראַלער האָט עפּעס גערעדט אינעם טעלעפאָן־טרײַבל. אין דער זײַט איז געזעסן א מענטש אָן איין האַנט און געדולדיק געוואַרט, ביז עס וועט זיך פאַרענדיקן דער טעלעפאָן־שמועס. דעם דירעקטאָרס אויגן זײַנען געווען אַראָפּגעלאָזט אַראָפּ, האָט דעם אָרעמען אינוואַליד, זעט אויס, זיך געדוכט, אַז דער דירעקטאָר באַטראַכט דאָס צעבונדן בענדל, וואָס האָט זיך געבאַמבלט אויף זײַן ניט געפּוצטן שטיבלעט...

— דו מאַטערסט זיך, וואַסיע? מע דאַרף ניט. באַלד וועל איך דיך אָפּלאָזן אַהיים...

און פּלוצעם האָט רוט איבערגעשלאָגן זיך אַליין און א פּליעסקע געטאָן מיט די הענט:

— מיר פאַרמאָגן דאָך נאָך א פלאַש שאַמפּאַניער! שיִר ניט פאַרגעסן.

זי האָט פײַערלעך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט אויפן טיש א פאַרפּוצטע פלאַש.

— עפן אויף, וואַסיע.

ער האָט גענומען די פלאַש און אָפּגערוקט זי אין א זײַט.

— ניין. פאַרענדיקט שוין פריִער די מײַסע וועגן אײַער וויזיט צום גענעראַלן.

— אָבער איך האָב שוין ניט קימאַט וואָס צו דערציילן.

— איז נאָך וואָס האָט איר אָנגעהויבן?

— אַלץ, אַלץ דערציילן?

— אַלץ.

— מע זאָגט, אַז לאַווּרענטי מאַקסימאָוויטש דולדעט ניט קיין אָפּגעלאָזנקײַט. אין קיין שום זאַך. אונטערגעצויגנקײַט, ציכטיקײַט אין אַלץ: אָנהייבנדיק פון פּראָדוציר־אינאָנים און ביז צו א בענדל פון אַן אייגענעם שוך. דער אינוואַליד האָט מיסטאַמע אויך דאָס געוווּסט. האָט ער זיך אָנגעבויגן. אָבער וויאַזוי קאָן מען מיט איין האַנט אַרײַנסילען א בענדל און פאַרבינדן דאָס? נו, אָט...

— וואָס אָט?

— גאָרניִשט. כ'האָב אים געהאָלפן דאָס אָפּטאָן. לאַווּרענטי מאַקסימאָוויטש האָט דאָס, זעט אויס, באַמערקט. ער האָט אוועקגעלייגט דאָס טרײַבל, געכאַפּט אויף מיר אַן אויפמערקזאַמען בליק און געפרעגט א ביסל אַלטמאָדיש: „מיט וואָס קאָן איך אײַך דינען?"

און איך, נאַרישער קאָפּ, אָנשטאָט צו ענטפערן אים צו דער זאַך, האָב אַרײַנגעבראָכט:

— איך בין אויך א לערערן.

— הייסט עס, אז מיר זײַנען קאָלעגן, — האָט ער געזאָגט גלאַסן.

גראָד אַף אַזאַ ענטפער האָב איך פֿון אים געוואַרט. נאָך דער דאָזיקער רעפליק האָב איך אוואדע געדאַרפט זאָגן:

— יאָ, מיר זײַנען קאָלעגן. און איך וואָלט געוואָלט א שמועס טאָן מיט אײַך ווי א קאָלעגע מיט א קאָלעגע.

נאָר איך האָב דאָס ניט געזאָגט. און ס׳איז גוט, וואָס איך האָב אים ניט געזאָגט. מיר האָט געהאָלפן יענער, וואָס אַז א האַנט.

— עפשער זאָל איך אַרויסגיין? — האָט ער געפרעגט.

איך האָב היציק דערווידערט. ס׳איז דאָך געווען זײַן ריי. און כּוֹץ דעם, איז ער אַן אינוואַליד. און איך האָב זיך אַרײַנגעריסן אין קאַבינעט אויסער דער ריי.

— ניין, ניין. מע דאַרף ניט. כ׳בין געקומען בלויז אַף א ווײַלע.

און איבער דעם, וואָס אין מײַן רעשוס איז געווען בלויז איין קורצע ווײַלע, האָב איך זיך אָפּגעזאָגט פון דעם פאַרטראַכטן געניטעם שמועס און באַגלײַכן אַריבער צום איקער.

— בא אײַך אַרבעט דודאר וואסילי מיראָנאָוויטש, ער איז זייער א ווילער מענטש. איך פֿיל אָבער, אַז עפּעס דריקט אַף זײַן האַרצן. כ׳מיין, אַז דאָס איז פֿאַרבונדן מיט זײַן אַרבעט. זײַט אַזוי גוט, און שענקט אים א ביסל אויפמערקזאַמקײַט.

לאַוורענטי מאַקסימאָוויטש האָט ווידער א קוק געטאָן אַף מיר און געזאָגט:

— דודאר? יאָ. כ׳קען אים. גוט. כ׳וועל האָבן אין זינען.

איך האָב אים אײַליק אָפּגעדאַנקט און אַרויסגעלאָפן פֿונעם קאַבינעט. מערער פון אַלעמען האָט מיך דערפרייט, וואָס ער קען דיך. ס׳איז דאָך א גרויסע פאַררייניקונג, און עס זײַנען דאָרטן פאַראַן ניט ווייניק אינזשעניערן.

וואסיע האָט כּמורבע אויסגערעדט:

— דו ביסט באַגאַנגען א גרויסן פעלער. איך בין דאָך ניט איגנאַטיק.

רוט האָט זיך ניט באַליידיקט. זי האָט געזאָגט:

— אָבער דיר, ווי אים, איז זייער נייטיק האָבן א מאַמען. דיר עפּשער נאָך מערער, ווי אים, דו ביסט דאָך אַזוי יונג פאַריאָסעמט געוואָרן...

און צוגעגעבן מיט טאַליקס נוסעך:

— ברויגעז זיך ניט, וואסיע, כ׳וועל מער אַזוי ניט טאָן.

זי האָט מערער ניט געקאָנט איסהאַלטן וואסיעס שווײַגעניש און אַריסגעשריגן:

— ווען וועסטו שוין אופעפענען די פלאַש? איך וויל אויסטרינקען!

וואסיע האָט אופגעעפנט די פלאַש, נאָר געווען נאָך אַלץ פאַרקלערט. דער קאָרעק איז אַרויסגעפלויגן מיט א קנאַק. רוט האָט א צאַפּל געטאָן, נאָר מונטער אויסגערופן:

— מײַנע קעלישקעס זײַנען צו קליין פאַר שאַמפּאַניער. גיסט אַן גלײַך אין די גלעזער. און וואָס ווינציקער פוסטן שוים. איוו טרינקען, איז טרינקען, אַט אַזוי!

איצט וועט זי פרעגן: „פאַר וואָס וועלן מיר טרינקען?״ — האָט וואסיע א טראַכט געטאָן.

רוט האָט אויסגעשלאָסן די שײַן. פאַרבליבן איז בלויז די באַלויכטענע יאָלקע. זי האָט אופגעהויבן די גלאָז.

— איז פאַר וואָס וועלן מיר טרינקען?

אין דער מינוט האָט עמעצער אָנגעקלונגען.

— ווער קאָן דאָס זײַן? — האָט זי געפרעגט פאַרכידעשט.

זי איז צוגעלאָפן צו דער טיר און באַלד זיך אומגעקערט צוריק.

— קיינער ניט.

— איז ווער האָט געקלונגען?

— כ׳ווייס ניט.

וואסיע האָט ווייך באַמערקט:

— מיסטאַמע האָט עמעצער זיך פאַרבלאָנדזשעט צווישן די טירן. אָדער געוואָלט א שפּאַס טאָן.

נאָכדעם פרעגט ער:

— דו האָסט סאָנים?

זי האָט האַסטיק געענטפערט:

— ניין. כ׳האָב קיינמאָל ניט געהאַט קיין סאָנים.

דערנאָך, מיט א שמייכל:

— איך בין אַזוי קליין, אַז קיין שום סינע האָט קיין חשק ניט געהאַט ניט צו האָבן מיך א טשעפּע טאָן.

מיטאַמאָל איז דער שמייכל פאַרשווּנדן, און אין אירע שוואַרצאַפּלען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט א שוידער. זי האָט קוים אויסגערעדט:

— ס'הייסט, יאָ. כ'האָב געהאַט סאָנים. מוירדיקע, אומראַכמאָנעסדיקע סאָנים. זיי האָבן דערשאָסן מײַן מאַמען און מײַן באָבען פאַר מײַנע אויגן, צוזאַמען מיט אַנדערע פרויען און קינדער. איך בין געלעגן אין גרוב אונטער מײַן מאַמען און איר בלוט האָט גערונען אויף מיר...

וואַסיע צאַפּלט אויף:

— הער אויף, רוט!

און זי, האַכנאָעדיק:

— יאָ, יאָ, כ'הער שוין אויף... אָבער ווייסט, פאַרוואָס איך בין אַזאַ קליינינטשקע? פון דעמלט אָן האָב איך אויפגעהערט צו וואַקסן...

— הער אויף, רוט!

— יאָ־יאָ. כ'הער שוין אויף. אָבער ווייסט, פאַרוואָס איך קאָן ניט האָבן קיין קינדער?

— הער אויף, רוט. כ'בעט דיך...

ער האָט זי א קוש געגעבן אין די אויגן. דערנאָך אויפגעהויבן, אַוועקגעזעצט זי אויף זײַן לינקער האַנט און געזאָגט:

— אָט אַזוי זײַנען מיר געזעסן אויף מײַן טאַטנס פעסטע הענט: איך אויף דער רעכטער און רוט אויף דער לינקער...

נאָכדעם האָט ער זי אַראָפּגעלאָזט אויף א בענקל, א גלעט געטאָן אירע האָר און שטילערהייט אויסגערעדט:

— נאַריש מיידעלע מײַנס... כ'האָב דאָך געמיינט גאָר עפּעס אַנדערש. צי האָסטו ניט איצט עפּעס א ניט־פאַרגינבער?

זי האָט זיך פאַרטראַכט אויף א ווײַלע און רויִק געענטפערט:

— יאָ. כ'האָב א ניט־פאַרגינערן.

— איז ווער? עפּשער רעגינע וולאַדימיראָוונאַ?

— ניין. וואָס פאַר א ניט־פאַרגינערן קאָן זי זײַן, אויב איך בין אַזאַ קליינע און מיִעסע אין פאַרגלײַך מיט איר?

— איז ווער?

מיר דוכט... עפּשער איגנאַטיקס קאַטאַנקע.

— פאַרוואָס? מאַלע־וואָס זי האָט אָפּגעשלאָגן דײַן מאַן...

רוט האָט אים איבערגעשלאָגן:

— דו פאַרשטייסט, וואַסיע. דאָס קינד איז נאָך ניט געבוירן געוואָרן, און מיר פירן שוין א געראַנגל פאַר דעם...

איצט האָט אליין וואַסילי געהאַלטן פאַר בייטיק צו פרעגן:

— איז פאַר וואָס, צי פאַר וועמען וועלן מיר טרינקען?

רוט האָט גלײַך געענטפערט:

— פאַר דעם דאָזיקן קינד. ווענענס דאָס זאָל ניט זײַן.

זיי האָבן אויסגעטרונקען. רוטס געזיכט האָט זיך פאַרויטלט, די אויגן האָבן זיך צעגלאַנצט. זי האָט געזאָגט:

— איך בין גליקלעך. און דו?

— קימאַט.

— פאַרוואָס קימאַט?

ער האָט א שמייכל געטאָן.

— ווײַל איך דאַרף שוין גיין.

— דאָס איז אומדערטרעגלעך.

— וואָס איז אומדערטרעגלעך?

— דאָס, וואָס דו דאַרפסט שוין גיין.

ער האָט א קוש געטאָן די האַנט, וואָס האָט אים א גלעט געטאָן איבערן קאָפּ.

— א גרויסן דאַנק דיר. דו ביסט הײַנט געווען אַן אויסגעצייכנטער פעטער שנייער. זאָל דיר גאָט געבן...

די שטים האָט זיך פאַרהאַקט. ניט אַרויסלאָזנדיק איר האַנט, האָט ער געפרעגט:

— דו האָסט זיך נאָך ניט געגעסנט מיט איגנאַטן?

זי האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין.

— איז געט זיך ניט. מע דאַרף ניט. ער וועט אומבאַדינגט זיך אומקערן צו דיר.

רוט האָט ווידער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין. ער וועט זיך ניט אומקערן. איבער דעם קינד...

זי האָט אופֿגעהויבן אױף אים די אויגן. אַ שמייכל דורך טרערן. איצט האָט זי אויסגעזען נאָך קלענער. נאָך אומבאהאָלפֿענער.

— אַלציינס — געט אײַך נישט. אָט איך און רעגינע — מיר געטן זיך דאָך ניט, כאָטש...

— ס'איז דען געווענדט אין מיר?

— זאָג מיר, דו ווייסט, ווו איגנאַט וווינט איצטער?

— כ'ווייס.

— וועסט מיר ניט זאָגן זײַן אַדרעס?

— ניין. כ'וועל ניט זאָגן. ס'איז אַלציינס אומזיסט.

— וואָס איז אומזיסט?

— דאָס, וואָס דו האָסט פֿאַרטראַכט.

— אָבער כ'האָב נאָך גאָרנישט ניט פֿאַרטראַכט. כ'פֿרעג פּאָשעט אַזוי.

— אויב עס וועט זײַן נייטיק, וועל איך דיר אָנקלינגען.

וואַסיע האָט גענומען צוריקטרעטן אַלץ נעענטער און נעענטער צו דער טיר, נאָר ניט געוואָלט אַוועקגיין, ביזוואַנען רוט וועט זיך ניט צעשמייכלען. ער מוז זי פֿאַרלאָזן אין פֿרייד.

האָט ער זי געפֿרעגט:

— האָסט מיך ליב?

זי האָט געענטפֿערט מיט אַנציקונג:

— כ'האָב ליב, כ'האָב ליב, וואַסיענקע...

וואַסילי איז אַרויס אַרויס. נאָך זײַן אַוועקגיין איז רוט פֿאַרבליבן שטיין. אירע אויגן האָבן צוועקלאָז געבלאָנקעט איבערן צימער. מיטאַמאָל האָט זי דערזען אויפֿן טישל די בלישטשענדיקע שקאַטולקע, וואָס ראַמקעס מאַמע האָט איר געשענקט. „וואָס איז אַזוינס דאָרטן, אין דער שקאַטול־קע?" — האָט זי אַ קלער געטאָן. פֿאַרויס פֿילנדיק עפּעס פֿריידיקס, איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, גענומען די שקאַטולקע, פֿאַרזיכטיק זי אַ טרייסל געטאָן, נאָכדעם מיט נײַגער אופֿגעעפֿנט דאָס דעקל, און — אינווייניק איז גאָרנישט ניט געווען.

19

דעם רעשט פֿון דער נאַכט האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש דורכגעמאַכט אין אַ פֿלאָנטער. האַסטיקע כאַלוימעס האָבן אים די גאַנצע צײַט געהאַלטן אין אַ צושטאַנד פֿון דורכויסיקער אופֿגערודערטקייט. ער האָט זיך ערגעץ געריסן, געאײַלט זיך, און סײַווי ניט געקומען צו דער צײַט. ס'איז אױף כידושים, וואָס סײַ די קינדער, סײַ זייערע מאַמעס און באָבעס, און אַפֿילע אַליין די קליינע לערערקע, האָבן זיך ניט באַוויזן צו אים אין כאָלעם. אים האָבן אַרומגערינגלט ווילד־פֿרעמדע פֿאַרקרימפּלטע פּענעמער. צוערשט האָט ער געפּרוווט פֿון זיי אַנטלויפֿן. נאָר ווען דער דאָזיקער פּרווו איז אים ניט געלונגען, האָט ער אומדערוואַרט באַטראַכט זיך: זיי זײַנען דאָך אויך מענטשן! דאָס געפֿיל פֿון עקל האָט אָפּ־געטראָטן זײַן אָרט דעם געפֿיל פֿון ראַכמאָנעס. ערשט דעמלט האָט ער אופֿגעהערט צו וואַרפֿן זיך אין שלאָף, און ער האָט גענומען רויִק באַקלערן, מיט וואָס וואָלט ער געקאָנט העלפֿן די דאָזיקע אומגליקלעכע. וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? און ער האָט אַלץ זיך געכידעשט פֿון דער אומזיניקײַט פֿונעם כאָלעם. וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך ווי אין היץ געוואָרפֿן, געלאָפֿן, ניט רירנדיק זיך פֿונעם אָרט, עפּעס געזוכט, עפּעס גענישטערט, און ער האָט אופֿגענומען אַלץ ווי עפּעס רעכטס, ווײַל עס האָט זיך באַוויזן די מאָנאַשקע, און די מאָנאַשקע איז אַ רעאַלע פּערזאָן, זי איז דאָך נעכטן געווען בײַ זיי, געהאָלפֿן אופֿראַמען צום נײַעם יאָר, זי איז פֿון קאָפּ ביז צו די פּיס אָנגעטאָן אין שוואַרצע קליידער, בלויז דאָס פּאָנעם שמייכלט אַ ביסל. ווי זשע קאָן מען מיט אַזאַ שמייכל אַרויסריידן אַזעלכע מוירעדיקע ווערטער: אַז ניט די פּענעמער, נאָר די נעשאָמעס זײַנען פֿאַרקרימפּלט בײַ די דאָזיקע אומ־גליקלעכע? אָט אַזוי באַלאַבעטשעט זי און דראָט דערבײַ מיטן בעזעם, מיט וועלכן זי קערט אויס אין צימער, נאָכדעם זעצט זי זיך רײַטנדיק אױפֿן בעזעם און פֿליט אַוועק, זי וויל, הייסט עס, דעריאָגן די נעשאָמעס. ער שרײַט איר נאָך: „איר וועט אַראָפּפֿאַלן! איר וועט זיך צענעריקן!" ער האָט פֿאַרגעסן, אַז זי איז טויב ווי די וואַנט, און אויב זי רעדט, רעדט זי מיט זיך אַליין. פֿון אַלטקײַט און אייביקער כאַראָטע פֿאַר די זינד, וואָס זי האָט קיינמאָל ניט געזינדיקט, האָט זיך איר סייכל פֿאַרטונקלט, און דאָס לעבן איז געווען אין אירע אויגן בלויז ווי אַ טאַנץ אױפֿן ראַנד פֿון אָפּגרונט.

וואסילי מיראַנאָוויטש האָט זיך אופגעכאַפּט מיט א שווערן געמיט. אין פענצטער קוקט נאָך אַרײַן די נאַכט. די פינצטערניש האָט א ביסל באַרויִקט. דערנאָך איז געקומען א פײַנער באַגינען, ווי עס פּאַסט ערעוו דעם נײַ־יאָר. און עס האָט זיך שוין געהערט, ווי אַרסען שפּילט אויף זײַן פּיאַנע.

איידער ער האָט זיך געלאָזט גיין אויף דער אַרבעט, האָט וואַסילי מיראַנאָוויטש זיך אַרײַנגעכאַפּט צום שטיפזון און געבליבן שטיין הינטער זײַן רוקן.

אַרסען האָט דערפילט וואַסילי'ס אָנוועזנהײַט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט די הענט אויף די קלאַווישן, די פּיאַנע האָט טיף אָפּגעזיפצט און אַנשטילט געוואָרן.

— ציפּוירע איז געקומען צו פאָרן, — האָט וואַסילי מיראַנאָוויטש געזאָגט.

אַרסען האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צוזאַמען מיטן בענקל.

— געקומען? איר האָט זי געזען?

— זי האָט אָנגעקלונגען. איבערגעגעבן דיר א גרוס פונעם טאַטן. און פון זיך אויך, פאַרשטייט זיך.

— פאַרוואָס זשע האָט זי געקלונגען אײַך?

— און ניט דיר?

— יאָ.

— זעט אויס, ניט געקאָנט זיך דערקלינגען און עפּשער געווען אויך אַן אַנדער סיבע.

— וואָס פאַר אַן אַנדערע? — האָט געפרעגט אַרסען.

וואַסילי מיראַנאָוויטש האָט זיך צעשמייכלט.

— עפּשער האָט איר זיך צעקריגט. און קיינער וויל ניט מאַכן דעם ערשטן טראָט אויף איבערבעטן זיך...

אַרסען שווײַגט. וואַסילי מיראַנאָוויטש איז צוגעגאַנגען נעענטער צו דער פּיאַנע, פאָרזיכטיק אָנגעדריקט מיטן פינגער אויף א קלאַוויש און צוגעהערט זיך ווי עלאַסטיש ווערט געבוירן און ווערט פאַרשטאָרבן א קלאַנג.

— איז ווער, מיינסטו, דאַרף מאַכן דעם ערשטן טראָט?

ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָט וואַסילי מיראַנאָוויטש פאָרגעזעצט:

— איך האָב זי פאַרבעטן צוזאַמען מיט ראָזאַליע נאַומאָוונען צו אונדז אויף דעם נײַ־יאָר.

אַרסען האָט זיך דערפרייט און גלײַך זיך פאַרומערט.

— זי וועט ניט קומען.

וואַסילי מיראַנאָוויטש האָט צוגעשטימט.

— יאָ. וואַרשײַנלעך, אַז זי וועט ניט קומען. איבער דײַן מאַמען. זי וועט מוירע האָבן...

ער האָט ווידער אָנגעדריקט אויף א קלאַוויש, און ווען דער קלאַנג איז דערטרונקען געוואָרן, האָט ער צוגעגעבן:

— בלײַבט נאָר איינס. מוזסט אַליין גיין צו ציפּוירען באַגריסן זי מיטן נײַ־יאָר. פאַרשטייט זיך — מיט קווייטן, מאַטאָנעס...

— און וויאַזוי וועט ציפּוירע דאָס אופנעמען, אויב כ׳וועל...

וואַסילי מיראַנאָוויטש האָט איבערגעשלאָגן:

— כ׳ווייס ניט.

געכאַפּט א קוק אופן זייגערל און איבערגעכאַזערט:

— כ׳ווייס ניט. זײַ מוכל, איך אײַל זיך אויף דער אַרבעט.

שוין אויף דער שוועל האָט ער זיך אויסגעקערעוועט און צוגעגעבן:

— דאָס איינציקע, וואָס כ׳ווייס יאָ, — ציפּוירע האָט דיך ליב.

באַם אַרויסגאַנג האָט וואַסילי זיך צוזאַמענגעשטויסן פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט דער יונגיטשקער שכיינע מאַריקען. זי האָט זיך אויך געײַלט אויף דער אַרבעט. אָבער דערזעענדיק דודאַרן, האָט זי אים געשאָנקען דעם ליבלעכסטן שמייכל אירן, גענומען אים אונטער דער האַנט און אים שטיל אײַנגערוימט אין אויער:

— בייזערט זיך ניט, ביטע, אויף אונדז, טײַערער וואַסילי מיראַנאָוויטש.

— פאַר וואָס?

— הײַנט וועלן מיר שוין א הוליע טאָן. מיר מוזן דאָך באַגעגענען לײַטיש דאָס נײַע יאָר.

— די גאַנצע נאַכט?

— יאָ, מיסטאָמע די גאַנצע נאַכט.

— האָסט כאָטש געזען ווי די וואַנט האָט זיך בא אונדז געטרעשטשעט איבער אײַערע טענצלעך?

— געזען. זאָל איך אַזוי זען אויף מײַנע אויגן. מיר וועלן אָבער דאָס פאַרשמירן, פאַרטינקעווען, פאַרפאַרבן, פאַרווײַסן.

— דו זאָגסט דאָס צו שוין דאָס צענטע מאָל.

— נישטאָ קיין צײַט. כ׳זאָל אזוי לעבן — נישטאָ קיין צײַט.
— וואָס הייסט נישטאָ קיין צײַט? נו, לאָמיר זאָגן, אז ביז זעקס ארבעטסטו. און שפּעטער וואָס?
— כ׳לעב.
— וואָס הייסט דו לעבסט?
— כ׳לעב צוליב מײַן פאַרגעניגן.
— דיר איז נאָך ניט נימעס געוואָרן, מאַריקע?
— וואָס?
— אַט־דאָס־אָ — „לעבן צוליב פאַרגעניגן"?
— נימעס געוואָרן. כ׳זאָל אזוי לעבן — נימעס געוואָרן. אָט נאָך דאָס נײַ־יאָר אָפּהוליען, און שוין. א סאָף!
— יאָ, דו ביסט גרינג אָף צוזאָגעכצן, מאַריקע.
זי האָט אים א פינטל געטאָן מיט אירע אויגן.
— עט, גרינג־שווער, וואָס פאַר א כילעק! — און אינמיטן פלוצעם: — כ׳בין זיך נויקעם אין לעבן!
— פאַרוואָס זשע ביסטו זיך אין דעם נויקעם?
— פאַר דעם, וואָס עס האָט מיך אָפּגענאַרט.
— וואָס אָבער האָט דאָ צו טאָן דאָס לעבן, מאַריקע? האָסטעך אליין מיר נאָרוואָס דורכגעזונגען: „ווי שיין איז די וועלט!"
— יאָ. זי איז וווּנדערשיין. ביזוואַנען גראָבע מאַנבלשע הענט האָבן זי ניט באַרירט.



— נאָר דו האָסט אים דאָך ליב געהאַט?
מאַריקע צעהיצט זיך:
— איך אים?
— איז וואָס האָסטו מיט אים כאַסענע געהאַט?
מאַריקע האָט זיך פאַרטאַכט. אָבער נאָר אויף א ווײַלע. זי האָט דאָס ניט ליב געהאַט — קיין טראַכטעניש. זאָל דאָס פערד טראַכטן. עס האָט א גרויסן קאָפּ.
— ס'איז ניט קיין מוז פריער ליבן און נאָכדעם כאַסענע האָבן. עס קאָן אויך זײַן פאַרקערט.
זיי זײַנען צוגעגאַנגען צו די פאָסטקעסטלעך. מאַריקע האָט אופגעשלאָסן און ווידער פאַרמאַכט דאָס פּוסטע קעסטעלע.
— וואָלט כאָטש עמעצער זיך אָנגעשטויסן און מיר אָנגעשריבן א באַגריסונג־קאַרטל צום נײַעם יאָר!
— און אליין האָסטו עמעצן באַגריסט?
— וועמען „עמעצן"?
— נו, דײַן געוועזענעם מאַן.
— וואָס רעדט איר?
— און פאַרוואָס עפּעס ניט? וויכטיק איז דאָך דער ערשטער טראָט. עפּשער וואָלט איר זיך איבערגעבעטן.
— מיט אים? זיך איבערבעטן? קיינמאָל ניט! קיינמאָל ניט!
די שטאָקן האָבן זיך צעקרעכצט, צעזיפצט, צעהוסט. דאָס הייבט זיך אוף מיט די טרעפּ דער זייער אַלטער, זייער אָפּגעשוואַכטער הויזבאַזיצער מיט א קענדל מילך אין איין האַנט און מיט א קוישל מיט זעקסקאָפּיקע ראָגאַליקעס — אין דער צווייטער. מיט אַן עקל־גרימאַסע אויפן פּנים האָט מאַריקע פאַרשטעקט די אויערן און נאָכמאָל אויסגערופן:
— קיינמאָל נישט! — דערנאָך צוגעגעבן: — כ'וואָלט שוין בעסער כאַסענע געהאַט מיט דעם אַ בײַן־און־נײַנציקיאָריקן צעבראָכענעם שאַרבן, איידער זיך אומקערן צו מײַן מענוול.
וואַסיע האָט באַרימעריש א פאָכע געטאָן אינדערלופטן מיט א בונט בײַיאָריק קאַרטל.
— און מיך האָט מען באַגריסט!
— ווער?
— ס'איז א סאָד.
מאַריקע האָט זיך אָנגערופן, ווי אַנטשולדיקט זיך:
— אוי, כ'האָב פאַרגעסן גראַטולירן אײַך מיטן נײַעם יאָר. איז באַגריס איך אײַך און כ'ווינטש אײַך דאָס סאַמע־סאַמע...
זי האָט פלינק ארומגעפלאָכטן אירע הענט ארום דוואַרס האַלדז און הייס א קוש געטאָן אים אין די ליפּן.
— איר זײַט א ווילער מענטש, וואַסילי מיראָנאָוויטש...
און גלײַך זיך געלאָזט לויפן.
וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט א קוק געגעבן אַרוף, צי רעגינע איז ניט אַרויס אויפן באַלקאָן און ניט צוגעזען ווי מאַריקע האָט אים א קוש געגעבן. אייניצײַטיק האָט ער דערפילט אַן עקל צו זײַן אייגענעם פּאַכעד. שוין בעסער אַזוי, ווי מאַריקע. דער פאַרדראָס האָט זיך גיך אויסגעוועפּט. דאָס בונטע נײַיאָריק קאַרטל איז געווען פון דער קליינער לערערקע.
אויף דער אַרבעט האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש, ווי געוויינלעך, געלאָזט זיך גיין צופוס. א מעהאַלעך א נישקאָשעדיקער. פונעם צענטער האָט ער פאַרקערעוועט אויף ראַזע ליוקסעמבורג־געסל, אַרויס אויף דעם מאַרק־פּלאַץ. שנייעלעך האָבן צוגעפּודערט די קנייטשן פון די אַלטצײַטיקע געבײַדעס, און זיי האָבן אויסגעזען אויף עטלעכע יאָרהונדערטער יינגער.
אויף דער אַרבעט האָט קיינער ניט געאַרבעט. אַלע האָבן געוואַרט, געקלערט, פאַרויסגעזען און פאַרויסגעזאָגט די פאַרויסשטייענדיקע פײַערונג.
וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט געבראַכט מיט זיך א מונטערע פרישקײַט. קוקנדיק אויף אים, האָט באַסענקאָ אויסגערופן:
— דו האָסט זיך פאַרויטלט ווי עפּעס א יעפּייפּע! — און ערשט נאָכדעם צוגעגעבן: — מ'האָט דיר שוין געקלונגען.
עפּשער לײַגט ער. עפּשער שפּאַסט ער. נאָר פונדעסטוועגן איז וואַסיען געווען אָנגענעם. די לעצטע צײַט איז בא אים אופגעקומען א צאַרטער געפיל צום גרינבלעכן טעלעפאָן־אַפּאַראַט. יעדער קלונג פלעגט אַרויסרופן בא אים א גוטן פאָרגעפיל, ווי עפּעס א באַדינגלעכער סיגנאַל פון א פאַרשטייענדיקער פרייד.

װאַסילי מיראָנאָװיטש אײַלט זיך. אַרבעט איז נאָך פֿאַראַן אַ סך און דער טאָג איז קורץ, דער לעצטער טאָג פֿונעם יאָר. ער האָט צעעפֿנט אַ גראָבע פּאַפּקע מיט אַקוראַט צונױפֿגעלײגטע פּאַפּירן. ניט באַװיזן נאָך צו פֿאַרטיפֿן זיך אין זײ װי באַסענקאַ איז צוגעגאַנגען צו אים, צוגעזעצט זיך, אַװעקגעשאַרט מיט דער האַנט די פּאַפּקע און אױסגעגלאָצט די אױגן אױף דעם פֿאַרכידעשטן דודאַרן.

— שױן זשע קלײַבסטו זיך אַרבעטן אין אַזאַ פֿײַערלעכן טאָג?

װאַסילי מיראָנאָװיטש האָט זיך צעבײזערט, נאָר מיטאַמאָל האָט ער הינטער באַסענקאָס פּלײצעס דערזען די קלײנע לערערקע, האָט ער זיך באַהערשט.

— אָט װאָס, באַסענקאָ, גײ אַװעק, און שטער מיר ניט. כ'האָב אַ סך אַרבעט. און בײַ דיר, מײַן איך, איז ניט װײניקער.

— װער זשע אַרבעט הײַנט? — האָט דערװוּנדערט באַסענקאָ.

װאַסילי מיראָנאָװיטש האָט מיט באַדױערונג אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— באַסענקאָ, באַסענקאָ! פֿאַר װאָס באַקומסטו אַרבעטסלױן?

באַסענקאָ האָט לאַכלוטן זיך ניט באַלײדיקט. ער האָט נאָר געשמײכלט. ער האָט געװאָלט איבערכאַזערן זײַן באַליבט װערטעלע: „אַרבעט האָבן ליב באַראַנים", נאָר ער האָט אָפּגעשװיגן, בלױז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, װי אײנער זאָגט: „ניטאָ מיט װעמען צו רײדן", אַראָפּגעקראָכן פֿון דודאַרס טיש און געלאָזט זיך גײן צו זײַנעם. צוזאַמען מיט אים האָט זיך אױסגעדאַמפּט רוטס געשטאַלט. װאַסיע האָט טיף אָפּגעזיפֿצט און פֿאַרטיפֿט זיך אין זײַן אַרבעט.

## 20

אין לעצטן טאָג פֿון דעם אַלטן יאָר האָט מען די אַרבעט פֿאַרענדיקט אױף צװײ שאָ פֿריִער. נאָר מ'איז זיך ניט פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. מע דאַרף דאָך נאָך אָפּמערקן דעם קומענדיקן נײַ־יאָר טאַקע דאָ אױפֿן אָרט. װאַסילי מיראָנאָװיטש האָט ליב געהאַט אַזעלכע אומגעצװוּנגענע פֿאַרװײַלונגען, נאָר דאָס מאָל האָט ער ניט געקאָנט בײַזײַן.

װאַסיע האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו רעגינען. זי האָט שױן פֿון לאַנג פֿאַרוקט אירע פּאַפּקעס און ליסטעס אין די טישקעסטלעך, נאָר זיך געמאַכט, אַז זי איז שטאַרק פֿאַרנומען. װאַסיע האָט זיך ניט באַלײדיקט. פֿאַרקערט. ער איז געבליבן שטײן װי עפּעס אַ פֿאַרשולדיקט ייִנגל — בלױז די מױל־װינקלען האָבן גרינג זיך געצוקט, דערשטיקנדיק אַ שמײכל. ער האָט געװאַרט אױף אַ שטראָף, און װאָס גיכער, איז בעסער. זי װעט אים אָפּשמײַסן מיט אַ שטראָם פֿון בײזע װערטער, און שױן. דאָ, אױף דער אַרבעט, װעט די האַזיקע פּראָצעדור פֿאָרקומען אַ סך גיכער און גלאַטער, װי אינדערהײם. דאָ מוז מען זיך אױפֿירן לײַטיש. אינדערהײם װאָלט געװען ערגער. די דערקלערונג פֿאַרציט זיך, די קעגנזײַטיקע טײַנעס פֿאַרגרעסערן זיך, און װאָס עלטער זײ װערן, אַלץ לענגער און פֿײַנלעכער װערט די קײט פֿון זינד און פֿאָרװוּרפֿן.

דאָס מאָל האָט זיך אָבער באַקומען אַנדערש.

זי איז געװען שײן, רעגינע, אין איר צאָרן. אַ שװאַרצער סװעטער, שװאַרצע װיִעס, שװאַרצע, געקרײַזלטע האָר, און דאָס אַלץ באַרעמלט אַ בלײך געזיכט מיט שטײף צונױפֿגעפּרעסטע ליפּן. ער שטײט, און זי באַמערקט אים ניט, פּאַשעט באַמערקט אים ניט. און דאָס איז ערגער. שױן בעסער, װען זי װאָלט אים אױסגעזידלט. ער קאָן אפֿילו איר אונטערזאָגן, װיאַזױ דאָס טוט זיך. װאַסיע האָט זיך אױסגעלערנט טאַקע בײַ רעגינען, װיאַזױ צו זידלען זיך.

דאָס קומט פֿאַר אַזױ:

— צעקראַכענער נעפּעש! — שרײַט זי אױס.

דאָס איז איר באַליבט זידלװערטעלע. און די פּױזע איז נײטיק צוליב דעם, אַז די ליפּן זאָלן בײַ אים אױפֿהערן צו צוקן, און ער זאָל זאַרגזאַם צוגרײטן זײַנע אױערן אױסהערן דאָס, װאָס מע זאָגט אים.

װאַסיע האָט פֿונדעסטװעגן זיך געסטאַרעט זײַן יושרדיק, אױסקלאָרנדיק זײַנע קעגנזײַטיקע באַציִונגען מיט רעגינען. דער צונאָמען „צעקראַכענער נעפּעש" פּאַסט אים, דוכט זיך. לעכאָלאָפּאַכעס, פֿון איר שטאַנדפּונקט. ער יאָגט זיך ניט נאָך מאַטעריעלע װױלטיקן. זײַן געהאַלט איז קלענער פֿון רעגינעס, און דאָס פֿלעגט זי געבן אים אָנצוהערן ניט זעלטן. און נאָך דעם, װאָס ער האָט זיך אָפּגעזאָגט אָנעמען באַזאַרעװיטשעס גרױסמוטיקן פֿאָרשלאָג, איז רעגינע איבערגעגאַנגען פֿון דינע אָנצוהערענישן צו גאַנץ גראָבע דיבורים. ער, װאַסילי, דאַרף איר זײַן ביז גאָר דאַנקבאַר פֿאַר איר פּראָטעקציע. זי װיל זיך דערשלאָגן אַ העכערע שטעלע פֿאַר אים טאַקע צוליב אים, אַז זײַן מאַנצבלשע ערע

זאָל ניט געמינערט ווערן אין פאַרגלייַך מיט איר. און ער האָט זיך איינגעשפּאַרט, ווי אַ... נו, ס'איז ניט וויכטיק וויאַזוי. „ווי אַ ביק" — וועט זי סיַיווי ניט זאָגן. ס'איז ניט אָנשטענדיק. אָבער... ניט זעלטן פּלעגט זי פאַרגעסן וועגן אָנשטענדיקייַט. באַזונדערס, ווען היציקייַט פלעגט נעמען די איבערהאַנט. נו, און רופן אַן אייגענעם מאַן „צעקראַכענער נעפּעש" איז דען אָנשטענדיק, רעגינע וולאַדימיראָוונאַ?

אַלזאָ, רויִק. פון וואָס האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן? פון דעם, וואָס דו האָסט מיך דערזען צוזאַמען מיט דער קליינער לערערקע. הורא, איצט בין איך שוין אַן עכטער מאַנצבל. און דו, קומט אויס, ביסט אייפערזיכטיק. איז וויאַזוי וועסטו זיך בויקעם זייַן אין מיר, רעגינע?

רעגינע וולאַדימיראָוונאַ האָט מיטאַמאָל זיך צעשמייכלט. הייסט עס, אַז די נעקאָמע איז שוין צוגעגרייט. זי האָט פאַרלאָשן דעם שמייכל און דורכגעזייט צווישן די ציין:

— דאָס נייַ־יאָר וועסטו שוין פּראַווען אָן מיר. מיכאַיִל קאָנאָנאָוויטש האָט באַשטעלט אַ טישל אין רעסטאָראַן...

זי האָט זיך אויפגעהויבן און אַ טייַטל געטאָן מיט אַ העל אָנגעמאַניקוירטן נאָגל.

— איך וואָלט דיך אויך פאַרבעטן, נאָר דו ביסט צו אַן אָפּגעלאָזטער. אַ העמדל איז בייַ דיר ווי בייַ אַ באַלמעלאָכע. דערצו נאָך מיט אַ לאַטע. אַפילו הייַנט האָסטו ניט געפונען קיין צייַט אָנטאָן אַ האַלדזטוך.

וואַסילי מיראָנאָוויטש איז געשטאַנען און געשוויגן. דערנאָך איז ער אַוועק אַהיים. רעגינע וולאַדימיראָוונאַ האָט טריומפירט: זי האָט אָפּגעהאַלטן אַ ניצאָכן!

איבער וועמען, רעגינע וולאַדימיראָוונאַ? איבער וועמען? און נאָך וואָס? וויפל יאָר לעבט איר שוין צוזאַמען מיט וואַסילי מיראָנאָוויטשן? וואָס זשע ווייסט איר וועגן אים? וואָס?.. און ער האָט געטראָגן אין זיך אַ גאַנצע וועלט!

אַגעוו, וואָס ווייסט איר וועגן אייַער ערשטן מאַן, וועגן זינאָווי לעאָנידאָוויטשן? ער האָט, וואַרשייַנלעך, אויך געטראָגן אין זיך אַ גאַנצע וועלט, אַ וועלט פון מוזיק, און וואָס ווייסט איר וועגן דער דאָזיקער וועלט? בערגער איז אָבער ניט געווען קיין „צעקראַכענער נעפּעש", האָט ער זיך געגעט מיט אייַך. און וואַסילי מיראָנאָוויטש וועט קיינמאָל זיך ניט געטן, אין דעם זייַט איר זיכער.

אַגעוו, וואָס ווייסט איר וועגן אייַער זון, אַרסענען, וועלכער האָט געיאַרשנט פון זייַן טאַטן די רייַכע וועלט פון מוזיק?

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט געמאַכט איינמאָל אַ פּרווו אַרייַנפירן אייַך אין זייַן וועלט. און איר האָט פון די ערשטע ווערטער זייַנע אַ קוק געגעבן אויף אים מיט אַזאַ ביטל, אַז ער האָט אין גרויס אייַלעניש פאַרהאַקט די טיר פון זייַן נעשאָמע. און מער קיינמאָל זי ניט אויפגעמאַכט פאַר אייַערע אויגן. מעגלעך, אַז דעריבער האָט אים אַזוי דערפרייט דאָס דערשייַנען פון דער קליינער לערערקע.

ווען וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך דערשלעפּט אַהיים, האָט ער געטראָפן אַ פּאָסטקייַט. דער שווער ליגט אין שפּיטאָל. אַרסען האָט פון גרויס פרייד אָפּגעגאָלט די באָרד און אַ יאָג געטאָן מיט אַ בוקעט קווייטן צו ציפּוירען. און רעגינע זיצט איצט אין רעסטאָראַן מיט נאַזאַרעוויטשן.

ווי עס איז פּאָסטקייַט, דאָרטן איז בענקשאַפט. פונדעסטוועגן האָט וואַסילי מיראָנאָוויטש געהאַלטן זיך רויִק — מע וואָלט נאָך געדאַרפט לערנען זיך בייַ וואַסיען די קונסט צו שלינגען שווייַגנדיק אַוולעס און יעסורים.

דאָס בעסטע וואָלט עפּשער געווען צופאָרן אין שפּיטאָל, מעוואַקער־כויִלע זייַן דעם שווער. נו, און טערעשטשוקן אויך. ער וועט זיי ברענגען די צונויפגעזאַמלטע אונטערוועגנס גרייַפּעלעך נייַיאָריקער פרייד. ער וועט זיי צעשפּריצן איבער דער פּאַלאַטע, קעדיי אָפּצורייניקן די שווערע לופט פון קרעכצן און זיפצן, און פון יענעם־אָ: „צוגעקומען פינף, פאַרלאָזט דרייַ, געשטאָרבן איינע..." עס קאָן זיך מאַכן, אַז ער וועט דאָרטן טרעפן אויך טערעשטשוקס ווייַב, גאַלינען, מיט וועמען טערעשטשוק האָט זיך געוואָלט געטן, נאָר די קראַנקהייַט האָט צעשטערט זייַן בייזע קאַוואָנע, און זי, גאַלינע, וועט קומען הייַנט מיט אַ פול רענצל און וועט אַרויסלייגן אויף דער טומבע אַלערליי זאַפטן, קעפירן, ייַכלעך, אייער, אַ היגערשע לאַפּקע און אַ נישקאָשעדיקן שטיק פון אַ נייַיאָריקן קוכן... נו, איז וואָס? טו אָן דעם מאַנטל, וואַסיע, און היַידאַ אין שפּיטאָל.

ניין. עס וועט זיך אָפּנעם הייַנט ניט באַקומען. רעגינע קאָן נאָך זיך מעיאַשעוו זייַן. דאָס טרעפט מיט איר ניט זעלטן. די צונג דראָט, נאָר דאָס האַרץ ציט אַהיים. וואָס זשע וועט זייַן? זי וועט קומען און וועט אויך טרעפן אַ בענקענדיקע פּאָסטקייַט. און זי קאָן נאָך מיינען, אַז ניט צום שווער בין איך געגאַנגען, נאָר צו יענער־אָ. ניט גוט!

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין אַ פאָטעל. אַ שטיקל צייַט איז ער געזעסן מיט צוגעמאַכטע אויגן, ביזוואַנען ער האָט ניט דערהערט אַ געהילך פון קינדערשע קוילעס. נאָר ווען ער האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט ער ווידער דערזען די זעלבע פּאָסטקייַט, און עס האָט אים פאַרקלעמט באַם האַרצן. עפּעס האָט אים אַ שטאָך געטאָן, און אַזוי ווייטיקדיק, אַז וואַסילי האָט זיך

## קינסטלער ישׂראל זילבערמאַן (מאָסקווע)

(זע דאָס אַרטיקל אויף דער זייט 153)



א געסל אין פערגאנא

מאָסקווע. די גרויסע שטיינערנע בריק





מאַלטע

●

מאָסקווע. דער טרובנאַיאַ־פּלאַץ



דערשראָקן, ווען עס האָט זיך באַוויזן פאר זײַנע אויגן די מאַנאַשקע. ווי געווײנלעך, איז זי געווען אינגאַנצן אײַנגעהילט אין שוואַרצן, א ראַנד פון א שוואַרצן טוך איז געווען אַנגערוקט אַף די אויגן, נאָר די ליפּן האָבן געשמייכלט. ער האָט שאַרף א טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ, און די שוואַרצע זעונג איז פאַרשוווּנדן.

ער האָט אַרויסגענומען א טישטעך, פאַרשפּרייט דעם טיש, אַרויסבאַקומען פונעם בופעט א פלעשל, צוויי קעליִשקעס, אָנגעפילט זיי, אײנעם האָט ער גענומען אין דער האַנט, צוגערירט אים צום צווייטן און זיך צוגעהערט, ווי זיי האָבן זיך צעקלונגען. אויסגעטרונקען אײנעם, דערנאָך דעם צווייטן.

דערמאָנט זיך, אַז ער האָט פאַרגעסן אויסרופן א נײַיאָריקן טאָסט און ווידער אָנגעגאָסן ביידע. איצט האָט ער גענומען דעם צווייטן קעליִשעק, א טשאָקע זיך געטאָן מיטן ערשטן, אויסגעטרונקען ביידע און ווידער פאַרגעסן וועגן טאָסט.

ער האָט א קוק געגעבן אַפן זייגער. ביז צוועלף איז נאָך ווײַטלעך. די צײַט באַוועגט זיך לאַנגזאַם. די מינוטן ציִען זיך אַרויף און אַראָפּ, אַרויף און אַראָפּ. ווי עפּעס א קאַרדיִאָגראַם. מ׳האָט אים קיינמאָל ניט געמאַכט קיין קאַרדיִאָגראַם. וואָס דאַרף ער זי, אַזאַ געזונטער יונגאַטש. רעגינע איז אים מעקאַנע. ווען מע וואָלט געקאָנט זיך טיילן מיטן געזונט, ווי מיט א שטיקל ברויט, וואָלט זי אים געצוווּנגען טיילן זיך מיט דעם.

אָבער וואָס דאַרפסטו מיך צווינגען, רעגינע? כ׳וואָלט אַליין גערן געטיילט זיך מיט דיר מיט מײַן געזונט. נאָר דאַכט זיך, אַז עס איז שוין... ס׳איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיך האָט אַזוי א שטאָך געטאָן אין האַרצן.

וואַסילי מיראָנאָוויטש האָט זיך א דריי געטאָן אינעם פאָטעל. דער צושטאַנד פון זײַן נעשאָמע איז אים ניט געפעלן. עפּשער כאַפּן א דרעמל? — האָט ער געזאָגט זיך אינדערהייך, דערנאָך צוגעגעבן: — ווען ס׳איז צו שטיל, קאָן איך ניט אײַנשלאָפן.

נאָר אָט, ווידער דאָס האַרץ. ס׳הייבט זיך נאָכאַמאָל אָן. מע דאַרף פּרוּוון טיפער עטעמען. אָט אַזוי: אײַנהויך. אויסהויך. באַם אײַנהויך קלערן וועגן דער קלײנער לערערקע, וואָס איז מיט איר וווּקס און ניט־שיינקײַט ענלעך אַף א מיידעלע פון מײַן קינדערלאַנד, וואָס הייסט רות. באַם אויסהויך — טראַכטן וועגן רעגינען, וואָס איז אַמאָל געווען די פרוי פונעם סאָלידן פּראָפעסאָר פון דער קאָנסערוואַטאָריע. באַם אײַנהויך פאַרמאַכן די אויגן. ביטע. אָט האָב איך שוין פאַרמאַכט. ס׳איז אַפילע באַקוועמער אַזוי. מיט צוגעמאַכטע אויגן וועסטו גיכער דערזען דעם הימל און אָפּגעשאָטענעם מיט מיליאַסן שטערן. טשיקאַווע. פאַרוואָס זאָלן מיר ניט א קלער טאָן, ווער האָט צעשאָטן די שטערן איבערן הימל? ס׳האָט ווידער א שטאָך געטאָן! נישקאָשע, דער ווייטיק וועט זיך אײַנשטילן. שיינקײַט שטילט אײַן א ווייטיק. אָ, איצט איז מיר גוט. איצט איז מיר ווויל. עס דערווײַטערן זיך פון מיר די זאָרגן. עס שלײַכט אַוועק פון מיר דער אומרו. איך בין רויִק. עס אָטעמט זיך לײַכט. דאָס האַרץ קלאַפּט געמאָסטן, ריטמיש...

איצט האָט ער זיך קלאָר דערמאָנט, ריכטיקער, זיך פאָרגעשטעלט, ווי די מאַמע פאַרוויגט אים. דעמלט אָבער האָט ער ניט מוירע געהאַט, אַז דאָס האַרץ קאָן נאָך אַנשלאָפן ווערן צוזאַמען מיט אים, און ביידע וועלן שוין קיינמאָל ניט אויפכאַפּן זיך. קיינמאָל ניט. די מאַמע האָט אים דעמלט געזונגען א וויגלידעלע. און איר האָט זיך דעמלט אַפילע ניט געכאָלעמט, אַז אַף איר וואַרט אַזאַ שרעקלעכער טויט. און ער איז געבליבן לעבן. און איצט האָט ער יעסורים, וואָס רעגינע איז אומצופרידן, ווײַל ער האָט ניט אָנגעטאָן קיין האַלדזטוך.

— נו גוט, זאָל שוין זײַן גענוג!

וואַסילי מיראָנאָוויטש כאַזערט איבער זיבן מאָל: כ׳האָב זיך באַרויִקט. כ׳האָב זיך באַרויִקט. א וואַרעמע רו צערינט זיך איבער מײַן קערפּער. אַלע מײַנע זאָרגן טוען זיך אָפּ פון מיר. אַלע? ניין. בעסער אַזוי: אַלץ, וואָס איז קלײנלעך, טוט זיך אָפּ פון מיר. גאָרניט באַאומרויִקט מיך ניט. איצט כאַזער איבער צען מאָל: איך בין רויִק, רויִק, רויִק... בלויז א וויגליד פעלט אויס, קעדיי איך זאָל אַנשלאָפן ווערן. און שוין ניט אויפוואַכן. און דאָס האַרץ שטעכט, שטעכט, שטעכט. און מיר איז שרעקלעך. כ׳האָב ליב דאָס לעבן...

פאַרוואָס קומט ניט קיינער? פאַרוואָס קלינגט ניט קיינער? בא דער קלײנער לערערקע זיצט איגנאַטיק. ער איז געקומען באַגריסן זי מיטן נײַעם יאָר.

עפּשער כאַפּן נאָך א קעליִשעק, האַ, וואַסילי מיראָנאָוויטש? די רעכטע האַנט טשאָקעט זיך מיט דער לינקער. ער גיסט אַרײַן אין זיך פון ביידע קעליִשקעס. ווערט אים נאָך וואַרעמער, און אין האַרצן שטעכט נאָך אומבעראַכמאָנעסדיקער. ער שליסט אײַן דעם טעלעוויזאָר. ביז צוועלף איז נאָך אָבער ווײַט. שליסט ער אים אויס. דער פאָטעל האָט א קרעכץ געטאָן, ווען וואַסיע האָט ווידעראַמאָל זיך אַוועקגעזעצט. ערשט דעמלט האָט זיך דערהערט א קלונג.

דער קלונג איז געווען זייער א ווילער. א וואַרקענדיקער, מיט א צאַרטן ציטער. נאָר דאָס איז געווען ניט די קליינע לערערקע, ניין, אָבער ניט דערפאַר, וואָס זי האָט ניט געוואָלט אָנקלינגען וואסיען. פאַרקערט. זי האָט צען מאָל געקלונגען, נאָר דער טעלעפאָן האָט געשוויגן. זי האָט ניט געוווסט, אַז זי איז אַליין שולדיק און ווידער געקלונגען, פאַראַקשנט געקלונגען.

איר שולד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס פון די זעקס ציפערן האָט זי ריכטיק פאַרגעדענקט בלויז פינף. די זעקסטע האָט זי פאַרגרײַזט. פון דעם אמטלעכן טעלעפאָן האָט זי פעסט פאַרגעדענקט אַלע זעקס ציפערן און פון דעם היימישן — בלויז פינף.

וואסיע האָט דערהערט אַן אַנדער קלונג. דאָס האָט מאַריקע זיך א יאָווע געטאָן. מיט א כאַפּטע טומלדיקע יונגעלײַט, און, ניט אויסטוענדיק דעם מאַנטל, האָט זי געלאָזט דעם מאַגניטאָפאָן אויף דער מאַקסימאַלער הויך.

וואסיען האָט א צי געטאָן צו מאַריקען. ווי צו א קוואַל פון לעבן. א זינדיקן און א זיסן. נאָר קלערנדיק וועגן דעם, האָט ער גוט געוווסט, אַז ער וועט צו מאַריקען ניט גיין... ניין... דער דאָזיקער געדאַנק איז אָבער געקומען שפּעטער, ווען ער האָט זיך אופגעהויבן פונעם פּאָטעל און אומדערוואַרט דערזען זיך אין שפּיגל. ער האָט געקוקט אויף זיך מיט א פרײַלעכן נײַגער, טראַכטנדיק, וואָס פאַר א האָלדזטוך זאָל ער אָנטאָן.

מאַריקעס כעוורע האָבן זיך צעדונערט איבער דער גאַנצער אַלטער שטוב. הײַנט וועט קיינער זיי ניט מוסערן, הײַנט איז אַלץ דערלויבט. ס'איז דאָך א נײַיאָריקע נאַכט!

ווי א זײַטיקער באַאָבאַכטער האָט וואסילי מיראָנאָוויטש באַטראַכט דעם שפּאַלט אויף דער וואַנט. דאָ איז, וואַרשײַנלעך, געווען אַמאָל א נישע אָדער א טיר. דאָס ווענטל איז א דינס. אַלץ הערט מען. און ווען דאָ וואָלט אפילו געווען א וואַנט פון פינף ציגל די גרעב, וואָלט מען אַלצייַנס געהערט דאָס הילכיקע טופּען און העצקען פון יענער זײַט וואַנט.

וואסילי מיראָנאָוויטש איז געזעסן, געקוקט און געקלערט, אַז ווען דער שווער וואָלט געווען אינדערהיים, וואָלט ער שוין אַרײַנגעזאָגט מאַריקען מיט איר כאַליאַסטרע. אָדער כאָטש אַרסען. אין לעצטן פאַל — רעגינע. זי וואָלט ניט אַוועק שלאָגן זיך מיט מאַריקען, נאָר אים, וואסילן, וואָלט זי געצווּנגען דאָס טאָן.

פלוצעם האָט דורכגעשאַלט א מוירעדיקער געקנאַל. די וואַנט איז מיטאַמאָל ווי אופגעשוואָלן, זיך אַנידערגעוואַלגערט און עס איז אופגעקומען א ריזיקע לאָך. און באַנאַנד מיט איר — א באַרג פון ציגל, שטיינברוך און א גוואַלדאָוונע שטויב־כמאַרע. און דורך דער דאָזיקער כמאַרע האָט וואסיע דערזען: פון דער נישע האָבן א שפּאַן געטאָן צו אים צוויי פאַרשטויבטע סקעלעטן ,א גרויסער און א קלייניטשקער. דער גרויסער האָט געהאַלטן דעם קלייניטשקן פאַר דער האַנט. וואסיע האָט ווילד אויסגעשריגן: „רוט! בלויִמע!” די מוזיק און די טופּערײַ האָט מיטאַמאָל זיך איבערגעריסן.

## 21

מאַריקע, וויינענדיק, האָט שפּעטער דערציילט, אַז ווען זי האָט דערהערט דעם אויסגעשריי און געקומען צו לויפן, האָט זי וואסילי מיראָנאָוויטשן ניט דערקענט. ער איז געשטאַנען קעגן דער לאָך מיט אויסגעשטרעקטע הענט און א פאַרקרימט פּאָנעם, געשטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי א פאַרשטיינערטער. זי האָט זיך מעסוקן איבערגעשראָקן, געמיינט, אַז עפּשער איז ער געשטאָרבן שטייענדיק. בײַקומענדיק די שרעק, האָט מאַריקע זיך דערנעענטערט צו אים און צאַרט א גלעט געטאָן אים איבערן אַקסל. וואסילי מיראָנאָוויטש האָט א צאַפּל געטאָן, האַסטיק זי אָפּגעשטויסן, און אַרויסגעלאָפן אויף די טרעפּ, אימקוקנדיק זיך אַלע מאָל, ניט אויף מאַריקען, נאָר פאַרבײַ איר, גלײַך ווי הינטער איר רוקן האָט עמעצער זיך פאַרטײַעט. אויף איינער פון די טרעפּ איז געשטאַנען דער אַלטער הויזבאַזיצער. וואסילי האָט אים א שטויס געטאָן, און דער אַלטער איז אומגעפאַלן, זיך אַראָפּגעקײַקלט מיט די טרעפּ ביז צום פּאָלגנדן שטאָק, און אויסגעהויכט דעם לעצטן אָטעם. וואסילי, ווידער, האָט א שפּרונג געטאָן איבער זײַן טויטן קערפּער און איז אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס מיט א געשריי.

ער איז געלאָפן איבער די באַנאַכטיקע גאַסן און ניט אופגעהערט שרײַען.

אין יענער נײַיאָריקער נאַכט איז וואסיע אַראָפּ פון די געדאַנקען.

די קליינע לערערקע האָט נאָך אַלץ געקלונגען פון דעם אווטאָמאַט, ביז בא איר איז ניט געבליבן קיין איין צווייקאָפּיקע מאַטבייע. זי איז געשטאַנען אין דער קאַלטער בודקע ווי א יעסוימעלע, א קליין מיידעלע אין א רויט צעקנייטשט היטעלע. זי האָט ווידער אַראָפּגענומען דאָס טרײַבל, צוגע־

לייגט צום אויער, דערהערט א לאנגן גלײַכגילטיקן סיגנאַל און מיט טל׳יענדיקער האָפענונג א טרייסל געטאָן דאָס טרײַבל און א וואָרף געטאָן דאָס אפּן קרוק פון דעם אפּאַראַט. און עס האָט געטראָפן דער ערשטער נעס: דער אוטאָמאַט האָט זיך דערבאַרעמט, און געלאָזט אַרויסגליטשן זיך פון זײַנע אינגעווײדן א מאַטבייעלע. גלײַך נאָכן ערשטן נעס האָט געטראָפן דער צווייטער: זי האָט דײַטלעך זיך דערמאָנט אַלע זעקס ציפערן פון וואַסיעס טעלעפאָן. רוט האָט ליבלעך א גלעט געטאָן דעם קאַלטן אַפּאַראַט, אַרײַנגעשטעקט אים אין מויל אַרײַן זײַן אייגענע מאַטבייע און אָנגענומען דעם נומער. זי האָט מיט גרויל א צאַפּל געטאָן, ווען אין דעם טרײַבל האָט דורכגעשאַלט א שוידערלעכער קנאַק. רוט האָט גלײַך א וואָרף געטאָן דאָס טרײַבל און געלאָזט זיך לויפן צום צענטער, ווו א ביסל אין א זײַט איז געשטאַנען די אַלטע שטוב, אין וועלכער עס האָט געוווינט דער ווילער מענטש, וואַסילי מיראָנאָוויטש הודאַר.

זי איז אַלץ געלאָפן, זוכנדיק וואַסיעס שפורן, און ווען זי האָט דערזען דעם טויטן קערפּער אפן שניי, איז זי צוגעפאַלן צו אים מיט א יאָמערדיקן געוויין.

— וואַסיע, זאָג עפּעס...

נאָר וואַסיע האָט געשוויגן. אַרום זיי האָט זיך צונויפגעזאַמלט א גרויסער עולם. עפּעס א יונגאַטש, איבערשרײַענדיק די ספּידאַלע, וואָס איז געהאַנגען אף זײַן פּלייצע, האָט גוטמוטיק געפרעגט:

— וואָסי? זיך אָנגעזשליאָקעט?

רוט האָט מיט צאָרן אויסגעשריגן:

— איר זאָלט ניט וואַגן... ניט וואַגן!.. דאָס האָט איר זיך אָנגעזשליאָקעט!

און ווידער צעוויינט זיך.

אַן אַנדערער, שוין א באַיאָרטער, האָט מיטפילנדיק באַמערקט:

— זעט אויס, ער האָט זיך גערירט פון די געדאַנקען.

און רוט כאַזערט איבער, נאָר שוין אָן צאָרן:

— דאָס האָט איר... איר האָט זיך גערירט!

אין דער מינוט איז צוגעפאָרן א מאַשין. פון איר זײַנען האַסטיק אַרויס רעגינע וולאַדימיראָוונאַ און נאַזאַרעוויטש. שווײַגנדיק, האָבן זיי אויפגעהויבן דעם מעס און אַוועקגעזעצט אים אין דער מאַשין ווי א לעבעדיקן, אונטערהאַלטנדיק אים פון ביידע זײַטן. די קליינע לערערקע און דער יונגאַטש מיט דער ספּידאַלע האָבן זיי זאָרגפול געהאָלפן. רעגינע וולאַדימיראָוונעס געזיכט האָט אויסגעזען גיכער שטרענג ווי פאַרטרויערט. ווען די מאַשין האָט זיך א ריר געטאָן פונעם אָרט און וואַסיע האָט זיך א הוידע געטאָן, האָט רעגינע וולאַדימיראָוונאַ אים אַרומגענומען, און טרערן האָבן זיך א גאָס געטאָן איבער איר פּאָנעם.

די קליינע לערערקע האָט א צײַט געשלעפּט זיך נאָך דער מאַשין. זי איז געגאַנגען אָן א רענצל, אָן א טאַש, האָט זי ניט געוווּסט, וווּהין אַהינצוטאָן די הענט. די מאַשין האָט זיך אַלץ דערווײַטערט, און רוט האָט אַלץ געשלעפּט זיך, פאַרשטייענדיק, אַז זי וועט זי ניט דעריאָגן.

וואַסילי מיראָנאָוויטשן האָט מען פאַרפּוצט אין א שוואַרצן אָנצוג. קימאַט א נײַעם, באַם לעבן האָט ער אים אָנגעטאָן עפּשער צוויי מאָל. דער באַרמיניען איז געלעגן אין רעגינעס צימער. יענעם צימער, מיט דער לאָך אין דער וואַנט, האָט רעגינע וולאַדימיראָוונע פאַרשלאָסן.

אַרסען איז געשטאַנען באַם טויטן־בעט פונעם שטיף־פאָטער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אָן דער באָרד האָט ער אויסגעזען נאָך גאָר יונג און אומבאַהאָלפן. די מאַמע האָט שווײַגנדיק א טאָרע געטאָן אים פאַרן אָרבל, און זיי זײַנען אָפּגעגאַנגען אין א זײַט. די מאַמע האָט אים געזאָגט:

— זאָלסט פאַרגעדענקען. וואַסילי מיראָנאָוויטש איז געשטאָרבן אומגעריכט פון אַן אינפאַרקט אין מײַן בעט, אין דער אַרומרינגלונג פון דער גאַנצער מישפּאָכע.



אַרסען האָט א הייב געטאָן דעם קאָפּ. אין די אויגן — צאָרנדיקע פונקען. אָבער... דאָס ערשטע מאָל האָט ער דערזען אַזאַ פײַנפול, אַזאַ קלאָגעדיק, פאַרקרימט פּאָנעם פון דער מאַמען. האָט ער איבערגעכאַזערט וואָרט בא וואָרט:

— יאָ, מאַמע, וואַסילי מיראָנאָוויטש איז געשטאָרבן אומגעריכט פון אַן אינפאַרקט אין דײַן בעט, אין דער אַרומרינגלונג פון דער גאַנצער מישפּאָכע.

— די לעצטע צײַט פלעגט ער זיך אָפּט קלאָגן אף האַרצווייטיקן, — האָט זי פאַרגעזעצט.

## לייב יודאָווין

(וויטעבסק)

### די צײַט

— אויב דו נעמסט עפּעס טאָן
און די אַרבעט גייט אין א זײַט,
ניט קלאָג זיך פאַר קיינעם, ניט מאַן —
זאָג, אַז שולדיק אין דעם איז די צײַט...
— דאָס, וואָס דו זאָגסט, איז ניט נײַ.
אונדזער ציל איז נאָך זייער ווײַט.

בא קיינעם קיין מוט ניט אַנטלײַ.
ניטאָ קיין מוט — איז ניט שולדיק די צײַט.
טאָמער איז דײַן געוויסן ניט ריין,
פיר אומזיסט ניט מיט אים קיין שטרײַט,
ניט שרײַ און ניט זיפץ און ניט וויין —
ס'וועט ניט העלפן דיר שוין די צײַט...



## אליא זלאָטניק

(מינסק)

### א ווערטל

בא אונדז אינדערהיים פלעג מען זאָגן
אַף א זאַך, וואָס מע שעצט, וואָס מ'האָט האָלט:
„לאַנג אַט דעם בעגעד וועסט טראָגן —
ער איז אָפּגעקאָפּעט מיט גאָלד".

קאַטאָוועסן אין מײַן ליד כ'וועל ניט טרײַבן.
מיט שוויים דאָס וואָרט וועט זײַן באַצאָלט,
אַז קיינער זאָל גלײַכגילטיק ניט בלײַבן,
כ'בעט אײַך, קאָפּעט אַף דעם מיט גאָלד.



## לעוו הירש

(בערדיטשעוו)

### וואָס האָט געטראָפן

פלײַסיק סאָרעלע שפּרינגט אונטער,
ווי א ציגעלע לײַכט און מונטער,
רופט די באָבעשי פון הויז:
— גיכער קום אין הויף ארויס!

קוים, פאַרסאָפּעט, צוגעלאָפן,
פרעגט די באָבע:
— וואָס ט'געטראָפן?

בא סאָרעלען אין די אויגעלעך
פײַכטע רעגנבויגנדלעך:
— באָבעניו, זאָג אַף טשיקאַוועס,
וואָס קומט פאַר מיטן זשוראַוועל,

לעבן ברונעם, ווי א פּאַווע,
בייגט ער זיך און בוקט זיך זשוואַווע,
סײַ באַטאָג און סײַ באַנאַכט
אַף איין פוס ער קרעכצט און וואַכט.

אינעם ברונעם, דוכט זיך סאָרעלען,
עמערס זוכט ער, לאַנג פאַרלאָרענע.

זאָגט די באָבעשי פאַרקלערט:
— ניין! אַזוי איז אים באַשערט —
פאַר דעם וואַסער, ווי קרישטאָל,
דאַנקען ערלעך אַלעמאָל...



## אווראָם ראכמאן
(טשערקאַס)

### דער ברונעם

ער שטייט נאָך איצט פאַר מײַנע אויגן
אפן ראַנד פונעם קרומען געסל.
ווי מײַן זיידעניו
אָנגעבויגן,
שעפּטשעט דער ברונעם עפּעס א טפילע
אין ווײַטע אָוונטן שטילע.

ייִדן פלעגן באַם ברונעם געלאָסן
כאַפּן א טרונק זיס וואַסער.

די ייִדן באַם ברונעם ווי ניט געווען...
נאָר איך געדענק זיי,
ניט מעגלעך פאַרגעסן.
כ'ווייס אליין ניט
פאַרוואָס און פאַרווען...



## נאכמען טיקטין
(ראַסטאָווער געגנט)

### מײַן שוועסטער

דער טאָג ווערט אלץ גרעסער,
שוין טרוקן די בייט.
מײַן שוועסטערקע עסטער
דאָס פעלד האָט פאַרזייט.

אָט ערשט גאָר ניט לאַנג
איז איר אכצן געוואָרן,
צוויי זומערס זי זייט שוין
דאָס ווייץ און דעם קאָרן.

מײַן שוועסטער,
מײַן עסטער
געוואָרן א קאַלע.
איר כאָסן — דער בעסטער —
דאָ קענען אים אלע.



## סאמויל בערינסקי
(קעשענעוו)

### גיב א ניגן

שפּיל מיר, פידלער,
אף דעם פידל,
רײַב דעם סמיטשעק,
שפּיל א ליד מיר.

ווי א דאַינע
זאָל זי קלינגען,
כ'זאָל פון טרויער
זיך צעזינגען,

און דאָס האַרץ
א ווונד זאָל ווערן,
רינען זאָלן
הייסע טרערן.



## פאַרצייכענונגען

# טײַערער מענטש אונדזערער!



לידיַע עלקינד איז א פּעדאַגאָג, א פּראָפעסאָר פון דער היסטאָלאָגיע־קאַפעדרע באַם טאַשקענטער מעלוכישן מעדיצינישן אינסטיטוט. אָט איז א צעטל, וואָס זי האָט באַקומען נאָך איר לעקציע: „מיר זײַנען בײַגעווען, טײַערע לערערין, אויף א לימעד ניט נאָר וועגן עמבריאָלאָגיע — מיר האָבן אויסגעהערט א מאָנאָלאָג פון הייסער ליבע און געטרײַשאַפט דער פּראָפעסיע אונדזערער". און נאָך אַן אָנמערקונג: „טײַערער מענטש אונדזערער, א גרויסן דאַנק אײַך פאַר אײַער גוטסקײַט. ס'איז אוממעגלעך אין אײַך זיך ניט פאַרליבן".

אַזוי שרײַבן דאָקטוירים, סטודענטן, געלערנטע.

מיר האָט אָפּגעגליקט, כ'האָב זיך ניט בלויז געלערנט בא לידיַע אבראַמאָוונען, נאָר ביז איצט אַרבעט איך מיט איר אין איין קאָלעקטיוו. אָפט זע איך: זי גייט אַרײַן אין דער אַודיטאָריע, און עס הייבט זיך אָן א וווּנדער — אַן אויסערגעוויינלעכער לימעד פון היסטאָלאָגיע, וועלכע האָט זיך אונדז פאָרגעשטעלט אַלס א נודנער קעגנשטאַנד. וויאַזוי פלעג עס זיך בא איר באַקומען אַנדערש, פאַרשטיי איך ניט אַדהײַנט, עפשער דערפאַר, וואָס זי אַליין האָט געוווּסט איר דיסציפּלין ביז די סאַמע מינדסטע פּראָטים און איז געווען פעיִק צו באַווײַזן די וויסנשאַפטלעכע „סוידעס" מיט גרויסער ערודיציע...

אויף לידיַע אבראַמאָוונעס לימודים האָט טאָמיד געהערשט א רויִקע באַדאַכטקײַט, פאַר זיי איז געווען כאַראַקטעריסטיש דאָס געפיל פון גוטהאַרציקײַט. קעסיידער, ווען די סטודענטן פלעגן ענטפערן אויף אירע פראַגעס, האָבן זיי געזען פאַר זיך א זעלטן־שיין פּאָנעם: אין אירע ווײַלע אויגן פלעג אויפקומען דאַנקבאַרקײַט, גלײַך ווי מיט זייערע ענטפערס האָבן די סטודענטן איר געטאָן א וויכטיקע טויווע. זי האָט ניט געצווּנגען די טאַלמידים, זיי זאָלן לערנען מיט פלײַס, זי פלעג אָבער אַזוי מיטרײַסן זיי, אַז אַלע זײַנען פאַרכאַפּט געווען מיט איר קעגנשטאַנד, און ניט באַהערשן איר דיסציפּלין איז געווען פּאַשעט א כאַרפּע.

אירע לעקציעס האָט לידיַע אבראַמאָוונע ניט „געלייענט", זי פלעג זיי דערציילן, ווי א קישעף־מײַסעלע. אין זאַל האָט געהערשט אַן אַבסאָליוטע שטילקײַט, און איבער אָט דער אַרבעטנדיקער שטילקײַט האָט געהילכט דאָס קלינגעדיקע אָנגענעמע קאָל פון לעקטאָר. די סטודענטן האָבן מוירע געהאַט דורכלאָזן א וואָרט.

יעדער טאָג באַם פּראָפעסאָר עלקינד איז איבערגעפּולט ביזן ראַנד. כוץ די לעקציעס, האָט זי אויף זיך וויסנשאַפטלעכע און געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן.

איר טאַטע איז געווען אַן אַרבעטער. אין די סטודענטישע יאָרן, אויפן צווייטן קורס, האָט זי שוין געמוזט פאַרדינען אויפן לעבן. זי איז אָנגעקומען אַרבעטן אַלס לאַבאָראַנטקע אויף דער קאַפעדרע פון היסטאָלאָגיע אינעם טאַשקענטער מעדיצינישן אינסטיטוט, דאָן האָט שוין, ווײַזט אויס, אַליין דער גוירל באַשטימט, זי זאָל שטעלן די ווײַטערדיקע טריט טאַקע אויף אָט דער קאַפעדרע. מיט גרויס דערפאָלג האָט זי פאַרטיידיקט א קאַנדידאַטישע און נאָכדעם א דאָקטאָרשע דיסערטאַציע. זי האָט פּובליקירט 125 וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, צווישן זיי צוויי מאָנאָגראַפיעס.

לידיַע עלקינד געהערט זיך אָן צו יענע גליקלעכע מענטשן, וועלכע קלײַבן אויס זייער לעבנסוועג איין מאָל פאַר אַלע מאָל. אין איר אַרבעטסביכעלע אין מעשעך פון א האַלבן יאָרהונדערט שטייט בלויז איין אויפשריפט: „די קאַפעדרע פון היסטאָלאָגיע". עס האָט זיך געביטן נאָר די שטעלע — לאַבאָראַנט, אַסיסטענט, דאָצענט, פּראָפעסאָר.

„ווו נעם איך קויכעס און זיכערקײַט אויף לעבן און אַרבעטן מיט אַזאַ אָנשטרענגונג? איך האָב א געפיל, אַז מענטשן דאַרפן מיך האָבן. כ'האַנדל אַזוי, אַז וואָס מער דו גיסט אָפּ, אַלץ מער באַקומסטו. די מעדיצין איז מײַן וועלט, א וועלט, אין וועלכער איך האָב א מעגלעכקײַט צו רעאַליזירן אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג אין זיך".

אַז דאָס זײַנען ניט נאָר שיינע ווערטער, ווייסן מיר אַלע — אירע שילער און קאָלעגן.

דאָוויד טײַבערג
(טאַשקענט)

# דאָס רעדל דרייט זיך



איסאַק זילבערמאַנס פּידזשאַק — סײַ די רעכטע פּאָלע, סײַ די לינקע — באַצירן שלאַכט־באַלוינונגען. צומאָל דוכט זיך מיר, אַז מער ווי גענוג פֿאַר איין מענטשן, אַפֿילע אויב ער האָט זיך געטרײַ געראַנגלט מיט די פֿאַשיסטן פֿונעם ערשטן ביזן לעצטן טאָג פֿון דער מילכאָמע. מיר פֿערזענלעך אימפּאָנירן זילבערמאַנס מעדאַלן „פֿאַר געוואַגטקײַט". אַזעלכע פֿאַרמאָגט ער צוויי. מיט זיך אַליין טײַנע איך, אַז איינע אַזאַ אָפּשאַצונג איז נאָך ניט קיין סימען, ס'קאָן אַמאָל זײַן, אַז זי איז גאָר אַ צופֿעליקע, אָבער צוויי — דאָס איז שוין אומבאַשטרײַטבאַר...

וועגן איינציקע מעסירעסנעפֿעשדיקע טאַטן זײַנע האָב איך עפּעס־וואָס יאָ געוווּסט. אַשטייגער, בײַס די שלאַכטן אין סטאַלינגראַד, באַם מאַמײַעוו־קורגאַן, האָט זיך אונדזערע אַן אַטאַקע פֿאַרכלינעט: ס'האָט געשטערט אַ פֿאַשיסטישער קוילנוואַרפֿער. וויאַזוי פֿאַרשטאָפּט מען אים דאָס מויל? איין ברירע: איבערשלעפּן אַ מינענוואַרפֿער אויף אַן אָפֿענער פּאָזיציע — אונטער אַ האָגל־פֿײַער פֿונעם פֿײַנט, — אַנדערש וועסטו דעם פֿאַרשאָלטענעם קוילנוואַרפֿער ניט דערלאַנגען. און איסאַק זילבערמאַן דערוועגט זיך. עמעס, ער ווערט פֿאַרוווּנדעט. די ערשטע וווּנד האָט ער באַקומען אַ סאַך פֿריִער, נאָך בײַסן קאַמף פֿאַר דער שטאָט רזשעוו.

ווער ווייסט, פֿונוואַנען עס שטאַמט אי. זילבערמאַנס דרייסטקײַט. זײַן טאַטע נאַכמען, דער מאַלינער קלעזמער, איז קיין גיבער ניט געווען. דער זיידע, דער שוסטער עלטשיק, — אויך ניט. ביידע זײַנען יונגערהייט, קראַנקע, אַוועק אויף יענער וועלט. נאָכן טאַטנס טויט האָט די מאַמע שיינע־עסטער איבערגעוואַנדערט מיט די קינדער קיין קרים אויף ערדאַרבעט. דער מאַמעס קויכעס האָבן אויך אויף לאַנג ניט געקלעקט, און דער פּופּצניאַריקער יאָסעם, שוין אַ קאָמיוגיסט, קומט אָן אויף לער אין טשעבאָקסאַרער לאַנדווירטשאַפֿטלעכן טעכניקום. אַן אַגראָנאָם, אַלס קלאַל, איז ניט מעכויעוו צו זײַן אַ געוואַגטער מענטש — דאָס איז אַן אײַדעלער פֿאַך, אַ שטילער. און איסאַק זילבערמאַן איז טאַקע געווען אַן אײַדעלער און שטילער באָכער, ווען ער איז נאָמינירט געוואָרן אין 1937 אַלס אַגראָנאָם אינעם קאָלווירט „לענינס געבאָטן", אין קרים. ס'קאָן זײַן, אַז דאָס האָט זיך נאָר אויסגעוויזן אַזוי, ווײַל טאַקע דעמלט, אומגעריכט פֿאַר אַלעמען, האָט ער באַשטעטיקט, אַז געוואַגטקײַט איז אים ניט פֿרעמד: ער האָט אויסגעכאַפּט פֿאַר אַ קאַלע די סאַמע שענסטע קאָמיוגיסטקע אינעם יִישעוו, די כעזשבנפֿירערן פֿונעם קאָלווירט, טאַטיאַנע סטעפּאַנאָוונאַ... ניט לאַנג אָבער איז זיי פֿאַרגעשטאַנען צו לעבן אינעם דאָרפֿישן גאַניידן. אַזוי אָדער אַנדערש, אַ גוטער סאָלדאַט איז געווען איסאַק זילבערמאַן. אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי איז ער אַרײַנגעטראָטן אויפֿן סטאַלינגראַדער פֿראָנט, אין סאַמע ברען פֿון דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע, ווען יעדער קעמפֿער, יעדער פּאַטריאָט האָט זיך געצויגן צו דער פּאַרטיי, געשטרעבט זײַן אינעם אַוואַנגאַרד פֿונעם מעסירעסנעפֿעשדיקן געראַנגל קעגן דעם פֿאַשיזם.

נאָך דער דעמאָביליזאַציע, אין 1946, קערט זיך זילבערמאַן ניט אום אין זײַן קרימער קאָלווירט. ער קומט צו פֿאָרן קיין קיִבישעוו, וווּהין עס האָט זיך מילכאָמע־צײַט עוואַקויִרט צו איר שוועסטער זײַן פֿרוי. ביידע, ער און טאַטיאַנע סטעפּאַנאָוונאַ, אָרדענען זיך אײַן אַרבעטן אויפֿן דאָרטיקן בוימאָטאָר־זאַוואָד. זײַן נײַע פּראָפֿעסיע, שלאָסערײַ, באַהערשט ער גיך, ערלעך, מיט גרויס פֿלײַס. די פֿרוי — אויך. דרײַסיק יאָר האָבן זיי געאַרבעט אויף אָט דער אונטערנעמונג. דאָרט איז ער געוואָרן אַ קאָנטראָל־מײַסטער, זי — אַן עלטערער מײַסטער. בײַ זיי איז געווען אַ גוטע דירע. נאָר אַז עס קומט צום לעבן, ווי מע זאָגט, סטײַען ניט קיין יאָרן: נאָך אַ לאַנגדויערנדיקער קרענק איז טאַטיאַנע סטעפּאַנאָוונאַ געשטאָרבן. נאָך אַ נעס, וואָס עס איז דאָ אַ טאָכטערקע — סוועטלאַנע, אַן אינזשעניער־פּלאַנאָוויק. זי אַרבעט אויך אויפֿן בוימאָטאָר־זאַוואָד.

אין 1984 קומט איסאַק זילבערמאַן קיין קיִעוו באַזוכן די קוואָרים פֿון זײַן ברודער פֿימע און פֿון זײַן שוועסטער פֿאַניע. פּלאַנירט האָט ער אָפּזײַן אין קיִעוו בלויז אַ פּאָר טעג — אַ להאָטנער בילעט, אַלס פּראָנטאָוויק, אויף צוריקוועגס קיין קויבישעוו איז געלעגן בײַ אים אין קעשענע.

נאָר אַז ס'איז באַשערט — איז דאָך ניט שייַעך. אײנעם טאָג פון זײַן אָפּפאָר באַגעגנט ער זיך מיט א קיִעווער פרוי — פרידע גריגאָריעוונע, אַן אינזשעניער, א פּענסיאָנערקע, זיי זײַנען זיך געפעלן געוואָרן. מע האָט זיך באַפרײַנדעט, עטלעכע כאַדאָשים אָנגעהאַלטן א בריוו־אויסטויש. און איסאַק זילבערמאַן איז געוואָרן א קיִעווער טױשעוו.

דוכט זיך, אַלץ איז פֿײַן: א גוטע פּענסיע, א באַקוועמע דירע. לעב זאָרגלאָז, האָב האַנאָע פון דער ליכטיקער וועלט. אָבער ניט אַזאַ איז איסאַק נאָומאָוויטש. ער האָט ליב מענטשן, ער מוז זײַן צווישן מענטשן. ער קאָן ניט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט.

איצט אַרבעט ער אַלס סטאָליער אין וווינונגס־קאָאָפּעראַטיוו. ער באַדינט 34 הײַזער. און ווען ער אַרבעט, איז מיט לײַב און לעבן. ס'פאַרדריסט אים, וואָס פאַרשײַטע ווײַסעכעוורעניקעס ברעכן די טרעפּ־פּאָרענטשעס, די ראַמען־לײַסטן, מאַכן א טעל פון די בריקלעך בא די אַרײַנגענג אין די ביניאָנים. ער וואַרט ניט, ביז וואַנען מע וועט אים אויסשרײַבן מאַטעריאַלן פונעם סקלאַד, ווי ווײַט עס איז מעגלעך, באַזאָרגט ער זיך אַליין. די רעמאָנט־אַרבעטן פירט ער פּרעווענטיוו.

אין דער פרײַער צײַט האָט איסאַק נאָומאָוויטש ליב צו שפּילן אַף דעם פידל, זײַן פידל איז בא אים נאָך פון עסטרײַך, פון יענעם ערשטן נאָכמילכאָמעדיקן יאָר, ווען ער, איסאַק זילבערמאַן, פלעגט פאַרווײַלן די סאָוועטישע סאָלדאַטן. וועלכע זײַנען געווען דאָרטן דעמאָלט דיסלאָצירט. אויך איצט קומט אים גוט צוניץ די פידל. ניט נאָר די קרויווים — אַלע זײַנע באַקאַנטע ווייסן, אַז ווו ער קומט אַף א סימכע, דאָרט וועט זײַן פרײלעך. איסאַק זילבערמאַן פאַרמאָגט ניט קיין שלעכטע שטים. ווען ער זינגט א ליד, אונטערשפּילנדיק א באַוווּסטן ניגן אַף דעם פידל, איז שווער זיך אײַנהאַלטן, ניט מיטהעלפן, זיצן דערבײַ שווײַגנדיקערהייט. און אַז ער ברענגט אַרויס א שער, אָדער א פרײלעכס, א האָפּאַק צי א באַריניע — איז ווי זיצט מען אײַן אַפן אָרט און מע כאַפּט ניט קיין טאַנץ?

צוליב וואָס האָב איך עס אַלץ אָנגעשריבן? כ'וויל, מע זאָל וויסן, אַז עס לעבט אַף דער וועלט א מענטש, א שײנער אין זײַן געוויינלעכקײַט, א באַשײדענער קאָמוניסט, סאָלדאַט, האָרעפּאַשניק. ניט בעסער, ניט ערגער, אײדער טויזנטער אַנדערע. אָן אַזעלכע וואָלט די וועלט ניט געווען קיין וועלט.

**דאָוויד שולמאַן**
(קיִעוו)

●

# וועטעראַנען פון דער ייִדישער בינע

יעדע באַגעגעניש מיטן טעאַטער פון די ייִדישע שוישפּילער באַריס לאַנדאַו און געניע לעוו ווערט פאַר מיר א יאָמטעוו.

אָט באַווײַזט זיך אַף דער בינע געניע לעוו — די שאַדכנטע אײנעם בילדל „א כאָסן פון אַמעריקע". סאַרא שײנע דיקציע! סאַרא הומאָר! און מיט וואָס פאַר א מײַסטערשאַפט דערטראָגט אים די אַרטיסטקע צום צושויער! איך קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן — איך לאַך, איך קײַך מאַמעש פון געלעכטער, איך אַפּלאָדיר. איך האָב פאַרגעניגן. מײַן האַנאָע פאַרטאָפּלט זיך, ווען איך דערזע לעבן דער שאַדכנטע דעם אַמעריקאַנער כאָסן — דעם ניט־געוויינלעכן, אײגנאַרטיקן אַרטיסט באַריס לאַנדאַו. איך פאַרגעס, אַז כ'בין אין טעאַטער, מיר דוכט זיך, אַז אַלץ, וואָס איך זע, קומט פאָר אײנעם לעבן, אינדערעמעסן, אַף מײַן גאַס, אין יענער וועלט, וועלכע איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען, אָבער וועלכע איז דאָ, אין וועלכער איך זעלבסט באַטייליק זיך, זאָל זײַן שווײַגנדיק, ווי א שטומער אײדעס, אָבער מיטן גאַנצן וועזן, מיט דער נעשאָמע און מיטן גוף. יאָ, די צוויי עלטערע מענטשן אַף דער בינע זײַנען טרעגער פון עכטער קונסט.

נאָך מער הייב איך אָן גלייבן, אַז דאָס איז טאַקע אַזוי, בײַם די שוישפּילער זינגען אויס פאַרן אויפגערודערטן אוילעם דעם מוזיקאַלן סקעטש „קינדער־יאָרן". דעם טעקסט צו אָט דער שטעלונג האָט זײַנערצײַט אָנגעשריבן דער דיכטער יויסעף קאָטליאַר. די אַרטיסטן שאַפן באַם צושויער אין האַרצן א געפיל פון גרענעצלאָזער בענקשאַפט נאָך עפּעס אַזעלכס, וואָס קאָן זײַן, וואָס דאַרף זײַן, צי עפּשער נאָך אַזעלכס, וואָס ס'איז שוין געווען און וועט זיך קײנמאָל ניט אומקערן. אַך, קינדער־יאָרן, טײַערע, הייליקע קינדער־יאָרן...

איך בין אַזוי פאַרכאַפּט מיט דעם, וואָס איך זע, און איך הער, און לעב איבער! ס'איז מיר שווער צו גלייבן, אַז אויסער דעם זאָל איז פאַראַן עפּעס אַנדערש, אײדער דאָס, וואָס איך זע און איך הער. איך ווייס גאַנץ גוט, אַז די באָבע יאַכנע אין גאָלדפאַדענס „קישעפמאַכערן" — דאָס איז באַריס לאַנדאַו. עס קאָן ניט זײַן: דער מאַנצבל אין זײַן קעגנגעשטעלט געשטאַלט. ס'איז אָבער פאָרט אַזוי! דעם אַרטיסט רופט מען אַרויס אַף דער בינע דאָס צווייטע מאָל. און ווידער געשעט דער וווּנדער — די איבערשטאַלטיקונג. בעשום־אויפן קאָן איך ניט





מאסקים זײַן, אז די באָבע יאכנע — דאָס איז לאַנ־
דאַו, און איך דאַרף אפסניי אײַנריידן זיך אליין,
אז די באָבע יאכנע איז לאַכלוטן ניט קיין באָבע,
נאָר א... זיידע. אפילע ווען דאָס פובליקום נויט
דעם ארטיסט באוויַיזן זײַן געשאפן געשטאלט דאָס
דריטע מאָל, קאָן איך ניט קומען צו־זיך. אָט וואָס
עס הייסט קונסט!

איין זאך ארט מיך זייער: דאָס גליק צו באַ־
העפטן זיך מיט דער קונסט פון באַריס לאַנדאַו און
געניע לעוו איז א זעלטנס. אין דער דאַזיקער נאַ־
טיץ דערצייל איך וועגן א שפעריישן אָוונט פון
די ארטיסטן אין צוזאמענהאנג מיטן 75־טן גע־
בורטסטאָג פון באַריס לאַנדאַו. דער אָוונט איז
פאַרגעקומען אין דרוסקיניקײַ נאָך אין פאַריקן
יאָר....

מיט גרויס דערפאָלג האָבן זיך אין דער באַ־
געגעניש באטייליקט דער אָרקעסטער אונטער דער
אָנפירונג פון עמיל יאנאָווסקין, די טאנץ־גרופע,
וועלכע עס קורירט דער באלעטמייסטער אנא קראַ־
וועץ, דער יונגער באגאבטער פידלער אמוס טרויב.
באגריסן דעם יוביליאר זײַנען געקומען פון מאָסק־
ווע דער קאָמפאָזיטאָר וולאדימיר טערלעצקי, דער
זינגער יאקאָוו מאגיד, א געוועזענער ווילנער טוי־
שעוו.

אזעלכע שעפערישע אָוונטן דארפן אײַנגע־
אָרדנט ווערן אָפטער און אין פארשיידענע שטעט.
מע דאַרף עס טאָן, ביזוואַנען עס איז נאָך פאַראַן
א מעגלעכקײַט עס צו טאָן. מיר אלע האָבן ערלעך
פאַרדינט זיך קוויקן מיט די קינסטלערישע אויצ־
רעס, וועלכע עס פאַרמאָגט אונדזער פאָלק.

ה ע נ י ע   ג אָ ר נ ש ט יי ן
(ווילנע)



## קלארע פעשטשאנסקע

(קיעוו)

# עטערי

(באלאדע)

געשענקט דעם רעזשיסער פון
„מאָספילם” טאמארע ניקאָלײַעווגע
ליסיציאַן, וועמען מיר האָבן גערופן
„עטערי”.

כאָטש געפּײַניקט, שיין דאָך, ווי די וועלט,
יונג און שלאַנק און האַלט זיך, ווי א העלד.
סאַרא מיידל — אויגן, ווי צוויי שטערן.
אין קאָנצלאַגער רופט מען זי עטערי.

כ'האָב דערזען צוערשט זי אינעם קאַרצער,
א צעבלוטיקטע, אין ענגשאַפט שוואַרצער:
ביידע אױף דער ערד געלעגן נאַסער
טעג און נעכט אָן עסן און אָן וואַסער.

קיינמאָל ניט געזאָרגט פאַר זיך אַליין,
אין קריג אוועק — געוועזן מעכוייעוו גיין.
א שפּרונג געטאָן אין הינטערלאַנד מיט מוט
צו די פאַשיסטן
אױף א פאַראַשוט.

אראָפּגעלאָזט זיך אױף אן אַלטן וואַלד,
נאָר אין געפאַנגענשאַפט אַרײַנגעפאַלן באַלד,
אין לאַפּעס אײַזערנע פון פּאָליצײַען,
וואָס שלאָגן זי, וואָס קנעטן זי, וואָס שרײַען:

„פונוואַנען? צוליב וואָס געקומען ביסטו?
מיסטאַמע, א זשידאָווקע? קאָמוניסטקע?!”
עטערי שווײַגט, זי האָט די צונג פאַרביסן.
דאָס קלייד אױף איר צעפּיצלט און צעריסן.

דערנאָך פון איין קאָנצלאַגער אינעם צווייטן
מע טרײַבט, מע יאָגט, אין ליידן און אין ווייטיק,
אין שניי, אין בלאָטעס, האָגלען און אין רעגן
מע גייט, מע פאַלט, מע בלײַבט דאָ אױף די וועגן.

לעבעדיק קוים, אין א שאָ א גוטער
דערשלעפּט זי זיך צום לאַגער קיין סלאַוווטע.

ס'וואַכט אויף אָפּסנײַ אָבער בא איר דער גײַסט —
ער רופט, ער מאָנט און פאָדערט, און ער שמײַסט...
כאַווײרים זי געפינט געטרײַע פיל,
מע שושקעט זיך, מע טײַנעט אינדערשטיל.

צען לאַנגע נעכט, צען אָנגעשטרענגטע טעג
צו פרײַהײַט גראָבט מען אײַנגעשפּאַרט א וועג.

און אָט פון הינטן — די פאַרגראָבטע שטאָט,
די בייזע הינט, דער וויסטער שטעכלדראָט.
מע קריכט — מע אַקערט מיט דער נאָז די ערד,
מע שעמט זיך ניט, די פרײַהײַט אַלץ איז ווערט.

אַרויסגעריסן זיך פון קלעם דערווײַל,
פאַרלאָרן זיך, אַרומגעקוקט א ווײַל:
וווּהין פאַרקערעווען די דרייסטע טריט?
עס דוכט זיך אויס, די ערד איז דאָ צעגליט.

אן אַלטיטשקע פון דאָרף האָט אַלץ פאַרשטאַנען —
דעם שטעג געהיימען צו די פאַרטיזאַנען.
ראַכמאָנעסדיק די פליכטלינגען פאַרטרויט —
אַרײַנגעלייגט אין האַנט א לעבל ברויט.

אין וואַלד מע נעמט עטערי אויף מיט פרייד,
מע הערט זיך צו צו אירע הייסע רייד.
צום האַרצן דריקט זי צו אן אווטאָמאַט —
מיט האַס צום פײַנט דעם ברוינעם איז זי זאַט.

און כאָטש ס'איז שווער, זי שפּאַנט אױף אַלע וועגן,
זי שלאָפט אױף שטרוי, אױף אַלץ אין שלאַכט זי
ז'גרייט,
זי שרעקט זיך ניט פאַר בלוטיקע געשלעגן,
זי ברעכט דעם סוינע, ווו ער שטייט און גייט.

דעם גאַזלען טראָגט זי הילכיקע מאַטאָנעס —
עס פליען אינדערלופטן עשעלאָנען,
פאַר שטעט פאַרסאַרפּעטע זי נעמט נעקאָמע,
און אויך פאַר איר געסמאַליעטער נעשאָמע,
פאַר די דערשטיקטע אין יעדער געטאָ.

זי וועט ניט אופהערן די ברוינע פלעטן.
פאַרלוירן אױף די וועגן אירע טרערן
ס'האָט די פאַרטיזאַנערן עטערי...

*

## איבערזעצונגען

לעאָניד קאָוואַל

# אַף אונדזער גאַס

אויסגראַבונגען באַשטעטיקן, אַז אין עלפטן—צוועלפטן יאָרהונדערט האָבן שוין ייִדן געלעבט בײַ די ברעגן פונעם טײַך בערעזינאַ. געטריבענע און פאַרוואָגלטע האָבן זיי געזוכט אַ מאָקעם־מענוכע דאָרט, וווּ מע האָט זיי געדולדעט, און אַפילע דאָרט, וווּ מע האָט זיי ניט געדולדעט.

ניט איין דאָך בײַמער האָבן זיך פאַר די הונדערטער יאָרן געביטן אין די באָברויסקער וועלדער און סעדער, אָבער די קרוינען זייערע האָבן ניט אויפגעהערט צו פּלאַטערן מיטן אָפּקלאַנג פון לעגענדעס וועגן דעם ייִדישן אַמאָל.

מײַן לעגענדע האָט געלעבט אין דער קרוין פון אַ ווילדן באַרנבוים.

ער שטייט נאָך ביז הײַנט־צו־טאָג אַף דער געוועזענער באָברויסקער אינוואַלידן־גאַס, באַם סאַמע אַספאַלטירטן וועג, אַפן אָרט, וווּ עס האָבן ביז דער מילכאָמע זיך געוויִיסלט די געפאַרבטע לאָדן אינעם הויז פון מײַן קינדהײַט.

אַ דײַטשישער סנאַריאַד האָט כאָרעוו געמאַכט דאָס הויז, אָפּגעקאָסעט, ווי מיט אַ בריטוווע, די קרוין פונעם באַרנבוים, נאָר ער לעבט, מײַן אַלטער ווילדער בוים, און יעדעס מאָל, ווען איך קום קיין באָברויסק, שעפּטשעט ער מיר זײַנע אומעטיקע זיכרוינעס.

אָט איז אײנע פון זיי, די סאַמע לעצטע.

...קאַמענקע — די אַלטע פאַרצײַטיקע באָברויסקער פאַרשטאָט.

צוועלף טויזנט ייִדן האָבן די פאַשיסטן דאָרט צעשאָסן. דערנאָך האָבן זיי פאַרברענט די טויטע קערפּערס.

קעדיי אַ בוים זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין קוילן, דאַרפן פאַרגיין מיליאָנען יאָרן. מענטשלעכע לײַבער, אויב זיי באַגיסן מיט מאַזוט און אונטערצינדן, ווערן זיי פאַרקוילט אין עטלעכע שאָ.

אין קאַמענקע האָט מען אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט — אורנעס, אָנגעפילטע מיט רעשטלעך פאַרקוילטע מענטשלעכע קערפּערס, וועלכע זײַנען פאַר אָט דער צײַט ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

אַף אײנער אַזאַ קויל האָב איך דערזען אַ גראָוע האָר. אַ גראָווע לעבעדיקע האָר אַף אַ שוואַרץ טויט שטיקל קויל. די האָר האָט צעטרייסלט מײַן זיקאָרן. איך האָב מיטאַמאָל דערזען און דערהערט מײַנע אייגענע און נאָענטע, די לאַנדסלײַט פון מײַן באָברויסק, וועלכע זײַנען אַף אייביק פאַרשטומט געוואָרן באַם ראַנד פון די זאַמדיקע ריוון אין קאַמענקע.

איך האָב ניט געזען, וויִאַזוי זיי זײַנען געשטאָרבן. איך האָב געזען, וויִאַזוי זיי האָבן געלעבט.

איך האָב זיי פאַרגעדענקט לעבעדיקע אַף אונדזער אינוואַלידן־גאַס.

איך און מײַן אַלטער ווילדער באַרנבוים.

אונדזער אינוואלידן־גאַס... דער טײַך פון מײַן קינדהייט. ניט קיין ברייטער און ניט קיין שמאָלער, פונקט אזוי ווי מע דאַרף. א ברוקירטע גאַס מיט טראָטואַרן בא די זײַטן, אויסגעלייגטע פון ציגל און ברעטער. אָנגעהויבן האָט זיך די גאַס בא פעסקאָוו, באַם סאמע אײַזנבאַן־שטעג, און זיך געצויגן ביז צו דעם סטאַדיאָן „ספּאַרטאַק". זיך געצויגן, פאַרטשעפּענדיק אונטערוועגנס די פּלויטלעך ארום די סעדלעך, אָן וועלכע ס׳איז ניט מעגלעך זיך פאָרשטעלן די גאַס. אין די סעדלעך האָבן געבליט נאַסטורציעס, קאַרבעס און וויינשל־ביימער... ניט אַזוי, קאַרבעס — בלומען, קאַיאַר האָבן זיך געעפנט די בלויע אַניוטעס אייגעלעך, און, ווי אָרעמע קרוווים, האָבן זיך געטוליעט פאַרגעסניטלעך. און פּרוכטביימער זײַנען געוואַקסן, זיך געצײַטיקט, און אָסיען־צײַט איז מען פאַרשיקערט געוואָרן פון זייערע שאַרפע, זיסע רויכעס.

פאַר די טוישוּוים פון דער אינוואלידן־גאַס זײַנען די סעדלעך און גערטנער געווען א טייל פון דער אַלוועלטלעכער פאַרביקער דעק, א צאַרטע און אומשטערבלעכע, ווי די האַפענונג.

און אויסגעטיילט האָבן זיך די טוישוּוים פון אָט דער גאַס מיט זייערע שאַרפע צונגען, קרעפטיקע הענט און גרויסע מישפּאָכעס. זיי זײַנען שטענדיק געווען אָנגעלאָדן מיט זאָרג, וועלכע האָט קימאַט קיינמאָל ניט פאַרלאָזט די נידעריקע הײַזלעך, אויסגעבויטע פון דיקע ברוינלעכע בערוונעס, דאָ און דאָרט פאַרשאַלעוועטע מיט געפאַרבטע ברעטער.

צומאָל איז פאַרדריסלעך, וואָס אין פּאַספּאָרט ווערט אָנגעוויזן נאָר די שטאָט. און ס׳ווערט דורכגעלאָזט די גאַס, אַף וועלכער א מענטש איז געבוירן געוואָרן.

די אינוואלידן־גאַס — א פאַרשיידנשפּראַכיקע, א שרײַענדיקע, זינגענדיקע און ווייַנענדיקע — טענער פון לעבן, בונטע און וואַרעמע, העלע און טונקעלע, האָבן די גאַס ענלעך געמאַכט אַף אַן אַלטן פּילפאַרביקן טעפּיך, אַן איבערגעפלאָכטענעם פון ווײַסע און שוואַרצע, געלע און גרינע, לילאָווע און רויטע שטיקער געוואַנט.

לאָמיר פּרוּוון פונדערנאָענט באַטראַכטן אייניקע פון זיי.

## באַלעגאָלעס

מע קאָן ניט זאָגן, אַז די באָברויסקער באַלעגאָלעס זײַנען געווען אַלע געבענטשט מיט אַן איבערגעשפּיצטן פאַרשטאַנד. דערפאַר אָבער זײַנען זיי קימאַט אַלע געווען גרויסע אַקשאָנים. דער רום וועגן זייער פאַראַקשנטקײַט שוועבט נאָך ביז הײַנט איבער די אַלטע באָברויסקער גאַסן.

דאָס האָבן זיי, באַגלייט פון צאָקענדיקע פערדישע פּאָדקאָוועס, געפירט איבער דעם שטיינערדיקן ברוק שווער באַלאָדענע וועגענער, וואָס האָבן געסקריפּעט — אין די פאַרטאָגן פון ניט־דערשלאָפנקײַט, און אין די שפּעטע פאַרנאַכטן — פון מידקײַט.

די באַלעגאָלעס זײַנען געווינט געוואָרן צו שווערער אַרבעט. און זיי האָבן געזוכט אַזאַ אַרבעט. א זײַטיקן אויג וואָלט געקאָנט זיך דאַכטן, אַז זיי וואַרפן אַזוי שפּילנדיק אַף דעם וואָגן פולע זעק מיט מעל אָדער צוקער, צי זיי לאָדן גאָר אוף מיט לײַכטקײַט גאַנצע פּיראַמידעס ציגל אָדער ברעטער, געהילץ — אַלץ, פון וואָס מע האָט געקאָנט ציִען א שטיקל פּאַרנאָסע.

זיי האָבן שווער געהאָרעוועט, און די ווײַבער זייערע האָבן אָפּט געקיגעדלט.

לעמאָשל, אַנטשל ליפּיאַק, א יאַדערדיקער באַלעגאָלע, ווי אויסגעגאָסן פון אָנגעשטרענגטע מוסקולן און האַרטער פאַראַקשנטקײַט, זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן ברעזענטענע הויזן, ווי פון בלעך, ניט צו דער מאָס, א ביליק טונקל־געבלימלט העמד מיט א צעכראַסטעטן קאָלנער, און אויפן קאָפּ א שוואַרץ היטל, צעקנייטשט פון צײַט און וועטער. אָט דער אַנטשל ליפּיאַק האָט פאַרמאָגט אַכט זין און אַן אײַזערנעם קויעך. דאָס האָט ער אין א געוועט אויפגעהויבן איבער זיך זײַן פערד, עס אַוועקגעזעצט אַף די אייגענע פּלייצעס און געמאַכט דערמיט אַפילע א פּאָר שפּאַן.

אַלע אַכט זין זײַנע זײַנען געוואָרן באַלעגאָלעס, נאָר קיינער פון זיי האָט ניט איבערגעשטיגן דעם טאַטנס גווּרע.

— אַן אַקשן איז א מין געמיש פון קויעך און סייכל, — פלעגט אַנטשל זאָגן.

אַף וואָס א זײַטיקער מענטש וואָלט געקאָנט ענטפערן:

— מער קויעך, מיסטאָמע, ווי סייכל.

און דאָס איז נאַטירלעך געווען, ווײַל פֿאַרשטעלן זיך א באַלעגאָלע אָן גוורע, אָן פֿאַריסנקײַט, אָן אקשאָנעס, איז פּאַשעט ניט מעגלעך. און אויב עס פֿלעגט אַמאָל אויסברעכן צווישן זיי א מאַכלױקעס און ס'האָט זיך ניט אײַנגעגעבן זי צו לײזן מיט גוטן, פֿלעגן געלאָזט ווערן אין קאָן די פֿויסטן, אַפּט אפֿילע די בײַטשן. אַזעלכע זײַנען זיי געווען, די באַברויסקער באַלעגאָלעס.

# פּראָים קאַץ

„...איך בעט דעם פֿאַרזאָרגונגס־אָפּטייל מיר דערלויבן צופֿאָרן קיין סוויסלאָוויטש און קויפֿן פֿאַרן באַלעגאָלע־פֿאַריין פֿינף פּוד ווייץ און הונדערט פֿופֿציק פּוד היי.

ס'בעט פּראָים קאַץ פֿון דער אינוואַלידנע".

איך שטיי מיטן פּאַפּירל אינמיטן גאַס און, ווי א טפֿילע, ווי א קישעף־שפּרוך, כאַזער איך איבער די דרײַ ווערטער: „ס'בעט פּראָים קאַץ".

וואָס בעטסטו, פּראָים? וואָס ליגט זיך דיר ניט רויִק, א פֿאַרוואַנדלטער אין שוואַרצע פֿאַרגלײווערטע קוילן, ווען ס'דאַרף, ווי פּוך, דיר גרינג זײַן די לײַבלעכע ערד? אַזוי וועט זאָגן יעדערער, וואָס האָט דיך געקענט. און ווער האָט דיך ניט געקענט? דיך האָבן אַלע געקענט.

און איך געדענק דיך! איך געדענק דיך, ווי מײַן אייגענע קינדהײַט. און מײַן קינדהײַט דערמאָנט מיר דײַן לאַקירטן פֿאַעטאָן מיט די צוויי מעש־באַשלאָגענע לאַמטערנס בא די זײַטן. דײַן גוטער, פֿול מיט שפּאַרונעס, אַלטער פֿאַעטאָן. אין אים האָט מען געקאָנט אַרײַנקריכן, אָפּזיצן אַפֿן טראַפּעצירטן ווייכן זיץ, אָנרירן מיט די הענט די פּליושענע בובענטשיקעס, וואַרעמע שטיקלעך לעדער מיט קנעפּלעך אין דער מיט. מע האָט זיך געקאָנט אַרופּכאַפּן אַף דער קאָזלע, אָנציִען די לייצעס און פֿליִען איבער דער גאַס, איבער דער ערד, און דאָס אייביקע לעבן האָט גאַנצלעך פֿאַרביטן די פֿערד אין דער קינדער־קאַרעטע.

ס'האָט געטראָפֿן, אַז צומאָל האָט אויך א יונג פּאָרל זיך אַרײַנגעזעצט אין דעם פֿאַעטאָן, און דו, פּראָים, האָסט אויפֿגעהויבן איבער זיי דאָס צונויפֿגעלייגטע דעכל פֿון דײַן וואָגן און זיי געפֿירט אַהין און צוריק — זאָלן זיי זיך אָנקושן צו דער זעט.

איך דערמאָן זי, פּראָים, דײַן נידעריק בלינד שטיבל, וואָס איז געשטאַנען אַף לינקס, א פּאָר שפּאַן פֿון אונדזערן, און פֿון זײַן שוואַרצן קוימען איבער דעם צעלעכערטן דאַך האָט קימאַט א קײַלעכדיק יאָר געשפּאַרט א רויך.

דו פֿאַרהיקעסט זיך נאָך אַלץ, פּראָים? צי דען פֿאַריכט אפֿילע דער קייווער ניט דאָס מענטשלעכע קאָל? נו, וואָס שווײַגסטו, פּראָים? ס'איז דיר מיסטאַמע עקלדיק צו דערמאָנען יענע געשיכטע מיט דער „קאַברע"? דיר איז א ביזאָיען? האָסט זיך ניט וואָס צו שעמען, פּראָים.

די געשיכטע מיט דער „קאַברע" איז פֿון יענעם מין געשיכטעס, וואָס קלעפּן זיך צו צו א מענטשן, ווי סמאָלע. בא פּראָים קאַצן האָט די סמאָלע אַרײַנגעדרונגען אינווייניק, זיך צעגאָסן איבער דער נעשאָמע.

לעבאַטכילע, ווען עפּעס א קײַלעכדיקער הער אין א פֿענסטע האָט אַפֿן עק גאַס א פֿײַף געטאָן צו קאַצן, האָט יענער געוואָלט אין גאַלאָפּ פֿאַרבײַפֿאָרן. פּראָים האָט ניט ליב געהאַט, ווען מע רופֿט אים מיט א פֿײַף, ווי א הונט. ער האָט אָבער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דעם פֿײַפֿנדיקן, און אים האָט א שווינדל געטאָן פֿאַר די אויגן א קאַלטער אָפּגלאַנץ פֿון שלאַנגענגיפֿטיקע בליקן.

פּראָים וואָלט געוויס זיך ניט אָפּגעשטעלט, ווען ניט א פֿײַערלעשער־וואָגן, וואָס איז אין דער מינוט אָנגעפֿאָרן פֿון דער דעפּאָרזײַט און אים פֿאַרשפּאַרט דעם וועג. ער האָט האַסטיק א צי געטאָן די לייצעס אַף צוריק, און דער הער אין פֿענסטע, וואָס האָט מיט זײַן גאַנצן אויסזען דערמאָנט א באַברילטע קאַברע־שלאַנג, איז, ניט וואַרטנדיק אַף קיין פֿאַרבעטונג, אַרײַנגעשפּרונגען אין פֿאַעטאָן און געהייסן זיך פֿירן צו דער אַפּיצערישער פֿאַרזאַמלונג. וואָס האָט פּראָים געקאָנט טאָן? ער וועט דאָך ניט אַרויסזעצן א מענטשן, און ער האָט פֿאַרקערעוועט אין דער ריכטונג צום מאַרק.

דער קײַלעכדיקער הער אין פֿענסטע האָט דעם גאַנצן וועג געשוויגן. זײַנע אויגן זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, נאָר פּראָים האָט מיטן רוקן געפֿילט, אַז דער קליִענט שלאָפֿט ניט, אפֿילע פֿאַרקערט, ער באַקלערט עפּעס־וואָס. זאָל ער קלערן וואָס ער וויל, דאָס איז זײַן זאַך, נאָר זאָל ער זיך וואָס גיכער אָפּטראָגן. קאַצן האָבן קיין רו ניט געגעבן די פֿריקרע שטויסן אין זײַן האַרץ. ער האָט זיך געוואָלט באַפֿרײַען פֿון זיי און אין איינוועגס אויך פֿון דעם קליִענט.

יעדעס מאָל, ווען אָט אַזעלכע קלעמענדיקע שטויסן האָבן זיך אָנגעוואָרפֿן אַף זײַן האַרץ, האָט פּראָים זיך דערמאָנט די שטים פֿון א געוועזענעם קליִענט אין א הוט מיט ברייטע ראַנדן און אין א שוואַרצן מאַנטל:

— וואָס אַזוינס איז ערדציטערניש? — האָט ער געפרעגט פראַימען און אַליין געענטפערט: — איר ווייסט ניט? קענט איר אײַך פאָרשטעלן, וואָס עס קומט פאָר מיט דער ערד, ווען אין דער טיפקייט אירער פלאַצט דאָס ערדישע האַרץ? איר קענט ניט? אַ שאָד!

פראַים האָט אַוודאי ניט געוווּסט, וואָס עס געשעט מיטן האַרץ פון דער ערד, נאָר דערפאַר אָבער האָבן די הייסע שטויסן פונעם אייגענעם האַרץ אים געבראַכט ווייניק פרייד. אָט אַפילו איצט האָט געשטאָכן אין דער טיף פון דער ברוסט, און ער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי פּאָטער צו ווערן פון די שאַרפע נאָדלען.

ווען פראַים קאַץ איז סאָפּקאָלסאָף דערפאָרן צו דער אַפּיצערישער פאַרזאַמלונג, האָט דער קײַ־לעכדיקער הער, ניט עפענענדיק די אויגן, געבעטן:

— העלף, ברודערל, העלף זיך דערקלײַבן צום זאַל, זײַ אַזוי גוט!

— דאָס איז ניט מײַן זאַך, — האָט פראַים זיך אָפּגעזאָגט.

— איך וועל צוויי מאָל אַזויפיל דיר באַצאָלן, ברודערל, בא מיר קאַפּריזעוועט דאָס האַרץ, כ'האָב מוירע, איך זאָל ניט אומפאַלן.

וואָס איז פראַימען געבליבן? אים איז גאָרניט געבליבן, ווי נאָר אַ טשמאָקע טאָן אויף זײַן אייגן האַרץ און אַרופוואַרפן אויף זיך אָט דעם הער, אַ שווערן, ווי אַ דעמבענער קלאָץ. און ווי נאָר ער האָט אים אַרײַנגעבראַכט אין באַלויכטענעם זאַל, איז דער קלאָץ מיט עפּעס אַ יינגלשער לײַכטקייט אופגע־שפּרונגען אויף די פיס, און ווי גאָרניט וואָלט פּאַסירט, אויסגערופן:

— גאָספּאָדאַ! איך האָב געבראַכט צו אײַך מײַנעם אַן אַלטן פרײַנט, אַן אַקטיאָר, וועלכער איז מאַסקים געווען זיך צו פאָרשטעלן פאַר אַ זשידאָווסקי פורמאַן, קעדיי פריילעך צו מאַכן די בעקאַוועדיקע פאַרזאַמלונג. נו, זאָג, וויאַזוי רופט מען דיך, ליבער פרײַנט?

— פראַים קאַץ, — האָט פּלוצעם זיך אַרויסגעריסן פונעם מויל בא דעם אומגליקלעכן פורמאַן, וועלכער האָט מיטאַמאָל פאַרלוירן די פעיקייט צו באַנעמען, וואָס דאָ קומט פאָר.

אין זאַל האָט, ווי אַ לאַווינע אין די בערג, אויסגעבראָכן אַ געלעכטער, די אַפּיצערן האָבן גע־קײַכט, זיך געוואַרגן, זיך געהאַלטן בא די זײַטן. דאָס איז געווען אַ האַרמאָניש און געזונט געלעכטער.

און בא פראַים קאַצן, וועלכער האָט פאַרגעסן זײַנע הייסע שטויסן אין האַרץ, האָט אויף עטלעכע טעג אײַנגאַנצן אָפּגענומען דאָס לאַשן. און ווען עס האָט זיך צו אים אומגעקערט, האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז דער פורמאַן האָט אָנגעהויבן זיך פאַרהיקען, און אַזוי איז ער שוין פאַרבליבן אַ היקעוואַטער.

פאַרגעקומען איז דאָס אַלץ מיט אַ קורצער צײַט פאַר דער רעוואָלוציע. און ווען ס'האָט געשלאָגן איר שאָ, האָט פראַים קאַץ זיך ניט זייער מעצאַער געווען נאָך דעם אַלטן רעזשים. פאַרקערט, כאָטש ער האָט שטענדיק זיך געהאַלטן אין אַ זײַט פון ראַשנדיקע קאָמפּאַניעס, איז ער דאָך איינער פון די ערשטע אַרײַנגעטראָטן אין באַלעגאָלישן פראָפאַריין.

און זי, די רעוואָלוציע? מיט איר האָט געהאַלטן שמאָל, אַפילו זייער שמאָל. אין סאָף ווינטער 1918 האָבן די באַברויסקער גאַסן דערמאָנט קעשענעוו נאָכן פּאָגראָם. קוידעמקאָל האָט גענעראַל דאָוובאָר־מוסניצקי אַרײַנגעפירט זײַן קאָרפּוס און באַפוילן קיינעם ניט שאַנעווען, קעדיי פון דער רע־וואָליוציע זאָל קיין זייכער ניט בלײַבן. און זײַנע סאָלדאַטן האָבן ניט געשאַנעוועט. און וואָס איז געווען צו שאַנעווען? די ייִדישע הײַזלעך, וועלכע האָבן געברענט מיט בלויע פלאַמען און ניט זעלטן אײַנעם מיט די אײַנוווינער, צי די ווײַסרוסישע כאַטעס, פון וועלכע ס'איז געבליבן בלויז אַש און נאַוונאַדנע פויערים? דערנאָך זײַנען אָפּן אָרט פון די פּאָליאַקן געקומען די דײַטשן, אָדער גערמאַנ־צעס, ווי מע האָט זיי דעמאָלט גערופן, וועלכע האָבן זיך באַמיט ניט אָפּשטיין פון די עקספּאַנסיווע וואַרשעווער צעס, און דורכגעפירט אין שטאָט זייערע פּאָגראָמען. ניט בלויז קעגן ייִדן, נאָר קעגן אַלע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס אָרט פון די דײַטשן איז דײַטשלאַנד.

אַזוויוי פראַים קאַץ האָט געלעבט איינער אַליין, האָט זיך צו אים אַרײַנגעצויגן עפּעס איינער אַ דײַטש, אַן אונטער, וועלכער האָט טאָג און נאַכט געזויפט, געטריבן זנוס, און פראַים, וועלכער האָט ניט געקאָנט איבערטראָגן די אויסגעלאַסנקייט, האָט זיך אַריבערגעפירט אין אַלקער.

איינמאָל האָט אים זײַן קוואַרטיראַנט געוויזן פאָטאָגראַפיעס פון זײַן פרוי און זון. פראַים האָט זיך לאַנג אײַנגעקוקט אין די בילדער און שטילערהייט מעקאַנע געווען דעם דײַטש. וואָלט בא אים, פראַימען, געווען אַ ווײַב מיט אַ קינד, וואָלט ער פאַר קיין שום פאַל זיי ניט פאַרלאָזט, קעדיי זיך לאָזן ערגעץ אין עק וועלט, אין עפּעס אַ גערמאַניע.

פראַים האָט לאַנג דערנאָך זיך געקאָרטשעט אויפן געלעגער און ניט געקאָנט אַנשלאָפן ווערן. דעם דײַטשס פאָטאָגראַפיעס האָבן צוגעשיט פריש זאַלץ אויף די אַלטע ווונדן. ער איז אין איין עלטער מיט זײַן קוואַרטיראַנט און לעבט נאָך אַלץ אַליין, עלנט ווי אַ שטיין, און אויסער דעם פערד, האָט ער זיך אַפילו ניט צו וועמען אַ טוליע צו טאָן. „זעלדעטשקע, זעלדעטשקע, שטערנדל מײַנס, וויאַזוי דיך פאַרגעסן?..״

...באַ פֿראָימען האָט געבליטיקט אַ וווּנד. שוין גאַנצע צוואַנציק יאָר געבליטיקט, קימאַט אַ העלפֿט פֿון זײַן לעבן. אָנגעהויבן האָט זיך עס אין יענער מינוט, ווען אין פּאַטאָן האָט זיך אַרײַנגעזעצט אַ מוטער מיט אַ טאָכטער און געהייסן זיך פֿירן צום אַלטן יידישן בעסוילעם, וווּ עס האָט גערוט דאָס געביין פֿון זייער מאַן און פֿאָטער.

קוים האָבן זיי זיך אַרײַנגעזעצט, האָט פֿראָים זיך דערפֿילט אַזוי, ווי ס׳פֿילט זיך אַ פֿליג, וואָס פֿאַלט אַרײַן אין אַ שפּינוועבס. דאָס מיידל האָט געפֿרעגט באַם פֿורמאַן:

— זאָגט, יונגערמאַן, באַ אײַך זײַנען אויך פֿאַראַן שמײַסערס?

פֿראָימען האָט אַזוי פֿאַרוווּנדערט אָט די פֿראַגע, אַז ער האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו די פּאַסאַזשירן, וואָס ער האָט פֿריִער קיינמאָל ניט געזען. און האַלעווײַ וואָלט ער אויך איצט ניט געבראָכן די גאָלדענע מידע. ווײַל ווי נאָר ער האָט זיך אויסגעדרייט, האָט אין דער רעגע באַ דעם מיידל זיך צעקנעפּלט אַן אייבערשט קנעפּל אויף דער בלוזקע, פּונקט אויף יענעם אָרט, וווּ אויף פֿראָימס אומגליק, האָט זיך געפֿונען דער אָנהייב פֿון אַ ווײַסער ברוסט. און פֿראָים איז פֿון אָט דער זעונג בלינד געוואָרן אויפֿן גאַנצן לעבן.

פֿראָים האָט פֿון איר פֿראַגע וועגן שמײַסערס פֿאַרשטאַנען, אַז זיי דאַרפֿן זײַן פֿון איין שייוועט, פֿון איין קלאַן, ווײַל באַ קיינעם, אויסער פֿורמאַנעס, זײַנען קיין שמײַסערס ניט געווען.

— אײַער פֿאָטער, אַ ליכטיקער גאַניידן אים, איז ניט ניטל פּישעס? — האָט געפֿרעגט פֿראָים.

— אוי, וויִאַזוי האָט איר געטראָפֿן? — האָט די טאָכטער אַ פּליעסקע געטאָן מיט די הענט.

— איר און אײַער פֿאָטער זײַנען, ווי צוויי העלפֿטן פֿון איין עפּל, — האָט געזאָגט פֿראָים.

— איאָ, מײַן פֿאָטער איז געווען אַ קראַסאַוועץ? — האָט פֿאַרטרוימט געפֿרעגט דאָס מיידל.

— ווי צוויי טראָפּן וואַסער, — האָט געענטפֿערט פֿראָים.

וואָלט זעלדעטשקע ניט פֿאַרבלענדט פֿראָימען, וואָלט ער איר אַלץ אַרויסגעזאָגט גאַנץ אָפּנהאַרציק. ניט אַזעלכער איז ער, קאַץ, אַז ער זאָל פֿאַרבײַטן שוואַרץ מיט ווײַס. נאָר ווען אַ מענטש ווערט בלינד, אונטערשיידט ער שוין אינגאַנצן קיין פֿאַרבן ניט. דערפֿאַר האָט פֿראָים, קאָן זײַן, צום ערשטן מאָל אין לעבן געכיטרעוועט, און אַראָפּשלינגענדיק פֿריקרע דערמאָנונגען, האָט ער זיך באַגרענעצט מיט לויבן די שיינקײַט פֿון דעם פֿאַרשטאָרבענעם פֿורמאַן, וואָס האָט אַרויסגערופֿן באַ די טעכטער און באַ איר מוטער אַ שטראָם פֿון טרערן און אַ סימפּאַטיע צו דעם יונגן פֿורמאַן. און די מוטער האָט געזאָגט, אַז פֿראָים קאָן צומאָל פֿאַרפֿאָרן צו זיי, ווײַל מע זעט באַלד, אַז ער איז פֿון אַ גוטער מישפּאָכע. אויב ער האָט געקאָנט זיך אָפּזאָגן צו נעמען באַ זיי געלט. פֿון אַ גוטער, איז פֿון אַ גוטער. און מיט וואָס טאַקע איז געווען ניט קיין גוטע די מישפּאָכע פֿון לייבל קאַץ און זײַן ווײַב גישע־רייזל, וועלכע האָבן באַם לעבן געהאַט נאָר איין זון און אים איבערגעלאָזט בעירושע אַ האַלב־אײַנגעפֿאַלן הײַזל?

אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט זעלדע כאַסענע געהאַט פֿאַר פֿראָים קאַצן, און נאָך אין אַ יאָר אַרום איז דאָס יונגע ווײַבל אַנטלאָפֿן פֿון אים מיט אַן אַקטיאָר, וועלכער האָט איר צוגעזאָגט גאָלדענע בערג און אַ טורנע איבער אייראָפּע. וואָלט ער ניט אַרויסגעבראַכט דאָס פֿאַרהוילענע וואָרט „טורנע”, קאָן זײַן, אַז זעלדע וואָלט זיך ניט אַנטשלאָסן צו וואַרפֿן פֿראָימען, נאָר דאָס וואָרט איז געפֿאַלן, און זייער גוירל איז אַזויאַרום באַשטימט געוואָרן.

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע בראַנדוווּנד, וועלכע פֿראָים איז אויסגעשטאַנען, און פֿאַר צוואַנציק יאָר האָט זיך דער ווייטיק ניט געמינערט, נאָר פֿאַרקערט. ער האָט זיך אַרײַנגעגאַנוועט אין פֿראָימס האַרץ מיט אַ גאַנצן פּאַק שאַרפֿע נאָדלען.

„זעלדעטשקע, זעלדעטשקע, שטערנדל מײַנס, וויִאַזוי דיך פֿאַרגעסן? די יאָרן לויפֿן, און עס האָט שוין פֿון לאַנג זיך אָנגערוקט דער האַרבסט אין מײַן לעבן”. מיט אָט די געדאַנקען איז פֿראָים אַנשלאָפֿן געוואָרן. און אים האָט זיך געכאָלעמט אַ גאָלדענער וואַלד. אַלץ אין אים איז געווען פֿון לויטער גאָלד — דיביימער, די בלעטער, דאָס גראָז. ס׳האָט געשפּילט מוזיק, און די בלעטער האָבן זיך געדרייט, קלינגענדיק, און די זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיי, אַ וואַרעמע און העלע. פֿון צווישן די ביימער האָט זיך באַוויזן זײַן שטערנדל, אינגאַנצן פֿון גאָלד, און נאָך איר קינדער, אויך גאָלדענע, זיי זײַנען אַרומגעלאָפֿן, פֿינקלענדיק מיט גאָלד, און אין וואַלד איז געוואָרן ליכטיק, אומדערטרעגלעך ליכטיק, גלײַך אין וואַלד האָבן זיך אַרײַנגעצויגן אַ סאַך, אַ סאַך זונען. פֿראָים האָט פֿאַרמאַכט די אויגן — אים האָט געבלענדט דאָס ליכט, און ווען ער האָט זיי געעפֿנט, האָט ער דערזען, אַז דער וואַלד איז פּלוצעם גרוי געוואָרן פֿון שפּינגעוועבס, ווי האָר באַ אַ גראָוער פֿרוי, און זיי האָבן גענומען קיצלען זײַן פּאָנעם. ער האָט געוואָלט אַראָפּשאַרן די האָר, נאָר אין דער רעגע האָבן אין וואַלד זיך דערהערט טײַבע קלעפּ פֿון אַ האַק, און ביימער זײַנען געפֿאַלן איינער נאָכן אַנדערן. די קלעפּ זײַנען געוואַקסן, זיך דערנעענטערט. פֿראָים האָט זיך אויפֿגעכאַפּט און דערהערט אַ האַסטיק קלאַפּן אין טיר און פֿענצטער.

וועמען האָט דער רועך אָנגעטראָגן אין אזא פינצטערניש? — האָט פראָים א טראכט געטאָן. — סייווי וועט ער פאר קיין שום געלט אין ערגעץ ניט פאָרן. אזוי האָט ער באשלאָסן, עפענענדיק די טיר.

אף דער שוועל, איינגעהילט אין שווארצן, ווי די נאכט, איז געשטאנען כאים געלפאנד און אָן קונצן געפרעגט:

— פראָים, דו וואָלסט ניט א באלן געווען צו פארדינען א פאָר גראָשנס? אָדער טאָן א גוטע זאך דעם פראָפאריין?

וואָלט געלפאנד ניט דערמאָנט דעם פראָפאריין, וואָלט פראָים אים אָנגעוויזן אף דער טיר. נאָר גיין קעגן דעם פראָפאריין איז געווען איבער זיינע קויכעס. דאָס איז געווען א הייליקייט, אף וועלכער קיינער האָט זיך ניט געטאָרט פארמעסטן.

— צוליב וואָס דארף איך א פאָר קאָפּיקעס, כאים? — האָט קאָץ, אויסוווישנדיק די פארשלאָ־פענע אויגן געענטפערט. — אויב דו דארפסט מיך, איז עס מיין זאך.

— אויב אזוי, שפאן איין! — האָט זיך דערפרייט דער נאכטיקער גאסט.

און פראָים האָט איינגעשפאנט זיין שקאפע און פארבויגן פון דער אינוואלידן־גאס צו א הויז, פון וועלכן צוויי מענטשן האָבן ארויסגעטראָגן צוויי שווערע זעק, זיי אריינגעוואָרפן אין פאעטאָן, און די רעסאָרן האָבן זיך צעקרעכצט קימאט מיט א מענטשלעך קאָל.

אין אזא נאכט קאָן מען אויספאָרן די גאנצע שטאָט אין דער לענג און אין דער ברייט און קיינער וועט דעם פורמאן ניט צופייפן. אין אזא נאכט שלאָפן אלע, אפילע הינט. אזוי האָט געטראכט פראָים און א טאָעס געהאט. ווייל זיי האָבן ניט באוויזן אָפּפאָרן א האלבן וועג, ווי דעם פאעטאָן האָבן פלוצעם אָפּגעשטעלט צוויי גערמאנצעס.

— וואָס פירט איר, יידן?

— בעזעמלעך פאר דער אָפיצערישער באָד, — האָט געזאָגט כאים און זיך אויסגעדרייט מיטן פאָנעם צו די סאָלדאטן.

— פרידריך, פארוואָס זאָלן מיר בא די אָפיצערן ניט אויסלייען פאר זיך א פאָר בעזעמלעך, — האָט געזאָגט איין סאָלדאט, ווענדנדיק זיך צום צווייטן.

— ביסט גערעכט, פריץ, — האָט יענער געענטפערט.

נאָר זיי האָבן ניט באוויזן אפילע זיך רעכט צורירן צו די זעק מיט פלוגבלעטלעך, ווי כאים האָט זיך א וואלגער געטאָן אף זיי מיטן פאָנעם ארוף, פארציענדיק די פיס אזוי, אז די קני האָבן דערגרייכט ביזן הארץ, און דערנאָך האָט ער מיט אזא קראפט זיך אויסגעגלייכט, אז ביידע דייטשן האָבן זיך א רעגע צעוואקלט און געבליבן ליגן אף דער קאלטער הארבסטיקער ערד.

— טרייב, פראָים, טרייב! — האָט געשריגן געלפאנד.

טרייבן, איז טרייבן. אויב מע באפעלט א פורמאן טרייבן, האָט ער ניט קיין רעכט זיך אָפּזאָגן. און פראָים האָט געפאָכעט מיט דער בייטש און געטריבן מיט אלע קויכעס. די גערמאנצעס זיינען אָבער גיך אופגעשפרונגען אף די פיס און גענומען נאָכשיסן...

שיסן האָט מען אופגעהערט אין שטאָט ערשט ערעוו ווינטער, ווען די רויטע ארמיי איז אריין קיין באָברויסק.

אָט טאקע באלד נאָך דעם איז פראָים געקומען אין פארזאָרגונגס־אָפּטייל מיט זיין ביטע אים דערלויבן צופאָרן קיין סוויסלאָוויטש נאָך ווייץ פאר די באלעגאָלעס און היי פאר זייערע פערד.

— דו שטעלסט איין דאָס לעבן, פראָים, — האָט מען אים דאָרט געוואָרנט, — אומעטום וויל־דעווען די „גרינע" באנדיטן.

— דאָס איז מיין זאך, — האָט פראָים ווי שטענדיק, ווען ער ווערט איינגעאקשנט, געענטפערט.

עס האָט לאנג ניט געדויערט, און אף זיין פאפירל האָט זיך געלייגט א רעזאָליוציע, וועלכע האָט אים דערלויבט פאָרן קיין סוויסלאָוויטש.

פראָים קאָץ האָט זיך אויסגעדרייט צו דער טיר. און אפילע לויט דעם ריר פון דער פלייצע איז געווען צו דערקענען, ווי צופרידן ער איז. כאָטש ער האָט זיך געלאָזט אין א סאקאָנעסדיקן וועג, וועלכער האָט געפירט דורך א וואלד, וווּ עס האָבן גערודעוועט די „גרינע" באנדיטן.

אָן אויסגעפאָרענער, האָט דער וועג זיך געשלענגלט, געקרימט, פארפאלן געוואָרן אין טיפע שנייִיקע גרובנס. דאָס פערד האָט שווער זיך געשלעפט, נאָך שווערער געסאָפּעט, ביז עס האָט זיך ארויסבאקומען אף א שטיקל טרוקענער ערד. און פראָים האָט זיך געטרייסלט אף דער קאָזלע, באַ־קלערנדיק, וויאזוי ער וועט זיך דערשלאָגן עטלעכע פוד היי פאר די פערד און א ביסל ווייץ פאר די באלעגאָלעס פונעם פראָפאריין.

פראָים קאָץ האָט געוואָלט אָפּנארן די „גרינע". דערפאר איז ער ארויסגעפאָרן פון דער היים טכילעס נאכט. און ער האָט, זעט אויס, זיי טאקע אָפּגענארט, ווייל אפן דריטן טאָג האָט ער זיך אומגעקערט מיט א גוטן שווער באלאָדענעם וואָגן.

אַ פֿריילעכע צײַט געווען! אַ נײַע! נײַ, ווי פּראָזימס פּאַרוסיגענער קאָסטיום, וועלכן ער פֿלעגט אָנטאָן נאָר אין די יאָמטיווים. און געפֿילט האָט ער זיך אין אָט דעם קאָסטיום אויך נײַ, יאָמטעוודיק. צומאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער איז פֿונדאָסנײַ געבוירן געוואָרן, און אָט טאַקע הײַנט וועט אין זײַן פּאַעטאָן זיך אַרײַנזעצן זעלדע פּישעס מיט איר מוטער, און ער וועט זיי פֿירן צו דעם אַלטן ייִדישן בעסוילעם, און זיי וועלן זײַן אויף קייווער־אָוועס בײַ מאַן און פֿאָטער, דעם באַוווסטן אין שטאָט באַלעגאָלע ניסל פּישעס.

— זעלדע, זעלדעטשקע, שטערנדל מײַנס...

# מולקע לאַפּיאַק

זומער 1919 האָט ווידער דער טײַך בערעזינאַ צעטיילט צוויי מיליטער־טיילן. אויפֿן רעכטן ברעג איז געשטאַנען פּויליש מיליטער און אויפֿן לינקן — די רויטע אַרמיי. און בערעזינאַ, אַ פֿאַרגאָסענע פֿון הייס בלוט, אַן אייביקע, אַן אומדערמידלעכע און שלאָפֿלאָזע, האָט געשווענקט ביידע ברעגן... און עס איז אַפֿילו צו טראַכטן שרעקלעך, וואָס עס וואָלט געווען מיט דער שטאָט אָן איר אייביקן שטראָם. ס'וואָלט מיסטאָמע גאָרניט געווען. ווײַל אָן דער בערעזינאַ וואָלט איינגאַנצן די שטאָט ניט געווען. מאַמעס האָדעווען זייערע קינדער. טײַכן קאָרמענען די שטעט. מאַמעס שטאַרבן — טײַכן קיינמאָל ניט. בערעזינאַ האָט אויסגעטריקנט אין די היצן, זיך געגרונצלט אין רעגנס, פּרוויִש שווער געוואָרן אין פֿרילינג, נאָר אין איר האַרץ האָט שטענדיק געשלאָגן איין־און־איינציק געפֿיל איין־און־איינציקער ווייטיק — זי האָט ליב געהאַט און אָפּגעהיט איר שטאָט, איר באָברויסק.

אין יענעם זומער האָט אין באָברויסק זיך באַוויזן איינעם מיט זײַן טאָכטער, אַ וווּנדערלעכע שיינהײַט, קאַזימעזש אָסקאָצקי, אַ פּאָלקאָווניק פֿון דער ערשטער פּוילישער דיוויזיע. ער האָט זיך באַזעצט אויף דער אינוואַלידן־גאַס, אין אַ שיינעם אָסאָבניאַק, וועלכן ער האָט אויסגעקליבן, און גענומען די וווינונג פּראַקטיק אײַנריכטן מיט דעם טײַערסטן מעבל. אוודאי האָט ער ניט געטראַכט, און ווי האָט אים אַפֿילו געקאָנט אַזעלכס אײַנפֿאַלן, אַז זײַן טאָכטער, די פּוילישע קראַסאַוויצע, וועט מיטאַמאָל טיילן איין ליבע אויף צוויי העלפֿטן מיט דעם ייִדישן באָכער מולקע לאַפּיאַק. און באַקומען האָט זיך עס אָט וויאַזוי.

אין איינעם אַ פֿרימאָרגן איז צו דעם הויז צוגעפֿאָרן אַ גאַנצער אָבאָז מיט זאַכן, וועלכן ס'האָבן באַגלייט זעלנער מיט אויפֿגעשפּיצטע באַגנעטן. צווישן די באַלעגאָלעס, וועלכע האָבן געפֿירט דעם אָבאָז מיט די טײַערע זאַכן, וואָס זײַנען נייטיק פֿאַר אַזאַ פּאָרעץ, איז אויך געווען מולקע לאַפּיאַק.

איך געדענק ניט פּינקטלעך, וויאַזוי ס'האָבן אויסגעזען אַנטשל לאַפּיאַקס אַנדערע זיבן זין, נאָר אַז מולקע איז געווען צווישן זיי דער סאַמע שענסטער, דער סאַמע געוואַגטער און סאַמע פֿראַקשנטער, דאָס געדענק איך גאַנץ גענוי.

מולקע האָט אויסגעלאָדן דעם וואָגן און אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף זיך אַן אַלט פּאַרצײַטיק בעט פֿון רויטן האָלץ, מיט קונציק אויסגעשניצטע מאַלאָכימלעך. אָט דעמלט האָט מולקע דערזען אָלגען, און אָלגע האָט דערזען מולקען.

מולקע איז שטיין געבליבן קעגן איר. געשטאַנען אַ רעגע שטום, טויב און בלינד. ער האָט גאָרניט געהערט, גאָרניט געקאָנט אַרויסברענגען אויף די ליפּן און גאָרניט געזען... גאָרניט, אויסער איר. פֿון אירע אויגן האָבן געשפּריצט פֿלאַמען פֿײַער, הייסע, זיסע פֿלאַמען. איר הויכער ווײַסער האַלדז האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ קילקײַט, דערפֿרישט, ווי קיל וואַסער נאָך אַ דאָרשט. אירע בלאָנדע האָר האָבן זיך צעשאָטן איבער דער פּלייצע, איבער דער ברוסט, ווי אַ סאָד, אין וועלכן סע זינגען פֿייגל. דאָס איז געווען איינער פֿון יענע סעדער, אין וועלכן ס'איז שטענדיק ליכטיק, באַזונדערס באַנאַכט, ווען עס פֿאַרגייט די זון און איר אָרט פֿאַרנעמען אַנדערע צוויי זונען.

— איך וועל אין אָוונט זײַן בײַ דיר, — האָט מולקע אַ מורמל געטאָן צו אָלגען.

— וואָס פֿאַר אַ נאַרישקײַטן דערלויבט איר זיך, יונגערמאַן, — האָט אָלגע זיך ווי צעזונגען אויף פּויליש און אויפֿגעהויבן אויף מולקען אירע צוויי זונען. אָבער לויטן לײַכטן ציטער, וועלכער איז ווי אַ שאָטן דורכגעלאָפֿן איבער איר פּאָנעם, האָט מולקע פֿאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף טאַקע יאָ זײַן בײַ איר אין אָוונט.

דער אָוונט איז געווען אַ וואַרעמער, מיט אַ פֿאַרשיקערטן ווינט, אַן אָנגעלאָפֿענעם פֿון די אויבסטגערטנער. איינציקע שטערן זײַנען אַראָפּגעהאַנגען פֿונעם הימל, און געדאַכט האָט זיך, אַז אָט־אָט וועט דער ווינט זיך צעיאָגן און די שטערן פֿאַרלעשן.

דער גורל האָט צוגעטראַכט פֿאַר אַלגען אַ שווערן אויספּרוּוו, ניט ווײַסנדיק צי וועט זי דעם אויספּרוּוו אויסהאַלטן, האָט זי זיך אַנטשלאָסן אויף אַ פֿאַרשײַטן אײַנשטעלערישן, נאָר זעלבשטענדיקן שריט, קעדיי דערנאָך גאָרניט באַדויערן און קיינעם ניט באַשולדיקן.

אַלגעס פֿאָטער קאַזימעזש אָסקאַצקי, האָט עטלעכע טעג פֿאַר אָט דער בעגעגעניש געזאָגט צו זײַן טאָכטער, אַז פּאַן פּשיבעלסקי, אַן אָפּיצער פֿון הויכן ראַנג, האָט ניט קעגן זיך מעשאַדעך צו זײַן מיט אַלגען, און אויב ער וועט בעטן איר האַנט, זאָל זי אים ניט אָפּזאָגן. ער האָט דערבײַ צוגעגעבן, אַז דער אָפּיצער איז פֿון אַ זייער רײַכער, אָנגעזעענער פּוילישער מישפּאָכע.

אַלגע האָט פֿון דעם פֿאָטערס רייד פֿאַרשטאַנען, אַז איר זאָגט מען שוין אָן אַ פּאַרטיקן באַשלוס, גלײַך זי וואָלט געווען ניט די שטאָלצע, פּוילישע קראַסאַוויצע, נאָר עפּעס אַ ליאַלקע, וועלכע מע קאָן לײַכט פֿאַרקויפֿן... ניין, פּאַפּעטשקע, דו קענסט ניט דײַן אייגענע טאָכטער! און פּאַן פּשיבעלסקי האָט אַ טאָעס, אויב ער מיינט, אַז אַזוי לײַכט און פּאָשעט איז צו באַקומען זי פֿאַר אַ פֿרוי, ווי אַ קאָסטיום, וועלכן ער באַשטעלט באַם וואַרשעווער יידישן שנײַדער. ווען דער פֿאָטער האָט איר געמאָלדן, אַז ער פֿאָרט מיט פּאַן פּשיבעלסקי קיין וואַרשע אײַנאָרדענען אַ געוויסן איניען, האָט אַלגע פֿאַרשטאַנען, וואָס פֿאַר אַן איניען, און זיך אַנטשלאָסן צו אַ פֿאַרצווייפֿלטן שריט. יענער יידישער באָכער, יענער גוואַר, וואָס האָט געזאָגט פֿאַרפֿירן מיט איר אַ שמועס, האָט פּלוצעם פֿאַרכאַפּט איר פֿאַנטאַזיע, אַלע אירע געפֿילן. זי האָט געשפּירט זײַן אָנוועזנהײַט אומעטום, און באַזונדערס אין די נעכט, אין איר שלאָפֿצימער, ווען זי האָט זיך געטרונקען אין דער ליידיקער פֿינצטערניש... און מולקע האָט פֿאַרפֿולט מיט זיך, מיט זײַן ליידנשאַפֿטלעכער קראַפֿט אַלץ, וואָס עס האָט געפּוסטעוועט אין דעם שלאָפֿצימער פֿון דער פּוילישער קראַסאַוויצע אַלגע אָסקאַצקאַ, — אַפֿילע דאָס האַרץ...

איין גורל האָבן אין יאָרן אַרום געטיילט מולקע און אַלגע מיט אירע קינדער — אַלע ליגן זיי פֿאַרקוילטע אין קאַמענסקער יאַר.

# אונדזערע מעשוגאָים

צומאָל הייבט זיך מיר אָן דאַכטן, אַז אונדזערע מעשוגאָים האָבן נאָר געשפּילט אין מעשוגאַס. זיי איז געפֿעלן געוואָרן אָט די ראָל, וואָס האָט זיך זיי אײַנגעגעבן, און וואָלטן זיי געפּרוּווט זיך אָפּזאָגן פֿון איר, וואָלט אונדזער גאַס אליין אַראָפּ פֿון זינען.

כאַפּט אַ קוק אויף אַ בוים. וויפֿל צווײַגן ס'זאָל אויף אים ניט זײַן, וויפֿל בלעטער ס'זאָלן ניט זײַן אויף די צווײַגן, שטערן זיי קיינמאָל ניט איינער דעם אַנדערן. פֿאַר אַלע קלעקט זון, רעגן און ווינט. מיר ווײַזט זיך אויס, אַז אָן דער פֿרומער, פֿאַרקריפּלטער צווײַג, אויף וועלכער עס האָבן זיך אײַנגעמאָסטעט אונדזערע מעשוגאָים, וואָלט אונדזער גאַס ניט געווען אונדזערע — ס'וואָלט איר עפּעס־וואָס געפֿעלט.

פֿאַר מיר זײַנען אָט די מעשוגאָים געבליבן פֿלאַמען, וועלכע האָבן באַלויכטן מײַן קינדהײַט.

ביז דער מילכאָמע זײַנען אין אונדזער שטאָט געווען באַ די פֿערציק באַטעמעדראָשים, און אין יעדער שול איז געווען אַ ווינקעלע, וועלכן אונדזערע מעשוגאָים האָבן געהאַלטן פֿאַר זייער פּלאַץ. וואָס האָבן זיי געקאָנט טאָן, די קינדער פֿון דער גאַס, אַזוי אויך געגנוג באַוואָלטע, אַז זיי האָבן ניט געהאַט זייער אייגן ווינקעלע?

נאָר דאָס, וואָס עס קאָן ניט טאָן פֿאַר אַ מענטשן די גאַנצע וועלט, קאָן טאָן צומאָל איין מענטש. און דערפֿאַר האָבן אונדזערע מעשוגאָים, אַכוץ די שולן, אויך געהאַט זייער אייגן שטיקל אַלטע, וואָרעמע היים. און די היים איז געווען די שטוב פֿונעם פֿאַריקמאַכער אַווראָם גאָרדאָוויטש. אין אָט דער שטוב האָבן אונדזערע מעשוגאָים פֿאַרבראַכט זייערע בעסטע, זייערע סאַמע זיסע טעג.

אַווראָם גאָרדאָוויטש האָט געוווינט ניט ווײַט פֿונעם פֿײַערלעשער־טורעם. און אַליין האָט ער אויך אויסגעזען ווי אַ טורעם. אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ ברייטער באָרד, איז ער געשטאַנען באַם פּריזור־שטול, ווי אַ כאַזן פֿאַרן אָמעד, און געראָדעוועט מיט דער שער איבער די קעפּ, וואָס זײַנען צום גרעסטן טייל געווען ניט קיין געוואַשענע, און, פֿאַרקרימענדיק זיך פֿון עקל, אויסגערופֿן:

— באַ דיר אויפֿן קאָפּ, נײַעך, קאָן מען אופּשרײַבן איין וואָרט.

— וואָסער וואָרט, רעב אַווראָם?

— וואָסער, וואָסער, ער פֿרעגט נאָך! „אידיאָט”! אַפֿילע מײַן קאָנאַרייקע האָט אויפֿגעהערט זינגען איבערן שלעכטן רייעך, וואָס דו שלעפּסט מיט זיך, ווי אַ שמאַראָוואָזניק דאָס פּעסל.

גאַרדאָוויטש האָט פֿײַנט געהאַט צוויי זאַכן — שמוץ און נאַראָנים. ער איז געווען אַ מענטש פֿון לײַדנשאַפֿטן. די שער, דאָס גאָלמעסער, די מאַשינקע האָבן באַפֿרידיקט נאָר איין טייל פֿון זײַנע לײַדנ־שאַפֿטן. די צווייטע פֿלאַמיקע לײַדנשאַפֿט זײַנע — פֿלאַמיק אין דירעקטן זין פֿון וואָרט — איז געווען די אייגנשאַפֿט פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכן פֿײַערלעשער. לעבן דעם שטײַגל מיטן קאַנאַריק איז אויף דער וואַנט אויך געהאַנגען זײַן מעשענע קאַסקע, און אין איר גלאַנץ האָט זיך אָפּגעשפּיגלט די קאַרל מאַרקס־גאַס מיטן אוניווערמאַג און מיטן שפּיץ פֿון דעם פֿײַערלעשער־טורעם.

ווי נאָר ס'האָט אויסגעבראָכן ערגעץ־ווו אַ סריפּע און די רויטע מאַשין האָט מיט געפּילדער זיך דערנעענטערט צו גאַרדאָוויטשעס פֿאַריקמאַכערסקע, האָט ער געוואָרפֿן דעם קליִענט אַ ניט־דער־גאָלטן, גיך אַרופֿגעשלעפּט אויף זיך די קאַסקע און אַרופֿגעשפּרונגען אויף דער אײַלנדיקער מאַשין, וואָס האָט אויף איר לאַקירטער זײַט געטראָגן דעם פֿאַריקמאַכער אין אַ ווײַסן כאַלאַט און אין אַ מעשענער קאַסקע, און זײַן ברייטע באָרד האָט געפֿלאַטערט אויפֿן ווינט.

אַזאַ איז ער געווען, אונדזער אַוורהם גאַרדאָוויטש, דער באַשיצער און מאַשגיִעך פֿון אונדזערע מעשוגאָיִם. איינמאָל האָט מען אים אַרויסגערופֿן אין שטאָטישן אויספֿיר־קאָמיטעט און פֿאַרגעלייגט:

— כאַווער גאַרדאָוויטש, ס'איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז פֿון אָפּפֿאַל־צײַג זאָל מען אויפֿנייען גרויע היטלען פֿאַר אַלע שטאָטישע מעשוגאָיִם, וויִאַזוי איז אײַער מיינונג?

— צוליב וואָס? — האָט געפֿרעגט גאַרדאָוויטש.

— צוליב וואָס, צוליב וואָס! צוליב דעם, אַז מענטשן זאָלן זיי דערקענען און אויף זיי ראַכמאָנעס האָבן.

— מע קאָן מיינען, אַז באָברויסק קען ניט אירע מעשוגאָיִם! — האָט אויסגערופֿן גאַרדאָוויטש. — ניט געקוקט, וואָס זיי זײַנען אַזוי אויך גענוג געשטראָפֿט, דאַרף מען זיי נאָך שטעלן אַ קליימאָ, אַ שטעמפּל.

און דאָך האָט מען די היטלען אויפֿגענייט. היטלען פֿון טונקל־גרויער פֿאַרב מיט אַ ברוין שטרײַ־פֿעלע אין דער מיט. און די מעשוגאָיִם האָבן באַלד, ווי דורך דערקען־צייכנס, זיך אָנגעהויבן אויס־טיילן פֿון צווישן די נאָרמאַלע, גלײַך זיי וואָלט געפֿעלן געווען דאָס ניט ענלעך זײַן אויף אַנדערע.

אינדערעמעסן, וואָס איז שולדיק, אַשטייגער, דאָוויד די בריִע, וואָס אים קומט אויס צו טראָגן דאָס גרויע היטעלע? עפּשער איז ער טאַקע שולדיק אין דעם, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אַזאַ בילדשיינער, ווי דוגלאַס פֿערבענקס, און דערפֿאַר האָט מען פֿון קינדווײַז אָן צוגעטשעפּעט צו זײַן נאָמען דעם כויזעקדיקן „די בריִע"? סאָפּקאָלסאָף האָט דאָווידקע אַליין זיך אויך אָנגעהויבן רופֿן מיט אָט דעם אויסטערלישן צונאָמען. וועט דען אַ נאָרמאַלער מענטש באַליידיקן זיך אַליין?

דער צווייטער אײַגנטימער פֿון דעם שטאָטישן געשאַנק האָט געטראָגן אַ ביז גאָר מאָדנע נאָ־מען — פֿאַני ליוּושיץ. פֿאַני ליוּושיץ איז צווישן די מעשוגאָיִם געווען, קאָן זײַן, דער סאַמע נאָרמאַלער, ווען ניט צוויי לײַדנשאַפֿטן: ער האָט ליב געהאַט עפֿנטלעך זינגען אין באַלמעלאָכישן גאָרטן אונטער דער באַגלייטונג פֿון אַ בלאָז־אָרקעסטער און, פֿאַרשטייט זיך, אָן געצאָלטס דרייען די ראָד פֿון דער דרוקמאַשין אין דער דרוקערײַ אויפֿן נאָמען פֿון נעפּאָגאָדינען, נאָך פֿאַר דעם, ווי דאָס האָט אויף זיך גענומען דער עלעקטרישער שטראָם. אַגעוו, אָט די צוויי לײַדנשאַפֿטן, ווי צוויי לײַבלעכע שוועסטער, זײַנען געווען קרויווים פֿון איין אומגליק.

אין 1912 יאָר האָט די מישפּאָכע פֿונעם אָרעמען קלעזמער יִסראָעל ליוּושיץ באַשלאָסן אַריבער־פֿאָרן קיין אַמעריקע. די ליוּושיצעס האָבן געהאָפֿט, אַז זייער בעניאָכיד וועט דאָרט קאָנען אַנטוויקלען זײַן טאַלאַנט. אין צאַרישן רוסלאַנד האָט מען זיך אין אים ניט געניטיקט. ער איז נאָך קיין גאַנצע אַכצן ניט אַלט געווען, און וועגן זײַן שטים, אַ ריינער, סאַמעטענער באַריטאָן, זײַנען שוין אַרומגעגאַנ־גען לעגענדעס. עמעס, דערווײַל נאָר אויף אונדזער אינוואַלידן־גאַס און אין עטלעכע אַרומיקע גאַסן. אַוואַדע וואָלט מיט דער צײַט זיך דערוווּסט וועגן דער שטים פֿונעם יונגן ליוּושיץ די גאַנצע שטאָט, נאָר טאַטע־מאַמע האָבן באַשלאָסן, אַז בעסער וועט זײַן, ווען וועגן זייער בעניאָכיד וועט זיך דערוויסן פֿריִער גאַנץ אַמעריקע.

פֿאַראַן אַ גלײַכווערטל: אַ מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט. די ליוּושיצעס האָבן זיך אויפֿגעזעצט פּינקטלעך אויף יענער שיף, וועלכע איז אונטערגעגאַנגען ניט ווײַט פֿון די פּוילישע ברעגן, און ס'האָט זיך אַזוי באַקומען, אַז דער פֿאָטער און די מוטער זײַנען דערטרונקען געוואָרן, און זייער בעניאָכיד האָבן געראַטעוועט פּוילישע מאַטראָסן. דערנאָך האָט אים גענומען צו זיך אַ פֿאַרוועלקטע פּאָליאַטשקע, וועלכער ס'איז געפֿעלן געוואָרן זײַן זינגען. אויף אַזויפֿיל געפֿעלן, אַז זי האָט ניט געהאַט קעגן צו ווערן פֿאַני ליוּושיץ. דעמלט האָט פֿאַן ליוּושיץ באַשלאָסן צו מאַכן אַ וואַיִוורעך... אומקערנדיק זיך קיין באָברויסק, איז ער באַגאַנגען אַ נאַרישקײַט, דערציילנדיק די גאַנצע מײַסע מיט דער „פֿאַני ליוּושיץ". האָט די געשיכטע זיך צוגעקלעפּט צו אים — „פֿאַני" און „פֿאַני", גלײַך ווי קיין אַנדער נאָמען וואָלט בײַ דעם ייִנגל ניט געווען.

און צו דער ראָד וואָס קערט זיך עס אָן? די טײַוועדיקע פּאני האָט אים דערציילט, אַז אין דער טראַגעדיע פֿון דער שיף איז שולדיק די ראָד, וואָס האָט פּלוצעם אויפֿגעהערט זיך דרייען. דאָס ייִנגל האָט קיין אַנונג ניט געהאַט, ווו איז בײַ דער שיף אַ ראָד, נאָר פֿון דעמלט אָן האָט זיך געיאָוועט בײַ אים אַ מעכטיקער פֿאַרלאַנג צו דרייען אַ ראָד, די סאַמע גרעסטע ראָד, וואָס האָט פֿינקטלעך זיך געפֿונען אין דער דרוקערײַ אויפֿן נאָמען פֿונעם פּאָליאַק־באָלשעוויק נעפּאָגאָדין. פּאַני ליוושיץ איז מיסטאָמע געווען זיכער, אַז דרייענדיק די ראָד ווי ס׳דאַרף צו זײַן, קאָן ער אַזויאַרום ראַטעווען די שיף און זײַנע אומגליקלעכע עלטערן.

דער פֿאַבריקמאַכער האָט ליב געהאַט יעדן פֿון אונדזערע מעשוגאָים, ווי אַן אייגענעם זון, ווי אַן אייגענע טאָכטער. נאָר געווען איז צווישן זיי אַ מענטש, וועלכער האָט אַרויסגערופֿן אין צאַרטן האַרץ פֿון אַוורהאָם גאָרדאָוויטש אַ מוטערלעכע ליבע. גערופֿן האָט מען אים — מאַמע. מאַמע, און שוין. גלײַך ווי אויסער דעם מאָדנע נאָמען איז בײַ אים גאָר קיינמאָל קיין נאָמען פֿון אַ נאָרמאַלן מענטשן ניט געווען. מע האָט שוין פֿון לאַנג פֿאַרגעסן, אַז אַמאָל איז אָט דער ווײַט ניט קיין יונגער, אויסגעדיוורעטער מענטש געווען אַ סטודענט אין פּעטערבורג.

ס׳איז ניט לײַכט זיך פֿאָרשטעלן, וואָס דאָס איז געווען פֿאַר אַ קאָפּ, אַז אים, אַ ריין ייִדישן באָכער, האָט מען אין יענע צײַטן דערלויבט באַזוכן לעקציעס אין פּעטערבורגער אוניווערסיטעט. און געדאַרפֿט האָט אַזוי געשען, אַז פֿאַרן אוועקפֿאָרן אין דער הויפּט־שטאָט האָט דאָס געניאַלע ייִנגל באַגעגנט ריווען, אַ פֿעטלײַביק און נאַריש מיידל, די טאָכטער פֿונעם טעסלער אירמע ליפּקינד, און מיטן גאַנצן פֿלאַם פֿון זײַן יונג האַרץ זיך פֿאַרליבט אין איר.

יעדער מענטש האָט אין לעבן עפּעס אַ שוואַכקייט. בײַ ריווען איז עס געווען — מאַראַזשענע! אויב ריווע איז ניט געווען אינדערהיים, האָבן אַלע געוווּסט, ווו זי צו זוכן: אויפֿן ראָג סאָציאַלקי און קאַרל מאַרקס, ווו אונטער אַ פּאַפּירן דעכל האָט געהאַנדלט מיט מאַראָזשענע די מומע קריינע מיטן צונאָמען „מערי פּיקפֿאָרד". אויף באָברויסקיש האָט דער נאָמען פֿון דער באַרימטער אויסלענדישער קינאָ־אַקטריסע געקלונגען פּאַשעטער: מערא. נאָר דערפֿאַר איז אָבער די מאַראָזשענע בײַ „מערי פּיקפֿאָרד" געווען אַזאַ, ווי ס׳האָט אויף זיכער ניט געגעסן די עמעסע מערי פּיקפֿאָרד.

קריינע האָט, ווי אַ פֿאָקוסניק, מאַניפּולירט מיט אירע צינקעווע אינסטרומענטן, וואָס האָבן געשאַפֿן אויסגעפֿורעמטע דרײַעקן, פֿאַרוויקלטע אין טרעשטשענדיקע וואַפֿליעס, און ריווע האָט יעדן טאָג געוואַרט אויף „מערי פּיקפֿאָרד".

— ריווע, — האָט געזאָגט קריינע, — דײַן טאַטע וועט מיך צעהאַקן מיט דער האַק פֿאַר דײַן פֿעטקײַט, וואָס דו באַקומסט פֿון עסן אַזויפֿיל מאַראָזשענע. וויפֿל טראַכסטו הײַנט אויפֿצועסן?

— דרײַצן פּאָרציעס, מומע קריינע. אויף איין פּאָרציע מער, ווי נעכטן.

אָט אין וואָס פֿאַר אַ מישפּאָכע האָט דער גורל פֿאַרוואָרפֿן דאָס קלוגע האַרץ פֿונעם באָברויסקער וווּנדערקינד, וואָס איז געוואָרן אַ פּעטערבורגער סטודענט.

דער קומענדיקער מאַמע, ווען ער איז נאָך ניט געווען מאַמע, איז אין איינעם אַ טאָג געקומען צו ריוועס עלטערן אירמע און כאַנצע זיך שאַדכענען צו זייער טאָכטער. אירמע האָט אַ דריי געטאָן מיטן פֿינגער בײַ דעם שלייף און אים אַרויסגעטריבן פֿון שטוב, נאָכשרײַענדיק:

— נאָר דאָס האָט אונדז ניט געפֿעלט, אַז אונדזער בריליאַנט ריווקעלע זאָל ווערן אַ ווײַב פֿון אַ מעשוגענעם, ווײַל אַ נאָרמאַלער מענטש וועט ניט האָבן צו טאָן מיט קיין ביכער.

נאָר דאָס ייִנגל איז נאָך ניט געווען קיין מעשוגענער. ער איז ערשט געוואָרן אין דעם טאָג, ווען, קומענדיק צו דער מוטער אויף קאַניקולן, איז ער אַרײַנגעפֿאַלן גלײַך צו ריוועס כאַסענע. ער איז געשטאַנען בײַם פֿענצטער פֿון איר שטוב, געזען ריוועס בײַם כאַסענע־טיש, און פּונקט אין דעם אויגנבליק האָט דער פֿאַרשטאַנד אים פֿאַרלאָזט. און אויף שטענדיק פֿאַרורטיילט אים צו שטיין אַ פֿאַרגעסענער בײַם פֿענצטער פֿון זײַן געליבטער. און פּעטערבורג האָט פֿון דעמלט אָן ניט געזען מער זײַן באַגײַסטערט פּאָנעם. דערפֿאַר אָבער האָבן די באָברויסקער גאַסן געזען מאַמען אַ געהויקערטן, אין אַ היטעלע און אין אַ וואַטניק, און מיט ביכער אונטערן אָרעם.

ער איז שאָענלאַנג אָפּגעשטאַנען בײַם קיאָסק, ווו מע האָט פֿאַרקויפֿט צײַטונגען. דער קיאָסק איז געווען ניט ווײַט פֿון „מערי פּיקפֿאָרדס" שטעלעכל. ער האָט פֿיבערהאַפֿטיק געמישט עפּעס אַ בוך, און זײַן פֿלאַמיקער בליק האָט מיט אייפֿער און ווייטיק נאָכגעפֿאָלגט פֿאַרבײַגייענדיקע פֿרויען. דאָס האָט ער אַזוי קימאַט יעדן טאָג געוואַרט אויף זײַן געליבטער. און די מומע קריינע האָט זיך באַגאַסן מיט טרערן, קוקנדיק אויף דעם אומגליקלעכן מאַמע. צומאָל האָט זי ניט אויסגעהאַלטן און געשריגן צו אים איבער דער גאַנצער גאַס:

— אומגליקלעכער, דײַן ריווע האָט שוין פֿון לאַנג אַ גאַנצן וויוואָדעק.

מאַמע האָט געקוקט אויף „מערי פּיקפֿאָרד" מיט אַן אָפּגעפֿרעמדטן, אומפֿאַרשטענדלעכן בליק. די ווערטער זײַנען ניט דערגאַנגען צו זײַן געוויסן. צומאָל האָט ער זיך אָפּגעריסן פֿונעם אָרט, צוגע־

לאָפֿן מיט גיכע, דרײַבנע שפּאַן צו עפּעס אַן אױסגעפּוצטער פֿרױ און, דורכנעמענדיק זי מיט זײַנע הײסע גלײַענדיקע אױגן, איר אַרײַנגעשריגן גלײַך אין פּנים אַרײַן:

— בעסער אַרײַנפֿאַלן אין פּיסק פֿון אַ טיגער, אײדער אין די אָרעמס פֿון אַ פֿרױ! דו, אומגליקלעכע, באַ דיר איז דאָס װעש אַ שמוציקס...

אַזױ האָט מאַמע זיך נוקעם געװען פֿאַר זײַן ליבע, װעלכע האָט אים געריכט פֿון זינען.

זײַן מוטער איז שױן פֿון לאַנג געשטאָרבן פֿון צער, און שװער צו זאָגן, װאָס עס װאָלט געשען מיט אים אַלײן, װען ער װאָלט ניט געפֿונען אַ צושפּאַר באַם פֿאַריקמאַכער.

אוראַם גאָרדאָװיטש האָט איבערגעפֿירט זײַן בליק פֿון מאַמען אױף דעם פֿאָרפֿאַלק, װאָס איז געקומען אין זײַן שטוב, און אים האָט פֿאַרטרונקען אַ גרױסע, הײסע כװאַליע, װאָס האָט געשטראָמט פֿון דװאָשקעס סאַרפֿענדיק האַרץ. קוים האָט פּאַני ליװושיץ פֿאַרענדיקט זײַן ליד, װי גאָרדאָװיטשן האָט זיך קלאָר אױסגעװיזן, אַז דװאָשקע רײַסט לאַנגזאַם זיך אָפּ פֿונעם דיל, פֿליט אַרױס, װי אַ טױב, אין דער אָפֿענער טיר, און הײבט זיך לאַנגזאַם אױף צום הױכן הימל. זי שװעבט איבער דער שטאָט אינעם בלױען הימל־געװעלב, בלױ, װי די אױגן פֿון איר געליבטן. זי קוליעט זיך, נורקעװעט, װערנדיק פֿאַרסאַרפּעט פֿונעם קעגנװינט, און די אונטערגײענדיקע זון, אַ קוים אָנזעװודיקע שױן פֿון דער ערד, פֿאַרבלענדט זי, פֿונקט װי אַ באַענטער און הײסער פֿלאַם.

דװאָשקע װאָלט זיכער קײנמאָל זיך ניט אומגעקערט אין דער פֿאַריקמאַכערסקע, װען אױפֿן דיל װאָלט ניט געזעסן מיט אַ קאַפּריזנע צעעפֿנט מױל איר באַשערטער יאַנקעװ־זיסל.

דװאָשקע און יאַנקעװ־זיסל האָבן זיך געהאָדעװעט אױף דער אינװאַלידן־גאַס און געװעכטיקט אין אַ פֿאַרװאָרפֿענעם סקלעפּ אױפֿן אַלטן ייִדישן בעסױלעם. קײנער האָט זײ קײנמאָל ניט געזען צעטײלטע. שטענדיק אײנינעם זײַנען זײ געגאַנגען איבער דער גאַס אינצװײען. זי אַ ביסל פֿאָרױס, ער נאָך איר.

איצט נאָך אַזױפֿיל יאָרן, דערמאָנענדיק זיך אין זײ, פֿיל איך אַ כאַרפּע סײַ פֿאַר זיך, סײַ פֿאַר אַלע אין מײַן עלטער, װאָס האָבן זײ נאָכגעשריגן ניט אַנדערש, װי „אָט גײט דאָס משוגענע פּאָרל". איך פֿיל אַ קלעמענדיקן װײטיק און דערמאָן זײ, װי ראָמעאָ און דזשוליעטאַ פֿון דער אינװאַלידן־גאַס.

איך זע זײ אין די פֿריִע מאָרגן־שאָען, גײענדיק פֿון שטוב צו שטוב, און יעדעס הױז כאַפּט זיך אױף מיט זײער קומען.

— גײ עסן, — פֿלעגט מיך װעקן מײַן באָבע, — און דערלאַנג עפּעס אָפּעסן זײ.

איך געדענק ניט, אַז דװאָשקע זאָל געװען עסן אײנינעם מיט איר מאַן. קודעמקאָל האָט זי אים אָנגעהאָדעװעט, דערנאָך אַלײן עפּעס איבערגעכאַפּט, און דאָס איבעריקע אַרײַנגעלײגט אין זאַק, פֿאַרענטפֿערנדיק זיך:

— אױ, װי אַ קינד, כאַפּט ער זיך צומאָל אױף באַנאַכט און בעט עסן. איך זיך לעבן אים אָן שלאָף און װאַרט, װען זײַנע אױגן װעלן זיך עפֿענען.

— בליומע, בליומע! — האָט דװאָשקע אײנמאָל אױסגעשריגן, אַריבערטרעטנדיק אונדזער שװעל, — איך װיל דיר די ערשטע מיטײלן אַ גרױסע פֿרײד, מײַן יאַנקעװ־זיסל װיל שפּילן אױף אַ האַרמאָשקע!

— זאָל ער שפּילן געזונטערהײט, אױב ער װיל, — האָט געענטפֿערט מײַן באָבע, פֿאַרשטײענדיק, װוּהין סע נײגט איר גאַסט. — װיפֿל קאָסט אַ האַרמאָשקע? נאַ דיר אַ רובל.

— נאָך אַ פֿינפֿערל דאַרף איך צונױפֿנעמען, — האָט שטיל װי פֿאַר זיך אַלײן, אַרױסגעמורמלט דװאָשקע, — מענטשן װעלן מיר העלפֿן.

װער װעט עס זיך אָפּזאָגן פֿון העלפֿן דװאָשקען? די ליבע פֿון אַ פֿרױ, זאָל זײַן אַפֿילע אַ פֿרעמדע, מאַכט בעסער אַלע מענטשן. יעדנפֿאַלס, די, פֿון דער אינװאַלידן־גאַס. זײ האָבן זיך געװאָרעמט באַ דװאָשקעס פֿײַער פֿון פֿרײד, און שװער זיך פֿאָרשטעלן, װאָס עס װאָלט געװען מיט דער גאַס, װען עס װאָלטן פֿאַרלאָשן געװאָרן, פֿאַרקערט, מיט יעדן טאָג האָבן זײ זיך צעפֿלאַקערט אַלץ העלער און העלער.

יאַנקעװ־זיסל איז אָבער ניט געװען פֿון די גאָר לײַטישע און געהאַלטן, אַז שױן דאָס אַלײן, װאָס ער דערלױבט, אַז זײַן דװאָשקע זאָל אים באַדינען, איז שױן אַ גרױסער קאָרבן פֿון זײַן זײַט. און אין די אָװנטן, װען זײ האָבן באַ אַ ליכטל אינעם סקלעפּ געצײלט דאָס אױסגעבעטלטע געלט פֿאַרן טאָג, האָט יאַנקעװ־זיסל פֿרעך געקוקט אין די טרערנדיקע אױגן פֿון זײַן װײַב, און אים האָט זיך אױסגעװיזן, אַז זי איז ניט געװען גענוג הירעװודיק. מע האָט געקאָנט מער אױסבעטלען, און ער האָט זי אָנגערופֿן מיט די לעצטע װערטער:

— משוגענע! פּוסטעפּאַסניצע! פּאַראַזיטקע!

געקומען איז דער טאָג פֿון דװאָשקעס יאָמטעװ. ריכטיקער — אַ שפּעט־זומערדיקער אָװנט, װאָס האָט זיך אָנגעזעטיקט מיטן אװגוסט און איצט געװאָלט אױסרוען אין דער גאָלדענער קאַרעטע פֿון סענטיאַבער.

אף איינעם א ליידיקן איבערגעקערטן קאסטן פון צוקער איז אין אן אלטן אָפּגעניצטן פראַק, א פּוס איבער א פּוס, געזעסן יאנקעוו־זיסל. דעם פראַק א צעפּרעסענעם פון מאָל, מיט פארשמאָלצענע אטלאסענע לאַצקאַנעס, האָט דוואָשקע אויסגעבעטן בא א זאַקן, א געוועזענעם מוזיקאַנט. און אויב פון אונטער דעם פראַק האָט ארויסגעקוקט ניט קיין ווייס אָנגעקראָכמאַליעטע מאַנישקע, נאָר א טאַש־מעלע פון אן אונטערהעמד, מעג מען דוואָשקען דערפאר מויכל זיין. זי האָט פּאַשעט מער קיין קויעך ניט געהאט, און אויך ניט קיין צייט, אף צו דערביוען פאר איר יאנקעוו־זיסלען עפּעס א פּאָר לייטישע הויזן און לייקענע שיך. נאָר אויך אין די פארלאַטעטע גאַליפע און אין די גאַלאָשן האָט ער אויסגעזען גרויסהאַלטעריש און שיין.

און דוואָשקע אַליין אין א לאַנגן סאַמעטן קלייד, אף וועלכן ס'איז קיין זייכער פון סאַמעט ניט געבליבן. מיט שווארץ אונטערגעפּידטע ברעמען, די האָר פארקעמט אין א וואליק, האָט זי דערמאָנט אן אָפּערעטע־פּרימאַדאָנע אין טאָג פון איר אוועקגיין אף פּענסיע. זי איז געשטאַנען לעבן איר יאנקעוו־זיסלען, און אף איר פּאָנעם האָט די שקיִע, ווי א פלאַם, צעלייגט א רויטלעכע שיין. פון צייט צו צייט האָט זי צוגעטוליעט צו זיך יאנקעוו־זיסלס קאָפּ, און טרערן פון גליק האָבן זיך באוויזן אין אירע אויגן־ווינקלען. מענטשן זיינען געזעסן פארוווּנדערטע, מיט אָפענע מיילער, וואָס אין אונדזער גאס האָט געטראָפן ניט זייער אָפט. דוואָשקע האָט זיך טיף פארבויגן פאר זיי און אויסגערופן אף א קאָל:

— כאַווֵירים! איצט וועלן מיר פאר אייערע באַשיידענע נעדאָוועס געבן א גרויסן קאָנצערט!

און די צוויי קאַשטאַנען־ביימער, מיט שווערע אראָפּהענגענדיקע צווייגן, וואָס זיינען געוואַקסן באַם הויז, זיינען פארגליווערט געוואָרן פון פארוווּנדערונג און פרייד, צוזעענדיק דוואָשקעס טריִומף, און קיין איין בלעטל האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן דעמלט, ווען די ערשטע האַרמאָשקע־אַקאָרדן האָבן אופגעטרייסלט די טרוקענע און שטויביקע לופט.

אין יענעם אָוונט האָט דער אינוואַלידן־גאַס פריִער ווי געוויינלעך אָנגעצונדן זיינע שטערן. און יאנקעוו־זיסל האָט באַלד נאָכן ערשטן קלאַנג עפּעס ווי פארשטאַנען. ער האָט האַסטיק זיך אופגעריסן פונעם אָרט און זיך צעשריגן אף א יאָמערלעך קאָל:

— ייִדן, אָט באַלד וועל איך פאר אייערע אויגן מיימעסן אָט די גאַנעוועטע! — און ער האָט מיט זיין שווארצן קויטיקן פינגער אָנגעוויזן אף זיין ווייב. — זי האָט מיך באַגאַנוועט, מיך, איר מאַן! וואָס האָט זי מיר געקויפט? א שפּילצייג פאר א קליין קינד, וואָס קאָסט 2 רובל מיט 50 קאָפּיקעס, אין דער צייט, ווען איר האָט געגעבן נעדאָוועס גאַנצע אכט רובל. — און ער האָט מיט אַלע קויכעס א זעץ געטאָן מיט דער האַרמאָשקע איבער דוואָשקעס קאָפּ. בלוט האָט זיך צעגאָסן איבער איר פּאָנעם, זיך אויסגעמישט מיט אירע טרערן און אראָפּגעפאַלן אפן זאַמד, וואָס איז שווארץ געוואָרן פון צאַר. מיטאַמאָל איז דוואָשקע געקומען צו־זיך, אויסגעדרייט איר פּאָנעם צו יאנקעוו־זיסלען און זיך צעשמייכלט. אין אירע אויגן האָבן אופגעלויכטן נאַכטישע שטערן. זי איז צוגעגאַנגען צו איר מאַן, גענומען אים פאר דער האַנט און שטיל געזאָגט:

— קום, מעשוגענער, קום! דו האָסט נאָך היינט גאָרניט אין מויל געהאַט, קום... — און זיי זיינען ביידע אוועק אין דער ריכטונג צום בעסוילעם, ווו זיי האָבן גענעכטיקט אין א סקלעפּ ביז דעם טאָג, ווען עס זיינען אריין די דייטשן.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע, האָט אווראָם גאָרדאָוויטש אראָפּגעלאָזט די אייזערנע שטאָרעס איבער פענצטער און טירן און אף שטענדיק פארלאָזט זיין היים. און אונדזערע מעשוגאָיִם, ניט געקוקט, וואָס זיי זיינען געווען ייִדן, האָט זיך זיי איינגעגעבן אָפּלעבן צווישן די דייטשן א גאַנצן זומער.

באַטאָג האָבן די מעשוגענע געלעבט, ווי מייז אין א נאָרע. די דאָזיקע נאָרע מיט צעשטעלטע שפּיגלען האָט נאָך פארהיט דעם פרידלעכן רייעך פון בילִיקן אָדעקאָלאָן, וואָס האָט עפּעס ניט געוואָלט זיך אויסוועפּן. און אין די טונקעלע נעכט, וואָס האָבן זיך אראָפּגעלאָזט איבער דער שטאָט, האָבן די מעשוגענע, ווערנדיק איינס מיט דער פינצטערניש, זיך ארויסגעשאַרט פון דער שפּיגלענדיקער נאָרע, און קריכנדיק אף אַלע פיר, זיך פארקליבן צו די מיסטקאַסטנס, ווו מע פלעגט פון דעם רעסטאָראַן ארויסוואַרפן דעם אָפּפאַל פון פּראָדוקטן.

דוואָשקע איז געזעסן אפן דיל א צעשויבערטע, א פארטויבטע פון הונגער און שרעק, און איר שויס האָט גערוט דער קאָפּ פון יאנקעוו־זיסלען. זי האָט געגלעט זיינע האַרטע האָר און שטיל עפּעס געמורמלט.

— וואָס פרעפּלסטו דאָרט, אומגליקלעכע, — האָט מיט א פארשטיקטן אָטעם אויסגערופן מאַמע. ער האָט דריי מאָל איבערגעכאַזערט די ווערטער, צעדרויבלענדיק די שטילקייט, און פּאַני ליוּושיץ האָט געמוזט אים באַרויִקן.

— פאַרוואָס באַליידיקסטו זי, מאַמע, מע טאָר ניט טשעפּען אַ מענטשן, ווען יענער רעדט מיט גאָט. באַלד פאַלט צו די נאַכט און עס איז דײַן ריי, מאַמע, צו גיין פאַרזאָרגן שפּײַז. דײַנע און דאַווידער בריִע.

דאָוויד די בריִע האָט מער פון אַנדערע געליטן פון אָט דעם הינטישן לעבן. דער הונגער האָט אים געפּלאָגט. טרוקענע פלאַמען האָבן געברענט זײַן אינגעווייד און ס'איז אַפילע קיין טראָפּן וואַסער ניט געווען צו לעשן דאָס פײַער. ער איז פאַרוואַקסן געוואָרן, שטאַרק זיך געעלטערט, און מיט פיבערהאַפטע הונגעריקע אויגן געבעטן בא פאַני ליוושיץ כאָטש עפּעס אַ שטיקל פאַרטריקנטן פּענעץ, כאָטש אַ ברעקל, וואָס מע זאָל קאָנען אַרײַנלייגן אין מויל.

— וואַרט ביז עס וועט ווערן נאַכט, — האָט אים געענטפערט פאַני ליוושיץ, נאָר דאָוויד האָט זיך פּלוצעם אײַנגעאַקשנט:

— שנײַד מיר דעם האַלדז, וועל איך אויך ניט גיין דאָס מאָל נאָך שפּײַז, — ער האָט זיך געטראָגן איבער דער פאַבריקמאַכערסקע, געשאָלטן, געשריגן. צום סאָף געכאַפּט אַ צעווילדעוועטער דעם פריזיור־שטול, אים אויפגעהויבן איבערן קאָפּ. דער שטול האָט זיך צעהוידעט אין זײַנע שוואַכע הענט, אַ זעץ געטאָן אין שפּיגל, און לאַנגע שוואַרצע שפּליטערס האָבן זיך צעשאָטן.

— וואָס האָסטו אָפּגעטאָן, דאָוויד? — האָט געזאָגט פאַני ליוושיץ. — וויִאַזוי וועט איצט גאָלן רעב אווראָם, ווען ער וועט זיך אומקערן? וואַרף זיך ניט מיטן שטול, גיי בעסער נאָך שפּײַז.

גלײַכער וואָלט געווען, ווען פאַני ליוושיץ זאָל ניט געווען באַשטיין אויף זײַנעם, ער וואָלט זיכער ניט אָפּגעטאָן אַזאַ נאַרישקייט, ווען ער וואָלט געוווּסט, אַז הײַנט אַרבעט דער רעסטאָראַן שפּעטער ווי שטענדיק, ווײַל דער פאַרטרעטער פונעם קאָמענדאַנט פון דעם באַברויסקער לאַגער פאַר קריגסגעפאַנגענע דער געסטאַפּאָוועץ קאַרל מאַקס לאַנגוט גיט הײַנט אַן אָוונט־מאָלצײַט לעקאָוועד זײַן פרײַנט דעם מאַיאָר רײַנגאַרד געאָרג מאָלא. דער דריטער באַם יאָמטעוו־טיש איז געווען דער זאָנדערפיורער פון דער היגער קאָמענדאַטור ראַלף בורכאַרד.

— מע זאָגט, אַז אין דײַן פאַרשטונקענעם באָברויסק קאָן מען קיין שפּאַן ניט מאַכן, מע זאָל ניט אָנטרעטן אויף אַ ייִדן.

— צו דײַן צווייטן באַזוך וועט ניט זײַן מער אויף וועמען צו טרעטן. איך זאָג דיר דאָס צו, ליבער רײַנגאַרד.

— מיר וועלן זיך באַמיִען, הער מאַיאָר, — האָט צוגעבאָמקעט בורכאַרד, — אויף אונדז ליגט אַ גרויסע מיסיִע, פאַרענדיקן מיט דער ייִדישער געשיכטע.

— דאַכט זיך, אַז די שפּאַנישע ציוויליזאַציע אין מיטלאַלטער האָט שיר ניט צוגענומען בא אונדז די בכוירע. ניט אַזוי, בורכאַרד? — האָט אי ווי געפרעגט, אי ווי באַשטעטיקט לאַנגוט.

— יאַוואָל, הער קאַפּיטאַן, — האָט זיך אָפּגערופן בורכאַרד, — נאָר ניט די ציוויליזאַציע — די אינקוויזיציע. די ייִדן האָט מען פּאַשעט אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע, ווי מע טרײַבט אַרויס משוגענע הינט. זיי זײַנען געלאָפן קיין איטאַליע, אַפילע אין אונדזער הייליקן פאָטערלאַנד האָבן זיי געפונען אַ מאָקעם־מיקלעט. מע האָט זיי מיט גוואַלד געפּרוווט שמאַדן, נאָר דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן גאָר ניט אַזוי לײַכט.

— איין אויסוועג, פאַר־ניכ־טונג! — האָט האַסטיק אויסגערופן מאָלא.

דאָס מאַטע עלעקטרישע לעמפּל האָט באַלויכטן דעם מאַיאָרס פּאָנעם מיט אַ טויטן ליכט. און ער האָט צוליב אייגענער באַדערפעניש זיך אויפגעהויבן פון זײַן אָרט.

אוואַדע וואָלט געווען טויזנט מאָל בעסער, ווען דער הער מאַיאָר וואָלט געבליבן באַם טיש נאָך אַזעלכע פינף מינוט, נאָר ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַרויס אין דרויסן, אין דער באַגלייטונג פון לאַנגוטן און בורכאַרדן. עך, וואָלט דעם הער מאַיאָר ניט געשפּאַרט די באַדערפעניש און ער וואָלט זיך פאַרהאַלטן נאָך עטלעכע מינוט, וואָלט אַלץ אַדורך בעשאָלעם! נאָר ער איז אַרויס אין גאַס פּונקט אין דער רעגע, ווען איבער איר האָבן דורכגעשמוגלט צוויי סילועטן, צוויי שאָטנס — מאַמע און דאָוויד די בריִע.

— האַלט! — בורכאַרד האָט זיך געכאַפּט פאַר דער קאָבורע.

צוויי סילועטן, געטריבענע פון אַ גרויזאַמען אָנגעשריי, האָבן זיך געטראָגן אין דער ריכטונג צום שטאָטישן מאַרק, פאַרקערעוועט אין אַ געסל, נאָר אומזיסט! שפּעט! אין אַ מינוט אַרום האָט שוין בורכאַרד, אַ פאַרסאָפּעטער פון גיכן לויפן, אָנגעיאָגט אונדזערע משוגענע. ביז צו די אײַזערנע שטאַרעס פון דער פאַבריקמאַכערסקע איז געבליבן אינגאַנצן איין שפּאַן.

— האַלט! — בורכאַרד האָט אָנגעכאַפּט די צוויי אַנטלאָפענע פאַר די קעלנער, — גאָט מײַנער! ייִדן! הער מאַיאָר, הער קאַפּיטאַן, אָט אַ סיורפּריז, קומט אַהער! ייִדן, ייִדן!

מאָלא און לאַנגוט האָבן זיך דערנעענטערט מיט אָנגעשטעלטע רעוואָלווערן אין די הענט.

מאַמע און דאָוויד די בריִע, אַרײַנרוקנדיק די קעפּ אין די פּלייצעס, האָבן געוואַרט אויף אַ שאָס.

נאָר קיין שאָס איז ניט געקומען.

עס האָבן אַ סקריפּע געטאָן די אײַזערנע שטאָרעס און פֿון דער פֿאַבריקמאַכערסקע זײַנען אַרויס פֿאַני ליווישיץ און דוואָשקע מיט איר יאַנקעוו־זיסלען.

— מיר זײַנען מעשוגענע, — האָט געזאָגט פֿאַני ליווישיץ, — און זיי זײַנען אויך מעשוגענע. — האָט ער אָנגעוויזן אויף מאַמען און דאָוויד די בריִע.

— איר זענט מעשוגענע? — בורכאַרד, וועלכער האָט גוט געקענט די רוסישע שפּראַך, איז געפּלעפּט געוואָרן. — זיי זײַנען מעשוגענע, אַראָפּ פֿון זינען, — האָט ער איבערגעזעצט אויף דײַטש, — פּסיכישע, הער מאַיאָר.

אין דער אָנגעלאָדענער שטילקייט האָבן דין און שאַרף אַרײַנגעריזלט די קלאַנגען פֿון עלעקטרישע דראָטן. די גרופּע מעשוגאָים זײַנען, ווי אַ טונקעלע כמאַרע, געשטאַנען צונויפֿגעקלעמט אין איין שוואַרצער מאַסע. אין זייערע אויגן האָט מען געקאָנט איבערלייענען די גאַנצע פֿאַרומערטע געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק. און דער הער מאַיאָר האָט אַרויסגעלייענט פֿון אָט דער געשיכטע די סאַמע פֿינצטערע זײַטן.

— בורכאַרד, — האָט ער אַ פֿרעג געטאָן, — אין אָט דעם עקלהאַפֿטן שטעטל איז פֿאַראַן אַ ייִדישער בעסוילעם?

— יאָ, הער מאַיאָר, — האָט בורכאַרד געענטפֿערט, — אַפֿילע צוויי, אַ נײַער און אַן אַלטער.

— טרײַב זיי צום אַלטן! — האָט באַפֿוילן דער הער מאַיאָר.

און בורכאַרד האָט זיך צעברילט אַזוי, אַז די גאַס האָט אָפּגעציטערט פֿון זײַן קאָל:

— יודן, פֿאָרווערטס... שנעל... שנעל...

און די מעשוגאָים איינער נאָכן אַנדערן, האָבן צום לעצטן מאָל זיך אַ לאָז געטאָן איבער דער הויפּט־גאַס. זיי זײַנען געגאַנגען אין סאַמע מיט וועג, קנעטנדיק דאָס קאַלטע זאַמד, און דאָס דינע פּאַרטאָגיקע אײַז פֿון די נאַכט־פֿרעסטלעך האָט זיך געקרישלט אונטער זייערע טריט, איבערלאָזנדיק שפּורן, ווי פֿון צעבראָכן גלאָז.

זיי האָבן זיך געשלעפּט שווײַגנדיקע, ווי מע גייט צום עשאַפֿאָט. דער ערשטער האָט געשפּאַנט פֿאַני ליווישיץ, דעם קאָפּ פֿאַריסן הויך, ווי בײַ אַ האָרניסט. נאָך איר האָט, ווי אַ קינד, וואָס לערנט זיך מאַכן די ערשטע טריט, געטיאַפּקעט מאַמע. דאָוויד די בריִע האָט שווער געאָטעמט, שלינגענדיק די געזאַלצענע טרערן, און דוואָשקע מיט יאַנקעוו־זיסלען האָבן, ווי שטענדיק, זיך געהאַלטן פֿאַר די הענט.

דער אַלטער בעסוילעם האָט באַגעגנט די פּראָצעסיע מיט זײַן אייביקער רו. אַ לײַכט פּאַרטאָגיק רויכל איז געקראָכן איבער די אַלטע מאַצייווע מיט די קימאַט שוין אָפּגעבליאַקעוועטע לאָשנקוידעש־דיקע אויפֿשריפֿטן. דער בעסוילעם איז געווען זייער אַלט. אויף אַזויפֿיל אַלט, אויף וויפֿל דורעס ייִדן האָבן געלעבט בײַ די ברעגן פֿון דער גרויער בערעזינאַ.

— האַלט! — האָט אַ קאָמאַנדעווע געטאָן בורכאַרד, ווי ער וואָלט געפֿירט אַ מאַכנע שלאַכט־לײַט. — אַלעמען זיך אויסטאָן!

דער זאָנדעפֿירער האָט שוין געוווּסט, וואָס עס דאַרף און וועט אומבאַדינגט פֿאָרקומען אויפֿן בעסוילעם, נאָר אַזוי ווי די מעשוגאָים האָבן זיך עפּעס ניט געײַלט אויסצופֿילן זײַן באַפֿעל, איז ער אַ צערייצטער, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל זיך אָנגעשטעקט מיט זייער מעשוגאַס, האַסטיק צוגעלאָפֿן און אָנגעהויבן פֿון זיי רײַסן די קליידער.

נאַקעטע, אויסגעדייוועטע, אויסגעפּלאָגטע, זײַנען די מעשוגאָים שטיין געבליבן צווישן די אַלטע פֿאַרלאָזטע קוואָרים. זיי זײַנען שוין ניט געווען קיין אָנטיילנעמער, נאָר איידעס, אַזעלכע ווי די שטומע מאַצייוועס אויף דער פֿאַריאָסעמטער שוועל פֿון אייביקייט.

בלוי־גאָלדיק האָט דאָס ליכט פֿונעם אײַנברעכנדיקן טאָג אָנגעצונדן די קרוינען פֿון די כאָסנעס, זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ נידעריקער איבער דעם בעסוילעם, ווי עס וואָלט מיט זײַן וואַרעמקייט געײַלט צו דערוואַרעמען די נאַקעטקייט פֿון די אויסגעשטעלטע אויף אומקום.

— יודען! — האָט בורכאַרד זיך מיטאַמאָל צערעוועט, — דער הער מאַיאָר גיט אײַך אַן אויסוואַל. מיר האָבן אָפּגעמאָסטן הונדערט שפּאַן פֿון אָט דעם ווײַסן ביז יענעם שוואַרצן שטיין, — און ער האָט אָנגעוויזן אויף צוויי מאַצייוועס. — מיר האָבן באַשלאָסן דורכפֿירן אַ פֿאַרמעסט. דער, וואָס וועט דער ערשטער דערגרייכן יענעם שוואַרצן שטיין, וועט דער ערשטער דערשאָסן ווערן. אַן אויסנאַם מאַכן מיר נאָר פֿאַר דער איינציקער פֿרוי, אויב זי וועט געווינען דעם פֿאַרמעסט — איז זי פֿרײַ.

אַלע דרײַ עסעסאָווצעס האָבן זיך איבערגעקוקט, זיך פֿרעך צעלאַכט, און בורכאַרד האָט, ווי אַ סטאַרטיאָר, אויסגעשאָסן אין דער לופֿט.

— פֿאָרווערטס!

ס'האָבן צו דער ערד נאָך ניט דערגרייכט די פֿאַלנדיקע סאָסנע־נאָדלען, געטראָפֿענע פֿונעם שאָס, ס'איז זיך נאָך ניט צעגאַנגען דאָס פֿאַרזאַמטע רויכל פֿונעם רעוואָלווער, און דעם בעסוילעם האָט שוין דורכגעשניטן אַ קרעפֿטיק אומבאַגרײַפֿלעך קאָל. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס קאָל איז אַראָפּ־

געפאלן פונעם הימל, ווי א דונער, און די דריי דייטשן האבן פון דער פלוצעמדיקייט אופגעציטערט, פונקט ווי א סנאריאד האט אופגעריסן אינדערנאענט.

זאג ניט קיינמאל, אז דו גייסט דעם לעצטן וועג,
הימלען בלייענע פארשטעלן בלויע טעג.
קומען וועט נאך אונדזער אויסגעבענקטע שא, —
ס׳וועט א פויק טאן אונדזער טראט, מיר זיינען דא!

אף וואס פאר א וועגן איז צו די מעשוגאים דערגאנגען אט דער הימן, איז שווער צו זאגן, דאס קאל אבער, טראגיש־שיין און מעכטיק, האט געהערט צו פאני ליוושיצן און האט הילכיק וויברירט איבערן בעסוילעם:

פון גרינעם פאלמען־לאנד ביז ווייטן לאנד פון שניי
מיר קומען מיט אונדזער פיין, מיט אונד...

א שאס האט א קנאל געטאן שפיציק־שארף. פאני ליוושיץ, מיט דעם פארהויבענעם קאפ צו די הימלען, מיט דער איבערגעריסענער ליד אף די ליפן, האט געמאכט א שפאן פארויס און איז געפאלן מיטן פאנעם צו דער ערד.

— פארויס! — האט בורכארד געשריגן, ווערנדיק פארגאסן פון סינע.

— פארויס! — האט הילכיק נאכגעבאמקעט דער הער מאיאר, פאכנדיק מיטן אנגעצילטן רעוואלווער.

ערשט נאך דעם, ווי די מעשוגאים זיינען שטיל פארבייגעגאנגען דעם מיט בלוט פארגאסענעם פאני לייוושיצן, ווי זיי וואלטן אפגעגעבן דעם מעס דעם לעצטן קאוועד, האבן זיי מיט א יונגער ספריטנעקייט זיך אפגעריסן פון דער ערד און איז א ווילדן געיעג זיך גענומען טראגן צום „פיניש".

דוואשקע האט פעסט געהאלטן פאר דער האנט יאנקעוו־זיסלען, וואס איז עפעס ווי צוריקגעשטאנען, קיינער האט ניט געוואלט זיין דער צווייטער אין אט דעם קורצן און אומענדלעך וויסטן פארמעסט. פלוצעם האט פון צווישן די לויפנדיקע זיך ארויסגעריסן דוואשקע, איבעריאגנדיק אלעמען. זי האט זיך געטראגן לייכט, ווי א פויגל, שיקנדיק פארויס איר דארע ברוסט, און אף איר האנט איז געהאנגען יאנקעוו־זיסל, ווי א קינד אין שנאבל פון א שטארך, און ווען צום שווארצן שטיין איז געבליבן בלויז א שפאן, האט זי צונויפגענומען די לעצטע קויכעס און א שלײַדער געטאן פארויס דעם שווערן יאנקעוו־זיסלען. און דאס איז געווען דאס לעצטע, וואס זי האט געקאנט פאר אים טאן.

דוואשקע האט דערהערט א שאס. דעם צווייטן האט זי שוין נאר געפילט, ווי עמעצער וואלט דורכגעלעכערט איר פלייצע. זי איז געפאלן מיט צעשפרייטע הענט איבער איר יאנקעוו־זיסלען, ווי זי וואלט, אליין שוין א טויטע, געוואלט אים, א טויטן, פאר עפעס באשיצן.

איבערן בעסוילעם איז געהאנגען א יונגע פרימארגן־זון, און אירע שטראלן האבן באלויכטן די פארבלוטיקטע קערפערס פון די קדוישים.

ידיש — י. בורג



# דער וועג אַהיים

אַלץ איז פֿאָרגעקומען האַסטיק, ווי אין אַ בייזן חלום: נאָרוואָס איז טאַרנאָפּאָלסקי געגאַנגען איבער מאָסקווע, זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ קאַפֿע, אין אײַלעניש געטרונקען בלייך־פֿאַרקאָכטע טיי און זיך געוואָרגן מיט בוטערבראָדן, באַזוכט די אָרקעסטער־רעפּעטיציעס, זיך מיט עמעצן צעקריגט, מיט עמעצן זיך איבערגעבעטן, און פּלוצעם איז אַלץ פֿאַרשוווּנדן — אויס מאָסקווע, אויס טיי מיט בוטערבראָדן, אויס מיט באַלעסטיקטע שטימען פֿון קאָלעגן מוזיקאַנטן, אויס מיט באַקאַנטע — גאָלע גאָרניט. ער האָט זיך געפֿונען אין ניו־יאָרק. אַנדערע דעקאָראַציעס, וואָס רופֿן אַרויס אַנגסטן און אומצוטרוי. הויכע הײַזער אין אַ פֿאַרויכערטער שטאָט. וואָלקנקראַצערס, צונויפֿגעפּרעסטע פֿון טונקעלן אומהיימלעכן שטיין. שרײַענדיקע רעקלאַמעס מיט איליוסטראַציעס פֿון סכוירעס, וועלכע זײַנען אין מאָסקווע ניט פֿאַראַן.

יאָ, אין לאַנד פֿון וואָלקנקראַצערס איז אַלץ געווען אַנדערש, ווי אינדערהיים. די לופֿט און דאָס וואַסער, די ערד, דער אַספֿאַלט, די ביימער, אַפֿילע די מענטשן זײַנען געווען באַשאַפֿן פֿון אַן אַנדערער מאַטעריע און פֿון אַן אַנדערן גײַסט. און די דערקענטעניש האָט ווייטיקלעך זיך אָפּגערופֿן.

קומענדיק קיין ניו־יאָרק, האָט טאַרנאָפּאָלסקי באַלד פֿאַרשטאַנען דעם פּאָשעטן עמעס: ער איז צעשפּאָלטן אויף צוויי העלפֿטן, און לעשנדיק אין זיך דעם ווייטיק, האָט ער זיך צעוויינט. יאָ, דאָ איז אַלץ געווען אַנדערש, ווי אין זײַן היימלאַנד, איצט שוין אַ געוועזנס. און ער אַליין איז אין אַלץ שולדיק. אַ קעלט איז אַדורך איבער זײַן לײַב, געיאָגט מיט אַ פֿיבער אין די אייוורים, פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם, אַ נעפּל איז געשווומען פֿאַר די אויגן. ער האָט געקאָנט בײַקומען דעם ווייטיק אויף אַ מינוט, אויף אַ האַלבער שעה, אויף אַ שעה — און דערפֿאָלגרײַך זיך אויסגעלערנט אים גוווער זײַן, נאָר ניט געקענט מאַכן אַזוי, אַז דער ווייטיק זאָל אים פֿאַרלאָזן אויף שטענדיק. דאָס איז געווען אַן אומויסהיילבאַרע קרענק, אַ קלעפּיקער עלאַסטישער קנויל, וואָס האָט זיך פֿאַרקליבן אין דער טיפֿעניש פֿון זײַן נשמה און, קעמפֿנדיק מיט דעם ווייטיק, מיט אַלץ, וואָס עס האָט אים אַרומגערינגלט, שטרעבנדיק צו פֿאַרגעסנקייט, האָט טאַרנאָפּאָלסקי אַלעמאָל פֿאַרשפּילט.

ער איז געקומען אַהער, קעדיי זיך צו פֿאַרפֿולקומען אין מוזיק, ענדלעך זיך אָפּרײַסן פֿונעם ערדישן לעבן און זיך אינגאַנצן ווידמען „די צויבער־קלאַנגען". אין מאָסקווע האָט ער איבערגעלאָזט אַ ווײַב זשאַנע און אַ זון יערמאָלײַ. זשאַנע האָט קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצופֿאָרן פֿונעם לאַנד, אין וועלכן זי איז געבוירן געוואָרן, אים אָנגערופֿן פֿאַררעטער, געזאָגט, אַז אין איין־און־פֿערציקסטן יאָר וואָלט מען אים פֿאַר אַזאַ זאַך געשטעלט צו דער וואַנט, דערנאָך זיך צעכליפּעט אויף אַ קאָל, זיך געוואָרפֿן אין אַנגסטן, פּונקט ווי אַ נערוון־קראַנקע, נאָכדעם זיך באַמיט צו באַרויִקן, זיך טאַקע באַרויִקט, זיך פֿאַרשלאָסן אין זיך, געוואָרן פֿאַר טאַרנאָפּאָלסקין פֿרעמד, כאָטש אין די נעכט האָבן זיי פֿאָרגעזעצט טיילן איין געלעגער. נאָר דאָס איז שוין געווען ניט די פֿרײַערדיקע נאָענטקײַט.

טאַרנאָפּאָלסקי איז אוועקגעפֿאָרן קיין אַמעריקע אַליין. ווען ער האָט זיך געפֿונען אינדערהיים, האָט זשאַנע אים אָפּט דענערווירט — זי האָט אומבאַדינגט געטאָן עפּעס ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, קרומהענטיק, עסן געגרייט ניט גענוג געשמאַק, די דירע אויפֿגעראַמט ניט העכסט זאָרגעוודיק, אַקוראַט, זיך געקעמט און געקליידט ניט לויט דער מאָדע. טאַרנאָפּאָלסקי האָט געבורטשעט, און אויב זשאַנע פֿלעג אים עפּעס פֿרעגן, האָט ער שטענדיק פֿאַרשפּאָרט אַן ענטפֿער. דאָ אָבער האָט ער זיך פֿאַרבענקט — אים האָט אויסגעפֿעלט זשאַנע, איר שטילער שמייכל, אירע גרינגע ליכטנדיקע האָר, די אויגן, אירע הענט, די פֿיגור, און אַלע פּרויען, וועלכע ער האָט דאָ באַגעגנט, האָבן געהאַט קאָלערלייַ כעסרוינעס — אַלע זיי קומען ווײַט ניט צו זשאַנען.

טאַרנאָפּאָלסקי האָט פֿאַרביסן די ליפּן, אויסגעווישט מיט די פֿינגער די אויגן, געקוקט ערגעץ אין דער ווײַט, איבער די קעפּ, צו די געדעמפּטע וואַסערן פֿונעם טײַך הודזאָן, אַרויף צו די שפּיצן פֿון די וואָלקנקראַצערס. אים איז אינגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען דאָס היגע לעבן — דאָס עמעסע לעבן, ווײַזט זיך אַרויס, איז געבליבן אין מאָסקווע. פֿאַרנעמען זיך מיט מוזיק איז אים ניט אויסגעקומען,

מע האָט באַדאַרפֿט פֿאַרדינען געלט. ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אין אַ ביליקן בופֿעט וואַשן געפֿעס. ער האָט זיך אַזוי אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט, אַז די פֿינגער זײַנען אים פֿאַרשטאַרצט געוואָרן, און וועגן מוזיק איז שוין ניט געווען מער וואָס צו טראַכטן. דערנאָך איז ער אַריבער אין „מאַקדאָנאַלד" — אַ רעסטאָראַנטשיק באַם פּאַזע וועג, אין וועלכן מע האָט ניט געדאַרפֿט וואַשן קיין געפֿעס, דאָרט איז עס אײַנגאַנצן ניט געווען — מע האָט געגעסן פֿון פּאַפּירענע טעלער מיט גאָפּלען און לעפֿל פֿון פּלאַסטמאַסע, קאַפֿע האָט מען געטרונקען פֿון קאַרטאָן־גלעזער, אין „מאַקדאָנאַלד" האָט טאַרנאָפּאָלסקי געדינט אַלס מיסטקערער. נאָך „מאַקדאָנאַלד" איז געווען אַ בוי־פֿירמע, ווו טאַרנאָפּאָלסקי האָט, נאַטירלעך, אויך ניט געשפּילט פֿידל, און נאָכפּאָלגן דאָס פֿלינקע דיריזשאָר־שטעקעלע איז אים אויך ניט אויסגעקומען. איצט האָט ער צעטראָגן מאַראָזשענע.

דאָס קעסטל מיט מאַראָזשענע איז געווען שווער, קויפֿער ווינציק — די אַמעריקאַנער האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זעלטענע קאַמצאָנים, כאָטש מע האָט זיי פֿאַרגלײַכט מיט רוסישע. נאָר רוסישע — דאָס איז עפּעס אַנדערש. די קויִנים בײַ טאַרנאָפּאָלסקין זײַנען געווען נעגער־קינדער.

ס'איז אונטערגעקומען די שפּראַך־פֿראַגע. מע האָט געדאַרפֿט זיך ערנסט אָנהייבן פֿאַרנעמען מיט ענגליש. זיך פֿאַרשטענדיקן מיט דער הילף פֿון בעקען און מעקען, ווי עס האָבן געטאָן אַנדערע עמיגראַנטן, האָט טאַרנאָפּאָלסקי ניט געוואָלט. בעקען און מעקען האָט געסטײַעט אױף צו באַקומען אַרבעט אַלס מיסטקערער, אָבער אױף זיך אַרײַנבאַקומען אין דער מוזיקאַלער וועלט, פֿאַרנעמען אַן אָרט אין אַן אָרקעסטער האָט מען באַדאַרפֿט ערנסט קענען די שפּראַך, באַזיצן ערנסטע פּראַקטיק.

אַוודאי זײַנען פֿאַראַן אין ניו־יאָרק רוסישע קאָלאָניעס, ווו יאָרנלאַנג הערט מען ניט קיין רוסיש וואָרט. דער זעלבער ברײַטאָן־ביטש, ווו עס לעבן זיבן און דרײַסיק טויזנט נעפּאַשעס, ווו עס איז פֿאַראַן אַ גאַסטראָנאָם „מאָסקאָווסקי", אין וועלכן מע פֿאַרקויפֿט דאָקטאָרסקע קאָלבעס, סאָסיסקעס, ענלעכע אױף דאַמען־פֿינגער, און קאָנסערוון מיט דער אויפֿשריפֿט אין ענגליש „קילקאַ", צי דער זעלבער פּאַראַזאַט־כילז — אין פּאַראַזאַט־כילז לעבן ווינציקער, נאָר אַלצײַנס רעכנט זיך דער ראַיאָן פֿאַר אַ רוסישן — ניו־יאָרק באַשטייט אָבער ניט נאָר פֿון איין ברײַטאָן־ביטש און פּאַראַזאַט־כילז — אַ גוטע שפּראַך דאַרף מען אין יעדן באַליביקן טייל שטאָט.

איז וויאַזוי אויסקומען, אַז דו קענסט נאָר רוסיש? און אין לעבן פֿאַרמאָגסטו ניט דעם אײַזערנעם קלאַפּ פֿון אַ טעניסיסט, אַ געווינטן אָפּצושלאָגן שווערע מאַטשן — אַ גוטער שפּילער ווייסט שטענדיק, וווהין עס פֿליט אַ געדרייטע פּילקע, און אַ שלעכטער ווייסט ניט. טאַרנאָפּאָלסקי האָט דאָס ניט געוווּסט. און ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, נישט פֿאַרמאָגט ניט קיין רירעוודיקײַט, ניט קיין אַקשאָנעסדיקײַט, ניט קיין שטאַרקע נערוון: דאָס לעבן אַליין האָט אים אונטערגעוואָרפֿן אַ פּילקע נאָך אַ פּילקע, וועלכע ער האָט אַלעמאָל געפּרוּווט כאַפּן און אַלעמאָל געטראָפֿן ניט אין ציל.

עפּשער האָט ער ניט ריכטיק געהאַלטן די ראַקעטקע. די אײַנוווינער פֿון ברײַטאָן־ביטש, וואָס האָבן ליב באַקומען דעם רעסטאָראַן „קאַווקאַז" און „אַרמעניע", דעם מאַגאַזין „שוואַרצער יאַם" און דעם גאַסטראָנאָם „מאָסקאָווסקי", האָבן זיך ניט פֿאַרטראַכט וועגן דער שפּראַך.

ברײַטאָן־ביטש האָט ניט אויפֿגענומען טאַרנאָפּאָלסקין. ער האָט ניט באַקומען קיין אַרײַנגאַנג־בילעט אױפֿן פּרעכטיקן „ליכטיקן פּליאַזש", וואָס קאָן פֿאַרזיסן אַ קאַפּריזנעם מיליאָנער. דער פּליאַזש מיט זאַמד, דריבנעם און ווײַסן, ווי שניי, האָט ניט אַרויסגערופֿן בײַ טאַרנאָפּאָלסקין קיין גוטע געפֿילן, גיכער פֿאַרקערט — אַ נודנעם געפֿיל, ענלעך אױף אַ פֿאַרבאָרגענער קראַנקהאַפֿטער בענקשאַפֿט. טאַרנאָפּאָלסקי האָט ניט־ווילנדיק זיך דערמאָנט די מאָסקווער פּליאַזשן, ווידוואַריקע, רווישיקע, מיט וואָליײַבאָל־שפּילן, און פּעטליײַביקע, וואָס האָבן געדרעמלט אױף אָנגעבלאָזענע מאַטראַצן. דער קין בײַ טאַרנאָפּאָלסקין האָט אָנגעהויבן אונטערציטערן, ער האָט ניט געקאָנט מער קוקן אױפֿן ווײַסן זאַמד, אַריבערגעפֿירט דעם בליק אױף אַ לאַנגער הילצערנער פּלאַטפֿאָרמע, ווו ס'האָבן פֿאַריאָסעמט זיך געוויײַסלט קרוכלעדיקע קאַפֿעטישלעך. ער האָט אויפֿגעציטערט און קימאַט לויפֿנדיק פֿאַרלאָזט דעם פּליאַזש.

ערגער פֿון אַלץ איז געווען באַנאַכט. טאַרנאָפּאָלסקין האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אין איינער פֿון די נעכט, אָנגעהויפּטע מיט פֿאַרשיידענע אומרויִקע קלאַנגען, וועט ער זיך נעמען דאָס לעבן. און מיט שרעק, באַקעמפֿנדיק דעם ווילדן געדאַנק, האָט ער צענויפֿגעפּרעסט די ציטערנדיקע נערוועזע פֿינגער, זיי צוגעטראָגן צו די ליפּן און געקוקט אױפֿן טעלעפֿאָן. אים האָט זיך געוואָלט אָנקלינגען קיין מאָסקווע, רעדן מיט זשאַנען, זיך דערוויסן, וואָס עס הערט זיך בײַ איר, בײַ יערמאָלײַען, ער האָט אָבער גוווער געווען אײַן זיך דעם פֿאַרלאַנג, ווײַל אױף צו קלינגען קיין מאָסקווע האָט מען געדאַרפֿט געלט. און מיט געלט איז בײַ טאַרנאָפּאָלסקין שטענדיק ענג געווען.

ס'איז אַדורך אַ געוויסע צײַט און, אָפּשפּאָרנדיק אַ ביסל געלט, האָט זיך דאָך טאַרנאָפּאָלסקי ניט אײַנגעהאַלטן און אָנגעקלונגען קיין מאָסקווע. אין ניו־יאָרק איז געווען נאַכט, אין מאָסקווע אַ יונגער טאָג — דער כילעק אין צײַט איז אַכט שאָ. דערהערנדיק זשאַנעס ריינע רויִקע שטים, גלײַך זי וואָלט זיך געפֿונען אין שכייִנעסדיקן צימער, האָט ער זיך צעוויינט. רעדן מיט איר האָט ער שוין

קיין קויעך ניט געהאט. ער האָט אופגעהאנגען דאָס טרייַבל, קלאַנגלאַז אַנגעהויבן ציטערן, טרייסלען זיך, דער קאָפּ איז אריַין אין די אַקסלען, און מויל איז אופגעשוואָלן א הייסער זאלציקער קנויל.

„וואָס האָסטו אָפּגעטאָן, שויטע איינער, וואָס האָסטו אָפּגעטאָן? — האָט טאַרנאָפּאָלסקי געיאָמערט, — פארוואָס האָסטו זיך קאַליע געמאַכט דאָס לעבן? צי דען איז דער וועג פונדאַנען, פון דעם פרעכטיקן ניו־יאָרק, נאָר איינער — גלייַך צו גאָט? איך וויל ניט צו גאָט... צו די הימלען... אוי, ווי איך וויל ניט!״

דאָ, אין אמעריקע, איז שווער געווען זיך צוגעוווינען צו אַלץ, אפילע צו די מאָסן. דאָ זייַנען ניט געווען קיין קילאָמעטערס — נאָר מייַלן. שפּייַז האָט זיך פארקויפט ניט אף קילאָגראַמען, נאָר אף פונטן, אפילע אין די קליינע פּון פאָראסט־כילז האָט מען געבעטן באם פארקויפער: „וועג מיר אָפּ, טייַערינקער, א פערטל פונט קאָלבאַס. א האַלבן פונט פיש״, און יענער, לויכטנדיק מיט א פול מויל גאָלדענע ציין, ארייַנגעשטעלטע אין אָדעס אָדער אין לוואָוו, האָט אָפּגעוויגן צוויי און זעכציק מיט א האַלבן גראַם ווורשט. קיין געלט האָט טאַרנאָפּאָלסקי ניט געהאַט, איז ער געגאַנגען אין קלייט פּאַשעט אזוי פון נייַגעריקייַט, צו זען, וואָס עס קויפן אייַן די ניו־יאָרקער. אויסגערעכנטע זייַנען זיי, צי פארקערט ,אויסברענגער, און זיך דערוווּסט, אז די אמעריקאַנער באַנוצן זיך גאָר איינגאַנצן ניט מיט קיין געלט. זיי נעמען העלע קארטלעך פון פּלאַסטמאַסע, זייער ענלעכע אף ארויסגעריסענע בלעטלעך פון א טשעק־ביכל. טאַרנאָפּאָלסקי האָט קיינמאָל ניט געזען, אז די אמעריקאַנער זאָלן קלינגען מיט קליינגעלט. מיט מאַטבייעס קלינגען נאָר אָרעמעלייַט, אַזעלכע ווי ער. ניטאָ קיין קארטל פון פּלאַסטמאַסע — הייסט עס, אז עס איז ניטאָ קיין קאָנטע אין באַנק, און וויבאַלד אזוי, זייַט איר א בעטלער.

פון דער אַנדערער זייַט, לייגט אריַין קימאַט יעדער אמעריקאַנער, וואָס גייט ארויס אין גאַס, אין קעשענע א צענדאָלער־פּאַפּירל, אפילע א צוואַנציקדאָלערדיקס, אין פאַל, אויב ער טרעפט אָן אף א רויבער. אַזעלכס קאָן זיך טרעפן אין דעם זעלבן מאַגאַזין, אין א זאַל, אין מעטראָ, קורץ גערעדט, אומעטום.

איינמאָל, ווען טאַרנאָפּאָלסקי איז געווען אָן ארבעט און, נאַטירלעך, ניט געהאַט קיין געלט, האָט ער, בלאָנדזשענדיק אָן א ציל איבער ניו־יאָרק, פארקערעוועט צו א בעסוילעם. דאָרט האָט ער אָנגעטראָפן א קייווער, לעבן וועלכן ער איז אָפּגעשטאַנען אן אָנדערהאַלבן שאָ, קאָן זייַן, אז אפילע מער. די אופשריפט אף דעם אַלטן שטיין, א צעשעדיקטן פון דער צייַט, האָט מעגאָלע געווען: „איך ליג אין אָט דעם קייווער, דו שטייסט און לייענסט, ווער דאָ ליגט, ס'האָט אָבער געקאָנט זייַן פארקערט״. א טויבער אומרו האָט צעשפּאָלטן טאַרנאָפּאָלסקין אף צוויי העלפטן, גלייַך ער וואָלט אָנגעטראָפן אף עפּעס אזוינס, וואָס האָט ניט קיין נאָמען. דאָס איז געווען מער פון אן אומגליק, מער פון צייַט, אפילע מער פון פייַער, דאָס איז געווען הוילער עמעס, אויסגעקריצט אף דער מאַצייווע, וואָס איז פארשטענדלעך יעדן מענטשן און גלייַכצייַטיק ניט פארשטענדלעך, ווי ניט פון קיין מענטשן צוגעטראַכט און איבערגעגעבן אין פּאָשעטע ווערטער. טאַרנאָפּאָלסקין האָט געציבלט, ער האָט ענדגילטיק פארשטאַנען, אז ער גייט צו גרונט. נאָך א ווייַלע, און די ערד הייבט אָן זיך וואַקלען, און די וועלט פאַלט אייַן.

די רעטונג האָט ער געזען נאָר אין איינס — אין אומקערן זיך אַהיים. צוליב דעם דאַרף מען טייקעף זיך לאָזן קיין וואַשינגטאָן, אין דער סאָוועטישער אמבאַסאַדע, דאָרט זיך שטעלן אף די קני און בעטן פארגעבונג — זאָל די לייַבלעכע ערד גרויסמוטיק מויכל זייַן די זינד איר פארבלאָנדזשעטן זון, אים פארשעמען, נאָר זאָל זי אים העלפן זיך אומקערן.

ס'האָט זיך אָבער ניט אייַנגעגעבן טאַרנאָפּאָלסקין אויסצובעטן מעכילע. ער האָט אין קיין אייַן הארץ ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג, און ניט דערפאַר, וואָס דאָרט האָבן עפּשער געארבעט מענטשן געפּיללאָזע, טויבע צו פרעמדע ווייטיקן. טאַרנאָפּאָלסקי האָט שטיל געוויינט אין זיך, ער האָט פארשטאַנען, אז די אמבאַסאַדע איז ניט קיין געבעט־הויז, ווו דער מענטש רייניקט זיך אָפּ פון זינד.

ער איז אָבער אין א צייַט ארום געקומען נאָכאַמאָל, דערנאָך נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל — אומזיסט. ער איז אויסגעמאַטערט געוואָרן, אָפּגעצערט, זיך פון אַלעמען אָפּגעזונדערט, אופגעהערט זיך ווייַזן אין ברייַטאָן־ביטש. אין דאָרעמדיקן בראָנקס געדונגען א קליינע דירע, דאָס הויז איז געווען א מעלוכישס, דאָ ניט לאַנג אופגעבויט, האָט עס נאָך ניט באַוויזן דורכגעזאַפּט צו ווערן מיט רייכעס פון קיכן און טואַלעטן. א ביליקס, לויט טאַרנאָפּאָלסקיס מעגלעכקייַטן, ווי אויך פאַר אַנדערע ארבעטלאָזע, וועלכע זייַנען געזעסן אין וועלפער, ווו מע גיט יעדע וואָך שטיצע ארבעטלאָזע, גראָשנס, פאַר וועלכע מע פרעגט ניט בא די נעבעכדיקע קיין כעזשבן.

טאַרנאָפּאָלסקי האָט אויך געטראַכט, אז עפּשער זיך זעצן אין וועלפער, ווייניקער זאָרגן וועלן זייַן, און געלט איז פּראַקטיש דאָס אייגענע, וואָס ער פארדינט באם פארקויפן מאָראָזשענע, נאָר עפּעס האָט אים ניט געלאָזט פאַלן אזוי נידעריק, עפּעס האָט אין אים פּראָטעסטירט, זיך אָפּגערופן מיט הארצקלעמעניש, און ער האָט פאַרגעזעצט שלעפּן דעם גוירל.

וועגן עפּעס העכערס האָט ער שוין ניט געטראַכט אַפילו. אויס, ער איז ניט מער קיין מוזיקאַנט, און ס'איז ניט פֿאַראַן קיין שום העכערע מאַטעריע, אַלץ איז בלאָף, ער האָט קיינמאָל צו גאָרניט געשטרעבט. ער האָט פּאַשעט אָפּגעגעבן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט אין לעבן, פֿאַר אַט דעם מאָדנע גורל, ענלעך אַף א היפּנאָטישן. אײַנדערעמעסן, ווער איז ער אין אַט דער פֿאַרויכערטער, גיגאַנטישער שטאָט, מיט וועלכער עס קאָן זיך ניט ספּראַווען קיין איין מאַכט, וואָס פֿאַר א פּאָליציי עס זאָל זי ניט אַרומרינגלען? ווער איז ער פֿאַר אַט די פֿרעמדע ענערגישע מענטשן, פֿאַר וועלכע דער האָריזאָנט איז פֿאַרשטעלט מיט א שטיינערנער וואַנט, און אַזעלכע געפֿילן, ווי ראַכמאָנעס אָדער גרויסהאַרציקייט, זײַנען ניט נאָר פֿאַרגעסן — פֿאַרגעסענע קאָן מען נאָך אַרויסציִען אַף גאָטס וועלט, — נאָר אויסגעוואָרצלטע פֿונעם כאַראַקטער, אומבאַראַכמאָנעסדיק אויסגעוואָרצלט מיט א פֿעסטער האַנט.

טאַרנאָפּאָלסקי איז א טעל געוואָרן, די הויט אַפֿן פּאָנעם און הענט אָפּגעצויגן, די האָר אַפֿן קאָפּ זײַנען אויסגעקראָכן, אופֿגעדעקט א ביינערדיקן זקייניש שאַרבן, אין די אויגן איז פֿאַרגליווערט געוואָרן א שטענדיקער אומרו. ער איז געפֿאַלן בא זיך, כאָטש ניט געוואָלט דאָס אָנערקענען. ער האָט פּאַשעט ניט געטראַכט, זיך ניט פֿאַרגעשטעלט, אַז א מענטש קאָן אַזוי גיך זיך עלטערן, איבערגיין אין א נײַעם פֿאַר זיך אייכעס. און דער אייכעס האָט געהאַט א שײַכעס ניט נאָר צו דער פֿיזישער פֿאָרם — צום קאָפּ, צו די געהירן — אים האָט עפּעס אומפֿהערלעך געקלונגען אין די אויערן, די אויגנלעפֿלעך האָבן געציטערט. ער האָט אָנגעהויבן פֿאַרלירן דעם זיקאָרן.

נאָר מער פֿון אַלץ האָט טאַרנאָפּאָלסקין געפּלאָגט דער דאָרעמדיקער בראָנקס, ווו ער האָט געוווינט, און אויך בראָדוויי, אַף וועלכן ער האָט פֿאַרקויפֿט מאָראָזשענע. פֿריִער האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז בראָדוויי איז א יאָמטעוודיקע גאַס, א באַגאָסענע מיט פֿײַערן, וואָס אָטעמט מיט קונסט: אומעטום מוזיק, טעאַטערס, רעסטאָראַנען, קאַפֿע־הײַזער, ווי אַפֿן פּאַריזשער מאָנמאַרטר, מענטשן העפֿלעכע, אַלע ברידער און שוועסטער, פֿון לאַנג־לאַנג פֿאַרקרויוועטע איינער מיטן אַנדערן. נאָר דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווײַט ניט אַזוי. בראָדוויי איז געווען פֿאַרכמורעט און גרויס — די לענג פֿון דער גאַס איז געגליכן אין א געוויסער מאָס צו דער לענג פֿונעם עקוואַטאָר, צופֿוס קאָן מען זי קיינמאָל ניט דורכשפּרײַזן. טאַרנאָפּאָלסקי האָט איינמאָל זיך געשטעלט פֿאַר אַן אופֿגאַבע — גיין איבער בראָדוויי אַזוי לאַנג, ביז ס'וועט זיך ניט ענדיקן די מאָראָזשענע, דערנאָך לויט דער נומעראַציע פֿון די הײַזער אויסרעכענען, וויפֿל בערערך קילאָמעטער ער האָט דורכגעמאַכט. עפּשער וועט ער אַזוי דערגיין ביז צו יענעם הויכן ווײַסן הויז, וואָס דראַפּעט זיך אַף א גרין בערגל, אויסגעשטעלט קעגן בייזע ווינטן, א געבײַדע, אין וועלכער עס לעבן די מיטאַרבעטער פֿון דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע, און אַט די קליינע אופֿגאַבע, וועלכע ער פֿילט אויס, דערנעענטערט אים ענדלעך צו זײַן היימלאַנד, צו דער קליינער מאָסקווער דירע, ווו עס וווינען זשאַנע און יערמאָליי. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען איבער בראָדוויי, און דאָס האַרץ האָט שווער געשלאָגן צום טאַקט פֿון זײַנע טריט, די ברוסט איז נאַס געוואָרן פֿון שווייס, אין די אויגן האָט געשטאָכן.

ער האָט דורכגעמאַכט זעקס קילאָמעטער און זיך אָפּגעשטעלט. ניט דערפֿאַר, וואָס עס האָט זיך געענדיקט די מאָראָזשענע — מאָראָזשענע איז געווען פֿול, — עס האָבן זיך געענדיקט די קויכעס. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער וועט שוין קיינמאָל ניט קענען גיין, ניט קענען אָטעמען. די נאַכט האָט טאַרנאָפּאָלסקי פֿאַרבראַכט אָן שלאָף און אַף מאָרגן ניט אַרויס צו זײַן לאָטאָק.

ער איז אָפּגעלעגן ביז באַטאָג, אַף מיטיק געגעסן א שטיק פּיסנע ברויט, פֿאַרטרונקען מיט וואַסער פֿון אַרויס אין גאַס. טאָן האָט זיך גאָרניט געגלוסט. ניט קיין געלט פֿאַרדינען, ניט אָטעמען, ניט טראַכטן — אַלץ אין אים איז אָפּגעשטאָרבן, קיין איין פֿאַרלאַנג איז ניט געווען, אַפֿילו דער פֿאַרלאַנג צו פֿאָרן אַהיים, צו זשאַנען און צו יערמאָלײַען, וועלכער האָט דעמלט מיסטאָמע נאָך גאָרניט פֿאַרשטאַנען, און איצט אַוודע פֿאַרשטייט ער אַלץ. אינטערעסאַנט, מיט וואָס פֿאַר אַן אויסזען וועט זיך פֿאַר אים באַווײַזן זײַן פֿאָטער?

טאַרנאָפּאָלסקי האָט זיך פֿאַרקרימט, ווי פֿון ווייטיק, פֿאַרדעקט מיט דער האַנט די אויגן, איבער אים האָט שטאַרק געלויכטן די זון. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אַף דער וועלט האָט דאָס לעבן זיך פֿאַר אים געענדיקט, פֿאַרזעצונג קומט... נאָר ווו וועט זײַן די פֿאַרזעצונג? אין האַלדז האָט געבריט, טאַרנאָפּאָלסקי האָט א שלונג געטאָן די סלינע, אים האָט זיך געוואָלט עסן, און ער האָט זיך צעכליפּעט, ווי א קינד.

פֿאַר אים האָט זיך געשפּרייט א טייל גאַס, פֿאַרפֿולט מיט דורכגייער. ווײַסע זײַנען ניט געווען, קיין איין מענטש, קיין איין פּאָנעם. ווײַסע האָבן מוירע צו ווײַזן זיך אין דאָרעמדיקן בראָנקס — לויטער נעגערס און לאַטײַנאַמעריקאַנער. ווײַסע זײַנען דורכגעפֿאָרן דעם דאָרעמדיקן בראָנקס נאָר אַף מאַשינען, דורכגעשניטן דעם ראַיאָן, גלײַך ווי א שטראָמיקן טײַך. ווײַסע האָבן געהאַט יעדן גרונט זיך צו היטן. וואָס אַנבאַלאַנגט טאַרנאָפּאָלסקין, איז ער נישט געווען ניט ווײַס, ניט שוואַרץ, ניט געל, ער איז גאָרניט געווען. גאָרניט מיט נישט. טאַרנאָפּאָלסקי איז געווען עלנט. עלנט צווישן א גאַנצן האַמוין מענטשן.

ער האָט געבאָרגט צוואַנציק דאָלאַר און שפּעט באַנאַכט אָנגעקלונגען קיין מאָסקווע. אין מאָסקווע איז געווען ערשט אָוונט — אַ צאַרטער בלוילעכער קילער אָוונט, אַזוי האָט זיך פֿאָרגעשטעלט טאַרנאָפּאָלסקי, און שיִר זיך ניט צעוויינט. ער האָט קימאַט אָנגעטאַפּט די מאָסקווער לופֿט, אַפֿילע דערפֿילט, מיט וואָס זי שמעקט, און ווען ער האָט דערהערט זשאַנעס עטוואָס פֿון מידקייט שלאַבעריק קאָל, זעט אויס, נאָרוואָס געקומען פֿון דער אַרבעט, האָט ער גאָרניט געקאָנט זאָגן. אין האַלדז האָט עפּעס געוואָרגן, אים האָט ווי אָפּגענומען דאָס לאָשן. ער האָט אופֿגעהאַנגען דאָס טרײַבל און כליפּענדיק צוגעטראָגן די פֿינגער צו די ציטערנדיקע ליפּן.

אין אַ פֿינף מינוט אַרום האָט ער ווידער אָנגענומען דעם מאָסקווער נומער.

— האַלאָ! — זשאַנעס שטים איז געווען לויטער און ריין, גלײַך זי וואָלט זיך געפֿונען גאַנץ נאָענט.

— זשאַנע, זשאַנע, דאָס בין איך! — האָט סאָפּקאָלסאָף אַרויסגעבראַכט טאַרנאָפּאָלסקי, אַרויסגעבראַכט פֿאַרשטיקט, — דו דערקענסט מיך, זשאַנע?

— אַוואַדע.

— זשאַנע, איך הער ניט אויף דיך ליבן.

— דאָס אַלץ איז פֿאַרגאַנגענהײַט, טאַרנאָפּאָלסקי, — האָט רויִק, ווי אָן פֿאַרב, זיך אָפּגערופֿן זשאַנע. נאָר מאָדנע, טאַקע אָט די פֿאַרבלאָזיקייט האָט געפּעסטיקט בײַ טאַרנאָפּאָלסקין דעם געדאַנק, אַז איר איז אָן אים אויך שווער, ווי אים אָן איר.

— איך וויל זיך אומקערן אַהיים, דו וועסט מיך אויפֿנעמען?

— קער זיך אום.

— דו וועסט מיך אויפֿנעמען, זשאַנע?

— יאָ, — האָט זשאַנע, אַ ביסל אָפּוואַרטנדיק, געענטפֿערט. און בײַ טאַרנאָפּאָלסקין פֿאַר די אויגן איז אויפֿגעגאַנגען אַ ליכט. דער אווטאָמאַט האָט אומבערעכמאָנעסדיק געציילט די מינוטן, די רעגעס, געשלונגען דאָס געלט, טאַרנאָפּאָלסקי האָט געדאַרפֿט רעדן, נאָר ער האָט ניט גערעדט, ס'האָט אים פֿאַרצויגן דער אָטעם, די פֿיס און דער קערפּער זײַנען געוואָרן שווער, געוואָרן פֿרעמד, ווי זיי וואָלטן זיך אָנגעגאָסן מיט בלײַ, נאָר די הענט האָבן נאָך געפֿאָלגט, כאָטש אויך שוין שטאַרק אָפּגעשוואַכט.

— זשאַנע, אַ דאַנק דיר, — האָט ענדלעך אַרויסגעכאָרכלט טאַרנאָפּאָלסקי, אַ שלונג געטאָן די טרערן, — אַ דאַנק דיר, טײַערינקע! — האָט ער פֿאַרשטיקט אַ יאָמער געטאָן, גלײַך אַ קראַנקער מענטש אין מינוטן פֿון גסיסע, און אומבאַהאָלפֿן אויפֿגעהאַנגען דאָס טעלעפֿאָן־טרײַבל.

אויפֿן אַנדערן טאָג האָט טאַרנאָפּאָלסקי זיך ווידער געיאָוועט צו זײַן מאָראָזשענע־באַלעבאָס, נאָר יענער האָט אַפֿילע ניט געוואָלט רעדן מיט אים. ער האָט פֿאָשעט מיט אַ זשעסט אָנגעוויזן אויף דער טיר. טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַ שוויײַגנדיקער זיך אויסגעדרייט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער פֿילט אויף זײַן רוקן די שטאַרע בליקן פֿונעם באַלעבאָס, נאָר יענער האָט אַפֿילע ניט געטראַכט אים נאָכקוקן, טאַרנאָפּאָלסקי איז פֿאַר אים געווען גאָרניט, אַזאַ זאַכלאָזער קעגנשטאַנד, ווי, לעמאָשל, דער לאָטאָק פֿאַר מאָראָזשענע אָדער די לופֿט...

ער האָט זיך אײַנגעאָרדנט אויף אַן אַנדער אַרבעט — פֿאַרבן הײַזער, אײַזערנע פּלויטן, קיכן און גאָראַזשן. ס'איז ניט ריכטיק, אַז אין אַמעריקע קאָן מען ניט קריגן קיין אַרבעט — מע קאָן קריגן, אויב דער מענטש וויל ניט זיצן אין וועלפֿער. גיי אין איין הויז, אין איין דירע, אין אַ צווייט הויז, אין אַ צווייטער דירע, בעט, צי דאַרף מען ניט עפּעס־וואָס פֿאַרבן, — אין איין הויז איז ניטאָ, אין אַ צווייטן און אַ דריטן, אין פֿערטן און פֿינפֿטן, נאָר אין פֿופֿציק זעקסטן איז פֿאַראַן אַרבעט און פֿאַר אַזעלכע אָנדערהאַלבן שאָ קאָן מען פֿאַרדינען צען, צוויי־און־צוואַנציק און אַפֿילע פֿינף און צוואַנציק דאָלאַר, און אויב דו זאָגסט נאָך, אַז דו קענסט פֿירן מיטן סמיטשעק און בלאָזן אין אַ טרומייט, קאָן דיר נאָך אַ פּאָר דאָלאַר צופֿאַלן. בלויז אַ העפֿקערדיקער פּויליאַק קאָן אין ערגעץ קיין אַרבעט ניט געפֿינען. ניט געפֿינען דערפֿאַר, וואָס ער זוכט ניט.

טאַרנאָפּאָלסקי האָט געמאַכט עטלעכע פּרוּוון אין דער אַמבאַסאַדע. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז פֿאַר אַזעלכע, ווי ער, וועלן דאָך קומען בעסערע צײַטן. סע מוז דאָך צעגיין סאָפּקאָלסאָף עמעצנס אײַזערן האַרץ, וואָס ווייסט ניט פֿון קיין ראַכמאָנעס! נאָר דאָס אומבאַוווּסטע האַרץ איז זיך ניט צעגאַנגען, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט ווידעראַמאָל ניט באַקומען קיין דערלויבעניש זיך אומצוקערן קיין מאָסקווע.

ער איז פֿאַרורטיילט געוואָרן צו בלײַבן אין ניו־יאָרק. פֿון איין געדאַנק אַזעלכן האָט בײַ אים דער גאַנצער אײַנגעוויייד געפֿראָסטיקט, געקילט, אין מאָגן האָט ער דערפֿילט שטאַרקע ווייטיקן, די הענט זײַנען מאַכטלאָז אַראָפּגעהאַנגען — צי דען טאַקע איז ער פֿאַרורטיילט?

צי טאַקע אויפֿן גאַנצן לעבן וועלן פֿאַר אים ווינקען די טונקעלע פֿאַרויכערטע הײַזער פֿון דער שטאָט, צי טאַקע אויפֿן גאַנצן לעבן וועט ער דאַרפֿן קוקן אויף די בלײַענע כוואַליעס פֿונעם הודזאָן און

איסט־ריווער? צי דען וועט ער שוין קיינמאָל זיך ניט צורירן מיט די פֿינגער צו די וואָלגע־ און דאָן־וואַסערן, צו דעם רינצלענדיקן שוים פֿונעם יאַם, „דעם סאַמע בלויסטן אין דער וועלט"? זיך צעלאַכן פֿריידיק און וויינען פֿאַר גליק? ניין, ער איז ניט פֿאַרורטיילט צו לעבן אין ניו־יאָרק, ער וועט אומבאַדינגט זיך אַרויסרײַסן פֿון דאַנען. סע מאַכט ניט אויס, וואָס דורך דער אַמבאַסאַדע באַקומט זיך ניט. ס'וועט זיך מוזן באַקומען אַף אַן אַנדערן אופֿן. ער האָט באַשלאָסן אָנצוקלײַבן געלט און פֿאָרן קיין מאָסקווע: אים דערלויבט מען ניט דערפֿאַר, וואָס ער האָט קיין געלט ניט, איז אָרעם, ווי נאָר ער וועט רײַך ווערן, וועט מען אים דערלויבן. אַ נאַיִווער געדאַנק, נאָר טאַרנאָפּאָלסקי האָט געגלייבט אין אים.

ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט אַקשאָנעסדיק. ער האָט זיך גענייטיקט אין געלט, און ער האָט עס אָנגעהויבן פֿאַרדינען.

— די וועלט וועט אופֿציטערן פֿון דעם, וואָס איך וועל אָפּטאָן, — האָט ער צומאָל גערעדט צו זיך אַליין, ווי פֿון שלאָף. די הענט האָבן געברענט, די פֿיס געברענט, דער קערפּער האָט ניט געפֿאָלגט, אַלע איבורים זײַנען געווען פֿרעמד. באַזונדערס האָבן אים באַאומרויִקט די פֿינגער — אָנגעלאָפֿענע, שלעכט בייגעוודיקע, צעטרעשטשעטע, מיט געשווירן אין די געלענקען. מיט אַזעלכע פֿינגער קאָן אַ מוזיקאַנט נאָר שטום עפֿענען דאָס מויל, כאַפּן מיט פֿאַרטרערטע אויגן זײַן אומגליקלעכן שטערן. — די וועלט וועט שטוינען פֿון דעם, וואָס איך טראַכט אופֿטאָן, — האָט ער געמורמלט, און די ליפּן האָבן זיך צונויפֿגעקלעפּט, צונויפֿגעקלעפּט, ס'איז פֿאַרבײַ עטלעכע מינוט, און טאַרנאָפּאָלסקי איז פֿאַרזונקען געוואָרן אין אַ מידן טיפֿן שלאָף.

אים האָט זיך געכאָלעמט מאָסקווע, מענטשן, וועלכע ער האָט געקענט, סע זײַנען אופֿגעשווומען געוויסע עפּיזאָדן, וואָס האָבן געהאַט אָן אָרט אין לעבן. זיי זײַנען שוין לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן, פֿאַרטרונקען געוואָרן מיט דער צײַט, און קיין שום אומקער צו זיי איז ניט געווען. און אָט זײַנען זיי אופֿגעשווומען און אַרויסגערופֿן אַ גוואַלדיקע פֿאַרווונדערונג, און אַ שמייכל אַף די ליפּן. אין לעבן, זעט אויס, גייט גאָרניט פֿאַרבײַ פּאָשעט אַזוי, ניט איבערלאָזנדיק קיין שפּורן — יעדע קלייניקע פֿרייד, יעדער קלייניקער ווייטיק לאָזט איבער איר סימען, איר קאַרב. און די קאַרבן שווימען אויף דערנאָך אַף דער אויבערפֿלאַך, עס קערן מיטאַמאָל זיך אום די ווייטיקן, וואָס זײַנען אַמאָל געווען, רופֿן אַרויס נײַע ווייטיקן, פֿרייד רופֿט אַרויס פֿרייד. און אויב דאָס געוועזענע קערט זיך אום און אַלץ אין דער וועלט כאַזערט זיך איבער, וועט ער, טאַרנאָפּאָלסקי, זיך אויך אומקערן, און דאָס וועט זײַן באַרעכטיקט.

פֿאַר איין פֿעלער קעפּט מען ניט צוויי מאָל. ער האָט אַליין מער זיך געקעפּט, ווי אַנדערע וואָלטן עס געטאָן, אַליין זיך באַשטראָפֿט אַזוי שרעקלעך, אַזוי האַרב, אַז קיין גרעסערע שטראָף קאָן ניט צוטראַכטן אַפֿילע דער סאַמע שטרענגסטער ריכטער. זאָל גאָט היטן, אַז עמעצער זאָל זיך געפֿינען אין זײַן צושטאַנד. אַ באַקאַנטער קינסטלער, וועלכער האָט ניט געקאָנט פֿאַרלײַדן ברײַטאָן־ביטש און אַלץ, וואָס איז געווען פֿאַרבונדן מיט עמיגראַנטן, האָט אַמאָל אָפּנהאַרציק פֿאַר אים זיך מודע געווען, פֿאַרוואָס ער האָט פֿאַרלאָזט דעם ראַטנפֿאַרבאַנד.

דער קינסטלער האָט זיך פֿאַרנומען מיט „סאַמיזדאַט" — איצט הייסט עס „טאַמיזדאַט", „סאַמיזדאַט" האָט זיך אַריבערגעפּעקלט קיין פּאַריזש, טעל־אַוויוו און ניו־יאָרק, אַרויסגעלאָזט אַף אַ שרײַבמאַשינקע אָן אַנטיסאָוועטיש זשורנאַלכל, באַצירט די פֿרײַע זײַטן מיט פֿאָטאָגראַפֿיעס, וועלכע האָבן געפּריידיקט דעם „אויסלענדישן גאַניידן", און אָפּן סמאַך פֿון אָט דער סיבע איז דער קינסטלער אָפֿט געווען אין קאָנפֿליקט מיט דער אָפֿיציִעלער מאַכט.

איינמאָל האָט אים אַרויסגערופֿן צו זיך אַ רויִקער מידער מענטש, „פֿון יענע אָרגאַנען", ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט דער באַקאַנטער קינסטלער, אים אַוועקגעזעצט אַף אַ שטול און לאַנג ניט אָנגעהויבן קיין שמועס, אַלץ געשוויגן. דער קינסטלער איז געוואָרן אומרויִק: אַ גוט ווערטל — שווײַגן איז גאָלד — אַ באַקאַנטער עמעס, נאָר צי איז עס איצט ניט צופֿיל גאָלד?

דער באַלעבאָס פֿונעם קאַבינעט האָט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס באַאומרויִקט דעם קינסטלער, זיך טרויעריק צעשמייכלט:

— איר האָט צוויי וועגן, — האָט ער געזאָגט, — פֿאָרן קיין מײַרעוו, ווו מע וואַרט אַף אײַך, דאָס איז דער ערשטער וועג, און דער צווייטער — פֿאָרן אַף מיזרעך, דאָרט, פֿאַרשטייט זיך, וואַרט מען ניט אַף אײַך. נאָר ווי זינגט זיך עס אין באַוווסטן לידעלע: „ערטער ניט גאַנץ ווײַטע", אינדערעמעסן געגנוג ווײַטע, פֿרײַוויליק גייט מען ניט אַהין. קלײַבט אויס!

לײַכט צו זאָגן — קלײַבט אויס! קיין אַנדערן אויסוואַל האָט דער קינסטלער ניט געהאַט. געבליבן איז נאָר איינס — מײַרעוו, ווו, רעכענענדיק זיך מיט זײַנע „קעמפֿנדיקע" פֿאַרדינסטן, וועט מען אים באַגעגענען מיט צעשפּרייטע אָרעמס.

— בלײַבן אין דער מיט גייט ניט? — האָט ער געפֿרעגט.

— ניין.

— אויב אַזוי, איז מײַרעוו.

— מײַרעוו איז מײַרעוו. קיין גרעסערע שטראָף קאָנט איר פאַר זיך ניט צוטראַכטן.

— פאַרוואָס?

— איר שטעלט זיך אַפילע ניט פאָר, וויאַזוי איר באַשטראָפט זיך, — האָט ווידער זיך טרויעריק צעשמייכלט דער באַלעבאָס פונעם קאַבינעט, — אַף וואָס שטעלט איר אויס אײַער פרוי, די קינדער. איר — מאַסקים, נאָר זיי, וואָס פאַר אַ שײַכעס האָבן זיי?

נאַטירלעך, די פרוי און די קינדער האָבן קיין שום שײַכעס ניט געהאַט. דער קינסטלער האָט טאַקע אַזוי געענטפערט. דער באַלעבאָס פונעם קאַבינעט האָט אַ קוק געטאָן אַף אים. וואָס פאַר אַ מאָדנע און מידער בליק דאָס איז געווען, וויפל איז געווען אין אים כאָכמע, און ער האָט ניט געגלייבט דעם בליק.

— גאָר גיך וועט איר אַלץ פאַרשטיין, דאָס, וואָס איר פאַרשטייט ניט איצט, — האָט געזאָגט דער באַלעבאָס פונעם קאַבינעט און אַ זיפץ געטאָן, — גוט, פורעמט אויס דעם פאַספּאָרט און פאָרט!

שפּעטער האָט דער קינסטלער אָפט זיך דערמאָנט אין יענעם געשפּרעך. אים האָט באַדאַרפט דער, יענער, ווער עס האָט אים דאָ באַגעגנט, בלויז ביז אַ צײַט, באַזונדערס, ווען ער האָט זיך געפונען אין ראַטנפאַרבאַנד — אָט אַזאַ מין קעמפער מיט אַ מאַרטירער־פּאָנעם פון אַ קריסטוס, ווי ס'האָבן וועגן אים געשריבן די צײַטונגען, אַ פרײַהײַט־קעמפער, מוטיקער מענטש, וועמענס הויפט־ציל איז געווען — „קאַמף פאַרן עמעס“. און דער קינסטלער האָט גערעדט „עמעס, עמעס און נאָר עמעס“ — און דערפאַר האָט מען אים אונטערגעקאָרמעט מיט געלט, קליידער, פּראָדוקטן, צוזאָגעכצן. אייגנטלעך, ניט אונטערגעקאָרמעט, דאָס איז ניט דאָס פּאַסיקע וואָרט, נאָר געקאָרמעט צוזאַט. וואָס ער האָט נאָר פאַרלאַנגט, האָט ער באַקומען. נאָר געוואָרן איז ער אינגאַנצן אומנייטיק, ווען ער האָט זיך שוין געפונען אין מײַרעוו. אַזוי טאַקע האָט מען אים געזאָגט, גאַנץ אָפן, אין די אייגן. מע דאַרף אים ניט מער. פיניטאַ לאַ קאָמעדיאַ!

אָט דעמלט איז פאָרגעקומען די מעטאַמאָרפאָזע. דער קינסטלער האָט געמאַכט אַ קער אַף גאַנצע הונדערט אַכציק גראַד. און דאָ, אין ניו־יאָרק, ווו מע האָט ניט געטאָרט אָפט זאָגן, אַז דו ביסט אַ רוסישער און געבוירן ניט דאָ, האָט ער האַסטיק אָנגעהויבן פאַרטיידיקן דעם סאָוועטנפאַרבאַנד. באַזעצנדיק זיך אין אַמעריקע, האָט ער, אומדערוואַרט פאַר זיך אַליין, זיך דערפילט איינזאַם. ער איז געוואָרן האָפנונגסלאָז קראַנק אַף נאָסטאַלגיע. און די קייט, וואָס האָט אים פאַרבונדן מיטן היימלאַנד, האָט זיך ניט איבערגעריסן. יעדעס שלעכטע וואָרט, וואָס עמעצער האָט זיך דערלויבט צו זאָגן בענעגייע דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, האָט אַרויסגערופן בא אים אַ ברען אין די שלייפן, און דער קינסטלער האָט זיך טייקעף געוואָרפן אין אָנגריף, אומאָפּהענגיק פון דעם, ווער דער קעגנער איז געווען — אַן אַמעריקאַנער, אַ נעגער פון אַפריקע, אָדער אַ רוסישער עמיגראַנט...

עך, וואָלט טאַרנאָפּאָלסקי זיך באַקאַנט מיט אָט דעם קינסטלער איידער ער איז באַגאַנגען דעם פעלער! אַלץ וואָלט אַנדערש געווען.

ער האָט אָפּגעאַרבעט אַ יאָר. געאַרבעט קימאַט יעדן טאָג אָן „ווּיק־ענדן“, צונויפגעלייגט אַ דאָלאַר צו אַ דאָלאַר, אַ קופּיור צו אַ קופּיור. איין דאָלאַר־פּאַפּירל האָט ער געביטן אַף אַ צענדאָלאַרדיקס און אַזוי ביז אַ צוויי־הונדערטדאָלאַרדיקס... און אָט האָט ער שוין געקאָנט אַ קאָמאַנדעווע טאָן זיך: „גענוג!“

ס'איז געקומען די צײַט זיך צו לאָזן אין וועג. טאַרנאָפּאָלסקי האָט צום לעצטן מאָל גערעדט אין טעלעפאָן מיט זשאַנען, אײַנגעקויפט עטלעכע סוווענירן, ניט קיין טײַערע, נאָר אויך ניט קיין ביליקע, צונויפגעפּאַקט דאָס ביסל זאַכן, אײַנגעשאַפן זיך אַ בילעט ביז ווין און אָפן אַנדערן טאָג, מיט אַן אַעראָפּלאַן פון דער קאָמפּאַניע „פּאַן־אַם“, אָפּגעפלויגן קיין עסטרײַך.

אין ווין האָט אים, פאַרשטייט זיך, קיינער ניט באַגעגנט...

נאָך אַ לאַנגן פליִען אין די הימלען האָט ער זיך גוט געפילט אַף דער זיכערער ערד. מיט די פינגער געכאַפּט די לופט, דער שמייכל איז ברייטער געוואָרן — אַף דער ווינער ערד איז געשטאַנען אַן אַנדער טאַרנאָפּאָלסקי, ניט דער, וואָס האָט געלעבט אין ניו־יאָרק.

אין ווין האָט ער געקויפט אַ בילעט ביז מאָסקווע. דער אַעראָפּלאַן פון דער עסטרײַכישער קאָמפּאַניע האָט זיך געגרייט אין דרײַ שאָ אַרום אָפּפליִען לויטן מאַרשרוט ווין—מאָסקווע—טאָקיאָ. טאַרנאָפּאָלסקי האָט באַשלאָסן צו פליִען מיט אים. ווען בא דער רעגיסטריר־סטאָיקע האָט זיך אָנגעהויבן פאַרזאַמלען אַ ריי, איז טאַרנאָפּאָלסקי געשטאַנען אין אַ זײַט, געדרייט אין די הענט דעם בילעט. דאָס מאָל איז שוין אַף זײַן פּאָנעם ניט געווען קיין שמייכל, אַף אים איז פעסט געלעגן אַן אויסדרוק פון זאָרג, אומרו, אַפילע אַ באַהאַלטענער ווייטיק, נאָר ער האָט עס פאַרבאָרגן, זיך באַמיט צו דערטרינקען די געפילן, ווי מע דערטרינקט אַ הינטל, נאָר ביזן סאָף פונדעסטוועגן ניט דערצויגן. דער ווייטיק האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ ניט־דערטרונקענער.

ער האָט געוואָרפֿן אַף דער רײַ אַ קאָסן בליק. זײַן אָדער ניט זײַן! פֿאַרקרימט דאָס פּנים און אַלט געוואָרן אין עטלעכע רגעס. געכאַפּט האַסטיק דעם טאַש, וועלכן ער האָט די גאַנצע צײַט בײַסן פֿליִען געהאַלטן אַף די קני. אין אים זײַנען געלעגן די סוּווענירן. גענומען דעם טשעמאָדאַן און אַנטשלאָסן זיך געשטעלט באַם סאָף פֿון דער רײַ. אופֿגעבן איז געווען שוין שפּעט, און אַפֿילע ניט געווען שוין וווּהין.

אײַנגיכן איז ער שוין געזעסן אין דעם אַעראָפּלאַן און, צודריקנדיק דאָס פּנים צום אילומינאַטאָר, אַראָפּגעקוקט. אים האָט זיך זייער געוואָלט פֿאַרפֿיקסירן די אומזעבאַרע שלענגלענדיקע ליניע, וועלכע זיי דאַרפֿן איבערפֿליִען אין איין אויגנבליק. דאָס האַרץ רופֿט זיך אָפּ מיט אַ געקלאַנג אין קאָפּ, די שלייפֿן פּרעסן פֿאַר פֿרייד און אומרו, פֿאַר עטלעכע פֿראַגן: „און וואָס וועט זײַן ווײַטער?" אוןווירקלעך, וואָס וועט זײַן ווײַטער? — „וואָס וועט זײַן ווײַטער, וועלן מיר זען, — האָט פֿילאָסאָפֿיש געטײַנעט צו זיך אַליין טאַרנאַפּאָלסקי, — רוסלאַנד האָט שטענדיק זיך אויסגעצייכנט מיט באַרעמהאַרציקײַט. גוטסקײַט צו מענטשן ווערט אײַנגעפּלאַנצט נאָך אין שול... ניין, פֿריִער נאָך — אין די קינדער־גערטנער, יאַסלעס, באַ דער מוטער אַף די הענט. און דער מענטש, אָנגעפֿילט מיט ראַכמאָנעס, גיט אַ שטיקל ברויט אין אַ הונגעריקן טאָג, דערוואַרעמט, טיילט זיך מיט טיי און צוקער. צי וועט מען אויך אַף מיר ראַכמאָנעס האָבן?"

דער אַעראָפּלאַן האָט געלעבט זײַן אייגן לעבן, אין דער הייך איז עס שטענדיק פֿאַרגיכערט, נאָר טאַרנאַפּאָלסקין איז דאָס דאָזיקע לעבן אינגאַנצן ניט אָנגעגאַנגען. אַף אים האָט פֿון צײַט צו צײַט געוואָרפֿן אירע בליקן אַ סטיואַרדעסע, וועלכע האָט געפֿירט פֿאַר זיך אַ פּילשטאָקיק ניקלירט טישל מיט געטראַנקען, סיגאַרעטן און פֿאַרשיידן עסנוואַרג אין דורכזיכטיקער פֿאַרפּאַקונג, נאָר טאַרנאַפּאָלסקי האָט זיך אַפֿילע ניט אומגעקוקט אַף איר. ער האָט אויך ניט רעאַגירט אָפּן מיטיק, וואָס עס האָט געבראַכט אַן אַנדער סטיואַרדעסע. ער האָט דורשטיק געכאַפּט מיט די אויגן די ברוינלעך־טונקעלע פֿלעקן, וואָס זײַנען אונטן פֿאַרבײַגעשוווּמען, די שטיינערדיקע פֿאַלדן, קאַרבן און גריבער, אָנגעפֿילטע מיט וואַסער, צעשויבערטע שטיקער וואַלד, גלײַכע קוואַדראַטע פֿעלדער, צומאָל האָבן זיך אונטערגערוקט וואָלקנס, און די בליקן באַ טאַרנאַפּאָלסקין זײַנען געוואָרן פֿאַרוווּנדערט, ווי באַ אַ קינד, וואָס האָט נאָרוואָס אָנגעהויבן דערקענען די וועלט. יעדער ברוינער פֿלעק אַף דער ערד, וואָס האָט פֿאַר די אַנדערע פּאַסאַזשירן קיין שום באַדײַטונג ניט געהאַט, האָט פֿאַר טאַרנאַפּאָלסקין באַטײַט אַ סאַך, אַזוי פֿיל, אַז באַ אים האָט ניט־ווילנדיק געקלעמט דאָס האַרץ, דאָס בלוט האָט געשלאָגן אין די שלייפֿן, ס'איז אים געוואָרן הייס און גלײַכצײַטיק פֿריידיק.

דאָס איז געווען זײַן ערד, כאָטש טאַרנאַפּאָלסקי האָט ניט געוווּסט אַף זיכער, ווען דער אַעראָפּלאַן איז איבער די אומזעבאַרע גרענעץ, וועלכע סע קאָן ניט איבערטרעטן קיין איין מענטש אָן אַ באַשטימטער אַף דעם דערלויבעניש, און עפּשער זײַנען זיי נאָך ניט איבער די גרענעץ? סײַווי איז ער זיכער, אַז דאָס איז זײַן ערד, און דאָס געפֿיל פֿון קרויוועשאַפֿט, די אָנגעהעריקײַט צו דער פֿאַרביקער אויבערפֿלאַך, וואָס איז פֿאַרבײַגעשווּמען אונטן, האָט ניט געקאָנט אָפּרײַסן טאַרנאַפּאָלסקין פֿונעם אילומינאַטאָר.

ווען דער אַעראָפּלאַן האָט געלאַנדעט אין מאָסקווע, איז טאַרנאַפּאָלסקין באַפֿאַלן אַ שרעק. ער האָט זיך געהיט צו קוקן מענטשן אין די אויגן. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס וועט ער זיי ענטפֿערן, וואָס דערקלערן אַף דער פֿראַגע: פֿאַרוואָס ער איז אַוועקגעפֿאָרן, ביכלאַל, ווי־אַזוי וועט ער גיין מיט זיי אַף איין גאַס, לעבן אין איין הויז, אָטעמען איין לופֿט?

נאָר ביז דעם איז נאָך געווען גאָר ווײַט. מע האָט נאָך באַדאַרפֿט דורכגיין דעם באַריער. מיט ציטערנדיקע הענט האָט ער גענומען די אַרײַנפֿאָר־שײַן, זי אויסגעפֿילט. אין דער רובריק, ווו מע האָט געדאַרפֿט אָנווײַזן די אָנגאַבן פֿונעם פּאַספּאָרט, האָט ער איבערגעלאָזט ריין. דעם פּאַספּאָרט האָט ער אַרויסגענומען פֿון קעשענע, אים געהאַלטן אַ ווײַלע אין די הענט, דערנאָך צעריסן אַף שטיקלעך און אַרײַנגעוואָרפֿן אין מיסטקאַסטן.

ס'איז אים געוואָרן גרינגער. נאָר די שרעק איז סײַווי ניט פֿאַרבײַ. ער האָט מיט כשאַד געכאַפּט אַ קוק אַף דעם פֿאַרשאָטנטן גרענעץ־שטיבל, און בײַסנדיק די ליפּן, זיך געשטעלט אין סאָף פֿון דער רײַ. פֿאַר אים איז געשטאַנען אַן עלעגאַנט געקליידטע פֿרוי, וועלכע האָט אַלעמאָל זיך אַרומגעקוקט, און טאַרנאַפּאָלסקי האָט באַמערקט, ווי אין אירע קאַרע אויגן בליצן אוף אומרויִקע פֿײַערלעך. זעט אויס, די פֿרוי האָט זיך פֿאַר עפּעס געשראָקן. די אומרויִקײַט האָט געזאָלט אָנשטעקן אויך טאַרנאַפּאָלסקין, ער האָט געקענט זײַן כאַראַקטער, וועלכער איז פּעיִק געווען אײַנצוזאַפּן אין זיך אַלץ, וואָס טראָגט זיך אַרום אין דער לופֿט און באַלד זיך אָפּרופֿן אַף יעדער באַוועגונג זײַנער, מיט אומרו און ווייטיק. נאָר געווען איז איצט פֿאַרקערט — טאַרנאַפּאָלסקי איז געוואָרן גאַנץ רויִק. אים איז געוואָרן וואַרעם און פֿריידיק — ער האָט זיך געפֿונען אַף דער לײַבלעכער ערד, אין זײַן היימלאַנד. ער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, אַרײַנגעקראָכן מיט דער האַנט אין זײַן טאַש, אַרויסגעקראָגן פֿון דאָרט אַ צעקנייטשט נאָזטיכל און אַ וויש געטאָן דערמיט די אויגן.

די פרוי האָט אומזיסט זיך באומרויִקט, מע האָט זי דורכגעלאָזט אָן אָפּהאַלט. טאַרנאָפּאָלסקי האָט פאַרנומען איר אָרט, אָפּגערוקט מיטן פוס צו דער וואַנט דעם טאַש מיט די סוווענירן און, אַרײַנקוקנדיק אין דעם ערנסט קאָנצענטרירטן פּאָנעם פון דעם סערזשאַנט, אַוועקגעלייגט פאַר אים אַ בלוילעך גרוי בינטל פּאַפּירן — דעם אַרויספאָר־בילעט.

דער גרענעצלער האָט גענומען דעם בילעט, אים געדרייט אַ ווײַלע אין די הענט, פאַרכידעשט געגאַפּט אויף טאַרנאָפּאָלסקין.

— אײַער פּאַספּאָרט, ביטע!

— איך האָב ניט קיין פּאַספּאָרט.

— וואָס הייסט ניט?

— אָט דאָס הייסט, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי צעפּירט די הענט, — וויאַזוי געשעט, ווען מ׳איז אָן אַ פּאַספּאָרט? ניטאָ, און גאָר. געווען — און אויס.

— כוץ דעם האָט איר מער גאָרניט? — האָט דער גרענעצלער אָנגעוויזן אויפן בילעט.

— ניין, מער גאָרניט.

— טיו־טיו, — דער גרענעצלער האָט אַ פּײַף געטאָן און פון איבעראַשונג פאַרזשמורעט די אויגן. ער איז ניט געוווינט בײַם דער סלוזשבע אויף עפּעס־וואָס זיך צו וווּנדערן, האָט, אפּאָנעם, דערויף אַפילו קיין רעכט ניט, און דאָ האָט ער ניט־ווילנדיק זיך פאַרוווּנדערט. די אויגן זײַנען געוואָרן גריז, מיידלש, די נאָז האָט פאַרקרימט אַ שמייכל, כאָטש פון וואָס איז געווען צו לאַכן? — וואָס, איר האָט דעם פּאַספּאָרט פאַרלוירן?

— פאַרלוירן, — האָט פאַרלײַכטערט אָפּגעאָטעמט טאַרנאָפּאָלסקי, — דער פּאַספּאָרט איז צופעליק אַרײַנגעפאַלן אין די גרויע הודזאָן־וואַסערן און עס האָט אים פאַרשלונגען אַ שרעקלעכער, ביינערדיקער פיש, וועלכן ס׳איז אַלציינס מיט וואָס זיך צו נערן: מיט פּאַספּאָרטן, צי מיט מענטשן. אַנטשולדיקט מיר.

— דער פיש איז אומבעראַכמאָנעסדיק? — האָט אין טאָן, לויט דער פאָרם געפרעגט דער סערזשאַנט.

— אוי, ווי אומבעראַכמאָנעסדיק! — האָט קימאַט פרייַלעך אויסגערופן טאַרנאָפּאָלסקי, דערפילנדיק, אַז אַלץ גייט גוט און דאַרף אומבאַדינגט צוגיין גוט. מיט וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן וואָלט ער זיך איצט פאַרוואַנדלט אַפילו אין אַ טאַראַקאַן, אַבי זיך אַריבערצוקריגן אויף יענער זײַט באַריער.

— אין דער אַמבאַסאַדע האָט מען אײַך ניט געגעבן קיין שום באַשטעטיקונג? — האָט געפרעגט דער גרענעצלער.

— ניין, ניט געגעבן.

— ווען זײַט איר אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד?

— דעם צוואַנציקסטן, פינקטלעך מיט זעכצן טעג צוריק, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי, אויסרעכענענדיק, וויפל טעג מע דאַרף קיין ניו־יאָרק און צוריק, צוגעבנדיק נאָך אַ וואָך, זיך צאַרט צעשמייכלט.

דער סערזשאַנט האָט זיך אָנגעכמורעט, געבלעטערט אַ זשורנאַל, וואָס איז געלעגן פאַר אים, מיט עמעצן גערעדט אין טעלעפאָן און אופגעהויבן דעם קאָפּ. זײַן בליק איז געווען אַ שאַרפער, קאַלטער, טאַרנאָפּאָלסקין האָט זיך אויסגעוויזן, ווי מע וואָלט אים פּלוצעם אַרײַנגערוקט אין קאַלנער אַ שטיק אײַז, ער האָט זיך אײַנגעהויקערט, אַ פראָסט איז אים אַדורך איבערן לײַב.

— אין די רעשימעס פון די אַרויספאָרנדיקע פונעם ראַטנפאַרבאַנד דעם צוואַנציקסטן זײַט איר ניטאָ, — האָט געזאָגט דער גרענעצלער.

— נאָר איך בין דאָך אַרויסגעפאָרן! ווי אַנדערש האָב איך זיך געקאָנט געפינען אין אויסלאַנד?

— איך ווייס ניט.

— עפשער בין איך אינגאַנצן ניט אַרויסגעפאָרן?

— איך ווייס ניט.

— אויב איך האָב קיין פּאַספּאָרט ניט... האַ?

— איך ווייס ניט.

— עפשער באַשטיי איך אינגאַנצן פון הוילער לופט? קוקט אויף מיר, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי מיט אַ פינגער געקנייטשט די נאָז, געריסן די אויערן, געקניפּט די באַקן, — דאָס אַלץ איז לויטער לופט, לופט, און איך, ווי אַ לופטבאַלאָן אָן וואָג, בין אַריבער די גרענעץ און טיו־טיו. וווּהין איך וויל, אַהין פלי איך. איך בין אַ מוזיקאַנט. איר ווילט, שפּיל איך פאַר אײַך אויף אַ פידל?

— איך וויל ניט.

— אויף אַ פאָרטעפּיאַנע?

— ניין.

— אויף אַ טרומייטער?

— אויך ניט.

— אויב אַזוי, וואָס ווילט איר?

— איר זאָלט מיר דערלאַנגען אײַער פּאַספּאָרט.

— איך האָב ניט קיין פּאַספּאָרט! איר פֿאַרשטייט — איך האָב ניט. איך האָב ניט, איך האָב ניט! און וועגן דעם, אַז איך בין געבוירן דאָ, אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, און וווין דאָ, אין מאָסקווע, קאָנט איר זיך איבערצײַגן. קלינגט אָן מײַן פֿרוי, — טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַרויסגענומען פֿון קעשענע אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ פֿאַרפֿרײַער אָנגעשריבענעם טעלעפֿאָן־נומער און אונטערגערוקט דעם גרענעצלער, — אָט איז דער טעלעפֿאָן! מײַן פֿרוי זשאַנע ניקאָלײַעווגע טאַרנאָפּאָלסקאַיאַ זיצט און וואַרט אויפֿן קלונג. און דער זון יערמאָלײַ וואַרט אויך. וואָס איז פֿאַר אײַך ווichטיקער — דער פּאַספּאָרט, צי דער לעבעדיקער מענטש? קלינגט אָן! יאָ, דער פּאַספּאָרט איז פּונקט אַזאַ שטיקל פּאַפּיר, ווי דאָס ברעקל צײַטונג מיטן טעלעפֿאָן־נומער.

טאַרנאָפּאָלסקין האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איצט איבערצײַגט ער דעם סערזשאַנט, אַז ער הייבט אים אָן מיטפֿילן. נאָך אַ ווײַלע, און ער וועט אים גלייבן, דורכלאָזן דורכן טירל פֿונעם באַריער, און דאָרט... טאַרנאָפּאָלסקי האָט פֿריידיק אַ קוק געטאָן אויף יענער זײַט טורניקעט אין דעמערנדיקן באַוועגלעכן זאַל, נאָר דער גרענעצלער האָט זיך אַפֿילע ניט געקליבן אים גלייבן. ער האָט געמישט די זײַטלעך פֿונעם זשורנאַל און מיט עמעצן גערעדט אין טעלעפֿאָן.

ווען טאַרנאָפּאָלסקי האָט פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד, איז נאָך דער אַעראָפּאָרט ניט געווען. ער איז אָפּגעפֿלויגן פֿון אַ קליינעם אַלטינקן „שערעמעטיעוואָ" — אַ נידעריקן, ענגן, רוישיקן, נאָר בלומען זײַנען געווען באַם געזעגענען, און טרערן — און איצט איז שערעמעטיעוואָ אַ נײַער, פּרעכטיקער אַעראָפּאָרט. טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַ קלער געטאָן: מיט גאָרניט ערגער, איידער דער אַעראָפּאָרט קענעדי אין ניו־יאָרק, און איז געבליבן צופֿרידן פֿונעם פֿאַרגלײַך.

— נו, ווי אַזוי ווערט געלייזט מײַן ניט־גרינגע פֿראַגע, כאַווער גרענעצלער? — טאַרנאָפּאָלסקי האָט זיך אויפֿגעשטעלט אויף די שפּיץ פֿינגער, געפּרווט אַ קוק טאָן, וואָס פֿאַר אַ זשורנאַל עס ליגט אויפֿן שמאָלן טישל, נאָר גאָרנישט ניט געזען און זיך אַראָפּגעלאָזט, דורכגעשטאָכן פֿון דעם סערזשאַנטס שטרענגע בליקן. — איך זאָג דאָך, קלינגט אָן מײַן פֿרוי, זי וועט באַשטעטיקן, ווער איך בין און וואָס. קלינגט אָן, — ער האָט נעענטער צוגערוקט דאָס פּאַפּירל מיטן טעלעפֿאָן־נומער.

— אַ קלונג קאָן מען צו אײַער זאַך ניט צוטשעפּען, אַ קלונג איז ניט קיין דאָקומענט, — האָט אַ זיפֿץ געטאָן דער גרענעצלער. ער האָט, זעט אויס, פֿונדעסטוועגן מיטגעפֿילט טאַרנאָפּאָלסקין.

— נאָר אָט דעם אַרויספֿאָר־בילעט קאָן מען צונאָגלען?

— מע קאָן, נאָר צו דעם דאַרף מען נאָך האָבן אַ פּאַספּאָרט.

— פּאַספּאָרט, פּאַספּאָרט, פּאַספּאָרט! — האָט גיך איבערגעכאַזערט טאַרנאָפּאָלסקי.

— יאָ, פּאַספּאָרט, — האָט גאַנץ ערנסט באַשטעטיקט דער גרענעצלער.

אין עטלעכע מינוט אַרום האָט אין זײַן קאַבינעט זיך באַוויזן אַ קאַפּיטאַן, אַ גלעט געטאָן די קורץ אונטערגעשוירענע רויטהאָריקע וואָנצעלעך, געכאַפּט אַ קוק אויפֿן סערזשאַנט, דערנאָך אין זשורנאַל.

— נו, וואָס הערט זיך בײַ דיר, קאַבאַנקאָוו?

— אַן אויסערגעוויינלעכער פֿאַל, כאַווער קאַפּיטאַן.

אַ קאַפּיטאַן איז ניט קיין סערזשאַנט, אים איז נייטיק געווען אַ סך ווייניקער צײַט, קעדיי אין אַלץ זיך פֿאַנאַנדערצוקלײַבן. און פֿאַנאַנדערקלײַבנדיק, האָט ער זיך געוווּנדערט אַזוי, אַז זײַנע צונויפֿגעוואַקסענע ברעמען האָבן זיך צערוקט, אויפֿדעקנדיק אַ יונגע ריינע ראָזעווע הויט. דער קאַפּיטאַן איז געווען פּונקט אַזוי יונג, ווי דער סערזשאַנט, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און זיך דערפֿילט אַלט — אַ טיפֿער גרויהאָריקער זאַקן, וועלכן עס מאַטערן שלעכטע געדאַנקען און די נאָענטקײַט צום סאָף. וואָס קאָן זײַן ערגער פֿאַר אַ מענטשן, ווי פּריצײַטיקע אַלטקײַט? ער האָט ניטווילנדיק זיך אײַנגעהויקערט, געשפּירט אין דער ברוסט די באַקאַנטע קעלט, אין די אויערן האָט געקלונגען.

אומעטיק איז געוואָרן טאַרנאָפּאָלסקי. אָט־אָט, און פֿונעם מויל וועט זיך אַרויסרײַסן אַ טרוקענער קלאַנגלאָזער געשריי. ער האָט מיט אַלע קויכעס זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער אָנגעלאָפֿענער שוואַכקײַט, דעם ווייטיק, דער בענקשאַפֿט, שטאַרק צונויפֿגעפּרעסט די ליפּן. אים איז געוואָרן קלאָר, אַז באַלד וועט דער קאַפּיטאַן מיט אים זיך צערעכענען.

קאַבאַנקאָוו האָט געוואָלט אויפֿשטיין, נאָר דער קאַפּיטאַן האָט אים אַרויפֿגעלייגט די האַנט אויף דער פּלייצע, צוגעדריקט צום שטול, אַ בעט געטאָן, שטיל, מיד — טאַקע אַ בעט געטאָן און ניט געפֿאָדערט, אויף אַזויפֿיל איז געווען שטיל און מיד זײַן שטים, אָנגעפֿילט מיט מיטגעפֿיל:

— דערציילט, וואָס האָט פּאַסירט?

קנייטשנדיק צווישן די פֿינגער דאָס פּאַפּירל מיטן טעלעפֿאָן־נומער, האָט טאַרנאָפּאָלסקי עס געוואָלט אונטערוקן דעם גרענעצלער, נאָר דערזעענדיק דעם קאַפּיטאַנס אויגן, וואָס זײַנען געווען דער

הײַפּעך צו זײַן מיטפילנדיקער שטים, האָט ער זיך באַרעכנט און אָפּגעווישט דערמיט די פינגער, ווי מיט א נאָזטיכל.

— באַהיט גאָט, ס'זאָל מיט עמעצן פּאַסירן דאָס, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט. אוי! — טאַרנאָפּאָלסקי האָט א דריי געטאָן מיטן קאָפּ. אים האָט זיך געדאַכט, אז ער גייט אױף עפּעס א בױונג, באַשיט מיט גלאָז־שפּליטערס, מיט פאַרזשאַווערטע אַרויסשטאַרצנדיקע צוועקעס, מיט נאָך עפּעס שאַרפע זאַכן, וואָס קאָנען צעשטעכן די פיס. אין די אויגן־ווינקלען האָבן זיך באַוויזן טרערן, טאַרנאָפּאָלסקי האָט אומעטיק געכאַפּט מיט די שוואַרצאַפּלען, מיט די נאָזלעכער, מיטן מויל א שטיק ליכט, וואָס האָט, ווער ווייסט פונוואַנען, זיך דורכגעריסן צו אים, געטראַכט, אז דאָס איז א גוטער סימן, אז אַלץ וועט סאָפּקאָלסאָף זיך ענדיקן צו גוטן, און באַמיט זיך צו צעשמעלצן מיט דער דאָזיקער וואַרעמקייט דעם פּראָסטיקן קנויל, וואָס האָט זיך געפונען אין זײַן אינגעווייד.

דער קאַפּיטאַן האָט געשוויגן, ער האָט ניט געאײַלט טאַרנאָפּאָלסקין, געוואַרט.

— הייסט עס אַזוי, — האָט אױף א קאָל אַרויסגעאָטעמט טאַרנאָפּאָלסקי, נאָכאַמאָל אָפּגעווישט מיטן פּאַפּירל די פינגער, אױף וועלכן ס'איז געווען אױפגעשריבן דער טעלעפאָן — זײַן אייגענער היימישער טעלעפאָן, איצט שוין א געוועזענער, — אַרויסגעפאָרן בין איך פונעם ראַטנפאַרבאַנד אין טרויעריקן האַרבסט טויזנט נײַן הונדערט... — ער האָט זיך א ווײַלע פאַרהאַלטן, גלײַך ער וואָלט ניט געקאָנט זיך דערמאָנען, אין וואָס פאַר א יאָר ער האָט זיך אַריבערגעפּעקלט פון מאָסקווע קיין ניו־יאָרק, כאָטש דאָס יאָר, דער כוידעש, טאָג און שאָ האָט ער גוט פאַרגעדענקט. ווי א פײַערדיקע שורע, האָבן זיי זיך פאַרקריצט אין זײַנע געהירן. — אייגנטלעך, בין איך פון די, וועלכע מע רופט בא אײַך דיסידענטן, — האָט ער א זאָג געטאָן, — יאָ, איך בין א דיסידענט. איר פאַרשטייט, כאַווער קאַפּיטאַן?

וואָס פאַר א כאַווער האָט אים געקאָנט זײַן דער קאַפּיטאַן? זייער קרויוועשאַפט איז באַשטאַנען איצט נאָר אין איינס — אין דער געמיינזאַמער שפּראַך. דער קאַפּיטאַן האָט זיך פאַרקרימט, נאָר קיין אַכט ניט געלייגט אױף דער ווענדונג צו אים, ווי צו זײַנס א גלײַכן, זיך ניט אָפּגערופן, און טאַרנאָפּאָלסקי איז מונטער געוואָרן, געקוקט ערגעץ אין א זײַט, געוואָלט כאָטש עפּעס זען, נאָר ער האָט גאַרניט געזען.

— נו, איך האָב זיך אומגעקערט, — האָט פאַרלײַכטערט אָפּגעאָטעמט טאַרנאָפּאָלסקי, — אַהער זיך אומגעקערט, אַהיים.

— וויאַזוי זיך אומגעקערט? — האָט געפרעגט דער קאַפּיטאַן.

— אַן ערעך אַזוי, ווי דער פאַרבלאָנדזשעטער זון אױף דעם באַוווּסטן בילד פון דעם באַוווּסטן קינסטלער קערט זיך אום צו טאַטע־מאַמע.

— דאָס ווערט אָבער ניט אַזוי געטאָן, אַנדערש, דורך דער אַמבאַסאַדע.

— אַנדערש האָט זיך ניט באַקומען, — האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט טאַרנאָפּאָלסקי, זיך אויסגעדרייט צום קאַפּיטאַן אַזוי, גלײַך ער וואָלט אים געגעבן א מעגלעכקייט צו אָבסערווירן זײַן פּראָפיל, געטראַכט דערבײַ, אז א מענטש, א געבוירענער אױף אָט דער ערד, אויסגעוואַקסן אױף איר, דאָ געלערנט אין א שול און לויט דער קאָמאַנדע פון דער פּיאָנער־וואָזשאַטע מאַרשירט צום טאַקט פונעם באַראַבאַן, געזונגען לידער אָט דער ערד, וועט קיינמאָל ניט קאָנען לעבן אױף אַן אַנדערער ערד, סײַדן ער איז אַראָפּ פון זינען. און ער האָט א פליסטער געטאָן קוים הערנדיק: — זיך אומגעקערט ביכלאַל...

— און ביפּראַט? — האָט זיך ניט געקאָנט מער אײַנהאַלטן דער קאַפּיטאַן, — ביפּראַט איז אַלץ אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעך. — ער האָט מיט די פינגער־שפּיצן געמאַכט א קײַלעכיקע קרײַז־באַוועגונג, ווי ער וואָלט פאַרשרויפט א מוטערקע: — די קאַרבן האָבן זיך אָפּגעריבן, שטומפּיק געוואָרן.

— יאָ, שטומפּיק, — איז מאַסקים געווען טאַרנאָפּאָלסקי.

— וואָס זשע וועט זײַן? — האָט געפרעגט דער קאַפּיטאַן.

— איך ווייס ניט, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי פאַרלעגן א צי געטאָן מיט די אַקסלען. אים האָבן אינגאַנצן ניט באַאומרויִקט די פאַרשיידענע יורידישע און אַנדערע טאָקאָנעס, ניט באַאומרויִקט די פּראָצעדור־פראַגן, אַזוי, דאַכט זיך, הייסן זיי אין פאַרשיידענע אָפיציעלע קאָדעקסן? ער האָט זייער געוואָלט אַהיים.

בא טאַרנאָפּאָלסקין אונטערן לינקן אויג האָט א ציטער געטאָן אַן אָדער. איין אויג איז געווען רויִק, מוטנע, אָן יעטווידן אויסדרוק, אינעם צווייטן האָט געווילדעוועט גרויל, שרעק, די הויט האָט געצוקט. טאַרנאָפּאָלסקי האָט געטראַכט, אז גוט, וואָס ער שטייט צום קאַפּיטאַן אין פּראָפיל און ניט אַנפאַס. קיינעם געפעלט ניט צו זען זיך שוואַך, שלעכט געשטימט, נאָך מער געפעלט ניט, אויב עמעצער באַמערקט עס. נאָר פאַרוואָס ציטערט גראָד דאָס לינקע אויג? מיסטאָמע דערפאַר, וואָס אױף דער לינקער זײַט געפינט זיך דאָס האַרץ. דערפאַר, זעט אויס, איז די זײַט אַמערסטן פּילבאַר. צי עפשער איז נאָך דאָ אַן אַנדערער פאַרוואָס?

— איך וויל זייער אַהיים, — האָט טרויעריק א זאָג געטאָן טאַרנאָפּאָלסקי.

— איך האָב מוירע, אַז פֿון אײַער אײדעלן באַגער װעט זיך גאָרניט באַקומען. — האָט דער קאַפּיטאַן אַרויסגערעדט מיט מיטגעפֿיל. ער האָט ניט געטאָרט מיטפֿילן טאַרנאָפּאָלסקין, װי דער סערזשאַנט קאַבאַנקאָװ, פֿונדעסטװעגן איז דאָך טאַרנאָפּאָלסקי אַן אַנטלאָפֿענער, אַפֿילע מער — אַ פֿאַרעטער. מיליטערלײַט באַציִען זיך צו אַזעלכע מענטשן מיט אײן־און־אײנציקער מאָס, מיט דער מאָס פֿון פֿאַראַט, געזען דורך דעם אַנציל פֿון אַ ביקס. און דאָך האָבן בײדע גרענעצלער מיטגעפֿילט. סײַ דער קאַפּיטאַן, סײַ דער סערזשאַנט זײַנען געװען אַן אויסנאַם פֿון דעם קלאַל.

— איך װיל זײער אַהײם, — האָט איבערגעכאַזערט טאַרנאָפּאָלסקי. ער האָט שױן פֿאַרשטאַנען: דער מאַטש איז אָפּגעשפּילט, דער כּעזשבן איז ניט לעטויװעס אים, אַהײם װעט ער שױן ניט קומען. — איך האָב דאָ אין מאָסקװע אַ װײַב זשאַנע און אַ זון יערמאָלײַ. האַ? אַ װײַב זשאַנע און אַ זון יערמאָלײַ... צי דען האָט איר ניט קײן זון, כאַװער קאַפּיטאַן?

— איך האָב.

— הײסט עס, איר פֿאַרשטײט מיך, האַ? אויב איר פֿאַרשטײט מיך ניט, װעט איר אין עטלעכע מינוט אַרום אומבאַדינגט פֿאַרשטײן.

— איך קאָן אײַך ניט דורכלאָזן איבער דער גרענעץ, — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן.

— אויב איר קאָנט ניט, זאָל ער דורכלאָזן, — טאַרנאָפּאָלסקי האָט אָנגעװיזן אויפֿן סערזשאַנט.

— ער קאָן געװיס ניט. לאָזט ער אַדורך, באַגײט ער אַ דינסטלעך פֿאַרברעכן.

— װאָס איז עס פֿאַר אַ פֿאַרברעכן? — האָט קוים אַרויסגערעדט טאַרנאָפּאָלסקי. — אַ צו האַרבע טײלונג באַקומט זיך. אַלץ אױף צװײ: פֿאַרברעכן — ניט פֿאַרברעכן. און אויב טײלן אױף פֿיר, אױף זעקס, ס׳זאָל זיך באַקומען אַ האַלבער טאָן... די גראַדאַציע װעט דעמלט ניט זײַן אַזאַ האַרבע... מער האַלבע טאָנען, מער מענטשלעכקײט...

— אױף פֿיר, נאָך מער, אױף זעקס, איז ניט מעגלעך, — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן.

— מיר זײַנען אין דינסט. נאָר אױף צװײען.

— פֿאַרװאָס נאָר אױף צװײען?

— דער געשפּרעך װערט זינלאָז, — האָט דער קאַפּיטאַן אַרויסגערעדט. — דאָס אײנציקע, װאָס איך קאָן פֿאַר אײַך טאָן — געבן אײַך די מעגלעכקײט צו רעדן טעלעפֿאָניש מיט אײַער פֿרוי.

— און װײַטער?

— װײַטער — דער װעג צוריק. אַהין, פֿונװאַנען איר זײַט געקומען.

די בריל־גלעזער בײַ טאַרנאָפּאָלסקין זײַנען פֿאַרשװיצט געװאָרן. ס׳איז געװאָרן שװער צו זען. די טריבקײט פֿונעם זאַל, צו װעלכן ס׳איז אים ניט באַשערט געװען זיך צו דערקלײַבן, האָט באַקומען אויסערגעװײנלעכע קאָנטורן. די פֿאַרנעפּלטקײט אין אים איז פֿאַרשװוּנדן, אַלץ איז אײַנגעטונקען געװאָרן אין אַ קװילנדיקער װײַסקײט, גלײַך איבערן זאַל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ װײַסער װאָלקן, און אינעם װאָלקן האָבן ניט געצײלט זיך באַװעגט מענטשן, און טאַרנאָפּאָלסקי איז ניט געװען צװישן זײ. דאָס האָט בײַ אים אַרויסגערופֿן נאָך אַ גרעסערע בענקשאַפֿט. ער האָט פֿאַרביסן די ליפּן, אַ פּײַכטן אָטעם געטאָן: לאָזט זיך אויס, אַז אין אָט דער װעלט איז פֿונדעסטװעגן דער מענטש אַ קלײניק אומבאַהאָלפֿן באַשעפֿעניש.

— דער װעג צוריק, דער װעג צוריק, עך, דער װעג! — האָט מיט אַ שטילן ציטערדיקן קרעכץ אַרויסגעאָטעמט טאַרנאָפּאָלסקי. — אַלץ צוריק און נאָר צוריק. און פֿאָרױס טאָר מען ניט?

— פֿאָרױס בעשום־אױפֿן ניט, — האָט געענטפֿערט דער קאַפּיטאַן. טאַרנאָפּאָלסקי האָט אויפֿגעכאַפּט אין זײַן שטים עפּעס אַ בוילעטן קלאַנג, לויט װעלכן ער האָט פֿאַרשטאַנען: דער סימפּאַטישער, ברײטפּלײצעקער קאַפּיטאַן קאָן װירקלעך פֿאַר אים גאָרניט טאָן, מיט גאָרניט העלפֿן.

— האָט ראַכמאָנעס אױף מיר, — האָט זיך געבעטן טאַרנאָפּאָלסקי.

— מיר טוט זײער באַנג, נאָר טאָן קאָן איך גאָרניט, איר פֿאַרשטײט, איך קאָן ניט, — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן מיט באַדויערונג.

— גוט, — טאַרנאָפּאָלסקי האָט געשלונגען די טרערן, װאָס זײַנען אָנגעלאָפֿן אין מויל, הײסע, ביטערע, פֿרעמדע — דאָס זײַנען ניט געװען זײַנע טרערן, דאָס זײַנען געװען זשאַנעס טרערן, יערמאָלײַס, פֿרעמדע, נאָר גלײַכצײַטיק אַזעלכע ליבלעכע, נאָענטע, װאָס נעענטער קאָן שױן ניט זײַן. — גוט, אויב אַזױ, װעל איך אויסניצן אײַער ליבנסווירדיקע אײַנלאַדונג, קאַפּיטאַן... איך װעל אָנקלינגען מײַן פֿרוי, מע מעג?

— מע מעג.

טאַרנאָפּאָלסקין האָט מען אַרויסגעפֿירט פֿון דער גרענעץ־סעקציע. ער האָט געװאָרפֿן אַ לעצטן בליק אויפֿן פֿאַרשאָטנטן זאַל, נאָר גאָרניט געזען — די ברילן האָבן זיך אײַנגעאַנצן באַדעקט מיט נעפּלדיקײַט. אין אַ קלײן שטיבל, אָן אײן פֿענצטער, האָט מען אים אָפּגעזעצט און צוגערוקט דעם טעלעפֿאָן — אַן אַלטן אַפּאַראַט מיט בוכשטאַבן אויפֿן דיסק, כאָטש מאָסקװע באַגײט זיך שױן צװאַנציק יאָר אָן בוכשטאַבן — און דערפֿאַר אַזאַ ליבלעכער, אַזאַ נאָענטער, אַז... טאַרנאָפּאָלסקי האָט דערפֿילט,

ווי די נעשאַמע צעפּאַלט זיך אין אים אױף שטיקער, אים איז ווייטיקלעך, זייער ווייטיקלעך, נאָר קיינער אין דער וועלט, קיין איין דאָקטער, קיין איין פּראָפעסאָר־מעדיקער קאָן אים ניט העלפן. פאַרוואָס איז ער אַוועקגעפאָרן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד, נו, פאַרוואָס?

טאַרנאָפּאָלסקי האָט מיט פרעמדע ציטערנדיקע פינגער אָנגעקליבן דעם טעלעפאָן־נומער פון זיין דירע. דאָס טרייבל האָט אופגעהויבן זיין פרוי.

— זשאַנע! — האָט אומבאַהאַלפן אַרויסגערעדט טאַרנאָפּאָלסקי און זיך פאַרהאַקט, דעם האַלדז האָבן ווידער פאַרגאָסן טרערן, אין דער ברוסט האָט א זעץ געטאָן א שטילער קנאַל, גלייך דאָרט וואָלטן געפּלאַצט מיטאַמאָל עטלעכע לופט־באַלאָנדלעך.

— האַלאָ, ווער איז עס? האַלאָ, ווער? — האָט זשאַנע געפרעגט אױף יענער זייט דראָט, נאָר טאַרנאָפּאָלסקי האָט געשוויגן, ניט געקענט רעדן, — דאָס ביסטו, טאַרנאָפּאָלסקי, דו? — האָט ענדלעך זשאַנע זיך אָנגעשטויסן, אָנגערופן אים לויטן פאַמיליע־נאָמען. — דו? האַלאָ?

טאַרנאָפּאָלסקי האָט געשוויגן, געקניפּט מיט די פינגער דעם האַלדז, באַמיִענדיק זיך גויווער צו זיין די שטומקייט און אומקערן דעם אָטעם, גלייך ער וואָלט ניט געוואָלט קיין לעבעדיקער: אָט איז עס, דאָס הויז זיינס, גאָר נאָענט, מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, נאָר ניין, ניט דערלאַנגען דערצו וועט טאַרנאָפּאָלסקי. קאָן זיין, אז שוין קיינמאָל ניט.

— ווו ביסטו? — האָט אין טרייבל אַריינגעשריגן זשאַנע. — ווו ביסטו?

— איך בין דאָ, — האָט ענדלעך טאַרנאָפּאָלסקי גויווער געוואָרן זיך אַליין, גויווער געוואָרן די שטומ־קייט, — איך בין אין מאָסקווע.

— וויִאַזוי ביסטו געקומען אַהער? — טאַרנאָפּאָלסקי האָט אופגעכאַפּט אין דער ווייבס שטים פריידיקע און גלייכצייטיק דערשראָקענע קלאַנגען, צעצויגן די ליפּן אין א ווייטיקלעכן שמייכל: וויִאַזוי געקומען, וויִאַזוי געקומען — צי איז עס דען אַזוי וויכטיק?

— מיט דער לופט, — זע, קויכעס האָבן זיך בא אים געיאַוועט, ער דערלויבט זיך אפילע שפּאַסן. נאָר אױף צו לעבן האָט ער שוין קיין קויכעס מער ניט.

— איך פאַרשטיי, פאַרשטיי... — האָט פאַרלוירן אַרויסגערעדט זשאַנע, — איך פאַרשטיי גאָר־ניט! וואָס? מע האָט דיר דערלויבט זיך אומקערן אַהיים?

עך, ווי עס וואָלט זיך טאַרנאָפּאָלסקין געוואָלט זאָגן „יאָ", ער האָט פאַרשטיקט אָפּגעזיפצט, דערהערט, ווי זשאַנע האָט זיך אויך אָפּגערופן מיט א שטילן זיפץ, און זיך צעכליפּעט.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט זיך באומרויִקט זשאַנע.

— גאָרניט, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, — ס'וועט באַלד איבערגיין.
זשאַנע האָט אַלץ פאַרשטאַנען און אויסגערופן מיטן פריִערדיקן פאַרלוירענעם טאָן:

— אַזוי, אַזוי.

ס'איז אַנשטאַנען א פּאַוזע, א טיפע, לאַנגע, ווי גלייך ס'וואָלט די ערד זיך געשפּאָלטן.

— יערמאָליי איז געזונט?

— יאָ, געזונט, — האָט, אָפּוואַרטנדיק א רגע, זיך אָפּגערופן זשאַנע, — און מיט דיר וואָס וועט זיין?

— לויט איך פאַרשטיי, פלי איך צוריק קיין אייראָפּע, — האָט שטיל אַרויסגעזיפצט טאַרנאָ־פּאָלסקי, — מע איז מיך מעשאַלייעך צוריק.

— האָסט זיך אַליין מעשאַלייעך געווען.

— איך ווייס. נאָר ווער ס'איז זיך מוידע, דעם קעפּט מען ניט.

— א פאַרצייטיק ווערטל פון ווייטע יאָרן.

— צי דען איז פאַרגעקומען אַן איבערשאַצונג פון ווערטן?

זשאַנע האָט זיך צעוויינט און, זעט אויס, צוגעקוועטשט דאָס טרייבל צו די ציטערנדיקע ליפּן. טאַרנאָפּאָלסקי האָט דערהערט א שטילן טריפנדיקן יאָמער. ער האָט זיך איינגעהויקערט, די שלייפן און די באַקן זיינען בא אים פייכט געוואָרן.

— זשאַנע, — האָט ער אַריינגעשעפּטשעט אין טרייבל.

— וואָס? — האָט טאַרנאָפּאָלסקי דערהערט א ווייטיקלעך קאָל, באַגאָסן מיט טרערן.

— איך האָב דיך ליב, זשאַנע! איך האָב דיך אַלץ נאָך ליב.

— איך האָב דיך אויך ליב.

— איך וועל טאָן אַלץ אױף זיך אומצוקערן צו דיר, זשאַנע, פאַרשטייסט? איך וועל אָנשרייבן אין אויבער־סאָוועט, דעם גענעראַל־פּראָקוראָר, אויך אין ראַיאָנישן געריכט וועל איך שרייבן, פאַר־שטייסט? איך וועל זיך אומקערן, זשאַנע, — ער האָט נאָך עפּעס גערעדט, די ווערטער זיינען געווען הייסע, פלאָנטערנדיקע, ער האָט געפּרווט איבערצייגן זיך אַליין און איבערצייגן זשאַנען, זיך פאַרקרימט דערפון, וואָס אים איז געווען ווייטיקלעך, ווי, אייגנטלעך, ס'איז געווען אויך זשאַנען, און ער האָט זשאַנעס ווייטיק צוגעמאָסטן צו זיינעם און שטיל א קרעכץ געטאָן, ניט וויסנדיק, וואָס צו טאָן. ער

האָט דערווײַל מיט גאָרנישט געקאָנט העלפֿן ניט זיך, ניט זשאַנען, — איך וועל אַלץ טאָן אַף זיך אומקערן צו דיר, זשאַנע! דו וואַרט אַף מיר! וואַרט! — די לעצטע ווערטער האָט ער שוין אַרײַנגעשריגן אין טרײַבל, און דאָס געשריי איז געווען הילכיק, טרערנדיק. — איך וועל זיך אומקערן, דו וואַרט! — טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס טרײַבל אַפֿן הייבער, אים האָט געטרייסלט.

— דער טעלעפֿאָן וואָס איז שולדיק? — האָט מיט פֿאָרוווּרף געפֿרעגט דער קאַפּיטאַן. ער האָט די גאַנצע צײַט זיך געפֿונען אין דער נאָענט, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט אים ניט באַמערקט און מיט זשאַנען גערעדט אַזוי, ווי קיינער וואָלט לעבן אים ניט געווען.

טאַרנאָפּאָלסקי האָט בלינד אַ קוק געטאָן אַף דעם קאַפּיטאַן, אָפּגעשוויגן, דאָס מויל האָט פֿאַרדריסלעך זיך פֿאַרבויגן. דער קאַפּיטאַן האָט פֿאַרשטאַנען, אַז טאַרנאָפּאָלסקי הערט אים ניט.

— געגאַנגען, — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן, — דאָס איז אַן אָמטלעכער צימער, זײַן דאָ לאַנג טאָרן מיר ניט. — דער גרענעצלער האָט בעקיוון אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „מיר“, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט אים ווידער ניט געהערט, דעמלט האָט דער קאַפּיטאַן אים גענומען אונטערן אָרעם, ווי אַ באַרישניע, — געגאַנגען!

טאַרנאָפּאָלסקי האָט געהאָרכזאַם זיך געלאָזט אײנײנעם מיטן קאַפּיטאַן, בײַ דער שוועל זיך אומגעקוקט, גלײַך ער וואָלט מיט די בליקן זיך געזעגנט מיטן אַלטן אָפּגעדינטן מאָסקווער טעלעפֿאָן — מער וועט אים שוין ניט אויסקומען זיך באַנוצן מיט אים, שוין! ער וועט קלינגען פֿון ווין, פֿון לאָנדאָן, פֿון ניו־יאָרק, פֿון אומעטום, נאָר ניט פֿונדאַנען, שוין. ער האָט אופֿגעהויבן אַ שטיקל פֿאַרהאַנג איבער מאָסקווע, מער האָט ער ניט באַוויזן, אַפֿילע דאָס, וואָס ער האָט אופֿגעהויבן, האָט ער ניט געקאָנט פֿאַרהיטן: דאָס געוואַנט האָט זיך אַרויסגעוויזן צו שווער. מע קאָן ניט, זעט איר, קוקן אַף מאָסקווע, שטייענדיק אַף די שפּיץ פֿינגער, מע קאָן נאָר אַף די קני, מיט אַ נידעריק אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

טאַרנאָפּאָלסקי איז געגאַנגען צום אַעראָפּלאַן, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, צו דעם זעלבן, מיט וועלכן ער איז געפֿלויגן אַהער. ער האָט פֿעסט פֿאַרדעקט מיט דער האַנט דאָס מויל, אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער גרענעצלער, וואָס גייט לעבן אים, הערט זײַן געוויין.

אָט אַזוי: מיט איין און דעם זעלבן אַעראָפּלאַן אַהער און אַהין, נאָר די לופֿט אונטער די פֿליגל פּײַפֿט. אינטערעסאַנט, וויפֿל פֿאַרברענט אַזאַ מאַכינע בייסן פֿלי זויערשטאָף! טאַרנאָפּאָלסקי האָט זיך ביטער פֿאַרקרימט: וואָס גייט אים אָן זויערשטאָף, ווען עס האַנדלט זיך אין לעבן — אין זײַן לעבן? און דער אַעראָפּלאַן איז ניט דער, מיט וועלכן ער איז אָנגעקומען אַהער, יענער איז אָפּגעפֿלויגן קיין יאַפּאַן. גאַטעניו! וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען פּלאָנטערן זיך אין זײַן קאָפּ! צי דען טאַקע וועגן דעם דאַרף ער איצט טראַכטן?

ער האָט זיך אין עפּעס פֿאַרטשעפּעט, און ווען ניט דער גרענעצלער, וואָס איז געגאַנגען בײַ דער זײַט, וואָלט ער זיכער אומגעפֿאַלן. דער גרענעצלער האָט אים געהאָלפֿן זיך אויסגלײַכן, טאַרנאָפּאָלסקי האָט פֿאַרטעמפּט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ און זיך געבעטן:

— לאָז איבערכאַפּן דעם אָטעם אַ ווײַלע, הא, כאַווער!

— איך בין אײַך ניט קיין כאַווער, — האָט טרוקן אויסגערופֿן דער גרענעצלער, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט אַף אים אַ קרומען קוק געטאָן, גלײַך ער וואָלט אים צום ערשטן מאָל געזען. און ריכטיק — טאַקע צום ערשטן מאָל. דאָס איז געווען אַן אַנדער סאָלדאַט, ניט יענער גוטהאַרציקער קאַפּיטאַן, און ניט קאַבאַנקאָוו — אַן אַנדער מענטש.

— אַלצייניס, — האָט געזאָגט טאַרנאָפּאָלסקי, — לאָמיר אַף אַ האַלבער מינוט זיך אָפּשטעלן, דאָס האַרץ טוט וויי, אָט־אָט, און עס וועט זיך אָפּרײַסן, הא?

— ניין, — האָט געזאָגט דער גרענעצלער און פֿעסטער אָנגעכאַפּט טאַרנאָפּאָלסקין פֿאַרן אָרעם, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט ,אַז יענער וועט אַנטלויפֿן.

— פֿאַרוואָס? — טאַרנאָפּאָלסקי האָט געוואָלט פֿאַרציִען די צײַט, און דער גרענעצלער האָט עס פֿאַרשטאַנען.

— מע טאָר ניט, — האָט ער אויסגערופֿן אומצופֿרידן, — מיר פֿאַרשפּעטיקן צום אַעראָפּלאַן.

— אָן מיר וועט דער אַעראָפּלאַן ניט אָפּפֿליִען, — האָט טאַרנאָפּאָלסקי פֿאַרביטערט דורכגעזיפֿט דורך די ציין: אים האָט זיך געוואָלט פֿאַלן אין היסטעריע, רעווען מיט אַ געוואַי, טאָן עפּעס אַזוינס, קעדיי קאָנען זיך פֿאַרהאַלטן אַף אָט דער ערד, און אָנשטאָט דעם האָט מען אים מאַמעש געשלעפּט. ער האָט געטופּעט, געוויינט, געקרעכצט, זיך פֿאַרקײַכט. וואָס אַזוינס קומט מיט אים פֿאָר?

טאַרנאָפּאָלסקי האָט געוואָלט, אַז דער אַעראָפּלאַן פֿון דער עסטרײַכישער קאָמפּאַניע, צו וועלכן זיי זײַנען געגאַנגען, זאָל נעלעם ווערן, ווי אײַנגעזונקען ווערן אין דער ערד, אָדער ער זאָל זיך געפֿינען אַפֿן אַנדערן עק פֿעלד, נאָר וואָס פֿאַר אַ ווערט האָט זײַן נעבעכדיקער פֿאַרלאַנג אין פֿאַרגלײַך מיט דער מעכטיקער רעאַליטעט.

— פון וואָס הייבט זיך אָן דאָס לעבן? — האָט ער געפרעגט באַם גרענעצלער.

דער גרענעצלער האָט דאָס מאָל געהאַלטן פאַר גלײַכער דיפּלאָמאַטיש אָפּצושוויַיגן, זעט אויס, עפּעס פאַרשטאַנען, און גוט געטאָן, ווײַל ניט ער און ניט טאַרנאָפּאָלסקי האָבן געוווּסט, פון וואָס הייבט זיך אָן דאָס לעבן, ביידע האָבן געהאַט זייער כּעזשבן אין אָט דער פראַגע.

אין פינף מינוט אַרום איז טאַרנאָפּאָלסקי שוין געזעסן אינעם אַעראָפּלאַן, איינער אַליין אין א ברייטער ריי — פּאַסאַזשירן זײַנען ניט געווען, ניט אויף רעכטס, ניט אויף לינקס, די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געפונען הינטער אים. ער האָט געוויינט, ניט שעמענדיק זיך פאַר דער סטיוּאַרדעסע, ניט פאַר דעם געל־רויטן פּליער, וואָס האָט געקוקט אויף אים דורך דער אָפענער קאַבינע־טיר, ניט פאַר זיך אַליין: טאַרנאָפּאָלסקין איז שלעכט געוואָרן, אַפילו ערגער איידער אין די סאַמע שווערסטע מינוטן אין ניו־יאָרק. וואָלט ער געהאַט בא זיך סאַם, וואָלט ער געקאָנט מאַכן א סאָף צום אייגענעם לעבן, וואָס איז אים געוואָרן איבעריק, ליידיק, פרעמד. פון קיין אַנדער מיטל אויף איבערײַסן מיטן לעבן, אויסער סאַם, האָט טאַרנאָפּאָלסקי ניט געוווּסט.

אין צוואַנציק מינוט אַרום איז דער אַעראָפּלאַן שוין געווען אינדערלופטן, די ערד האָט אַרויס־געשטעלט טאַרנאָפּאָלסקין איר ברוינלעך־געלע פאַרבאַקענע זײַט, גלײַך ווי באַדעקט דורכויס מיט א פאַרטריקנטער קאָרע, אַן ענלעכער אויף א ווונד. טאַרנאָפּאָלסקי האָט געקוקט אויף דער ווונד דורכן קײַלעכיקן פענצטערל און ניט געזען די ערד — אַנשטאָט איר איז אונטן געשוווּמען עפּעס א צעפלאָ־סענע, פּײַכטע נעפּלדיקײַט.

אַלץ אין טאַרנאָפּאָלסקין איז קאַליע געוואָרן, צעשרויפט, אַלץ געוואָרן פרעמד. ער האָט ניט געוווּסט, וויאַזוי ווײַטער צו לעבן, וויאַזוי זיך ראַנגלען און מיט וועמען זיך ראַנגלען, וואָלט דאָס לעבן אים פאַרלאָזט, פּאַשעט אַזוי אָפּן רוף: „גיי, איך וויל זײַן טויט!“, וואָלט ער, אַפילו ניט פאַרטראַכטנ־דיק זיך, עס אָפּגעלאָזט. עך, וואָלט ער נאָר געהאַט סאַם! נאָר טאַרנאָפּאָלסקי האָט קיין סאַם ניט געהאַט, און דאָס לעבן האָט אים ניט פאַרלאָזט.

מע האָט געדאַרפט עפּעס אונטערנעמען. נאָר וואָס — האָט ער ניט געוווּסט. דער ווײַטערדיקער פּלי קיין ווין איז אַדורך אין עפּעס א פאַרגליווערטקייט, קימאַט ווי א מעשוגאַס, און אַרויסגעגאַנגען איז טאַרנאָפּאָלסקי פונעם אַעראָפּלאַן ווי אויף פרעמדע, שווערע, וואַטענע פיס. באַם פּאַספּאָרט־קאָנטראָל אין ווין האָט מען אים אַרעסטירט, ווי א בראָדיאַגע, וואָס האָט ניט קיין דאָקומענטן.

אַרויסגעלאָזט האָט מען אים אין ניַין טעג אַרום, נאָך דעם, ווי מע האָט אַלץ אויפגעקלערט, ווער ס'איז אַזעלכער טאַרנאָפּאָלסקי, מיט וואָס ער אָטעמט, מיט וואָס ער דערנערט זיך און וויאַזוי ער איז אַרײַנגעפאַלן קיין ווין. פון ווין איז טאַרנאָפּאָלסקי אָפּגעפלויגן קיין ניו־יאָרק.

אין איינעם א טונקעלן שטילן אָוונט אין דאָרעמדיקן בראָנקס האָט טאַרנאָפּאָלסקין זיך ניט געג־גלוסט אָנצינדן דאָס ליכט, אײַנשליסן דעם טעלעוויזאָר. ער איז געזעסן אין דער פינצטער, געהערט דעם רויש פון די אויטאָמאָבילן, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון גאַס, געקוקט אויף די גרויסע, נאָר פאַר־בלאָזע שטערן און אויסגערעכנט, וויפל ס'האָט אים אָפּגעקאָסט די רײַזע קיין מאָסקווע. די סומע איז געווען א קײַלעכיקע — דרײַ טויזנט דאָלאַר. ווען נאָך וועט ער קאָנען צונויפקלײַבן אַזעלכע געלטער?

קיין געלט האָט טאַרנאָפּאָלסקי מער ניט געהאַט, צו אַרבעטן האָט ער אויך ניט געהאַט קיין כּיישעק, לעבן אויך ניט געוואָלט. און דאָך האָט ער געלעבט, געאָטעמט, און דאָס האַרץ האָט געג־שלאָגן, און טאַרנאָפּאָלסקי האָט פאַרגרעזעט לעבן.

אַזוי איז געווען, ביז זשאַנע האָט ניט אָנגעקלונגען. אַליין טאַרנאָפּאָלסקי האָט ניט בעדייע געהאַט איר קלינגען. דערהערנדיק דעם מאַנס שטים, האָט זשאַנע זיך צעוויינט.

— טאַרנאָפּאָלסקי, דו לעבסט?

— איך לעב, — האָט טעמפּ געענטפערט טאַרנאָפּאָלסקי.

— קער זיך אום אהיים, נו קער זיך אום, טאַרנאָפּאָלסקי!

— ווען דאָס וואָלט געווען אָפּהענגיק נאָר פון מיר!

— איך פאַרשטיי, אַז ניט פון דיר, נאָר פון דיר אויך, — האָט געזאָגט זשאַנע דורך טרערן.

אַזוי איז פאַר טאַרנאָפּאָלסקין אַנטשטאַנען א נײַער ציל. ריכטיקער, דער ציל איז געווען אַן אַל־טער, נאָר די ווענדונג איז א נײַע: טאַרנאָפּאָלסקי האָט ווידער אָנגעהויבן קלײַבן געלט אויף א רײַזע קיין מאָסקווע, ווידער אָנגעהויבן שרײַבן בריוו אין דער אַמבאַסאַדע — ער האָט געדאַרפט, מיט אַלע קויכעס, דורכברעכן די וואַנט, וועלכע עס האָט ביז אים קיינער ניט דורכגעבראָכן.

עך, וואָלטן נאָר געשטײַעט קויכעס! זיך האַלטן פעסט אויף די פיס, און דאָרט, ווי א זאַך מאַכט זיך, סע טוט א שפּיל צו דאָס גליק, און ער איז ווידער אַרויף אויף דער סטעזשקע, א פאַרוואַקסענער מיט פּאָלין, קראָפּעווע, מיט אַנדערע ווילדע געוויקסן — א סטעזשקע, וואָס פירט צו זײַן היים.

בא יעדן פון אונדז איז פאַראַן אָט די סטעזשקע, יעדן פון אונדז איז זי אייגן. ניט פאַראַן צוויי גלײַכע שטעגן. און מיסטאַמע וועט קיינמאָל ניט זײַן, מיט דעם איז ווונדערלעך דאָס היימלאַנד.

די דערציילונג איז דערפאר א דערציילונג, וואָס זי קאָן האָבן א ניט־פארענדיקטן סיוזשעט — פארן אווטאָר האָט דאָס רעכט זי צו פארענדיקן דער לייענער. אזוי האָט זיך באַקומען אין דעם סיוזשעט — טארנאָפּאָלסקיס גורל. וועט ער זיך אומקערן אהיים?

וואָס שײַעך מיר, שטעל איך בעקיוון ניט קיין פונקט. אַף וויפל די דערציילונג איז פאקטיש א דאָקומענטאלע. קאָן זײַן, אז נאָר דעם פאמיליע־נאָמען זײַנעם געביטן צוליב פּאָרזיכטיקײַט, טאָמער דערקענט זיך עמעצער אין אים? אין אלעם איבעריקן אָבער איז אלץ געווען — געווען און לײדער נאָך דאָ! און דערפאר, מיסטאמע, אנטשטייט א געוויס פיבערהאפט געפיל פון אומבאפרידיקטקײַט, אַן אינערלעכער רוף, די ליפּן פרעסן זיך צונויף פון זיך אליין, ווי וויכטיק עס איז צו לעבן אַף דער אייגענער ערד, זײַן גוט און מיט אָט דער מאָס פארשטיין מענטשן, וואָס געפינען זיך באַנאַנד. כאָטש סע קאָנען זײַן פאלן, ווען פארשטײ — ניט פארשטײ, וועסט זיי קיינמאָל ניט פארשטיין. אזוינס איז, מיר דאכט, אויך פּאָרגעקומען מיט טארנאָפּאָלסקין אין זײַן ביטערער געשיכטע.

און פונדעסטוועגן האָט זיך מיר ניט אײַנגעגעבן צו שטעלן אַף דעם א פונקט און אויסהאלטן די ראָל ביזן סאָף: דעם פּאָרשלאָג, אז דער לייענער זאָל אליין דערטראכטן דעם סיוזשעט און מאכן דעם געהעריקן אויספיר, איז אָפּגעראמט געוואָרן דורך אנומלטע געשעענישן — פון אמעריקע האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן אנטלאָפענע. אנטלאָפענע — זאָל זײַן אזוי, ס'ווילט זיך זייער ניט אָנרופן זיי עמיגראנטן. עמיגראציע קומט ניט פאָר מאכמעס טאָעסן. דאָ ניט לאנג האָט מען אין טעלעוויזאָר געוויזן א פרעסע־קאָנפערענץ: די אנטלאָפענע האָבן דערציילט וועגן זייער לעבן אין אמעריקע, אין זייערע אויגן זײַנען געשטאנען טרערן, די פּנעמער און די הענט האָבן געציטערט. צווישן די וואס האָבן זיך אומגעקערט, איז געווען אויך טארנאָפּאָלסקי. נאָר אומגעקערט האָט ער זיך אין צען יאָר ארום. צען יאָר, דאכט זיך, גאָר ניט אזויפיל „אין מאסשטאב פון דער וועלט־רעוואָליוציע”, נאָר טארנאָפּאָלסקין האָט זיך אויסגעוויזן — און ווײַזט זיך אויס ביז הײַנט, אז אָט די צען יאָר באטרעפן א העלפט פון זײַן לעבן. דערבײַ א גרויסע העלפט.

ייִדיש — י. בורג

---




## עטוואָס וועגן זיך

די רעפּראָדוקציעס פון מײַנע פייזאזשן, וועלכע זײַנען באוויזן אין אָט דעם נומער פונעם זשורנאל, זײַנען געשאפן געוואָרן אין מעשעך פון פינף יאָר נאָך מײַן פערסאָנעלער אויסשטעלונג (1983), וועלכע איז פּאָרגעקומען אין מאָסקווע אינעם צענטראלן ארכיטעקטאָר־הויז פון פּססר.

„דער קאָליר איז די נעשאָמע פון מאָלערײַ, איר שיינקײַט און אויסדריקלעכקײַט”. די דאָזיקע צוואָע פון מײַן לערער, דעם מערקווירדיקן קינסטלער ניקאָלײַ קרימאָוו, סטארע איך זיך פארקערפּערן אין מײַן שאפונג.

יעדער פּענדזל־שטריך, וואָס איז ארטיסטיש אוועקגעלייגט מיט דער האנט אפן לײַוונט, שאפט א מין מוזיקאלישע הארמאָניע, וועלכע ווערט פארוואנדלט אין אן אויסדריקלעכער מעלאָדיע.

די קונסט דארף זײַן א גוטוויליקע און אָפּנהארציקע, זי דארף זײַן אן אופריכטיקע. איך סטארע זיך פּאָרזעצן די גלענצנדיקע טראדיציעס פון דער מאָסקווער מאָלערײַ־שול, שרײַב אַף דער נאטור עטיודן, עסקיזן, און שפּעטער פארקערפּער איך זיי אין בילדער־פייזאזשן.

כ'מאך קיינעם ניט נאָך, קיינעם בינד איך ניט אָן מײַן סטיל, איך גיי אין דער שאפונג מיט מײַן אייגענעם וועג.

די עטיק, צו וועלכער מיר שטרעבן, דארף זײַן דורכגעזאפּט מיט אן עסטעטישן יעסאָד.

אינעם פייזאזש דארף מען באזונדערס זאָרגפעליק „ווידער שאפן” דאָס לעבן פון דער נאַטור אין אלע אירע אנטפּלעקונגען.

עס ציט מיך קעסיידער צום אייביקן, ניט פארוועלקטן לעבן פון דער נאַטור. זי געבירט אין מיר א הייסן פארלאנג איבערצוגעבן די אנציקונג מיט דער פּאָעטישקײַט און שיינקײַט פון דער ארומיקער וועלט.

א פייזאזשיסט דארף געפינען אן אלגעמיינע שפּראך מיט דער נאַטור, צונויפגיסן זיך מיט איר.

אין דער נאַטור פארכאפּן מיך אלע פיר צײַטן פונעם יאָר. באזונדערס אָבער איז שווער און אינטערעסאנט איבערצוגעבן אפן לײַוונט דעם פרילינג, דעם אָנהייב פון זײַן ווידערגעבורט, דעם רעזאנאנס מיט די דינסטע איבערגאנג, מיטן באווײַזן זיך פון דעם ערשטן גרינס אפן פּאָן פון א צארט־בלויען הימל.

דאָס באטײַט — מוזיק אין מאָלערײַ.

מאנע' האָט געזאָגט: „מאָלערײַ דארף ניט שרײַען — זי דארף זינגען אָדער רעדן”. צוליב דעם איז קעדײַ צו לעבן, שרײַבן, שאפן. א קינסטלער מאָלט לעטויוועט די מענטשן, לעטויוועס דעם פאָלק, און אויב זײַן שאפונג געפינט אָן אָפּקלאנג אין די הערצער פון די צושויער, איז עס גענוג סײַ פאר אים, דעם קינסטלער, סײַ פאר דער קונסט.

י. זילבערמאן

## אונדזערע מיטיילונגען

**וואַלענטין טאַמין**

# „דער עמעס וועגן „רויטן אָרקעסטער"



לייב דאָמב

אין 1962, אַרבעטנדיק איבער אַ בוך וועגן די העלֿדן פֿון דער בערלֿינער אַנטיפֿאַשיסטישער אונטערערד, האָב איך צום ערשטן מאָלֿ זיך דערוווּסט, אַז אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מילֿכאָמע זײַנען אין דײַטשלאַנד, האָלאַנד, בעלֿגיע און פֿראַנקרײַך אַנטשטאַנען אָרגאַניזאַציעס פֿון פּאַטריאָטן־אינטערנאַציאָנאַליסטן, אין וועמענס טעטיקײַט עס האָט אַן אָנגעזעענע ראָלֿ געשפּילט דער סאָוועטישער אויסשפּירער לעאָפּאָלד טרעפּער (לייב דאָמב). נאָך דער מילֿכאָמע, ווען עס זײַנען פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן זיכרוינעס פֿון די אָנטײלֿנעמער פֿונעם ווידערשטאַנד, ווי אויך די אויסטראַכטענישן פֿון נאַצישע טאַליאָנים, איז די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע באַוווּסט געוואָרן אונטערן נאָמען „רויטע קאַפּעלֿע" („רויטער אָרקעסטער"). דעם נאָמען האָבן צוגעטראַכט די אָרגאַנען פֿונעם אַבווער און פֿון דער געסטאַפּאָ נאָך אין 1941, ווען די פֿאַשיסטישע קאָנטר־אויסשפּירונג האָט אַנטפּלעקט, אַז אַף דער טעריטאָריע פֿון דײַטשלאַנד און פֿון די אָקופּירטע לענדער אַרבעטן ראַדיאָ־איבערגעבערס, וועלֿכע טיילן מיט אינפֿאָרמאַציע פֿאַרן סאָוועטנפֿאַרבאַנד. אַ ספּעציעלער אָפּטייל, וועלֿכער איז געשאַפֿן געוואָרן צוליבן קאַמף מיט די אונטערערדישע „פּיאַניסטן" (ראַדיסטן) האָט באַקומען דעם נאָמען „זאָנדערקאָמאַנדע די ראָטע קאַפּעלֿע".

אין די נאָכמילֿכאָמעדיקע יאָרצענדלֿיקער האָט דער עמעס וועגן דער „רויטער קאַפּעלֿע" זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג ניט לײַכט, דורך דער געדיכטעניש פֿון ליגונים, דעזינפֿאָרמאַציע און רעכילֿעסן. מיט עטלֿעכע יאָר צוריק האָט דער זון פֿון מײַנעם אַ פֿרײַנט, דעם באַוווּסטן רוסישן שרײַבער יורי קאָראָלֿקאָוו, מיר איבערגעגעבן אַ טײלֿ פֿונעם אַרכיוו פֿון זײַן פֿאָטער, וועלֿכער האָט ביזן סאָף פֿון זײַן לעבן צונויפֿגענומען מאַטעריאַלן פֿאַר אַ דאָקומענטאַלֿ ווערק וועגן די העלֿדן פֿון דער „רויטער קאַפּעלֿע". דערלֿערנענדיק די מאַטעריאַלן, בין איך געקומען צום אויספֿיר, אַז דעם נאָמען לעאָפּאָלֿד טרעפּער קאָן מען מיט פֿולער רעכט אַוועקשטעלֿן אין איין רײ מיט די נעמען פֿון ריכאַרד זאָרגע, שאַנדאָר ראַדאָ, כאַראָ שולֿץ־באָיזען, אַרוויד כאַרנאַק און פֿון אַ סאַך אַנדערע אַנטיפֿאַשיסטן־אינטערנאַציאָנאַליסטן, וועלֿכע האָבן געווידמעט זייער לעבן דעם קאַמף קעגן נאַציזם. צום גרויסן באַדויערן, איז אָבער דער העלֿדנטאַט פֿון אָט דעם מערקווירדיקן סאָוועטישן אויסשפּירער אין די יאָרן פֿון דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילֿכאָמע אומפֿאַרדינט אויסגעשטראָכן געוואָרן פֿון דער געשיכטע, און אַלֿע פּרוּוון צו דערציילֿן וועגן אים דעם עמעס זײַנען אַף אַ ביוראָקראַטישן אויפֿן ניט דערלאָזט געוואָרן.

לאָמיר אָבער געבן דאָס וואָרט יורי מיכיילאָוויטש קאָראָלֿקאָוון, וועלֿכער האָט אין זײַן בריוו פֿאַרן 4 יולֿ 1979 דערציילֿט:



לייב דאָמב און דער שרײַבער יורי קאַראַלקאָוו

„ניט לאַנג צוריק האָב איך זיך אומגעקערט פון וואַרשע, ווו כ׳האָב פאַרענדיקט די אַרבעט אינעם פאַרטייִשן אַרכיוו איבער די מאַטעריאַלן צו אַ בוך וועגן פ. ע. דזערזשינסקין. כוץ דעם, האָב איך זיך באַגעגנט מיטן געוועזענעם סאָוועטישן אויסשפּירער־רעזידענט ל. טרעפּער. ער איז אין די מילכאָמע־יאָרן געשטאַנען בעראָש פון אַן אויסשפּיר־גרופּע אין פראַנקרײַך און בעלגיע, וועלכע האָט געקעמפט קעגן דעם נאַציסטישן דײַטשלאַנד. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז איצט באַוווּסט אונטערן נאָמען „רויטע קאַפּעלע". אָן שום צווייפל, איז לעאָפּאָלד טרעפּערס נאָמען הײַנט אויפן מײַרעוו איינער פון די אַמערסטן פּאָפּולערע. דער בוך, וועלכן ס׳האָט אָנגעשריבן וועגן אים דער פּראָגרעסיווער פראַנצויזישער שריפטשטעלער זשיל פּעראָ, איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אין הונדערטער טויזנטער עקזעמפּליאַרן און איז איבערגעזעצט אויף פיל שפּראַכן.

דעם כאַווער ל. טרעפּער קען איך שוין פון לאַנג, אַ יאָר פינף. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין יענער צײַט, ווען כ׳האָב געאַרבעט איבער דעם בוך „ערגעץ אין דײַטשלאַנד...". ניט איין מאָל האָב איך זיך געטראָפן מיט אים אין מאָסקווע און אין וואַרשע, און כ׳איבערצײַג זיך אַלץ מער, אַז אָט דער מענטש איז טיף געטרײַ דעם סאָוועטנפאַרבאַנד, די קאָמוניסטישע אידייען..."

דער אַוטאָר פון די אויבן ציטירטע שורעס האָט ניט פאַרענדיקט זײַן אַרבעט, בײַקומען די נעגאַטיווע אָנשיכטונגען און די מעכטיקע ביוראָקראַטישע באַריקאַדעס איז געווען ניט לײַכט... אין י. מ. קאַראַלקאָווס שטוב־אַרכיוו זײַנען פאַרהיט געוואָרן סטענאָגראַמעס פון זײַנע פילשאָיִקע שמועסן מיט לייב דאָמבן (לעאָפּאָלד טרעפּערן). בריוו, דאָקומענטן, איבערזעצונגען פון פאַרשיידענע פּובליקאַציעס וועגן די העלדן פון דער „רויטער קאַפּעלע", פאָטאָגראַפיעס, זשיל פּעראָס בוך „דער רויטער אָרקעסטער", וועלכער איז דערשינען אין פּאַריזש אין 1967, לייב דאָמבס בוך זיכרוינעס.

די דאָזיקע אַלע מאַטעריאַלן זײַנען געלייגט געוואָרן אין יעסאָד פון אָט דער דאָקומענטאַלער פאַרצייכענונג.

לעאָפּאָלד טרעפּער איז געבוירן געוואָרן דעם 23 פעווראַל 1904 אין פּוילן, אינעם דאָרף נאָווי טאַרג, לעבן זאַקאָפּאַנע, אין אַ מישפּאָכע פון אַ קליינעם קאָמערסאַנט, וווּ אַכוץ אים זײַנען געווען נאָך נײַן קינדער. ער האָט פרי פאַרלוירן דעם פאָטער, ניט געקוקט אויף זײַן שטרעבונג האָט ער ניט געקאָנט פאַרענדיקן די בילדונג און אָנגעהויבן אַרבעטן. ער איז געווען אַן אַרבעטער, אַ מאָליער, שלאָסער, שאַכטיאָר, מאַשיניסט. פאַרן אָנטייל אין אַ שטרײַק איז ער אַרעסטירט געוואָרן. זוכנדיק אַרבעט, האָט ער געמוזט פאַרלאָזן פּוילן. דער יונגער רעוואָליוציאָנער איז אוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע און דאָרט געשאַפן צוזאַמען מיט זײַנע כאַווײרים און מיטדענקער, די מאַרקסיסטישע אַראַביש־ייִדישע גרופּע „איינהײַט", אָנטיילגענומען אין דער טעטיקײַט פון דער פּאַלעסטינער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ער ווערט נאָכאַמאָל אַרעסטירט און אַרויסגעשיקט קיין פראַנקרײַך, וווּ ער האָט פאָרגעזעצט, געפינענדיק זיך אין אונטערערד, שוין אין די רייען פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, זײַן טעטיקײַט צווישן די אַרבעטער־עמיגראַנטן.

אַהין, קיין פּאַריזש, איז געקומען זײַן געליבטע — ליובע ברוידע, וועלכע איז געוואָרן זײַן ווײַב און געטרײַער פרײַנט, אַ מיטקעמפערן אויפן גאַנצן לעבן.

לויטן באַשלוס פון דער פּאַרטיי, איז ער אין 1932 געקומען קיין סאָוועטנפאַרבאַנד, געוואָרן אַ סטודענט פונעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן פון מײַרעוו אויפן נאָמען פון יו. מאַרכלעווסקין.

די פעלקער פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד האָבן געבויט די ערשטע אין דער וועלט סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט. די נעמען פון די גרעסטע בויונגען — דניעפּראָהעס, טורקסיב, קוזבאַס — האָבן געקלונגען אומעטום. אין מאָסקווע האָט זיך געבויט די אונטערערדישע אײַזנבאַן — דער מעטראָפּאָליטען. לעאָפּאָלד טרעפּער איז געווען גליקלעך, וואָס



№ 57

УДОСТОВЕРЕНИЕ

Тов. Трепр Л. З.

окончил полный курс еврейско-

Сектора Коммунистического

Университета Национальных Меньшинств Запада им.

Ю. Мархлевского, с общей оценкой „отлично".

Ректор Университета

Проректор по Учебной Части

Секретарь Ун-та

„Перед нами задача строительства, и вы ее можете решить, только овладев всем современным знанием".

(Ленин).

Мособлит М.—875—14. Типография №

ל. דאָמבס צײַגעניש וועגן פֿאַרענדיקן דעם קאָמוניסטישן אוניווערסיטעט פֿאַר נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן פֿון יו. מאַרכלעווסקי

זײַן טרוים איז מקוים געוואָרן — ער לערנט זיך און ניט ערגעץ־ווו, אין דער הויפּט־שטאָט פֿרנעם סאָוועטנפֿאַרבאַנד.

אָבער שוין דעמלט האָט ער געזען אויך עפּעס אַנדערס. פֿון האַנט צו האַנט איז איבערגעגאַן לענינס צוואָע — דער בריוו, אַדרעסירט דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי. עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן געריכט־פּראָצעסן איבער די „סאָנים פֿונעם פֿאָלק". אין לענינגראַד איז דערהאַרגעט געוואָרן ס. מ. קיראָוו.

לעאָפּאָלד טרעפּער האָט פֿאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט און אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער מאָסקווער ייִדישער צײַטונג „דער עמעס". פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס לעבן אין יענע טעג, אַ העראָיִשס און טראַגישס, וואָס איז אויסגעוועבט געווען פֿון קאָמפּליצירטע און צומאָל קאָנטראַסטישע ווידערשפּרוכן, האָט אויך געקלאַפּט אין די טירן פֿון דער רעדאַקציע פֿון אָט דער צײַטונג, געהאַט אַ שײַכעס צו יעדן איינעם, וואָס האָט דאָרט געאַרבעט.

לעאָפּאָלד טרעפּערן איז צוגעגרייט געוואָרן אַ באַזונדער גוירל.

ער האָט זיך געטראָפֿן מיט יאַן קאַרלאָוויטש בערזינען, דעם עכטן קאָמוניסט־לענינעץ, וועלכער איז געשטאַנען בעראָש פֿון דער אויסשפּיר־פֿאַרוואַלטונג פֿונעם גענעראַל־שטאַב פֿון דער רויטער אַרמיי. אָט וואָס עס דערמאָנט זיך וועגן דעם טרעפּער:

„פֿאַר מיר האָבן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג די שמועסן מיט בערזינען, ווען ער האָט אַף אַ קורצער צײַט זיך אומגעקערט פֿון שפּאַניע אין דער אויסשפּיר־פֿאַרוואַלטונג. ער האָט געהאַלטן, אַז מיט דער פֿאַרשטאַרקונג פֿונעם נאַציזם אין דײַטשלאַנד וועט, מעגלעך, אויסברעכן אַ מילכאָמע. אין יעדן פֿון די לענדער, וואָס קאָנען ווערן אָקופּירט, דאַרף מען שאַפֿן גרופּעס פֿון אידייִשע מענטשן, וועלכע האָבן אַ מיליטערישע צוגרייטונג פֿון פּראָפֿעסיאָנעלע אויסשפּירער און זײַנען פֿאַרהאַרטעוועט אידייִש, דער געוויינלעכער באַגריף וועגן שפּיאָנען גייט דאָ ניט אונטער. מע האָט צו טאָן מיט אידייִשע, איבערצײַגטע מענטשן, מיט וועלכע עס פֿירן אָן קאָמוניסטן, און אַלע נעמען צוזאַמען אָן אָנטייל אינעם אַלגעמיינעם קאַמף פֿון די קעגנער פֿונעם נאַציזם..."

יאַן קאַרלאָוויטש בערזין איז געוואָרן דער „טויף־פֿאָטער" פֿון דער אַנטיפֿאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע „רויטער אָרקעסטער", וועלכע איז געשאַפֿן געוואָרן אין פֿאַרשיידענע לענדער פֿון אייראָפּע ערעוו דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. אָבער דאָס לעבן האָט אַזוי פֿאַראָרדנט, אַז ס'איז אים ניט געלונגען צו רעאַליזירן זײַנע פּלענער ביזן סאָף. אין נאָיאַבער 1937 האָט מען אים אַרעסטירט, און נאָך שוידערלעכע פּײַניקונגען און פֿאַרהערן האָבן אים די בעריאַ־טאַליאַנים דערמאָרדעט דעם 28 יול 1938.

וועגן דעם שרעקלעכן גוירל פֿונעם „אַלטן" (אַזוי האָט מען גערופֿן יאַ. ק. בערזינען אין דער אויסשפּיר־פֿאַרוואַלטונג) האָט לעאָפּאָלד טרעפּער זיך דערוווּסט בלויז אין פֿיל יאָרן אַרום, נאָך דער מילכאָמע, ווען ער אַליין איז געוואָרן אַ קאָרבן פֿונעם ווילקיר. אין 1937 האָט מען אים צוגעייגנט דעם טיטל „פֿאָלקאָווניק" און מיט דאָקומענטן אַפֿן נאָמען פֿון אַדאַם מיקלער, אַ קאַנאַדער קאָמערסאַנט פֿון פּוילישן אָפּשטאַם, איז ער אַרויסגעפֿאָרן קיין בריסעל, קעדיי שאַפֿן דאָרט אַן אומלעגאַלע גרופּע אויסשפּירער־אַנטיפֿאַשיסטן.

נאָך דער מילכאָמע, האָט לעאָפּאָלד טרעפּער אַזוי דערציילט וועגן זײַנע ערשטע שריט איבער דער בעלגישער ערד:

„לעאָ גראָספֿאָגעל איז געווען יענער מענטש, מיט וועלכן איך האָב פֿאַנאַנדערגעאַרבעט אַלע פּלענער. ווען איך בין געקומען קיין בעלגיע, קעדיי אָרגאַניזירן די גרופּע, האָבן מיר מיט אים אָנגעהויבן זוכן צוגענגלעכע פֿאַר אונדז מענטשן. דער

ערשטער איז געווען א כאווער, וועלכן מיר האָבן געגעבן דעם צונאָמען „באַב", און די עמעסע פאַמיליע זײַנע איז געווען הערמאַן איזבוצקי. בעל־גיער, אַן ארבעטער, א שטארק איניציאַטיווער מענטש. אין די יאָרן 1937—1939 האָט ער אונדז געהאָלפן צו שאַפן די נעץ. קוואַרטירעס, פארבינדונגען — וועגן דעם האָט ער געדאַרפט זאָרגן. מיר האָבן זיך געניטיקט אין א מענטשן, וועלכער האָט געקאָנט פרײַ ארומפאָרן איבער בעלגיע. האָבן מיר איזבוצקין אראָפּגענומען פון דער ארבעט, געמאַכט פון אים א קאָמיוואָיאַזשאָר. אויף א מאָטאָציקל מיט סכוירע איז ער ארומגעפאָרן איבערן לאַנד, פארקויפט פארשיידענע שטוב־זאַכן. אינטער אזא צודעק האָט ער געארבעט. אכוץ דעם, האָט ער גלענצנדיק געוווּסט מענטשן. ווען ס'איז אופגעשווומען די פראגע וועגן דער צוגרייטונג פון שעליכים, וועלכע זײַנען געקומען פונעם צענטער, האָט די גאַנצע אזויגערופענע „שווארצע" ארבעט — אָפּזוכן דירעס, לעגאַליזירן די געקומענע אאַוו. — גענומען אויף זיך „באַב".

לעאָ גראָספאָגעל, וועלכן לעאָפּאָלד טרעפּער האָט אויבן דערמאָנט, איז געווען זײַן אַלטער כאַווער, אַן אויסגעפּרוווטער אין דער אונטערערדישער ארבעט, אַן איבערצײַגטער און שטאַנדהאַפטיקער קאָמוניסט. אָט פאַרוואָס טרעפּער האָט אים גענומען פאַר זײַן שטעלפאַרטרעטער, פולשטענדיק אים אָנגעטרויט און קיינמאָל שפּעטער ניט כאַראָטע געהאַט וועגן דעם.

א מיטגליד פון זייער גרופּע איז געוואָרן סאָפיא פאָזנאַנסקא, א געבוירענע אין אַן אַלטער פוילישער אריסטאָקראַטישער מישפּאָכע, א שיפּראָוואָלשטשיצע און ראַדיסטקע. פון שפּאַניע איז געקומען צו פאָרן דער געוועזענער סאָוועטישער פּליער מיכאַיל מאַקאַראָוו — קאַרלאָס אַדאַמאָ — אויך א שיפּראָוואָלשטשיק און ראַדיסט.

קעדיי מאַסקירן די טעטיקײַט פון די אונטערערדלער, האָט לעאָפּאָלד טרעפּערן זיך אײַנגעגעבן מיטן וועג פון פּאַשעטע מאַניפּוליאַציעס און אונטערהאַנדלונגען מיט די אַרטיקע קאָמערסאַנטן און מאַכט־אָרגאַנען עפענען אין בריסעל א פיליאַל פון דער פירמע „ריו דע קאַוטשוק" — צו רעאַליזירן גומי־רעגנמאַנטלען, וועלכע זײַנען פּראָדוצירט געוואָרן אין קאָפּענהאַגן. בעראָש פון אָט דער פירמע איז געשטאַנען זשיול גאַספּאַר, א מענטש, וואָס האָט קיין שום כשאַד ניט געהאַט וועגן דער ווירקלעכער טעטיקײַט פון זײַן אַנשטאַלט, זײַן ערשטער געהילף און קאָמערץ־דירעקטאָר איז געווען לעאָ גראָספאָגעל.

אין סאָף 1938 איז קיין בריסעל געקומען מאַדאַם מיקלער — ליובע ברוידע, צוזאַמען מיטן אַנדערהאַלבניאָריקן זון עדגאַר, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע. דער עלטערער — מישע איז געבליבן ווינען און לערנען אינעם הינטערמאָסקווער אינטערנאַט מאָנינאָ.

קורץ פאַר איר אָפּפאָר פון מאָסקווע האָט מען ל. יע. ברוידע ארויסגערופן אויף לוביאַנקע, ווי אַן איידעס איבער דעם איניען פון אירער אַן ארעסטירטער כאַווערטע. טראַכטנדיק, וואָס עס קאָן דאָרט זײַן מיט איר, האָט זי זיך געקליבן אהין מיט אירע זאַכן — גענומען וועש, זייף, א ציינבערשטל. ארויסגערופן האָט מען זי צו 23 אזייגער און פאַרהאַלטן א גאַנצע נאַכט, געפּאַדערט, זי זאָל געבן די נייטיקע פּאַר זיי באַווײַזן. זי האָט אָבער געזאָגט, אז זי קען גוט די כאַווערטע, קיין שום פּאַרדעכטיקס האָט זי בא איר ניט באַמערקט. זי אַליין איז א מיטגליד פון דער פראַנצויזישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קלײַבט זיך ארויספאָרן פון פססר. ניט דערשלאָגנדיק זיך גאַרנישט, האָט דער אויספאָרשער זי אָפּגעפירט צו זײַן שעף, א מאַיאָר. יענער האָט אויך לאַנג אײַנגערעדט די פּאַרמאַטערטע פון דעם באַנאַכטיקן פאַרהער פרוי, און שוין אינדערפרי האָט ער געזאָגט: „גיט אהער אײַער דורכלאָז־שײַן". אונטערשרײַבנדיק זי, האָט ער צוגעגעבן: „מיר זײַנען אומצופרידן מיט אײַך"...

אין בריסעל האָט ליובע ברוידע מיט אומרו דערציילט איר מאַן וועגן די ארעסטן, וועגן דעם, אז עס ווערן פאַרשווונדן א סאַך באַקאַנטע און פרײַנט זייערע, וועגן די גרויסע געריכט־פּראָצעסן איבער די „סאָנים פונעם פאָלק". דאָס אַלץ איז געווען אומגעהייער ווילד צו הערן, אין דעם האָט זיך ניט געגלייבט, דער סייכל האָט עס ניט אופגענומען. אויסהערנדיק זײַן פרוי, האָט לעאָפּאָלד טרעפּער געזאָגט: „אויב א מאַמע באַשטראָפט איר קינד אומגערעכטיק, בלײַבט זי דען נאָך דעם ניט קיין מאַמע?"

דעם 2 סענטיאַבער 1939 איז דאָס היטלער־דײַטשלאַנד אָנגעפאַלן אויף פוילן. דעם 3 סענטיאַבער האָבן דערקלערט א מילכאָמע דײַטשלאַנד ענגלאַנד און פראַנקרײַך. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צווייטע וועלט־מילכאָמע.

דאָס פוילישע פאָלק האָט געשטעלט א מוטיקן ווידערשטאַנד די אָקופּאַנטן, אָבער די קויכעס זײַנען געווען זייער ניט קיין גלײַכע. שווערע געפילן האָט איבערגעלעבט אין יענע טעג לעאָפּאָלד טרעפּער, לייענענדיק די מיטיילונגען וועגן דעם, וויאַזוי די היטלערישע סאָלדאַטן באַלעבאַטעווען אויף זײַן היימישער ערד. וואָס האָט ער אָבער געקאָנט טאָן? ער האָט געדאַרפט אויספילן זײַן פליכט ווי א סאָלדאַט פון דעם אומזעבאַרן פראָנט אין בעלגיע, אינעם לאַנד, וואָס האָט אויך געלעבט אונטער דער געפאַר פון א פאַשיסטישער אגרעסיע.

אין מאַרט 1939 איז אָקופּירט געוואָרן טשעכאָסלאָוואַקיע. אין אַפּרעל 1940 האָבן די היטלער־סאָלדאַטן זיך ארײַנגעריסן אין דענעמאַרק און נאָרוועגיע, און אין מײַ פון דעם זעלבן יאָר זײַנען זיי ארײַן אין בעלגיע, האָלאַנד און ליוקסעמבורג. ס'איז געקומען די ריי פון פראַנקרײַך...

„ווען די דײַטשן האָבן אָט־אָט זיך געדאַרפט באַווײַזן אין בריסעל, — האָט זיך שפּעטער דער־מאָנט „מאַדאַם מיקלער" (ל. יע. ברווידע), — זײַ־נען מיר שוין געווען אױף דער וואַך... מיר האָבן פאַרפריִער זיך דערעדט, אַז אויב ס׳וועט עפּעס געשען, וועלן מיר אַוועק דורך דער הינטערשטער טיר פון אונדזער הויז. אין דעם זעלבן טאָג איז מײַן מאַן אַוועק צו גראַספּאַגעלן, וועלכער האָט געוווינט ניט ווײַט פון אונדז אינעם הויז, ווו ס׳איז געווען זײַן קראָם.

מע האָט אָנגעקלונגען אין דער טיר, די דינסט האָט געעפנט, און עס זײַנען אַרײַן צוויי זשאַנדאַר־מען און איינער אַ ציווילער. איך בין געווען באַאומ־רויִקט מיט דעם, וואָס מײַן מאַן האָט אָט־אָט גע־דאַרפט זיך אומקערן, און געזאָגט דער דינסט, אַז זי זאָל אַרויס דורך דער הינטערשטער טיר צו די גראַספּאַגעלס און וואָרענען דעם מאַן, אַז ער זאָל ביז דעם סיגנאַל ניט קומען.

די פּאָליציאַנטן האָבן געזאָגט, אַז מיר דאַרפן נעמען אונדזערע זאַכן און גיין מיט זיי. עס איז געגאַנגען אַ רייד וועגן אינטערנירן... „איר זײַט אויסלענדער, געלעבט אױף דער דײַטשישער טעריטאָ־ריע און דעריבער דאַרפט איר אינטערנירט ווערן", — האָבן זיי דערקלערט.

איך האָב אָנגעהויבן העפלעך צו ריידן מיט זיי. ס׳איז, זעט איר, עפּעס אַ מיספאַרשטייעניש, מיר זײַנען בירגער פון קאַנאַדע. קיינמאָל האָבן מיר ניט געהאַט קיין שײַכעס צו דײַטשלאַנד, געבוירע־נע אין פּוילן.

דער ציווילער האָט געזאָגט, אַז ער וועט גיין ראַפּאָרטירן וועגן דעם נאַטשאַלסטווע. באַלד ווי זיי זײַנען אַוועק, בין איך אַרײַן צו די גראַספּאַגעלס און וועגן אַלץ דערציילט. מיר זײַנען גלײַך אַוועק־געפאָרן אױף אַן אַנדער קוואַרטיר, וואָס איז צוגע־גרייט געוואָרן פון פריִער..."

דעם 22 יוני 1940 האָט פּעטענס רעגירונג אונטערגעשריבן אין קאָמפּיען די קאַפּיטולאַציע, לויט די באַדינגען פון וועלכער ס׳איז אָקופּירט גע־וואָרן אַ גרעסערער טייל פונעם לאַנד. די גאַנצע עקאָנאָמיק איז געשטעלט געוואָרן צו דינסט דעם רײַך. אין דער ניט־אָקופּירטער זאָנע האָט גענומען די מאַכט אַ פאַשיסטישער רעזשים. הונדערטער טויזנטער פראַנצויזן זײַנען מיט צוואַנגס־מיטלען אָפּגעשיקט געוואָרן אױף קאַטאָרזשנע אַרבעטן קיין דײַטשלאַנד.

דער וואָפנשטילשטאַנד, וואָס איז אונטערגע־שריבן געוואָרן אין יוני 1940, האָט פאָרויסגעזען די עקזיסטענץ פון אַן „אומאָפּהענגיקער פראַנצויזי־שער רעגירונג" פון פּעטענען אין דער ניט־אָקו־פּירטער זאָנע פון פראַנקרײַך. די רעגירונג, וואָס האָט זיך געפונען אין ווישי, האָבן אָנערקענט אַלע אויסלענדישע מעלוכעס, עס זײַנען אַקרעדיטירט געוואָרן אַמבאַסאַדאָרן פון פשא, פססר און וואַ־טיקאַן.

„אַדאַם מיקלער" — לעאָפּאָלד טרעפּער האָט פאַרשטאַנען, אַז בלויז אַלפי נעס האָט ער זיך געראַטעוועט פון אַן אַרעסט, ווײַל צוזאַמען מיט די פּאָליציאַנטן האָבן געקאָנט זיך באַטייליקן אינעם קאָנטראָל אויך ענגלענדער, וועלכע זײַנען אַרײַן אין בעלגיע ערעוו דער דײַטשישער אינוואַזיע. ער האָט ניט געקענט די ענגלישע שפּראַך, אָבער לויט די דאָקומענטן זיך גערעכנט פאַר אַ קאַנאַדער בירגער... טרעפּער דערמאָנט זיך:

„דעמלט האָבן מיר נאָך קאָנטאַקטירט מיט דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע. כ׳האָב אַהין אַרײַ־בערגעפירט דאָס ווײַב מיטן קינד, וואָס איז דעמלט שוין אַלט געווען דרײַ יאָר. איבער אַ טאָג זײַנען געקומען די דײַטשן, צו אָט דער צײַט זײַנען שוין גרייט געווען באַ אונדז דאָקומענטן. איך בין גע־וואָרן אַ בעלגיער — זשאַן זשילבער.

אַפּטרעטנדיק, האָבן די ענגלענדער אויפגע־ריסן נאָך זיך אַלץ, קעדיי פאַרהאַלטן די דײַטשן. אין בריסעל זײַנען פאַראַן אַ סך קאַנאַלן, וועלכע אַ מענטש קאָן לײַכט איבערשפּאַנען, עס קאָן דורכ־גיין אַ טאַנק, אָבער די בריקן מיט די אַרומיקע הײַזער זײַנען אויפגעריסן געוואָרן.

אינדערפרי בין איך אַרויס אױף דער גאַס. באַם ברעג איז געשטאַנען אַ פּאַראַם, אױף וועלכן מע האָט אַריבערגעפירט בלויז דײַטשן. איך באַגעגן זייערן אַ לייטענאַנט: „כײַל היטלער! סאָפקאָלסאָף זײַט איר געקומען. איך בין אַ פלעמער, זיך אויס־באַהאַלטן אױף אָט דער זײַט, איך בעט העלפן מיר זיך אומקערן צוריק..." דער לייטענאַנט איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט געפונען אַ גוטן פרײַנט. ער האָט מיך אַריבערגעפירט מיטן פּאַראַם אױף דער אַנדערער זײַט, ווו ס׳האָט געוווינט „קענט".

עס איז געווען פיר אַזייגער אינדערפרי. פון זײַן קוואַרטיר האָבן מיר אָפּגעשיקט די ערשטע שיפרי־רונגען וועגן דעם, אַז בריסעל האָבן פאַרנומען די דײַטשן. די פאַרבינדונג מיט מאָסקווע איז געגאַנ־גען דורך קורירן.

די עמעסע אויסשפּיר־אַרבעט האָט זיך אָנגע־הויבן פון די טעג, ווען די דײַטשן האָבן פאַרכאַפּט בעלגיע. די ערשטע צײַט איז בעלגיע געווען דער הויפּט־אָביעקט און אונדז האָט אין אַ געוויסער מאָס צוגעשפּילט דאָס גליק. מיר האָבן באַקומען אַ פאַרגעבונג צו גיין מיט די ערשטע אַטריאַדן פון דער דײַטשישער אַרמיי קיין פּאַריז, קעדיי זען די וואָרמאַכט אין אירע האַנדלונגען. אין יענער צײַט זײַנען אין אייראָפּע, ווי אויך באַ אונדז, אַרומגעגאַן פאַרשיידענע לעגענדעס וועגן דעם, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר די דײַטשישע אַרמיי. האַגאַם איך בין געווען אַ פּראָפאַן אין מיליטערישן איניען, דאָך האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַ־טײַט..."

דער אויבנדערמאָנטער „קענט" (דער צונאָמען איז אים געגעבן געוואָרן אין דער אויסשפּיר־פאַר־

וואַלטונג) — וויקטאָר סוקאָלאָוו איז געקומען קיין בריסעל אין יולי 1939. ביז דער היטלער־אָקופּאַציע פון בעלגיע האָט ער זיך גערעכנט פאר א סטודענט פונעם בריסעלער אוניווערסיטעט און אויסגעפילט אין לעאָפּאָלד טרעפּערס גרופּע די פליכטן פון א שיפראָוואַלשטשיק.

נאָך דער אָקופּאַציע פון בעלגיע האָבן די דייַטשן ליקווידירט די פירמע „ריו דע קאַוטשוק", פארכאַפּט איר אייגנטום, און דעריבער האָט זשאַן זשילבער געשאַפן אן אנדער פירמע, קעדיי מאַסקירן די טעטיקייַט פון די אויסשפּירער־אַנטיפאַשיסטן. אין בריסעל האָט זי געהייסן „סימעקס קאָ", אין פּאַריזש — „סימעקס".

דער דירעקטאָר פון דער בעלגישער פירמע „סימעקס קאָ" איז געוואָרן נאַזאַרין דריילי, אן אומפּאַרטייישער מענטש, אָבער ער איז געווען געטרייַ די קאָמוניסטן און דעם סאָוועטנפארבאַנד. „קענט" איז געווען דער גענעראַלער אַדמיניסטראַטאָר.

לעאָפּאָלד טרעפּער — „זשאַן זשילבער", וועלכער האָט זומער 1940 זיך אריבערגעצויגן קיין פּאַריזש, — פארברייטערט צוזאַמען מיט זייַנע כאַווערים, שוין אין די באַדינגונגען פון דער זיך־אָנגעהויבענער צווייטער וועלט־מילכאָמע, די טעטיקייַט פון זייַן אָרגאַניזאַציע. אין איר זייַנען אריין דער פּאַריזשער דירעקטאָר פון „סימעקס" אַלפרעד קאָרבין, א מוטיקער אַנטיפאַשיסט, פאַקטיש דער באַלעבאָס פון דער גאַנצער פירמע, דער אָנפירער פון דער גרופּע זשאַן זשילבער און זייַן ערשטער געהילף און שטעלפארטרעטער „אַנדרע" — לעאָ גראָספּאָגעל.

אינעם קאַמף קעגן די נאַציסטן האָבן אָנטייל־גענומען פארשיידענע מענטשן, פון סאַמע פארשיידענע שיכטן פון דער געזעלשאַפט.

„סיוזאַנע ספּאַאַק — דאָס ווייַב פונעם ברודער פון דעם בעלגישן פּרעמיער־מיניסטער — שטאַמט פון אן אַריסטאָקראַטישער מישפּאָכע, — האָט דערציילט לעאָפּאָלד טרעפּער, — אָבער וואָס פאר א פרוי דאָס איז געווען! א מוטער פון צוויי קינדער (א מיידעלע פון 14 יאָר און א ייִנגעלע פון 10 יאָר). ביז דעם, ווי זי האָט אָנגעהויבן ארבעטן בא מיר, האָט זי געשאַפן אין פראַנקרייַך א נעץ, מיט דער הילף פון וועלכער זי האָט געראַטעוועט ארום צוויי טויזנט ייִדישע קינדער. אַליין, ניט זייַענדיק קיין ייִדישקע, לויטן רוף פון איר האַרץ. זי האָט אריבערגעשיקט די געראַטעוועטע קינדער צו פּויערים, אין מאָנאַסטירן".

דאָס פּאָרפּאָלק מירע און הערש סאָקאָל, געבוירענע אין מייַרעוו־ווייַסרוסלאַנד, זייַנען אַנומלטן געקומען אין דער סאָוועטישער אַמבאַסאַדע אויספאָרעמען דאָקומענטן, קעדיי זיך אומקערן אין סאָוועטנפארבאַנד, אין זייער היימלאַנד. דער מיליטערישער אַטאַשע גענעראַל סוסלאָפּאַראָוו האָט זיי אייַנגערעדט פארבלייַבן אין פראַנקרייַך, קעדיי אָנטיילנעמען אינעם אַנטיפאַשיסטישן קאַמף. זיי זייַנען געוואָרן ראַדיסטן אין דער גרופּע „אָטאָ" (לעאָפּאָלד טרעפּערס צונאָמען אינעם צענטער).

נאָך איין געטרייַער פרייַנט און אַלטער כאַווער לויט דער געמיינזאַמער ארבעט אין פּאַלעסטינע און פראַנקרייַך — הילעל קאַץ האָט אָנטיילגענומען אין דער טעטיקייַט פון די אַנטיפאַשיסטן־אויסשפּירער.

לעאָפּאָלד טרעפּער דערמאָנט זיך:

„די ארבעט אין פראַנקרייַך האָט באַדייַטנדיק זיך פארברייטערט. קוואַלן זייַנען צוגעקומען, מיר האָבן באַקומען אויסערסט וויכטיקע מאַטעריאַלן פון פראַנקרייַך, בעלגיע און פון דייַטשלאַנד גופא. מיר האָבן געהאַט יעדיעס אומיטלבאַר פונעם שטאַב פון דער דייַטשישער אַרמיי אין פראַנקרייַך, דערנאָך דורך קעט פּאָלקנער, וועלכע האָט געארבעט אין די מיליטערישע רעזערוון פונעם ווערמאַכט. זי האָט געהאַט א פּאַראַלעגמיינערטן מאַטעריאַל וועגן דער לאַגע אין דייַטשלאַנד. אין אונדזער ארבעט האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט דער ברודער און די שוועסטער וואַסילי און אַנאַ מאַקסימאָוויטש, קינדער פון א רוסישן גענעראַל, וואָס איז דער ערשטער אריינגעטראָטן, בעראָש פון זייַן אַרמיי, אין פּרייַסן אינעם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. דעם באַראָן מאַקסימאָוויטשעס געזינד האָט געלעבט אין פּאַריזש. וואַסילי איז שוין פון לאַנג געווען נאָענט צו די קאָמוניסטן, אָנטיילגענומען אין די שפּאַנישע שלאַכטן. די שוועסטער אַנאַ האָט געשאַפן א שפּיטאָל פאר די פארוווּנדעטע שפּאַנישע קעמפער. די פראַנצויזן האָבן ארעסטירט וואַסילין, די דייַטשן האָבן אים באַפרייַט, און פון דעמלט אָן האָט מען געלייגט אויף אים אַכט — א באַראָן, א זון פון א ווייַסגוואַרדייישן גענעראַל! אויף אַזאַ אופן האָט זיך אָנגעהויבן זייַן פרייַנטשאַפט מיט די דייַטשן, וועלכע האָבן פארנומען וויכטיקע שטעלעס. שפּעטער האָט ער לויט אונדזער פאָרגעבונג כאַסענע געהאַט מיט דער סעקרעטאַרשע פונעם דייַטשישן אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרייַך אַבעץ. וואַסיליס „קאַלע" איז געווען א נאָענטע קרויווע פונעם גענעראַל פּפעפער. ער האָט אונטערגעשריבן דעם וואָפנשטילשטאַנד מיט פראַנקרייַך נאָך איר מאַפּאָלע אין יוני 1940. וואַסילי מאַקסימאָוויטש איז אריינגעפאַלן אין דער סאַמע געדיכטעניש פון אָט די אַלע ענייָאָנים. דאָס, וואָס עס איז באַוווּסט געוואָרן פון אים און פון זייַן שוועסטער, האָט געהאַט פאר אונדז זייער א וויכטיקע באַדייַטונג. עס וואָלטן זיך געפאָדערט צענדליקער אַגענטן, קעדיי באַקומען אַזאַ אינפאָרמאַציע".

די אינפאָרמאַציע איז באַקומען געוואָרן פון טאָדטס אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט געשאַפן אן אַטלאַנטישן שוצוואַל אויפן ברעגלאַנד, פון די אייַזנבאַנער, וואָס האָבן איבערגעפירט דייַטשישע עשעלאָנען, פון פּאָליטישע און געשעפטס־קרייַזן. און,

פארשטייט זיך, די פירמע „סימעקס“ איבער עקס־פּאָרט און אימפּאָרט פון סכוירעס איז אויך ניט געזעסן מיט פארלייגטע הענט, אירע אגענטן זײַנען ארומגעפאָרן איבערן גאנצן לאנד, ארויסגעפאָרן קיין בעלגיע, האָלאנד, אפילע (נאָכן אָנהייב פון דער סאָוועטיש־דײַטשישער מילכאָמע) אפן מיזרעך־פראָנט.

אָנרופן דאָ אלע נעמען איז פּאָשעט אומעג־לעך, אינעם קאמף קעגן דעם נאצי־רעזשים האָבן זיך באטייליקט צענדליקער, הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן אפילע ניט געוווּסט, אז זיי האָבן א שײַכעס צו דער טעטיקײַט פון דער סאָוועטישער אויסשפּירונג. לעאָפּאָלד טרעפּער האָט מיט פולן גרונט באשטעטיקט: „מיר אלע זײַנען געווען סאָל־דאטן פון דער רויטער ארמיי, וועלכע האָט גע־קעמפט מיט געווער אין די הענט קעגן דעם סוינע אַף די פראָנטן. מיר זײַנען געווען סאָלדאטן פון דער איינהײַטלעכער ארמיי אינעם קאמף מיטן נא־ציזם...“

זײַענדיק אויווער אלע שטרענגע קלאָלים פון קאָנספּיראציע, איז לעאָפּאָלד טרעפּער געקומען דעם 21 יוּן 1941 קיין ווישי און זיך גע׳יאוועט אַף דער קווארטיר פונעם סאָוועטישן מיליטערישן אטאשע סוסלאָפּאראָוו. דער גענעראל האָט אים אויפגענומען אין א שטוב־כאלאט און אים באשאָטן מיט פאָרוואורפן: „ווי־אזוי האָט ער געוואגט קומען אהער? דעם דאָזיקן וויזיט וועט דאָך באמערקן די פּאָליציי, וועגן דעם וועט מען זיך דערוויסן אין דער געסטאפּאָ!“ אָבער לעאָפּאָלד טרעפּער האָט אקשאָנעסדיק געהאלטן אין איין איבערכאזערן: „מאָרגן, דעם 22־טן יוּן וועלן די דײַטשן אָנפאלן אַפן סאָוועטנפארבאנד! מאָרגן וועט זיך אָנהייבן א מיל־כאָמע קעגן פּסרר!“ ניט לײַכט, אָבער פונדעסט־וועגן האָט זיך אים אײַנגעגעבן איבערצײַגן דעם אופגעלייגט געשטימטן גענעראל, אז מע דארף טייקעף מיטיילן אין מאָסקווע וועגן דעם זיך־גרייטנדיקן אָנפאל מיצאד דעם היטלער־דײַטשלאנד... דער סאָוועטישער אויסשפּירער זשאן זשילבער איז אוועקגעפאָרן קיין פּאריזש בלויז נאָך דעם, ווי די אליארמירנדיקע טעלעגראמע איז אָפּגעשיקט געוואָרן אין צענטער.

נאָכן אָנפאל פונעם היטלער־דײַטשלאנד אַף דעם סאָוועטנפארבאנד האָט זיך אָנגעהויבן א נײַער, דער סאמע שווערער עטאפּ אין דער טעטי־קײַט פון די אנטיפאשיסטן. די קוריער־פארבינדונג מיטן צענטער איז קימאט אינגאנצן צעשטערט געוואָרן, און די צונויפגעזאמלטע אינפאָרמאציע האָט מען געקאָנט איבערגעבן בלויז דורך ראדיאָ. אינעם עפיר זײַנען ארויס די „פּיאניסטן“ פונעם „רויטן אָרקעסטער“, און די מעכטיקע סימפאָניע פון די סאָנים פונעם דריטן רײַך האָט זיך א טראָג געטאָן פון די סאמע פארשיידענע לענדער פון אייראָפּע, ארײַנטראָגנדיק א צושטײַער אינעם קינפטיקן ניצאָכן.

דעם 24 יוּן, 1941, 3 אזייגער מיט 58 מינוט האָט די סטאנציע פון ראדיאָ־איבערכאפּער אין דער שטאָט קראנץ, ניט ווײַט פון קעניגסבערג, צום ערשטן מאָל פארפעלענגירט די סיגנאלן פון אן אומבאוווּסטער ראציע, וועלכע האָט געפירט אאודיציעס פון בערלין. נאָכן סאָף פון דער טראנס־לירונג האָט דער „פּיאניסט“ באקומען א „קוויטאנ־ציע“ פון מאָסקווע. אין אלע שיפראָוועקס, וועלכע די אמטן פונעם אבווער האָבן פארפעלענגירט, זײַ־נען געווען איינע און די זעלבע רוף־סיגנאלן: „פּטכ... פּטכ...“ ביז סענטיאבער 1941 זײַנען אזעלכע ראַ־דיאָגראמעס, וועלכע זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן פון בערלין און בריסעל, געווען ביז 250.

די מיטיילונג וועגן די ראדיאָ־איבערגעבער, וועלכע ארבעטן אין סאמע הארץ פונעם פאשיסטישן דריטן רײַך און גיבן איבער שיפראָוועקס אין דער הויפּט־שטאָט פון פּסר, האָט ארײַנגעבראכט אין רעציכע די פאשיסטישע דינסטן. לויט היט־לערס אָנווײַזונג, איז געשאפן געוואָרן א ספּעציעלע גרופּע אַף צו קאָאָרדינירן די האנדלונגען פונעם אבווער, עס־דע און געסטאפּאָ, וועלכער מע האָט באופטראָגט צו פירן א געיעג נאָך די אומבאוווּסטע „פּיאניסטן“. שפּעטער, אין מארט 1942, איז פון דער דאָזיקער גרופּע אנטשטאנען א זאָנדערקאָ־מאנדע מיטן נאָמען „די ראָטע קאפּעלע“.

די ווײַטערדיקע געשעענישן זײַנען ענלעך אַף עפּיזאָדן פון א שפּאנענדיקן ראָמאן, אין וועלכן ס׳ווערט אָפּגעשפּיגלט דער טויט־געפעכט צווישן דער „רויטער קאפּעלע“ און דער פאשיסטישער קאָנטער־אויסשפּירונג. אַף וויפל „סאָוועטיש היימ־לאנד“ קלײַבט זיך פארעפנטלעכן דעם טייל פון לייב דאָמבס זיכרוינעס, וואָס נעמט ארום די דאָ־זיקע פארכאפּנדיקע עפּאָפּיי, וועל איך אין אָט דעם ארײַנפיר־ארטיקל זיך באנוגענען מיטן איבער־דערציילן די ערשטע קאפּיטלען פון די זיכרוינעס (ארויסגעגעבן אין א בוך־פאָרם אין פּאריזש אַף פראנצויזיש און אין מײַרעוו־דײַטשלאנד אַף דײַ־טשיש אונטערן נאָמען „די גרויסע שפּיל“ אין 1975 און אין ירושאָלאַיִם אַף ייִדיש אין 1978 אונטערן נאָמען „די רויטע קאפּעלע“ אין דער אווטאָריזיר־טער איבערזעצונג פון מאקס מעלמאן).

צום שלוס איז אָבער נייטיק ווידער זיך אומ־קערן צו די פארשריבענע שמועסן, וועלכע ס׳האָט געהאט מיט טרעפּערן־דאָמבן דער סאָוועטישער שרײַבער יורי קאָראָלקאָוו, קעדיי צוגאָבלער, קאָן זײַן,ווארפן א שײַן אַף די לעצטע טראגישע גע־שעענישן.

„אין 1945 זײַנען מיר פיל זאכן ניט געווען אַף אזוי קלאָר, — האָט ער שפּעטער דערציילט. — אומקערנדיק זיך נאָך דער מילכאָמע צוריק קיין

מאָסקווע, האָב איך געהאַט א געפיל, אז איך האָב געטאָן דאָס מאקסימאַל מעגלעכע, וואָס א מענטש קאָן טאָן אינעם קאמף קעגן דעם פאשיזם. צום באדויערן, האָב איך ניט געוווּסט, אז פאר די מילכאָמע־יאָרן איז דער סטאַליניזם געוואָרן נאָך ערגער... מע האָט זיך אָפּגערעכנט פאר דער פאַרגאַנגענהייט. ספּעציעל איז געפונען געוואָרן א מעגלעכקייט זיך אָפּרעכענען מיט די פאַרשטייער פון דער מיליטערישער אויספּשפירונג. אין עטלעכע כאָדאָשים ארום נאָך מיין ארעסט אין מאָסקווע האָט די דאָזיקע מענטשן געדארפט זיין קלאָר, אז זיי האָבן ניט קיין רעכט צו באשולדיקן מיך אין פאראַט... זיי האָבן אָבער געהאַט צופיל מאכט".

מיט „אָטאָס" הילף האָט די סאָוועטישע קאָנטער־אויסשפּירונג ארויסגענארט און ארעסטירט וויקטאָר סוקולאָוון („קענטן"), ווי אויך דעם געוועזענעם שעף פון דער זאָנדערקאָמאנדע היינץ פאַנוויץ, איינעם פון די טאַליאָנים פון דער „רויטער קאַפעלע". מע האָט זיי געבראַכט קיין מאָסקווע, און זיי זיינען אריינגעזעצט געוואָרן אין טורמע פונקט אזוי, ווי ער, לעאָפּאָלד טרעפּער.

די פּרעזומפּציע פון דער „שולד" איז געווען שטארקער פונעם עמעס, און דער אָנגעזעענער סאָוועטישער אויספּשפירער־קאָמוניסט איז קימאַט צען יאָר אָפּגעזעסן אין שטיינערנעם זאַק פון אן איינצלקאמער אין דער לעפאָרטאָווער מיליטערישער טורמע. און פונקט אזויפיל זיינען אָפּגעזעסן אין טורמע דער מענטש, וואָס האָט פאראַטן, און דער טאַליען...

אין דער ספּראַווקע, וועלכע מע האָט אים געגעבן נאָך דער באפרייונג, איז געזאָגט:

„דעם איניען וועגן דער באשולדיקונג פון טרעפּערן לעאָפּאָלד זאַכאַראָוויטש האָט די מיליטערישע קאָלעגיע פונעם אויבער־געריכט פון פססר איבערגעקוקט דעם 26 מיי 1945.

די באשטימונגען פון דער ספּעציעלער באראַטונג פארן 18 יאנואר 1947 און פארן 9 יאנואר 1952 בענעגייע טרעפּערן ל. ז. זיינען אָפּגעשאַפן געוואָרן און מאכמעס דער אָפּוועזנהייט פונעם באַשטאַנד פון פארברעכן איז דער איניען אָפּגעשטעלט".

אין לאָסינקע, הינטער מאָסקווע, האָט אים באגעגנט זיין פרוי ל. יע. ברוידע און די אונטערגעוואקסענע פאר די יאָרן פון דערוואַרטונג זין מיכאַיל, עדגאר און פּיאָטער. שפּעטער האָבן זיי דערציילט: „דער פאָטער האָט ניט געקאָנט גיין, ער איז געווען זייער שוואך. אינגאַנצן האָט ער געהאַט א גרוי־ערדישן קאָליר, ווי פּערגאַמענט..."

נאָך לאַנגע דיסקוסיעס האָבן זיי באשלאָסן זיך אומקערן קיין פּוילן.

לעאָפּאָלד טרעפּער האָט זיך אומגעקערט אויף דער ערד, וועלכע ער האָט פארלאָזט, זייענדיק נאָך יונג. ער האָט דאָרט ניט געטראָפן זיינע נאָענטע — זיין מוטער, די שוועסטער, די קרויווים — 48 מענטשן זיינען געוואָרן קאָרבאָנעס פונעם נאציסטישן גענאָציד, אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון טרעבלינקע און אָשווענטשים. צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יידן, פּאָליאקן, סאָוועטישע סאָלדאַטן האָבן באגיטיקט די פּוילישע ערד מיטן אַש און בלוט לעשעם דעם ניצאָכן, לעשעם דעם ווידערגעבורט פונעם לאַנד.

לויטן אויפטראַג פונעם צק פון דער פּוילישער פאראייניקטער ארבעטער־פּארטיי האָט לעאָפּאָלד טרעפּער זיך געשטעלט בעראָש פונעם פאריין „יידיש־בוך", אָנגעפירט מיטן קולטור־געזעלשאפטלעכן פארבאַנד פון די יידן און פּוילן.

נאָך דער באַוווּסטער ארויסטרעטונג פון וולאַדיסלאַוו גאָמולקאַ, וועלכער האָט געמאָלדן א „קרייץ־צוג" קעגן דעם ציעניזם אין פּוילן, האָבן זיך אָנגעהויבן אנטיסעמיטישע מאַסן־פּאָגראָמען און פאַרפאָלגונגען קעגן דער יידישער באפעלקערונג פונעם לאַנד.

לעאָפּאָלד טרעפּער האָט מוטיק אויפגענומען די נייע קלעפּ פונעם גוירל. זיינע זין — מיכאַיל, עדגאר און פּיאָטער — האָבן פארלאָזט פּוילן און זיך פאנאנדערגעפאָרן אין פארשיידענע לענדער. פאר זיין נעגאטיווער פּאָזיציע צו די אנטיסעמיטישע אקציעס, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון די נאציאָנאליסטישע עלעמענטן, האָט מען לעאָפּאָלד טרעפּערן אויך געמאָלדן פאר א „ציעניסט", האגאַם ער איז טאָמיד געשטאַנען אויף פּרינציפּיעלע פּאָזיציעס פון קאָמוניסטן־אינטערנאציאָנאליסטן.

אויף דער גוורע פון איינעם פון די העלדן פון דער „רויטער קאפעלע" איז ארופגעלייגט געוואָרן א טאבו.

דער שרייבער יורי קאָראָלקאָוו, וועלכער האָט גוט געקענט לעאָפּאָלד טרעפּערן און זיין געזינד, האָט פיל מאָל זיך געווענדט אין די סאמע פארשיידענע סאָוועטישע אינסטאנצן, קעדיי אויפשטעלן דעם גוטן נאָמען פון אָט דעם מענטשן. אָבער אַלץ איז געווען אומזיסט.

יורי קאָראָלקאָווס בוך „אין די יאָרן פון דער גרויסער מילכאָמע", וועלכער איז דערשינען אין 1981, שוין נאָך זיין טויט, איז אומבעראכמאָנעסדיק פארקריפּלט געוואָרן. פון דאָרט האָט מען ארויסגעוואָרפן די זייטלעך, געווידמעט לעאָפּאָלד טרעפּערן. דער שריפטשטעלער האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקאָנט, און ס'איז ניט זיין שולד, וואָס דאָס האָט זיך אים ניט איינגעגעבן, די גערעכטיקייט איז ווידער באזיגט געוואָרן.

איך לייען ווידעראמאָל און נאָכאמאָל די בלעטלעך פון דער סטענאָגראם, וועלכע ס;האָט אָפּגעדרוקט אויף אן אלטינקער שרייבמאשינקע מיין פריינט. אין מעשעך פון פינף יאָר האָט דער שרייבער און זיין העלד זיך יערלעך באגעגנט, מאגניטאָפאָן־קאסעטן האָבן פארהיט דעם גראַן־שעפּס דערציילונג, די שרעקלעכע געשיכטע וועגן זיין גוירל...



ל. דאָמב מיט זײַן ווײַב ליובע און זייערע זין מיכאיל, עדגאר און פּיאָטער

איך לייען די דאָזיקע בלעטלעך און הער די שטים פון ניט קיין אײַנגעבראָכענעם סאָלדאַט, פון א קעמפער פון דעם אומזעבארן פראָנט, וועלכער האָט אין אן אומגלײַכער דועל באזיגט דעם פײַנט.

איך הער די קרעכצן פון די קאָרבאָנעס, וועלכע די טאַליאָנים האָבן געפּײַניקט, איך הער די שטימען פון די מענטשן, וועלכע האָבן א שפּאַן געטאָן אין דער אומשטערבלעכקײַט... לעאָן גראָספּאָגעל, הילעל קאַץ, פערנאַן פּאריזאַל, סיוזאַנע ספּאַאַק, סאָפיע פּאָזנאַנסקאַ, קעט פאָלקנער, מיריאַם און הירש סאָקאָל... דאָס צעטל פון די העלדן קאָן מען פאָרזעצן, עס איז אָבער אן אומענדלעכס, ווי אליין דאָס לעבן און דער טויט.

סאָלדאַטן שטאַרבן צוויי מאָל — איין מאָל אין דער שלאַכט, פון א פײַנטלעכער קויל אָדער פון א שפּליטער, אין דער פּײַניקונגס־קאַמער פון דעם טאַליענס הענט. דאָס צווייטע מאָל — אין רעזולטאַט פון פאַרגעסונג מיצאַד יענע, צוליב וועמען זיי האָבן מאַקריוו געווען דאָס לעבן.

יאַן קאַרלאָוויטש בערזין האָט אָנגערופן די סאָוועטישע אויסשפּירער, וועלכע ער האָט געשיקט קיין אויסלאַנד, — מענטשן פון דעם שווײַגנדיקן העלדנטאַט. איך מיין, אז לעאָפּאָלד טרעפּער געהערט מיט פולן גרונט צו אָט דער רומפולער קאָהאָרטע פון זײַנע געטרײַע שילער.

צום סאָף פון זײַן לעבן, קורץ פארן טויט, אומקוקנדיק זיך אפן דורכגעגאַנגענעם וועג, האָט לעאָפּאָלד טרעפּער געזאָגט:

„אויב איך האָב אין לעבן געטאָן עפּעס וויכטיקס, צוליב וואָס ס'איז קעדיי געווען צו לעבן, זײַנען עס מײַנע אופטועז אין יענע יאָרן, ווען איך בין געווען א סאָוועטישער אויסשפּירער...”

און זײַענדיק אין דער פרעמד, האָט ער פאָרגעזעצט גלייבן: „פאַראַן בלויז איין עמעס, איינער”. ער האָט געקעמפט פארן ניצאָכן פונעם עמעס ביזן סאָף, ווי אן עכטער העלד און קאָמוניסט.

פון רעדאַקציע

לעאָפּאָלד טרעפּערס (לייב דאָמבס) זיכרוינעס וועלן זיך דרוקן אין „סאָוועטיש היימלאַנד”, אָנהייבנדיק פון דעם קומענדיקן נומער.

שמועל גאָרדאָן

# אפֿן הייליקן פֿעלד

אױף יענער זײַט פֿונעם פּאָליאַר־קרײַז, הינטער די האַריי־כּוישעך, וווּ צוועלף כאַדאָשים אין יאָר איז ווינטער און אין די „איבעריקע כאַדאָשים" איז זומער, ווי ס'האָבן געזונגען וועגן אַזעלכע מעקוימעס די פֿאַרשפּאַרטע הינטער געדיכטע רייען שטעכלדראָט „סאָנים פֿון פֿאָלק", זײַנען אין יענע שרעקלעכע יאָרן צוגעקומען צו דעם דאָרטיקן קליינעם יִישעװ אבעז פֿינף נײַע יִישוּווים, צו דרײַ־פֿיר טויזנט מענטשן אין יעדן פֿון זיי.

קיין אייגן־נאָמען האָבן די דאָזיקע יִישוּווים ניט געהאַט, בלויז נומערן, פּונקט אַזוי ווי די פֿאַרשפּאַרטע הינטערן שטעכלדראָט (מײַן נומער, צום בײַשפּיל, איז געווען (Г—1-308). צו יעדן נומער פֿון די פֿאַרוואָרפֿענע אין דער ווײַטער טונדרע אַרעסטאַנטסקע קאָלאָניעס איז געווען אַ צוגאָב: אַלף. ערשטער אַלף, צווייטער אַלף... פֿינפֿטער אַלף. אױף ייִדיש וואָלט מען אין אָט דעם ראַשעטײוועס געדאַרפֿט ענדערן בלויז איין אָס. אַנשטאָט אַן אַלעף מיט אַ קאָמעץ שטעלן אַ בייס. וואָלט אַנשטאָט „אַטדעלני לאַגערני פּונקט" זיך געלייענט „באַזונדערער לאַגערנער פּונקט". געווען דאָרט נאָך איין לאַגער־פּונקט, דער סאַמע גרעסטער לויט דער צאָל מענטשן, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין פֿאַרמערן זיך פֿון טאָג צו טאָג. דאָס איז געווען דער בעסאַלמען, אָדער ווי די אבעזער אסירים האָבן אים גערופֿן — דער זעקסטער אַלף.

די פֿינף אבעזער לאַגערן זײַנען געווען אַ צוגאָב צו די זעקס אינטיר. אַלע האָבן זיי געהערט צו איין באַלעבאָס. צום מינלאַג. די קרוינשטאָט פֿון מינלאַג איז געווען אינטאַ, אַ שטעטל לויט דער גרייס ניט צו פֿאַרגלײַכן מיט דעם פּראָווינציעלן אבעז. אינטאַ איז געלעגן פֿון דער זײַט האַריי־כּוישעך, באַ אַ הונדערט קילאָמעטער פֿאַר אבעז. קיין זקיינים און כאַלאָיִם, אַלס קלאַל, האָט מען דאָרט ניט געהאַלטן, זייער אָרט איז געווען אבעז. אינטאַ איז געווען פֿאַר די מער ייִנגערע און געזינטערע. זיי האָבן אויסגעקויפּט די „זינד" אין די קוילן־שאַכטעס. בלויז דערמיט האָבן זיך אונטערשיידט די אינטיר לאַגערן פֿון די אבעזער. אין אַלעם איבעריקן זײַנען זיי געווען איינע און די זעלבע. אומעטום איינע און די זעלבע קאַלטע באַראַקן מיט צווײשטאָקיקע ענגע נאַרעס, דאָס זעלבע שיטערע געקעכטס, פֿאַרזשאַווערטע הערינג און רוי ברויט, די זעלבע איזאָליאַטאָרס און קאַרצערס...

אין די אינטיר און אבעזער אַלפֿן פֿונעם מינלאַג האָבן אין די שאַכטעס און אױף אַנדערע שווערע אַרבעטן אויסגעקויפּט זייער „זינד" די ייִדישע שרײַבער זשורנאַליסטן, געזעלשאַפֿטלעכע און קולטור־טוער יעכעזקל דאָברושין, דער נִיסתּר, שמועל האַלקין, יאַנקעוו שטערנבערג, הערשל פּאָליאַנקער, מאָטל טאַלאַליאַיעווסקי, לייב סטראָנגין, א. ד. מיראַל. צו זיי קאָן מען אויך צורעכענען שלוימע, ראַבינאָוויטשן, מאָטל גרוביאַנען, פּ. שפּראַכן — דער „רעטשלאַג", ווו זיי זײַנען געווען, וואָרקוטאַ, האָט זיך געגרענעצט אין קאָמי מיטן „מינלאַג".

מיך האָט מען אין 1951 געבראַכט קיין אינטאַ אין דריטן אַלף. פֿון די 15 יאָר אױף וועלכע דער „דרײַלינג" האָט מיך פֿאַרמישפּעט בין איך צו יענער צײַט איין יאָר שוין אָפּגעקומען אין די טורמעס אױף לוביאַנקע און בוטירקע. געאַרבעט האָב איך אין לאַגער אױף דער נײַנטער קוילן־שאַכטע ביז סטאַלינס טויט.

נאָכן אומקערן די דאָקטוירים „(ווײַסע כאַלאַטן") און מיכאָעלסן זייערע ערלעכע נעמען, האָבן מיר, די פֿאַרמישפּעטע ייִדישע שרײַבער, געקאָנט דערוואַרטן, אַז מע וועט אונדז גלײַך באַפֿרײַען. אַנשטאָט דעם האָט מען מיך גאָר אוועקגעפֿירט אין אַ פֿאַרגראַטעוועטן „סטאָליפּין"־וואַגאָן קיין קאַזאַן, אָפּגעהאַלטן דאָרט אַ וואָכן דרײַ אין אַן איינצלקאַמער און דערנאָך אומגעקערט צוריק אַהין, פֿונוואַנען מע האָט מיך געבראַכט. געבראַכט האָט מען מיך קיין קאַזאַן, קעדיי דאָרט מיך פֿרעגן, צי האָט דער ייִדישער קריטיקער מוישע נאָטאָוויטש, וועלכער האָט נאָך דער מילכאָמע געוווינט און געאַרבעט ניט אין מאָסקווע, נאָר אין קאַזאַן, צי האָט ער זיך ניט געקליבן אַראָפּוואַרפֿן די סאָוועטנמאַכט. אַנשטאָט צוריק אין דריטן אַלף קיין אינטאַ האָט מען מיך געבראַכט צו פֿירן אין דריטן אַלף קיין אבעז, ווו ס'האָט אויך ניט אויסגעפֿעלט קיין שווערע אויסמאַטערנדיקע אַרבעט. אויסלאָדן וואַגאָנען מיט קלעצער אינעם געהילץ־קאָמבינאַט איז געווען ניט אױף קיין סאַך לײַכטער ווי גראָבן קוילן אין דער שאַכטע.

אונדזער נאָענטסטער שאָכן פֿון די איבעריקע אבעזער אַלפֿן איז געווען דער ערשטער. אַהין פֿלעגט מען פֿירן די שווער קראַנקע. דאָרט איז געווען אַ שפּיטאָל. נאָכן אויסשרײַבן זיך פֿון שפּיטאָל פֿלעגט מען די „אויסגעהיילטע" געוויינלעך אומקערן צוריק אַהין, פֿונוואַנען מע האָט זיי געבראַכט. פֿון די דאָזיקע צוריקגעקומענע האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין ערשטן אַלף געפֿינען זיך דער נִיסתּר און יעכעזקל דאָברושין. נאָר וואָס קומט אַרויס דערפֿון, וואָס פֿון מיר ביז זיי איז מיט דער האַנט צו דערלאַנגען, אויב צווישן אונדז ציִען זיך רייען שטעכלדראָט און פֿאַר דערנעענטערן זיך צו זיי שיסט דער וואַכמאַן אָן קיין שום וואָרענונג?

אין אַ שטיקל צײַט אַרום האָב איך פֿון אַנדערע צוריקגעקומענע פֿון דאָרט זיך דערוווּסט, אַז דער נִיסתּר האָט דורכגעמאַכט אַ שווערע

העמאָרוי־אָפּעראַציע און אז יעכעזקל דאָברושין פארעדט זיך.

די בסורע, אז דער ניסטער איז געשטאָרבן האָט מיר געבראַכט א קויבישעווער ייִד. נאָכן אויס־שרײַבן דעם ניסטער פון שפּיטאָל האָט ער אין קאַלטן באַראַק געכאַפּט א לונגען־אָנצינדונג. דער קויבישעווער איז בײַגעווען, ווען דער ניסטער האָט צוגעמאַכט די אויגן.

ניט דעם ניסטער און ניט יעכעזקל דאָברו־שינען, זיכרונוי ליוורכאָ, האָב איך ניט אַרויס־באַגלייט אין זייער לעצטן עטאַפּ, ניט געמאַכט קיין הספּד בא זייער קייווער, ניט געקומען בעטן מעכילע...

פאַר דעם אַלעם האָב איך געבעטן בא זיי מעכילע, ווען איך בין אין א פּאָר יאָר אַרום נאָכן באַפרײַען זיך פון לאַגער אַראָפּגעפאָרן אַהין. איך האָב געמיינט, אז איינעם ראָמאַן, וועלכן כ'האָב דעמלט פאַרטראַכט שרײַבן, וועל איך קאָנען אַלץ דערציילן. צוליב דעם בין איך געפאָרן א קוק טאָן אויפן דאָרטיקן אַרום, וואָס איז פון מיר פריער גע־ווען פאַרצאַמט און פאַרהוילן.

נאָך דער אינטיער טונדרע איז ניט געווען קיין נויט פאָרן א קוק טאָן אויך אויף דער אבעזער. זיי שיידן זיך קימאַט מיט גאָרניט אונטער. קיין אבעז בין איך אַראָפּגעפאָרן בלויז קעדיי זײַן אויפן הייליקן פעלד, ווו עס זײַנען באַערדיקט אונדזערע צוויי גרויסע יידישע שרײַבער.

דער טאָג איז געווען א פראָסטיקער, מיט א ווינט, און צום בעסאַלמען איז געווען ניט צו דער־קלײַבן זיך. א טיפער שניי האָט אײַנגעדעקט די טונדרע.

די יונגע לערערן פון דער היגער שול, וואָס האָט מיך באַגלייט מיט איר קליינעם פאָטאָ־אַפּאַ־ראַטל און באַגלײַך מיט מיר געזונקען האַלב אין שניי, האָט זיך שוין אָנגעשטויסן, וואָס עס באַ־טײַטן פאַר מיר די קוואָרים, וועלכע איך זוך צווישן די אַרויסשטאַרצנדיקן פון אונטערן שניי גרויע סטויפּיקלעך מיט די צוגעקלאַפּטע צו זיי, פּונקט אַזעלכע גרויע, קליינינקע ברעטלעך.

קיין אַנדערע צייכנס אויף די פילצאָליקע קוואָ־רים, אויסער אָט די סטויפּיקלעך, וואָס ציִען זיך ווײַט־ווײַט אַוועק, זײַנען דאָרט ניטאָ. די צײַט האָט אָפּגעווישט די אויפגעשריבענע נומערן פון די קאָר־באַנעס אויף די ברעטלעך. אַכוץ די פאַרשנייטע קאַרליקאָווע ביימלעך, די איינציקע אַרויסבאַגלייטער פון די פאַרגאַנגענע לעווייַעס, קאָן איצט קיינער ניט אָנווײַזן פּינקטלעך, ווו ווער עס ליגט, בפּראַט, אַז באַזונדער ליגט מען דאָרט ניט. אין יעדער גרוב צו עטלעכע מייסים.

מעגלעך, אז איך שטיי אויף דער פאָטאָגראַפיע ניט בא די סטויפּיקלעך, אונטער וועלכע עס געפי־נען זיך דאָברושינס און דעם ניסטערס קוואָרים. איך שטיי אָבער אויפן בעסוילעם, ווו מע האָט זיי באַערדיקט. און דערמיט איז דאָס פעלד באם יישעוו אבעז, וואָס אין קאָמי, אויף יענער זײַט פּאָליאַר־קרײַז, פאַרבליבן פאַר מיר שטענדיק א הייליקס.



דער שרײַבער שמואל גאָרדאָן אויפן הייליקן פעלד אבעז.
מינלאַג. קאָמי אַססר. ווינטער 1963

# וועגן דער רײַזע קיין ייִסראָעל פון א גרופּע מיטארבעטער פונעם קאָנסולאט פון דעם אויסערן־מיניסטעריום פון פססר

אין 1987 איז קיין ייִסראָעל געקומען א גרופּע מיטארבעטער פונעם קאָנסולאט פון דעם אויסערן־מיניסטעריום פון פסר בעראָש מיטן שטעלפארטרעטער פונעם שעף פון דער קאָנסולאט־פּאַרוואַלטונג יע. ס. אנטיפאָוו. דאָס האָט צוגעצויגן די אופמערקזאמקײַט פון די מיטלען פון מאסן־אינפארמאציע סײַ אין ייִסראָעל, סײַ אויסער זײַנע גרענעצן: די מיטגלידער פון דער קאָנסולאט־גרופּע זײַנען געווען די ערשטע סאָוועטישע אָפיציעלע פּערזאָנען, וועלכע האָבן באזוכט ייִסראָעל פאר די לעצטע 20 יאָר. אויסער דעם, ווי עס האָט אָפּגעמערקט דער אמעריקאנישער זשורנאל „ביזנעס־וויק", האָבן די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן „פּערזאָניפיצירט די נײַע ערע פון גלאסנאָסט, וועלכע מיכאיל גאָרבאטשאָוו האָט געמאָלדן".

אין דער פּרעסע פון די מײַרעוו־לענדער זײַנען ארויסגעזאָגט געוואָרן ניט ווייניק השערות ארום דעם באזוך, וועלכער איז אונטערגעטראָגן געוואָרן, ווי אן ערשטער טריט צו ווידערופשטעלן די דיפּלאָמאטישע באציִונגען מיט ייִסראָעל. מע האָט באהויפּטעט, אז באגלײַך מיט די קאָנסולאט־פולמאכטן האָט די גרופּע געהאט „פולמאכטן אויך פון א פּאָליטישן כאראקטער".

די ווירקלעכקײַט איז גאָר אן אנדערע. דער מאנדאט פון דער גרופּע איז שטרענג באגרענעצט מיט צוויי קאָנקרעטע קאָנסולאט־אופגאבן. ערשטנס, דארפן די מיטגלידער פון דער גרופּע פארווירקלעכן דעם אויסטויש אָדער פּראָלאָנגירן די גילטיקײַט פון די פּאספּאָרטן פון סאָוועטישע בירגער, וועלכע וווינען קעסיידער אין ייִסראָעל. אין אָט דער מדינע געפינען זיך בא 2,5 טויזנט מענטשן, וואָס האָבן פארהיט די סאָוועטישע בירגערשאפט. איבערהויפּט אזעלכע בירגער פון פסר, וועלכע זײַנען ארויסגעפאָרן קיין ייִסראָעל ביז דעם 1967 יאָר, דה. ביזן איבערײַסן די דיפּלאָמאטישע באציִונגען צווישן פסר און ייִסראָעל, און זיי וווינען דאָרט באשטענדיק, ווי אויך די סאָוועטישע בירגער, וועלכע זײַנען געקומען קיין ייִסראָעל פון דריטע לענדער. סאָוועטישע פּאספּאָרטן דארפן איבערגעגעבן ווערן אויך זייערע געבוירענע אין ייִסראָעל קינדער, וואָס ווילן בלײַבן בירגער פון פסר.

צווייטנס, גייט ארײַן אין דער אופגאבע פון דער גרופּע זיך באקאנען מיטן צושטאנד פונעם סאָוועטישן אומבאוועגלעכן אייגנטום און ברענגען אין אָרדענונג זײַן יורידישן סטאטוס. וואָס איז דאָס פאר אן אייגנטום? דאָס זײַנען ערד־באצירקן, וועלכע פאָרשטייער פון דער רוסישער פּראוואָסלאווישער קירך, מיטגלידער פון דער צארישער מישפּאָכע און די רוסיש־פּאַלעסטינער געזעלשאַפט האָבן דערוואָרבן נאָך ביז דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע, און זיי זײַנען געוואָרן דאָס אייגנטום פון דער סאָוועטישער מעלוכע אפן יעסאָד פונעם פּרינציפּ פון יערושעדיקײַט. אויב נעמען אין אכט, אז אין משך פון 20 יאָר איז דאָס דאָזיקע אייגנטום געבליבן פאקטיש אָן אן אופזיכט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן, וואָס פאר א גרויסע לויטן מאסשטאב ארבעט איז איצט אויסגעקומען אופצוטאָן דער סאָוועטישער קאָנסולאט־גרופּע.

אין די פולמאכטן פון די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן גייען ארײַן די לייזונג פון די דאָזיקע און בלויז פון די דאָזיקע צוויי אופגאבן. אין שײַכעס מיט די פּרווון מיצאד פאָרשטייער פון דער ייִסראָעלדיקער און מײַרעוודיקער פּרעסע צושרײַבן דער גרופּע פּאָליטישע פולמאכטן, איז די מיטגלידער פון דער גרופּע אויסגעקומען אין פילצאָליקע אינטערוויוען אופקלערן די ווירקלעכע צילן, מיט וועלכע זיי זײַנען געקומען. דאָס איז נייטיק געווען צו טאָן אויך דערפאר, ווײַל אין דער פּרעסע איז אופגעהויבן געוואָרן די פראגע וועגן אן אנאלאָגישן באזוך קיין סאָוועטנפארבאנד „אפן יעסאָד פון קעגנזײַטיקײַט" פון פאָרשטייער פונעם אויסערן־מיניסטעריום פון ייִסראָעל. אָבער קיין שום רייד וועגן קעגנזײַטיקײַט אין דער געגעבענער פראגע האָט ניט געקאָנט זײַן — אין סאָוועטנפארבאנד זײַנען ניטאָ קיין שטענדיק וווינענדיקע ייִסראָעל־בירגער, ווי ס'איז אויך ניטאָ קיין אומבאוועגלעך ייִסראָעלדיק אייגנטום. אָט בא אזא פארשטענדניש איז דערגרייכט געוואָרן מיט פאָרשטייער פונעם ייִסראָעלדיקן אויסערן־מיניסטעריום א העסקעם וועגן דעם באזוך פון סאָוועטישע מיטארבעטער פונעם קאָנסולאט.

אין דער צײַט, ווען די סאָוועטישע גרופּע איז געקומען קיין ייִסראָעל, האָט די קנעסעט באהאנדלט די פראגע וועגן דורכפירן פארטערמיניקע וואלן. די דאָזיקע אידיי איז אנטשטאנען אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס אין דער ייִסראָעלדיקער קנעסעט האָבן זיך געשאפן צוויי גרופּירונגען, וועלכע האָבן פארנומען קעגנזעצלעכע פּאָזיציעס איבער דער פראגע וועגן די וועגן פון א נאָענטמיזרעכדיקער אײַנרעגולירונג. בעראָש פון איין גרופּירונג שטייט דער פּרעמיער־מיניסטער י. שאמיר, וועלכער דריקט אויס די אינטערעסן פון די אמערסטן קאָנסערוואטיווע קרײַזן פון ייִסראָעל. שאמיר און זײַנע אָנהענגער וואַרפן אָפּ די אידיי וועגן צונויפרופן א צווישנפעלקערלעכע קאָנפערענץ מיקויעך א נאָענטמיזרעכדיקער אײַנרעגולירונג, האַלטנדיק, אז ייִסראָעל קאָן לייזן אלע פראגן מיט דער הילף פון צווייצדאָדימדיקע אונטערהאנדלונגען מיט די אראבישע לענדער. די אָנהענגער פון אזא האנדלונג טײַנען, אז ייִסראָעל וועט אָפּ אָט דעם אופן אופצווינגען זײַן ווילן די

ארא‌בישע לענדער. די דערפארונג פון דער קעמפ־דעוויד־פארשטענדיקונג צווישן ייִסראָעל און עגיפּעט האָט אָבער באוויזן, אז די צווייצדאָדימדיקע דירעקטע אונטערהאנדלונגען קאָנען ניט דערפירן צו אן אלגעמיינער אײַנרעגולירונג פונעם נאָענטמיזרעכדיקן קאָנפליקט און גאראנטירן א פעסטן שאָלעם אין רעגיאָן.

בעראָש פון דער צווייטער גרופירונג שטייט דער אויסערן־מיניסטער ש. פערעס. ניט אָפּוואַרפנדיק די אידיי פון א צווישנפעלקערלעכער קאָנפערענץ, האלט ער אָבער, אז איר אופגאבע וועט זײַן — ארויספירן די אראבישע לענדער און ייִסראָעל ווידער טאקע צו צווייצדאָדימדיקע דירעקטע אונטערהאנדלונגען. פערעס און זײַנע אָנהענגער דערווידערן אויך ניט קעגן דעם אָנטייל אין דער קאָנפערענץ פונעם סאָוועטנפארבאנד, אָבער בלויז מיטן באדינג, אז עס וועלן ווידער אופגעשטעלט ווערן די דיפּלאָמאטישע באציִונגען צווישן ייִסראָעל און פססר.

דער סאָוועטנפארבאנד האלט ניט, אז די אָפּוועזנהײַט פון דיפּלאָמאטישע באציִונגען צווישן פססר און ייִסראָעל איז א נאָרמאלע לאגע. אָבער ווידער אופשטעלן די דיפּלאָמאטישע באציִונגען איז מעגלעך בלויז אין רעזולטאט פון א נאָענטמיזרעכדיקער אײַנרעגולירונג. און דערגרייכן זי קאָן מען בלויז מיטן וועג פון צונויפרופן א צווישנפעלקערלעכע קאָנפערענץ מיטן אָנטייל פון אלע פאראינטערעסירטע מעלוכעס, אײַנגעשלאָסן פאָרשטייער פונעם פאלעסטינער פאָלק, ווי אויך פון די שטענדיקע מיטגלידער פונעם זיכערהײַט־ראט פון דער אונאָ. דעם פאָרשלאָג וועגן צונויפרופן א צווישנפעלקערלעכע קאָנפערענץ האלטן אונטער די אראבישע לענדער און א סאך מײַרעוו־אייראָפּעיִשע מעלוכעס.

דער גאנג פון דער באהאנדלונג פון דער פראגע וועגן פארטערמיניקע וואלן האָט באוויזן, אז סײַ שאמירס גרופירונג, סײַ פערעסעס קאָנען ניט אויסרעכענען אף צו באקומען א מערהײַט שטימען. אין צוזאמענהאנג דערמיט איז באשלאָסן געוואָרן אריבערטראָגן די וואלן אף הארבסט 1988. גלײַכצײַטיק האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אלץ מער מענטשן אין ייִסראָעל הייבן זיך אָן אָפּצוגעבן א דין־וועכעזשבן אין דעם, אז א שאָלעם אפן נאָענטן מיזרעך און, הייסט עס, אויך די זיכערהײַט פון ייִסראָעל, איז אומעגלעך גאראנטירן, אָריִענטירנדיק זיך אף די אלטע מעטאָדן און מיטלען, וועלכע האָבן באוויזן זייער אומבאגרינדעטקײַט.

עס קומט אויס אזוי גענוי זיך אָפּשטעלן אף אָט דער פראגע, קעדיי באווײַזן די פּאָליטישע אומגעבונג, אין וועלכער ס׳האָט געארבעט די סאָוועטישע קאָנסולאט־גרופּע. ביכלאל איז די באציִונג צו די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן געווען א גוטווילִיקע. וועגן דעם קאָן מען אורטיילן סײַ לויט די פּובליקאציעס אין דער אָרטיקער פּרעסע, סײַ לויט א סאך שמועסן מיט פּאָשעטע מענטשן.

געוועזן זײַנען אויך דעמאָנסטראציעס, וועמענס אָנטיילנעמער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם, וואָס די גרופּע געפינט זיך אין ייִסראָעל, אופגעהויבן א טומל ארום די אויסגעטראכטע מיצאד זיי „פארלעצונגען פון די מענטשן־רעכט אין פססר״. דער אָרגאניזאטאָר פון די דאָזיקע מאניפעסטאציעס איז געווען דער ציִעניסטישער „קלוב פון פינף און דרײַסיק״, וועמענס שטאב־קוואַרטיר געפינט זיך אין לאָנדאָן. און די אָנטיילנעמער פון די „פּראָטעסטן״ זײַנען אין גרונט געווען ניט די ייִסרעיילים, נאָר בירגער פון פשא און גרויסבריטאניע. די ווירקלעכע צילן פון די דאָזיקע „פּראָטעסטן״ ליגן אף דער אויבערפלאך: באווײַזן, אז די ייִסרעיילים זײַנען קלוימערשט געשטימט קעגן דעם באזוך פון די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן פון טעל־אוויוו, ווירקן אף יענע, וואָס האָבן געקאָנט מיקויעך דעם אן אנדער מיינונג, און דעריקער פּראָוואָצירן אן אנטי־סאָוועטישע קאמפאניע.

אפן אנדערן טאָג נאָכן אָנקום פון דער סאָוועטישער גרופּע האָבן עקסטרעמע ציִעניסטן דורכגעפירט לעבן דעם האָטעל, וווּ די גרופּע האָט זיך אָפּגעשטעלט, דעם ערשטן „פּרווו פון די קויכעס״. די אינספּירירער פון דער דעמאָנסטראציע האָבן בעפיירעש אויסגערעכנט, אז עס וועט זיך שאפן ארום די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן אן אטמאָספער פון קאָנפראָנטאציע. דעריבער איז פאר זיי געווען אומדערווארט, ווען די אָנפירונג פון דער גרופּע האָט דאָ אפן אָרט פאָרגעלייגט די פאָרשטייער פונעם „קלוב פון פינף און דרײַסיק״ זיך באגעגענען, קעדיי באהאנדלען באליביקע פּראָבלעמען, וועלכע אינטערעסירן זיי. אזא באגעגעניש איז פאָרגעקומען אין זעלבן טאָג.

ביים דעם שמועס האָט זיך אויסגעקלאָרט, אז אויסער געוויינלעכע, שוין דערעסענע באשולדיקונגען, אז דער סאָוועטנפארבאנד דיסקרימינירט די ייִדן, מאכט שטערונגען פאר זייער ארויספאָר קיין ייִסראָעל אדג., איז בא די אָרגאניזאטאָרן פון די דעמאָנסטראציעס גאָרנישט ניט געווען. די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן האָבן אופגעקלערט אונדזערע פּרינציפּיִעלע פּאָזיציעס מיקויעך דער פראגע וועגן מענטשן־רעכט, דערציילט וועגן די דעמאָקראטישע איבערגעשטאלטיקונגען אין סאָוועטנפארבאנד, וועגן דעם לעבן פון די ייִדן אין פססר, וועגן דער נײַער אָרדענונג פון ארויספאָרן פונעם סאָוועטנפארבאנד אין אנדערע לענדער. צום סאָף פונעם שמועס איז אויסגעדריקט געוואָרן די גרייטקײַט צו טרעפן זיך ווידער, אויב די אָרגאניזאטאָרן פון די דעמאָנסטראציעס וועלן פארלאנגען (אגעוו, האָט די ייִסראָעלדיקע עפנטלעכקײַט אופגענומען דעם עצעם פאקט פון דער באגעגעניש פון די מיטגלידער פון דער קאָנסולאט־גרופּע מיט די פאָרשטייער פונעם „קלוב פון פינף און דרײַסיק״ גאנץ גוטווילִיק).

די ציִעניסטן אָבער האָבן ניט געוואָלט פאָרזעצן דעם דיאלאָג. זיי האָבן געהאלטן פאר בעסער אײַנאָרדענען נײַע דעמאָנסטראציעס, וועלכע האָבן זיך פארוואנדלט אין כוליגאנישע אקציעס — די דעמאָנסטראנטן האָבן בלאָקירט דעם וועג, מיט וועלכן די מיטגלידער פון דער קאָנסולאט־גרופּע זײַנען געגאנגען אף דער ארבעט, אויסגעשריגן באליידיקונגען אאוו. מיט די דאָזיקע האנדלונגען האָבן די אָרגאניזאטאָרן ניט דערגרייכט יענע רעאקציע, אף וועלכער זיי האָבן אויסגערעכנט: פיל פּאָשעטע ייִסרעיילים האָבן אויסגעדריקט זייער אופגעבראכטקײַט אין שײַכעס מיט די דאָזיקע געענג.

צוליבן עמעס דארף מען אָפּמערקן, אַז די ייִס־
ראָעלדיקע פּאָליציי, וועלכע האָט צוערשט גע־
האַנדלט ניט אַנטשלאָסן, האָט סאָפּקאָלסאָף אײַנגע־
פּירט אַן אָרדענונג: ווען די אָנטיילנעמער פון דער
דעמאָנסטראַציע זײַנען אַריבער די גרענעצן פונעם
דערלויבטן, האָט מען זיי אַרעסטירט און אַרויסגע־
לאָזט בלויז דעמלט, ווען זיי האָבן זיך פאַרפליכטעט
מער אין אַזעלכע אַקציעס קעגן דער סאָוועטישער
קאָנסולאַט־גרופּע ניט אָנטיילנעמען.

גלײַך נאָכן קומען קיין ייִסראָעל האָבן די מיט־
אַרבעטער פונעם קאָנסולאַט אָנגעהויבן אויפנעמען
באַזוכער. די היגע קאָרעספּאָנדענטן און די טעלע־
וויזיע האָבן אָפּגעגעבן געבוג אויפמערקזאַמקײַט דער
גרופּע און די צילן פון איר באַזוך, אַזוי אַז ס'האָט
זיך ניט געפאָדערט צו מאַכן וועלכע־ניט־איז ספּע־
ציִעלע מעלדונגען. פאַרן אָנהייב פונעם אויפנאַם
האָבן די מענטשן, וואָס זײַנען געקומען צו פאָרן
פון אַלע עקן לאַנד, זיך אויסגעשטעלט אין א ריי,
אָפּמערקנדיק זייערע נומערן אויף די דלאָניעס. סיבעס
צו ווענדן זיך אין קאָנסולאַט זײַנען געווען פאַרשיי־
דענע: אייניקע האָבן געבעטן, מע זאָל זיי דערלויבן
זיך אומקערן אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווײַל זיי קאָנען
זיך ניט צוגעווינען צום אָרטיקן לעבנסאַרט, אָדער
זיי ווילן זיך פאַרייניקן מיט די פאַרבליבענע אין
פסטר, אַנדערע האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער
מעגלעכקײַט צו באַזוכן אין סאָוועטנפאַרבאַנד זייערע
קרויווים; דריטע זײַנען פּאָשעט געקומען זיך דורכ־
שמועסן מיט די סאָוועטישע מענטשן, זיך דערוויסן
פון די ערשטע הענט וועגן דעם לעבן פונעם סאָ־
וועטישן פאָלק, וועגן די איבערגעשטאַלטיקונגען,
וועלכע קומען פאָר אין אונדזער לאַנד.

אויף אַט די אַלע פראַגן זײַנען געגעבן געוואָרן
ענטפערס אין הסכם מיט דער קאָמפּעטענץ פון
דער גרופּע.

באַשליסן זיך אויף א טרעפונג מיט די סאָוועטישע
פאָרשטייער איז פאַר די פּאָשעטע ייִסרעיילים גע־
ווען ניט לײַכט. ווי ס'איז באַוווּסט געוואָרן פון די
שמועסן מיט זיי, זײַנען די מענטשן, וועלכע האָבן
זיך געטראָפן מיט דער גרופּע, גלײַך אַרײַנגעפאַלן
אין אויג פון די ייִסראָעלדיקע ספּעציִעלע אַמטן, צו־
מאָל האָט מען די דאָזיקע מענטשן גענומען אויף א
פאַרהער, קעדיי פעסטשטעלן די צילן, מיט וועלכע
זיי האָבן באַזוכט די מיטאַרבעטער פונעם סאָוועט־
טישן קאָנסולאַט. אויף אַט די ייִסרעיילים האָבן זיך
אויך אַרופגעוואָרפן די אַנטיסאָוועטישע ציִעניסטישע
אָרגאַניזאַציעס, באַשולדיקנדיק זיי אין דער אָפּוועזנ־
הייט פון פּאַטריאָטיזם.

די שמועסן מיט די באַזוכער, די פּערזענלעכע
אײַנדרוקן פון די מיטגלידער פון דער קאָנסולאַט־
גרופּע דערמעגלעכן צו מאַכן אַן אויספיר, אַז דאָס
לעבן פאַרן פּראָסטן מענטשן און ביפראַט נאָך פאַר
דער מערהייט געוועזענע סאָוועטישע בירגער, וואָס
האָבן באַשלאָסן זיך באַזעצן אין ייִסראָעל, לייגט
זיך צונויף ניט פּאָשעט. זייער אָפט טרעפן זיך
שוועריקייטן מיטן אײַנאָרדענען זיך אויף אַרבעט, ני־
טאָ קיין זיכערקייט אינעם מאָרגנדיקן טאָג. אײַנגע־
זעסענע ייִסרעיילים אָדער יענע, וואָס זײַנען געקו־
מען קיין ייִסראָעל אין די ערשטע יאָרן פון זײַן
עקזיסטענץ, קוקן אויף די ייִדן, געוועזענע סאָוועטי־
שע בירגער, פון אויבן אַראָפּ, אומפרײַנטלעך,
האַלטנדיק, אַז זיי זײַנען געקומען „אויף אַלעם
גרייטן" און הײַנט „געניסן זיי בלויז די פּרוכטן".
אָבער די דאָזיקע „פּרוכטן" זײַנען גאַנץ ביטערע.
באַזונדערס שווער איז די לאַגע פונעם עלטערן
דאָר, וועלכער דאַרף עקזיסטירן אויף א קנאַפּער פּענ־
סיע.

דער לעבנס־קאָסט אין ייִסראָעל איז זייער א
הויכער. קעדיי צו לעבן מער־ווייניקער אין מענטש־
לעכע באַדינגונגען, קומט אויס צו האָרעווען אויף
צוויי אַרבעטן און אָן אָפּרו־טעג. די פּרײַזן אויף די
נייטיקע געפעליקײַטן, אין דער ערשטער ריי אויף
שפּײַז־פּראָדוקטן, זײַנען א סאַך העכער, איידער אין
אַנדערע לענדער.

דער הויכער לעבנס־קאָסט דערקלערט זיך כּמעט
אַלעם דערמיט, וואָס די עקאָנאָמיק אין ייִסראָעל,
אָריִענטירט זיך אויף דער מיליטערישער פּראָדוצי־
רונג. טײַער קאָסט אויסצוהאַלטן די אַרמיי. דאָס
פאָלק איז מיד פון דעם דויערנדיקן אין משך פון
פיל יאָרן מלחמה־צושטאַנד מיט די שכנישע
אַראַבישע לענדער. די קריגס־הוצאָות פאַלן מיט א
שווערער לאַסט אויף די פּלייצעס פון האָרעפּאַשני־
קעס. די סימאָנים פונעם פאַרצויגענעם קאָנפליקט,
אין וועלכן ייִסראָעל איז אַרײַנגעצויגן לויטן ווילן
פון זײַנע רעגירער, וואַרפן זיך אין די אויגן. אויף די
גאַסן פון די שטעט זײַנען פאַראַן א סאַך אָנגעטאָ־
נענע אין מיליטערישע קליידער. די יוגנט איז מע־
כויעו יערלעך דורכגיין ביז 40 טעג א מיליטערישע
צוגרייטונג. אויף די וועגן באַווײַזן זיך דאָ און דאָרט
צווישן די לײַכטע און בירגערלעכע לאַסטמאַשינען
שלעפּ־טראַקטאָרס, וועלכע פירן איבער קריגס־טעכ־
ניק. די געשפּאַנטקײַט אינעם טאָגטעגלעכן לעבן
פאַרשאַרפט זיך איבער די אָפטע קריגערישע דער־
קלערונגען פון פּאָליטישע טוער, איבער נײַע אָנ־
פאַלן פון ייִסראָעלדיקע מיליטערישע אייניהײַטן אויף
דאָרעם־ליוואַן אאַז״וו.

די אַרבעט אויף צו דערלערנען דעם צושטאַנד פו־
נעם סאָוועטישן אומבאַוועגלעכן אייגנטום האָט
דערמעגלעכט, אַז די מיטגלידער פון דער גרופּע
זאָלן באַזוכן א ריי שטעט.

טעל־אָוויוו איז הויפּטזאַכלעך א שטאָט מיט ניט
קיין הויכע מויערן, וועלכע זײַנען אויסגעבויט גע־
וואָרן מערסטנטייל פון גרויען בעטאָן. צווישן זיי
טיילן זיך אויס מיט זייער אַרכיטעקטור און הייך
די האָטעלן, וועלכע זײַנען געבויט אויף אַמעריקאַנער
קאַפּיטאַלן, און זײַנען באַשטימט פאַר אויסלענדישע
טוריסטן. אין ירושלים, וואָס געפינט זיך 60 קמ.
פון טעל־אָוויוו, זײַנען די הײַזער, אַלס כּלל, גע־
מאַכט פון ראָזעווען שטיין, וועלכן מע באַקומט אַרויס
אין די אומגעגנטן פון דער שטאָט. די שטאָט גע־
פינט זיך אויף א באַרג־שיפּוי, דעריבער איז דאָרט
לײַכטער איבערטראָגן די זומערדיקע היץ (40־42
גראַדוס).

ניט קיין איבעריקס שיין בילד שטעלן מיט זיך
פאָר יענע ראַיאָנען אין די ייִסראָעלדיקע שטעט, וווּ
עס וווינען אַראַבער, דאָרט איז אַלץ אָרעמער. אָפּ־
טער באַגעגנט מען אין די גאַסן פּאָליציאַנטן אָדער
מיליטערישע פּאַטרולן.

א גרויסע הילף האָט ארויסגעוויזן דער גרופּע אין איר ארבעט די אמבאסאדע פון פינלאנד אין יִסראָעל, וועלכע שטעלט פאָר אין אָט דעם לאנד די סאָוועטישע אינטערעסן.

אין יִסראָעל איז פאראן א רוסישע גײַסטלעכע מיסיִע, אין באשטאנד פון וועלכער עס ארבעט ניט קיין גרויסע גרופּע פאָרשטייער פון דער פּראוואָסלאווישער קירך. כּוץ דעם, לעבן אין יִסראָעל ארום 50 מאָנאכינס, וועלכע זײַנען געקומען צו פאָרן פון די פרויען־מאָנאסטירן פונעם סאָוועטנפארבאנד. די מיטארבעטער פון דער רוסישער פּראוואָסלאוונער מיסיִע האָבן זייער וואַרעם אופגענומען די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן. דער באזוך איז צונויפגעפאלן מיט דער פײַערונג פון דער 140־יאָריקער עקזיסטענץ פון דער מיסיע. אף די פײַערונגען איז געקומען פון פּסטר דער מיטראָפּאָליט פּילארעט.

אין די דאָזיקע קורצע נאָטיצן איז געמאכט געוואָרן א פּרוּוו צו טיילן זיך מיט אייניקע אײַנדרוקן ארום דעם באזוך פון די סאָוועטישע דיפּלאָמאטן, וועלכער האָט געפאָדערט א סאך מי און איז פּראָלאָנגירט געוואָרן.

הײַנט־צו־טאָג קומען אָן פונעם נאָענטן מיזרעך אליארמירנדיקע ידיעס. די פּרוּוון פון די יִסראָעלדיקע מאכט־אָרגאנען צו דערשטיקן דעם אופשטאנד פון די פּאלעסטינער ברענגען ניט קיין רעזולטאטן.

די שטורמישע געשעענישן, וועלכע קומען פאָר אף די אָקופּירטע באָדנס, צווינגען די מערהײַט יִסרעיילים זיך ערנסט פארטראכטן איבער דעם, וואָס צו טאָן ווײַטער. אלץ מער מענטשן קומען צום געדאנק, אז די אוואנטיוריסטישע פּאָליטיק פון דער יִסראָעל־רעגירונג איז ניט פעיִק דערפירן יִסראָעל צו אן עכטן שאָלעם.

י. פּ ע ט ר אָ ו<br>(טעל־אוויוו)

## עס ווערט פארגעזעצט דער שמועס...

# די צײַטונג „פּראוודא״ טיילט מיט

### וולאדימיר סאמארינען שיקט מען ארויס פון אמעריקע

„דאָס יוסטיץ־מיניסטעריום פון די פשא האָט אָנגענומען דעם 23 מײַ 1988 א באשלוס וועגן ארויסשיקן פון די פאראייניקטע שטאטן וולאדימיר סאמארינען (סאָקאָלאָוון) פארן אָנטייל אין פאשיסטישע פארברעכנס אף דער טעריטאָריע פונעם סאָוועטנפארבאנד אין די מילכאָמע־יאָרן. אין 1986 האָט דער קרײַז־געריכט פון פשא אָפּגענומען בא סאמארינען־סאָקאָלאָוון די אמעריקאנער בירגערשאפט אפן סמאך פון דעם, וואָס ער האָט אויסבאהאלטן באם ארײַנפאָרן אין לאנד זײַן נאציסטישע פארגאנגענהײַט. די טעג האָט דער אויבער־געריכט פון פשא זיך אָפּגעזאָגט צו באהאנדלען די אפּעליאציע לויט דעם דאָזיקן פּראָצעס״.

(„פּראוודא״, 25 מײַ 1988)

אונדזער קאָמענטאר

אין נומ. 4 פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד״ פארן 1976, אין א. סאכנינס פּאמפלעט, איז צום ערשטן מאָל איבערגעגעבן געוואָרן דער עפנטלעכקײַט, אז דער קריגס־פארברעכער וולאדימיר סאמארין, וועלכער האָט בײַס דער צײַטווײַליקער פאשיסטישער אָקופּאציע פון דער שטאָט אָריאָל פרײַוויליק און טרײַ געדינט די פאשיסטן, ארויסווײַזנדיק כײַיִשן אנטיסעמיטיזם, — האָט נאָך דער מילכאָמע געפונען א מאָקעם־מיקלעט אלס „פּראָפעסאָר״ אין יעלסקער אוניווערסיטעט פון די פאראייניקטע שטאטן. דעם דאָזיקן פּאמפלעט האָבן איבערגעדרוקט פון אונדזער זשורנאל א סאך צײַטונגען אין דער וועלט.

ווען אינעם אוניווערסיטעט האָט מען זיך דערוווּסט, אז דער „פּראָפעסאָר״ האָט מיטגעארבעט מיט די פאשיסטן, באקומענדיק אפילע פאר דעם באלוינונגען, האָט סאמארין געפּרוּווט דאָס אלץ אָפּלייקענען. די סטודענטן און די פּראָפעסאָרן פונעם אוניווערסיטעט האָבן אים דערקלערט א באָיקאָט, און די אמעריקאנער יוסטיץ־אָרגאנען זײַנען געוועזן געצוווּנגען אויספאָרשן דעם איניען. אין אמעריקע האָבן זיך געפונען פארטיידיקער פונעם קריגס־פארברעכער, און „סאָוועטיש היימלאנד״ האָט צוויי מאָל — אין די נומערן 10 און 12 פארן 1976 — ווידעראמאָל זיך אומגעקערט צו דער פראגע, ברענגענדיק נײַע דאָקומענטן וועגן סאמארינס טעטיקײַט אין אָריאָל בײַס דער אָקופּאציע.

אזויארום, האָבן געדארפט דורכגיין צוועלף יאָר, ביז דעם פארברעכער האָט מען, ענדלעך, ארויסגעשיקט פון אמעריקע.

**Урок VII** — **לימעד זיבן**

*(продолжение)* — (פאָרזעצונג)

Таблица 24

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | | Единственное число | איינצאָל | | ביגפאַל<br>падеж | |
| עס<br>Оно | זי<br>Она | ער<br>Он | דו<br>Ты | איך<br>Я | נאָמינאַטיוו<br>Именительный | 1. |
| עס<br>Его | זי<br>Ее | אים<br>Его | דיך<br>Тебя | מיך<br>Меня | אקוזאַטיוו<br>Винительный | 2. |
| אים, דעם<br>Ему | איר<br>Ей | אים<br>Ему | דיר<br>Тебе | מיר<br>Мне | דאַטיוו<br>Дательный | 3. |
| | | Множественное число | מערצאָל | | | |
| זיי<br>Они | | איר<br>Вы | | מיר<br>Мы | נאָמינאַטיוו<br>Именительный | 1. |
| זיי<br>Их | | אײַך<br>Вас | | אונדז<br>Нас | אקוזאַטיוו<br>Винительный | 2. |
| זיי<br>Им | | אײַך<br>Вам | | אונדז<br>Нам | דאַטיוו<br>Дательный | 3. |

**Задание 5.** Перепишите, заменяя русские слова соответствующими еврейскими местоимениями. Составьте возможно больше предложений, например:

1) מיר ׳ענטפערן אײַך. 2) מיר ׳ענטפערן איר. 3) מיר ׳ענטפערן איר ברודער.

Выполняйте!

1) (тебе; ему; ей; вам; им; её брату) — 1) מיר ׳ענטפערן
2) (её сестре; им; ему; мне; ей; нам) — 2) איר ׳ענטפערט
3) (тебя; их; его; её; её брата; вас) — 3) איך זע
4) (его её сестру; её; меня; их; нас) — 4) איר פרעגט

### Местоименное слово [зих]

**А.** Возвратное местоимение [зих] не склоняется и соответствует русским формам «себе», «себя», «собой», например:

| | |
|---|---|
| 1) Я беру это **для себя** | 1) איך נעם דאָס **פאַר זיך** |
| 2) Я беру его **с собой** | 2) איך נעם אים **מיט זיך** |
| 3) Он рассказывает **о себе** | 3) ער דערצ׳יילט **וועגן זיך** |

**Б.** При глаголах слово [зих] очень часто употребляется в значении, соответствующем русской частице «-ся» (в так называемых «возвратных глаголах»). Сравните, например, перевод одних и тех же глаголов со словом [зих] и без него:

| | |
|---|---|
| 1) «мыть», 2) «мыться»; | 1) **וואשן**, 2) **וואשן זיך**; |
| 3) «купать», 4) «купаться»; | 3) **באָדן**, 4) **באָדן זיך**; |
| 5) «одевать», 6) «одеваться»; | 5) **׳אָנטאָן**, 6) **׳אָנטאָן זיך**; |
| 7) «брить», 8) «бриться». | 7) **גאָלן**, 8) **גאָלן זיך**. |

З а м е т ь т е! Глагол с частицей [зих] не всегда соответствует русскому глаголу на «-ся» и наоборот. Сравните:

| | |
|---|---|
| 1) «узнавать», | 1) **דערוו׳יסן זיך**, |
| 2) «секретничать», | 2) **ס׳ודען זיך**, |
| 3) «сомневаться», 4) «смеяться». | 3) **צוו׳ייפלען**, 4) **לאכן**. |

### Чтение

**Задание 6*.** Прочитайте текст «Мы едем в Москву», переведите его, используя нижеприведенные (после текста) новые слова.

#### מ י ר  פ אָ ר ן  ק י י ן  מ ׳ אָ ס ק ו ו ע

(1) איך און מײַן כ׳אווערטע ס׳אָניע פאָרן קיין מ׳אָסקווע. (2) איך שטיי א׳וף פרי, וואש זיך, גאָל זיך, טו, זיך שנעל׳ אָן, בײַס גיך א׳יבער און פאָר צום וואָקז׳אל. (3) איך גיי אר׳ײַן אין ביל׳עטן־זאל און גיי צו דער ק׳אסע. (4) איך באשט׳על צוויי ביל׳עטן — פאר זיך און פאר ס׳אָניען. (5) די ׳אָנגעשטעלטע גיט מיר ׳די ביל׳עטן און איך באצ׳אָל צוויי און דר׳ײַסיק רובל. (6) אפן וועג צור׳ק גיי איך אר׳ײַן אין א גאסטראָנ׳אָם. (7) איך קויף א׳ײַן ב׳ולקעס, פּ׳וטער, וורשט און קאָנפ׳עטן. (8) די פארק׳ויפערן פאקט דאָס אלץ א׳ײַן. (9) איך גיי צו דער ק׳אסע און באצ׳אָל. (10) איך גיי אר׳ויס און פאָר מיטן אווט׳אָבוס צור׳יק. (11) איך פאק א׳ײַן מ׳ײַנע זאכן און פאָר גלײַך צו ס׳אָניען. (12) באלד בין איך שוין בא איר הויז. (3) איך לויף אר׳וף אפן צווייטן שטאָק, קלינג ׳אָן און גיי אר׳ײַן. (14) ס׳אָניע איז שוין גרייט. (15) זי טוט ׳אָן דעם מאנטל, מיר נ׳עמען די זאכן און ג׳ייען אר׳ויס. (16) באלד ז׳ײַנען מיר שוין אפן וואָקז׳אל. (17) מיר ג׳ייען ארײַן אין א׳ונדזער וואג׳אָן און פארנ׳עמען א׳ונדזערע ׳ערטער. (18) דער קאָנד׳וקטאָר קומט און מיר באוו׳ײַזן אים א׳ונדזערע ביל׳עטן. (19) ער נעמט צ׳ו די ביל׳עטן. גייט אר׳ויס און ברענגט ב׳עטוועש. (20) מיר באשט׳עלן אויך צוויי גלעזער טיי מיט צ׳וקער. (21) מיר באצ׳אָלן פאר אלץ (ב׳עטוועש, טיי) צוויי רובל און צען ק׳אָפּיקעס. (22) מיר ד׳אנקען דעם קאָנד׳וקטאָר און ער גייט אר׳ויס. 23) דער צוג פאָרט ׳אָפּ. (24) עס איז שוין שפּעט און מיר ג׳ייען שלאָפן. (25) מיר שלאָפן א׳ײַן. (26) אינדערפר׳י שט׳ייען מיר או׳ף. (27) דער קאָנד׳וקטאָר גיט אונדז ׳אָפּ די ביל׳עטן. (28) מיר ד׳אנקען און ג׳ייען אר׳ויס פון וואג׳אָן. (29) מיר ז׳ײַנען שוין אין מ׳אָסקווע.

דאָצענט ש. ס א נ ד ל ע ר

nak y de muchos otros antifascistas-internacionalistas que consagraron toda su vida a la lucha contra el nazismo. Pero, lamentablemente, la hazaña de este relevante agente del servicio de inteligencia soviético en los aöos de la Guerra Patria fue injustamente tachada de la historia de nuestro pueblo, y todos los intentos de contar la verdad sobre él fueron burocráticamente impedidos" — escribe el periodista Valentín Tomin (Moscú) en su artículo "La verdad sobre "La orquesta roja" con el cual la revista anticipa la publicación de los capítulos del libro de memorias de Leopold Trepper (Leyb Domb) "El gran juego".

L. Trepper nació en 1904 en Polonia, en la familia de un pequeño comerciante judío. Trabajó de albañil, cerrajero, minero y maquinista. Por su participación en una huelga fue arrojado a la cárcel. En busca de trabajo el joven revolucionario marcha a Palestina, donde toma participación en la fundación del grupo marxista árabe-hebreo "Unidad", como asimismo en el partido comunista de Palestina. Luego vienen el arresto, la cárcel, deportación a Francia, trabajo ilegal en las filas del partido comunista francés.

Por decisión del partido, en 1932 L. Trepper viene a la URSS, donde estudia en la universidad comunista de minorias nacionales del occidente Yu. Marjlevski, trabaja en la editorial soviética judía "Emes". Su entretevista con Ya. Berzin, que encabezaba en aquellos años la Dirección de Inteligencia del Estado Mayor del Ejército Rojo, determinó su ulterior destino. Se convirtió en dirigente de la organización antifascista "La orquesta roja" ("La capilla roja"), que actuaba en los años de la segunda guerra mundial en Alemnia, Holanda, Bélgica y Francia. Exitos y fracasos, firmeza y pusilanimidad de sus compañeros de lucha, mazmorras de la gestapo, evasión y otra vez lucha — tal es la senda recorrida por este audaz agente del servicio de inteligencia soviético.

Al mes de regresar a Moscú, L. Trepper va a parar a las manos de los jueces de instrucción de Beria. La presunción de "culpabilidad" resultó más poderosa que la verdad, y este agente del servicio de inteligencia soviético, comunista, pasó casi diez años en una celda aislada de la cárcel de Lefórtovo. Después de su liberación, L. Trepper regresó a Polonia, donde por comisión del CC del partido obrero unificado de Polonia encabeza la unión cultural-social de los judíos de Polonia y la editorial judía de libros. En los últimos años de la dirección de V. Gomulka, la proeza del héroe de la legendaria "Capilla roja" fue declarada tabú. . .

Los capítulos del libro de Leopold Trepper "El gran juego" se publicarán en los números de septiembre — diciembre de "Soviétish Heimland".

En la rúbrica "Informamos a nuestros lectores", la revista inserta el material sobre el viaje de un grupo de funcionarios consulares del Ministerio de Relaciones Exteriores de la URSS a Israel. Se publica el comentario "El campo sagrado", en el cual Samuil Gordon, prosaico judío moscovita, cuenta sobre la visita, por las huellas de su triste memoria, del campo en Kolimá, en el cual enterraban a los presos y donde, como recuerda el autor, se encuentran los restos mortales de los escritores judíos Der Nister e Iejezkel Dobrushin.

★

**El libro-suplemento doble de "Soviétjsh Heimland" de julio y agosto apareció con el número de julio.**

# EL RESUMEN

## "Soviétish Heimland" ("La Patria Soviética") N° 8, agosto de 1988

El número de agosto de "Soviétish Heimland" se abre con la continuación de la novela de Sholom Aleihem "La broma sangrienta", cuyo comienzó se publicó en el número anterior de la revista.

Se cumplieron noventa años del nacimiento de Izi Jarik (1898-1938) uno de los más destacados poetas judíos soviéticos, que pereció trágicamente en el período de las represiones stalinistas. A fines de marzo tuvo lugar una velada en Minsk dedicada al aniversario del poeta. La revista publica los textos de las intervenciones de Nil Guilévich, primer secretario de la dirección de la Unión de Escritores de la RSS de Bielorrusia, de Aron Verguelis, redactor jefe de "Soviétish Heimland", de Zair Azgur, Artista del pueblo de la URSS, Héroe del Trabajo Socialista, y del poeta judío Guirsh Reles. En el número se insertan dos versos de Izi Jarik, como asimismo su versión del poema "La taberna" del conocido poeta bielorruso Mijas Charota (1917-1941). Las memorias de Leyma Rezengauz "Izi Jarik, sus amigos y su tiempo" da a conocer el medio literario judío de Minsk de los años 20 — 30. Las notas de Jaim Beyder (Moscú) "Episodios de la vida de Jarik", basados en los materiales del Archivo Nacional Central de Literatura y Arte (ANCLA), están dedicados a los años estudiantiles del poeta, como asimismo a las páginas poco conocidas de su arte dramático. La selección de materiales dedicados al aniversario de I. Jarik finaliza con las memorias del poeta sobre su abuelo: "Leyzer Sheynman — cantor popular de Zembin".

En la rúbrica "Trabajos literarios de nuestros lectores" publicamos los versos de Miriam Kan-Kagan (Riga), de Leyb Yudovin (Vitebsk), Avrom Rajman (Cherkassi), Ilia Zlotnik (Minsk), Samuil Berinski (Kishiniov), Najman Tiktin (región de Rostov), Lev Guirsh (Berdíchev) y Clara Peschanskaia (Kíev). Bajo esta misma rúbrica se publican los relatos de David Teyberg (Tashkent) "¡Nuestro querido hombre!", de David Shulman (Kíev) "Todo continúa" y de Guena Gorshtein (Vilnius) "Veteranos de la escena hebrea".

La revista culmina la publicación de la nueva novela-balada de Alexandr Lizen (Lvov) "Esto no es una leyenda", cuya primera parte fue publicada en la edición de junio de "Soviétish Heimland".

Bajo la rúbrica "Nuevas traducciones", la revista da a conocer a los lectores el ensayo de Leonid Koval (Riga) "En nuestra calle" y el relato de Valeri Povoliaev (Moscú) "El camino a casa". Ambas traducciones fueron hechas por Iosif Burg (Chernovitsi).

"Después de estudiar los numerosos materiales documentales, yo llegué a la conclusión de que el nombre de Leopold Trepper puede colocarse con todo derecho junto al de Richard Sorge, Shandor Rado, Harro Shulce-Boizen, Arvid Her-

Valentin Tomin, a Moscow journalist, in his "The Truth About 'The Red Orchestra' ". His essay serves a foreword to excerpts from "The High Play', memoirs by Leopold Trepper (Leib Domb).

L. Trepper was born in Poland in 1904. In quest of job Trepper, a young revolutionary then, went to Palestine where he participated in founding a Marxist Arab-Jewish group, "Unity". He was also a member of the Palestinian Communist Party. After a term in jail he was exiled to France where he joined French Communists in their independent activities.

In 1932, by the Party's decision, Trepper was sent to the Soviet Union where he antered Communist University for National Minorities named after Yu. Marhlevsky and worked with the Jewish publishers "Emes". His fate was strongly influenced by making Ja. K. Berzin's acquaintance. Berzin was then the head of the Intelligence Department at the Red Army Headquarters. Thus Trepper became the head of "The Red Orchestra (Red Choir)", an antifascist organization which had its network in Germany, the Nethelands, Belgium and France during World War II. Trepper went through success and failure, he saw his comrades' courage and weakness. On his record is the escape from Gestapo torture chambers and glorious series of struggle later on.

A month after his return to Moscow, Trepper was arrested by Beria's "investigators". The irrevocable guilty presumption sentenced him to ten years' imprisonment which the Communist intelligence officer spent in a one-man cell in Lefortovo. After jail, Trepper went to Poland where the Central Committee of the Polish Communist Party put him at the head of the Cultural Public Union of Polish Jewry and of the Jewish publishing house as well. In the Gomulka period, the man from the legendary "Red Orchestra" lived surrounded by silence...

Chapters from "The High Play" are to be published in issues 9-12 of "Sovietish Heimland":

Under the heading "Informing Our Readers" the trip to Israel made by a group of consul officials from the Soviet Foreign Ministry is featured. "Sacred Field", a short communication by Moscow Jewish prosaist Samuil Gordon, is the story of the author's latest trip to Kolyma, the site of his bitter memories. The author describes a horrid field where dead convicts were buried and where the remains of famous Jewish writers Der Nister and Ezekiel Dobrushin lie.



**For the July-August literary supplement to the magazine see the July issue.**

# RÉSUMÉ

## "Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
## No 8, August, 1988

The current issue opens with chapters from "The Bloody Farce" by Sholem Aleichem (continued from the previous issue).

This year is the 90th anniversary of the outstanding Soviet Jewish poet Izzi Kharik (1898-1938) who perished tragically in the Stalin repressions. Late March, the jubilee meeting was held in Minsk. At the meeting, Nil Guilevitch, first secretary of the Board of the Byelorussian Writers' Union, Aron Vergelis, Editor in Chief of the "Sovietish Heimland", Zair Azgur, People's Painter of the USSR and Labour Hero, Hirsh Reles, Jewish poet, spoke. In the current issue, their communications are published. The issue also presents two original poems by Izzi Kharik and his translation of "The Tavern", a poem by the Byelorussian poet Mikhas Charot (1917-1941). Leyma Rosenhaus' memoirs "Izzi Kharik, His Friends and His Time" introduce the reader into Minsk Jewish literary media of the 20's and 30's. Haim Beider's (Moscow) notes "Episodes of Kharik's Life", based on documents from the Central State Archive of Literature and Arts, are devoted to the poet's student years and, rather unexpectedly, show his activities as a dramatist. The jubilee selection is completed by the poet's recollections of his grandfather; the notes, entitled "Leizer Sheinman, a Zembin Badkhen", were found in the poet's archives.

Under the heading "Our Readers' Works", the magazine publishes verse by Miriam Kan-Kagan (Riga), Leib Yudovin (Vitebsk), Avrom Rahman (Cherkassy), Ilya Zlotnik (Minsk), Samuil Berinsky (Kishinev), Nahman Tiktin (Rostov districy), Lev Girsh (Berdichev), Clare Peshchansky (Kiev). In the same section, essays "This Dear Man of Ours" by David Tayberg (Tashkent), "Things Are Going On" by David Shulman (Kiev) and "Veterans of the Jewish Stage" by Genya Gorstein (Vilnius) are presented.

The issue brings out the final part of "This is No Legend", the new novel-ballad by Alexander Lizen(Lvov); the first part of it was published in the June issue.

The "New Translations" section carries the essay "In Our Street" by Leonid Koval (Riga) and Valery Povolyaev's (Moscow) story "The Road Home" translated by Joseph Burg (Chernovtsy).

"Numerous documents allow me to conclude that Leopold Trepper should be duly ranked among such people as Richard Zorge, Sandor Rado, Harro Schultze-Boysen, Arvid Harnak and other antifascist internationalists who fought against Nazism in the cause of justice. It is a shame to see his outstanding deeds wrongly left out from our history, and it is still more regrettable to find all the attempts to restore justice telling about them harassed and hindered by bureaucracy", writes

тернационалистов, посвятивших свою жизнь борьбе против нацизма. Но, к огромному сожалению, подвиг этого выдающегося советского разведчика в годы Отечественной войны был незаслуженно вычеркнут из истории нашего народа, и все попытки рассказать о нем правду бюрократически пресекались», — пишет журналист Валентин Томин (Москва) в своей статье «Правда о «Красном оркестре», которой журнал предворяет публикацию глав книги воспоминаний Леопольда Треппера (Лейба Домба) «Большая игра».

Л. Треппер родился в 1904 году в Польше, в семье мелкого еврейского коммерсанта. Работал каменщиком, слесарем, шахтером, машинистом. За участие в забастовке был брошен в тюрьму. В поисках работы молодой революционер уезжает в Палестину, где принимает участие в создании марксистской арабо-еврейской группы «Единство», а также в работе Палестинской компартии. Затем — арест, тюрьма, высылка во Францию, подпольная работа в рядах Французской компартии.

По решению партии Л. Треппер в 1932 г. приезжает в Советский Союз, где учится в Коммунистическом университете национальных меньшинств Запада им. Ю. Мархлевского, работает в советском еврейском издательстве «Дер эмес». Встреча с Я. К. Берзиным, возглавлявшим в те годы Разведывательное управление генштаба РККА, определила его дальнейшую судьбу. Он стал руководителем антифашистской организации «Красный оркестр» («Красная капелла»), действовавшей в годы второй мировой войны в Германии, Голландии, Бельгии и Франции. Успехи и провалы, стойкость и слабость соратников, застенки гестапо, побег и снова борьба — такой путь прошел мужественный советский разведчик.

Спустя месяц после возвращения в Москву Л. Треппер попадает в руки бериевских следователей. Презумпция «вины» оказалась сильнее правды, и разведчик-коммунист провел почти десять лет в камере-одиночке Лефортовской тюрьмы. После освобождения Л. Треппер возвращается в Польшу, где по поручению ЦК ПОРП возглавляет Культурно-общественный союз евреев Польши и врейское книжное издательство. В последние годы правления В. Гомулки на подвиг героя легендарной «Красной капеллы» было наложено табу. . .

Главы из книги Леопольда Треппера «Большая игра» будут печататься в сентябрьском — декабрьском номерах «Советиш геймланд».

В рубрике «Информируем наших читателей» журнал помещает материал о поездке группы консульских работников МИД СССР в Израиль. Публикуется заметка «Священное поле», в которой московский еврейский прозаик Самуил Гордон рассказывает о посещении, по следам печальной своей памяти, того поля на Колыме, на котором хоронили заключенных, и где, как вспоминает автор, погребены останки известных еврейских писателей Дер Нистера и Иехезкеля Добрушина.

**Сдвоенное книжное приложение к «Советиш геймланд» за июль и август месяцы вышло с июльским номером.**

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская родина»)
8, август, 1988

Августовский номер «Советиш геймланд» открывается продолжением романа Шолом-Алейхема «Кровавая шутка», начало которого помещено в предыдущем выпуске журнала.

Исполнилось девяносто лет со дня рождения одного из крупнейших советских еврейских поэтов Изи Харика (1898—1938), трагически погибшего в период сталинских репрессий. В конце марта в Минске состоялся вечер, посвященный юбилею поэта. Журнал публикует тексты выступлений первого секретаря правления Союза писателей БССР Нила Гилевича, главного редактора «Советиш геймланд» Арона Вергелиса, народного художника СССР, Героя социалистического труда Заира Азгура, еврейского поэта Гирша Релеса. В номере помещены два стихотворения Изи Харика, а также его перевод поэмы известного белорусского поэта Михася Чарота (1917—1941) «Корчма». Воспоминания Леймы Розенгауза «Изи Харик, его друзья и его время» знакомят с еврейской литературной средой Минска 20-х — 30-х годов. Заметки Хаима Бейдера (Москва) «Эпизоды из жизни Харика», основанные на материалах Центрального государственного архива литературы и искусства (ЦГАЛИ), посвящены студенческим годам поэта, а также малоизвестным страницам его драматического творчества. Подборку материалов, посвященных юбилею И. Харика, завершают обнаруженные в архиве воспоминания поэта о своем деде — «Лейзер Шейнман — бадхен из Зембина».

В рубрике «Произведения наших читателей» помещены стихи Мирьям Кан-Каган (Рига), Лейбы Юдовина (Витебск), Аврома Рахмана (Черкассы), Ильи Злотника (Минск), Самуила Беринского (Кишинев), Нахмана Тиктина (Ростовская область), Льва Гирша (Бердичев), Клары Пещанской (Киев). Под этой же рубрикой опубликованы очерки Давида Тайберга (Ташкент) «Дорогой наш человек!», Давида Шульмана (Киев) «Все продолжается», Гени Горнштейн (Вильнюс) «Ветераны еврейской сцены».

Журнал завершает публикацию нового романа-баллады Александра Лизена (Львов) «Это не легенда», первая часть которого была напечатана в июньском выпуске «Советиш геймланд».

Под рубрикой «Новые переводы» журнал знакомит читателей с очерком Леонида Коваля (Рига) «На нашей улице» и рассказом Валерия Поволяева (Москва) «Дорога домой». Оба перевода выполнены Иосифом Бургом (Черновцы).

«Изучив многочисленные документальные материалы, я пришел к выводу, что имя Леопольда Треппера с полным правом может быть поставлено рядом с именем Рихарда Зорге, Шандора Радо, Харро Шульце-Бойзена, Арвида Харнака и многих других антифашистов-ин-

אן אבאָנענט פון „סאָוועטיש היימלאנד". פארשטייט זיך, אז איין עקזעמפליאר — דאָס איז בלויז א טראָפן, שטילן דעם דאָרשט אפילע מיט א שלונג וואסער איז אוממעגלעך. דעריבער איז ווינטשנסווערט פארגרעסערן די צאָל אבאָנענטן פון אונדזער אויסגאבע בא אײַך אין וואָראָניעזש. ס'וואָלט זײַן יוישערדיק, ווען אזעלכע ענטוזיאסטן, ווי איר, אָלגא מארקאָוונא, שליסן זיך אײַן אין די רייען פון די געזעלשאפטלעכע פארשפרייטער פונעם זשורנאל „סאָוועטיש היימלאנד". מיר האָפן, אז אזעלכע היסכײַיוועסן וועט איר אָף זיך נעמען. מיר גלייבן אין דעם און מיר בעטן אײַך וועגן דעם.

ס'איז ניטאָ קיין שום סאָפעק, אז דער זעלבסטלערער, וועלכן מיר דרוקן אָף די זײַטלעך פון „סאָוועטיש היימלאנד", דארף דערשײַנען אין א בוך־פאָרם און מיט א גאנץ גענוגנדיקן טיראזש. מיר טוען אלץ, קעדיי דער דאָזיקער סאמאָוטשיטעל זאָל דערזען די ליכטיקע שײַן אין 1989 און גלײַך דערגיין צו די מענטשן, וועלכע ווארטן אָף אים.

איב מיר וועלן ניט זיצן מיט פארלייגטע הענט, וועלן מיר זיך דערשלאָגן, אז יעדערער, וואָס האָט כיישעק, וועט זיך קאָנען קוויקן מיט יידיש אָן שוועריקײַטן און שטרויכלונגען.

זײַט געזונט!

אלדאָס גוטס אײַך און אײַערע כאווירים!

ר ע ד א ק ט אָ ר  ב.  מ אָ ג י ל נ ע ר


**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД (СОВЕТСКАЯ РОДИНА)**

**Ежемесячный литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**

Главный редактор **А. ВЕРГЕЛИС**





Адрес редакции журнала: 101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны: главный редактор — 928-27-91; ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция С. Черняк, Е. Чернина

Корректор Б. Гершман

---

Сдано в набор 30.05.1988. Подписано к печати 18.07.1988. Формат 70×108 1/16.
Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75).
Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 1010.

---

Ордена Трудового Красного Знамени Московская типография № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного Комитета СССР
по делам издательств, полиграфии и книжной торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.


---

Цена 70 коп.
70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

■

**В НОМЕРЕ:**



1988

№ 8